

די קדושים פון ווילנע — ירושלים דליטא,
וואָס זענען אומגעקומען על קידוש-השם
— זייער הייליקן אָנדענק געווידמעט —

דער מחבר

## בוך - קאָמיטעט

אברהם ברוידעס, אברהם סוצקעווער, חיים לאַזאַר, אברהם קאַרפּינאָוויטש, א. אָרבאַך, א. אַראָנסאָן, אַדוו. ח. מ. באַסאָק, נ. באַזיליאַן, י. בורגין, ג. גאָרדאָנאָוויטש, ש. געלער, צ. ווילד־שטיין, מ. וויינשטיין, ב. ז׳יסלין, ד. יוטאַן, י. מילאַקאָווסקי, ד״ר מ. פייגענבערג, ל. קאָריסקי, י. ראַדזעלי, ח. שאַליט, א. שעפּטעל.

אָ, נישט באַוויינען וויל איך דיך, דו שטאָט פֿון מײַן געזאַנג,
ווײַל פֿײַכט איז נאָך דײַן באָדן, כאָטש דײַן פּנים איז נאָך
פֿאַרשׂרפֿעט,
איך וויל אין דיך אַרײַנגיין ווי אַ נאַכט צעגליט אין שטערן,
אַרײַנלײַכטן אין אַלע שויבן,
ברינעמער,
מאַלינעס.

**אברהם סוצקעווער**

---

## אַריינפיר

ס׳איז שוין באַלד אַ פּאָר און דרײַסיק יאָר אַריבער נאָך יענעם זומער 1944, ווען די ייִדישע פּאַרטיזאַנעד, מידע פון די שטענדיקע שלאַכטן מיטן דײַטשן שׂונא, זענען אַרויס פון די וועלדער.

אויף די וועגן און פּושטשעס פון ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע, ליטע און פּוילן זענען צעשפּרייט טויזנטער איינזאַמע בערגלעך — קברים פון די געפאַלענע ייִדישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן די באַפרײַונג נישט דער־לעבט. אויסגעווייקט איז די ערד מיטן בלוט פון ייִדישן פּאַרטיזאַן, קיינער האָט אָט די איינזאַמע בערגלעך־קברים נישט געציילט, קיינער האָט אויף זיי קיין מצבות נישט געשטעלט, ווער האָט עס זיך בכלל דאָן פאַרנומען מיט צונויפשטעלן באַזונדערע רשימות פון געפאַלענע ייִדישע פּאַרטיזאַנער? ווער האָט עס בכלל דאָן געפירט דעם חשבון פון ייִדישע קרבנות?

איינצלנע האָבן זיך די דאָזיקע באַפרײַטע פּאַרטיזאַנער זיך צוריקגע־קערט צו זייערע פריִערדיקע שטעט און שטעטלעך, און צווישן זיי דער מחבר פון בוך לייזער ענגעלשטערן, וועלכער האָט זיך דערשלעפּט פון דער נאַליבאָקער פּושטשע, צוריק אין זײַן היימשטאָט ווילנע.

זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַ פּלייץ געטאָן אַ כּסדרדיקער שטראָם פון דאָקומענטאַרער און בעלעטריסטישער ליטע־ראַטור, וואָס האָט באַשריבן דעם יסורים־וועג פון די, וועלכע זענען על־פּי נס געראַטעוועט געוואָרן פון טויט.

אין משך פון די לעצטע צענדליקער יאָרן איז שטאַרק אויסגעוואַקסן דער אינטערעס פון דעם ברייטן עולם לייענער צו מעמואַרע און דאָקו־מענטאַלער ליטעראַטור.

אין נאָרמאַלע צײַטן שרײַבן זכרונות, בדרך כּלל, עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן פיל דורכגעמאַכט, האָבן אַ גרויסע לעבנס־דערפאַרונג, מיט־געמאַכט היסטאָרישע געשעענישן. אָן אויסנאָם שטעלן מיט זיך פּאָר פּעריאָדן פון גרויסע היסטאָרישע אויפטרייסלונגען, ווי, למשל, די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָך איר סוף.

דער דור וואָס האָט אַ שייכות מיטן צווייטן וועלטקריג און מיט דער חורבן־תקופה, האָט אויפגעזאַמלט שיכטן מיט זכרונות, וואָס יעדער שיכט שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווירקלעכקייט פאַר זיך אַליין, איינע עקסטרעמער פון דער צווייטער, וועלכע זענען אַן אָפּגעפרעמדעטע לעבנס־ראָם פון דעם יחידס פאַרגאַנגענהייט, און ער, דער יחיד, לעבט, כּאילו, זײַן לעבן אין פאַרשיידענע פאָרמען פון דער גײַסטיקער אומוואַנדלונג.

אין דער קייט פון די דאָזיקע זכרונות, געפינט זיך תּמיד אַ רינג, וואָס ער איז דער חשובסטער, וואָס דריקט אויף דער קעגנוואַרט און צוקונפט פון דעם מענטשן (און אפשר אויך אויף זײַנע קינדער), וואָס ליאַרעמט אויסגעדריקט צו ווערן, פאָדערט זײַן אויסלאָדונג: נישט נאָר לשם אויסלאָדונג, נײַערט וועגן איבערגעבן זײַן עדות־זאָגונג וועגן דעם וואָס איז געווען און כּדי צו זײַן אַ דערמאָנונג פאַר דער צוקונפט.

די ערשטע רעאַקציע, נאָך אין צײַט פון דער מלחמה, איז געווען אַן עמאָציאָנעלע. דער געוואַלטיקער כּעס קעגן די מאַסן־מערדער האָט זיך נאָך מער צעפלאַקערט נאָך דער מלחמה; נאָך דער באַפרײַונג פון אייראָפּע איז דאָרטן אויסגעבראָכן אַ ווולקאַן פון לײַדנשאַפטלעכן צאָרן קעגן די נאַצים. ווי פון אַ קעסל וואָס האָט געפּלאַצט, האָט זיך צעגאָסן די הייסע לאַווע פון דער חורבן־ליטעראַטור. טויזנטער קאַצעטלער, געטאָ־מאַרטירער, פאַרטיזאַנער און אַנדערע מלחמה־קרבנות זענען אַרויס מיט טויזנטער דערציילונגען, פאַרצייכענונגען, מעמואַריסטישע שאַפונגען, כראָניקעס.

פון דער דאָזיקער רײַכער ספּאָנטאַנער און כאַאָטישער מעמואַריסטיק און זאַמלער־אַרבעט מכּל המינים, קומט איצט פאָר אַ לאַנגזאַמער איבערגאַנג צו סיסטעמאַטישער היסטאָרישער פאָרשונג.

ווען אין מאַי 1945 האָט זיך פאַרענדיקט די מלחמה, ווען אַלע פאַרניכטונגס־ערטער זענען געשטאַנען אָפן פאַר דער וועלט, האָט מען ערשט דעמאָלט דערזען דאָס סאַמע טראַגישסטע, וואָס אַ מענטשלעכער מוח האָט געקאָנט אויסטראַכטן. די גורמים און נײַע אויסוויקלונגען פון חורבן האָבן אין גאַנצן צערודערט דעם יִדישן געמיט נאָך די מלחמה־יאָרן.

די תּקופה פון חורבן האָט אויף ס׳נײַ שטאַרק באַפרוכפּערט אונדזער מעמואַריסטיק. די קאַטאַסטראָפּע און די אומגעהויערע יסורים האָבן אויפגעקערט די טיפסטע נשמה־פלאַסטן בײַ אַ ריי מענטשן, וואָס האָבן קיין מאָל נישט געחלומט צו שרײַבן ביכער. די איבערלעבונגען האָבן זיי אויפגעטרייסלט, זייער לעבן איז געווען אָנגעלאָדן מיט פיל עפּיזאָדן, מיט גײַסטיקער שפּאַנונג און דאָס האָט מען געדאַרפט אויסלאָדן. יעדער וואָס האָט

דורכגעמאַכט און דורכגעוויטיקט געטאָס און לאַגערן, האָלט עס פאַר זײַן פליכט דאָס איבערצודערציילן לדור־דורות, לזכר עולם.

דער מחבר פון בוך, זײַענדיק געטריי זײַן זשורנאַליסטישער טראַדיציע, האָט זיך אויך גענומען „אויסצולאָדן". ער האָט פאַרצייכנט געשעענישן, פערזענלעכע איבערלעבונגען און האָט עס אַרויסגעבראַכט אין אַ דרוק־פאָרעם. אַזוי איז אַרויס זײַן ערשטער בוך „אין געטאָס און וועלדער", אַרויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג פון קיבוץ „לוחמי הגיטאות" אין 1972, ווו לייזער ענגעלשטערן פאַרענדיקט באַשרײַבן זײַן אַרויסגיין פון דער נאַליבאָקער פושטשע, נאָך דער באַפרײַונג און זײַן צוריקקערן זיך אין זײַן היימשטאָט ווילנע.



זײַן בוך איבערלעבונגען איז געשריבן אַזוי ווי ער האָט די זאַכן געזען און געפילט. דאָס גיט צו פון איין זײַט וואָגיקייט, ווײַל ער ברענגט אַרײַן אין זײַנע פערזענלעכע איבערלעבונגען אָפּט זאַכן, וואָס אַ סך אַנדערע באַשרײַבער פון דער דאָזיקער תקופה, האָבן עס נישט באַשריבן. דאָס פּערזענלעכע אין זײַן לעבן איז געקניפּט און פאַרבונדן מיט די געשעענישן אַרום אים.

שוין די ערשטע זײַטלעך ציִען־צו די אויפמערקזאַמקייט און נישט ווילנדיק ווערט מען פאַרכאַפּט פון דעם גאַנג פון די געשעענישן און דער לייענער ווערט אַרײַנגעצויגן אינעם געווירבל פון די ראַשיקע אַנרעגנדיקע פאַסירונגען. פון בלעטל צו בלעטל קומען צו נײַע מענטשן, מיט וועלכע ער האָט אַדורכגעמאַכט דעם פליטים־שטראָם אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

דער מחבר וויקלט פונאַנדער זײַנע אייגענע איבערלעבונגען צוזאַמען מיט זײַנע מיטשותּפים צו זײַן גורל. לייענענדיק דאָס בוך ווערט מען נישט באַמערקטערהייט אַריבערגעוואָרפן אין אַן אַנדער לאַנד, מיט אַ גאַר אַנדערן שטייגער־לעבן, מיט אַנדערע צילן און צוועקן, וועלכע זענען אָט ערשט געווען פאַר דיר פרעמד און ווײַט און דער מחבר האָט זיי דערנענטערט צו דיר און דו ווערסט פאַרכאַפּט פון די אַלע פאַרכאַפּנדיקע סיטואַציעס, וועלכע האָבן נישט געפעלט בײַ דעם מחבר צוזאַמען מיט דער שארית־הפליטה נאָך דער מלחמה.

זײַן זכרון איז באַוועגלעך און איז דינאַמיש, פול מיט בילדלעכקייט.

ער האָט אָן אויג און אָן אויער פאַר דעם נשמהדיקן אויפּציטער פון די צעפּרעסענע הערצער פון די ניסים־יידן.

די יידישע סביבה איז די נאַטירלעכע סביבה פונעם מחבר, און ווייל זיינע זכרונות ציִען יניקה מער פון איבערגעלעבטן ווי פון אָבסערווירטן, קומט תמיד צום בולטן אויסדרוק דער באַדן פון די איבערלעבונגען: די יידישע סביבה און יידישער גורל, דאָס יידישקייט־געפיל מיט וועלכן עס איז דורכגעזאַפּט אַלץ וואָס ער שרייבט. און שרייבן שרייבט ער מיט אַ פשטותדיקער ערלעכקייט, מיט טאַלאַנט פון אַ כראָניקער, וואָס נעמט אַרום דאָס וויכטיקסטע, דעם קערן פון די געשעענישן.

דער עצמדיקער אינהאַלט פון בוך איז פאַרטיילט אין 5 טיילן און אין יעדן באַזונדערן חלק ווערט באַהאַנדלט אַן אַנדער תקופה, אַנדערע פּאַסי־רונגען.

דאָס בוך איז אָנגעשריבן אָן ליטעראַרישע פּרעטענזיעס, וואָס אילוס־טרירן כּלערליי דעטאַלן, פאַקטן, סיטואַציעס פון יענעם נאָכמלחמהדיקן לעבן, וואָס גיבן אַזוי אַרום די וויזועלע פּאַנאָראַמע פון דערווירקלעכקייט פון אַ תקופה פון איבער 30 יאָר, וואָס ציט זיך איבער דריי קאָנטינענטן.

פאַקטיש געפינען מיר אין אַלע טיילן פון דעם בוך צוזאַמענגעקנאָטענע שטיקער געשיכטע פון דעם נישט ווייטן עבר. צו ערשט אַ בילד פון זיין הײמשטאָט ווילנע, זיין סביבה, משפחה, קאָנטאַקטן מיט פאַרשיידענע מענטשן, געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער האָט געוואָלט אָוועקשטעלן ווילנע אויף אַ גרויסער בינע: אויף דער פּלאַנעטע ווילנע האָט זיך געטאָן אַלץ, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין אַלע אַנדערע ישובים, אָבער מיט אַ ספּעציעלער אייגנאַרטיקייט — דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, איז געשילדערט בצמצום, בכדי נישט פאַרלירן די פּראָפּאָרץ. ער שילדערט דער חרובער ווילנע, כּדי צו באַווייזן וואָס איז געווען און וואָס איז פאַרבליבן. ער קומט קיין ווילנע נאָך אַן איבער דריי־יאָריקן נע־ונד און טרעפט דאָרט אַ צושטאַנד, וואָס איז נאָך אַ חורבן. און אַז די שארית־הפליטה האָט אָנגע־הויבן אַרויסגראָבן פון דער ערד די באַהאַלטענע אוצרות, האָט פון זיי גע־שמעקט מיט הערא‌ָישן שימל. אַזוי האָבן אויסגעזען טויזנטער יידישע שטעט און שטעטלעך נאָך דער באַפרייונג. די שארית־הפליטה האָט זיך געטוי־ליעט איינער צום צווייטן. ס'האָט נישט געהאָט קיין זין צו פאַרבלייבן אויף דער מיט יידיש בלוט אָדורכגעווייקטער ערד.

לייזער ענגעלשטערן צוזאַמען מיט דער שארית־הפליטה האָבן זיך גע־צויגן אין דער וועלט אַריין. אַ טייל האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער

„בריחה" אין אייראָפּע, אַ טייל פון דער שארית־הפליטה האָט זיך צעשאָטן איבער פאַרשיידענע וועלט־טיילן, אַ טייל האָט פאַרגעזעצט דעם ייִדישן קאַמף אין מלחמת השחרור.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז לייזער ענגעלשטערן זאָל גאָר אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, ווו עס לעבט זײַן איינציקער ברודער. דאָרט האָט ער אין משך פון 19 יאָר געבויט פון דאָס נײַ זײַן לעבן, דערצויגן זײַן זון, געגעבן אים אַ ייִדיש־טראַדיציאָנעלע דערציִונג און איז איצט ד"ר פון מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן. אָבער זײַן טרוים איז געווען ישׂראל און אויף דער עלטער, ווען ער איז מאַטעריעל שוין באַזאָרגט, האָט ער דאָ געפונען זײַן שטענדיקע היים.

דאָס בוך „מיט די וועגן פון דער שארית־הפליטה" איז נישט קיין פּרווו פון אַ געשיכטע, אויך נישט קיין פּרווו פון אַ כראָניק, דאָס איז אַ בוך, וואָס זײַנע טעמעס זענען פּרטים פון דעם לעבן פון דער שארית־הפליטה און זיי, די פּרטים, שפּיגלען אָפּ דעם כּלל, אַ דאַנק זייער פאָקטאָגראַפישער קוואַליטעט.

אַ סך גוטע מידות און מעלות געפינט מען אין דעם מחבר פון בוך. ער פאַרמאָגט אַ ברייטע האַנט און אַ הייס ייִדיש האַרץ, וואָס איז שטענדיק וואַך אויף די באַדערפענישן פון קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וועלכע פלעגן און היטן די ייִדישע שפּראַך און קולטור. דאָס שטיצן ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס איז בײַ אים אַ מעשׂה פון טאָג־אײַן, טאָג־אויס. ער איז איינער פון די זעלטענע שטילע פילאַנטראָפּן, וואָס קומט פון די טיפענישן פון פאָלק און טוט זײַנע מיצוות אָן בליאַסק און אָן געפילדער.

מיטן דערשײַנען איצט פון לייזער ענגעלשטערנס זכרונות, ווערט פאַרפולט אַ גרויסער בלויז אין דער נאָכמלחמהדיקער מעמואַריסטישער ליטעראַטור.

דאָס בוך „מיט די וועגן פון דער שארית־הפליטה" שפּיגלט אָפּ, דער עיקר, די נשמה פון דער שארית־הפליטה, וואָס רײַסט זיך אַרויס צו דער וועלט, ווי פאַרגייענדיקע שטראַלן דורך געדיכטע וואָלקנס. און טראָץ דעם וואָס עס זענען שוין אַוועק אַ היפּשע ביסל יאָרן נאָך יענע פאַסירונגען, זענען לייזער ענגעלשטערנס איבערלעבונגען צאַפּלדיק פריש און אימפּעדיק דערציילט, ממש, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען.

גוט וואָס דער מחבר פון בוך האָט נישט געפּרוווט פאַרליטעראַרישן זײַנע איבערלעבונגען, נאָר זיי דערציילט אײנפאַך, מיט פשטות און גראַדליניקייט.

די לײַכטע, פליסיקע שפּראַך און די ערלעכקייט פון שילדערן זײַנע זכרונות, וואָס האָבן אין משך פון אַ לאַנגער צײַט נישט אַרויפגעצויגן קיין ראָמאַנטיק — דאָס איז די מעלה פון בוך.

אין גרעסטן טייל מעמואַרן איז פאַראַן לעבעדיקע געשיכטע, אַרײַנ־געדרונגענע אין זכרון פון מחבר; זיי זענען אַ קאָלעקטיווער היסטאָריקער פון אַ גרויסן באַדײַט.

ס'וועלן פאַרבײַ דורות, נאָר שטענדיק וועט דער נײַער דור מיט אינ־טערעס לייענען די מעמואַרן, פונקט ווי אונדזער דור לייענט די זכרונות פון די פאַרגאַנגענע דורות און נאָך אפשר מיט אַ גרעסערן אינטערעס.

מעמואַרן זענען אייביק יונג.

**יצחק אַלפּעראָוויטש**

# פאָרוואָרט פון מחבר

ווילנע — די מוטער פון די ייִדישע שטעט. אַ שטיק פון מײַן לעבן איז פאַרלאָפן אין דער שטאָט. מײַן פריִע קינדהייט, מײַנע יוגנט און דער־וואַקסענע יאָרן זענען פאַרבונדן מיט ווילנע. איך האָב זיך אַנטוויקלט און געשטאַלטיקט ווי אַ ייִד, צוזאַמען מיט דער שטאָט. פּאַמעלעך, בהדרגההדיק, שריט נאָך שריט, הויף נאָך הויף, גאַס נאָך גאַס, צײַטאָפּשניט נאָך צײַט־אָפּשניט, האָט די שטאָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר און אין מײַן געמיט לעבט זי איצט און לײַכט אין מיר מיט אַלע קאָלירן פון דעם רעגן־בויגן. איצט, ווען פיל דערשײַנונגען, געשעענישן פון אייגענעם און גלײַכצײַטיק פון אַלגעמיינעם לעבן אין דער שטאָט לעבן אויף פאַר מיר ווי פון דער ווײַטער פאַרגאַנגענהייט — איז נישט גרינג אויסצוטיילן און אָפּזונדערן די פּערזענלעכע איבערלעבענישן, אײַנדרוקן און אײַנפלוסן פון די אויסער־לעכע געשעענישן, וואָס איך בין געווען פון זיי אַן עדות.

עס זענען שוין אַריבער מער ווי דרײַ צענדליק יאָרן זינט יענעם טאָג, ווען איך האָב אויף אייביק פאַרלאָזט מײַן היימשטאָט. אין זכּרון האָבן זיך אויפגעהיט פיל פּרטים, געשטאַלטן, באַגעגענישן מיט מענטשן, אָבער ס'איז דאָ דער ווילן נישט פאַרפלייצט צו ווערן צו פיל פון די אייגענע פּערזענ־לעכע פּאַסירונגען, נאָר, ווי ווײַט מעגלעך, אַרויסרוקן די געשעענישן וואָס האָבן אַן אַלגעמיינעם באַטײַט, וואָס קאָנען וואַרפן אַ ליכט אויף די לעבנס־שטייגערישע שטריכן און פּרטים. איז עס אַ חוב לגבי דער שטאָט ווילנע, אַז אירע זין זאָלן ווען איר דערציילן, איבערגעבן וועגן דעם קאָלירפולן גײַסטרײַכן קולטור־ און קונסט־אָנגעזעטיקטן ייִדישן לעבן אין ווילנע. און מען דאַרף און מען מוז דאָס טאָן, ווײַל ווילנע איז הײַנט בלויז זכּרון, זי איז מער נישט קיין ווירקלעכקייט.

איז עס זייער אַ וויכטיקע און באַזונדערע אויפגאַבע, וואָס גייט אָבער נישט אַרײַן אין די ראַמען פון מײַן איצטיקן בוך. ווילנע פאַרנעמט בלויז איין טייל פון דעם בוך, היות ווי פון איר האָב איך אָנגעהויבן מײַן וואַנדער־וועג אין איינעם פון די אַפּריל־טעג פון יאָר 1945 און זיך געלאָזן מיטן

פּליטים־שטראָם דורך שטעט און גרענעצן, דורך פּוילן, רומעניע, עסטרײַך, אונגאַרן, איטאַליע, ביז איך בין אָנגעקומען קיין אַמעריקע, געהאַט דאָרט אַ מנוחה פֿון 19 יאָר, פֿון דאָרט בין איך אָנגעקומען אין ישׂראל, וואָס איז שוין די לעצטע סטאַנציע פֿון מײַנע וואַנדערונגען.

*

יאָרן מלחמה, יאָרן פאַרלענדונג.

איך האָב אויפֿן מזבח פֿון דעם ייִדישן חורבן מקריב געווען מײַן גאַנצע משפּחה: מײַן מוטער, ברודער, שוועסטער, פרוי, צוויי קינדער און קרובים.

ווער קען דעם גאַנצן גרויל און ווייטיק שילדערן? אַרויסרופֿן דעם טרויער? די אומענדלעכע לײַדן פֿון אונדזער אומקום איבערגעבן?

איך האָב עס געפּרוּווט אין אַ מינדסטן טייל צו פאַרפיקסירן אין מײַן בוך „אין געטאָס און וועלדער", וואָס דער פאַרלאַג פֿון „בית לוחמי הגיטאות", צוזאַמען מיטן „הקיבוץ המאוחד", האָבן אַרויסגעגעבן אין יאָר 1972. אָבער מיט דעם בוך אַליין האָב איך נישט אויסגעשעפּט די גרויסע טעמע פֿון אונדזער אומקום.

דאָס איצטיקע בוך איז דער המשך פֿון דעם בלוטיקן וועג, וואָס איך האָב אָנגעהויבן מיטן אויסברוך פֿון דער אכזריותדיקער מלחמה, וואָס האָט אַלץ אָפּגעמעקט; פאַרטיליקט די מענטשן צוזאַמען מיט זייערע שטרעבונגען און געפֿילן.

דאָס באַשריבענע אין דעם בוך — מײַנע זכרונות — זענען אויפֿגעקומען אונטערן אײַנדרוק פֿון דעם געזעענעם און געהערטן, אַדורכגעפלאָכטן און אַדורכגעלעבטן במשך פֿון איבער 30 יאָר, זיי זענען — מײַנע זכרונות — דעריבער נישט אויסגעוואַקסן פֿון איין שטיק.

ס'איז מיר שווער געווען צו צוימען מײַנע געפֿילן. ס'איז אָפּט מאָל געווען דער ווילן זיך אַראָפּרעדן פֿונעם האַרצן, אָבער איך האָב זיך באַמיט, ווי ווײַט מעגלעך, צו גובר זײַן דעם נסיון. איך האָב אָבער געהאַט אַן ערלעך געפֿיל איבערצוגעבן דאָס, וואָס איך און אַלע פֿון דער שארית־הפּליטה, האָבן נאָך פאַרגעזעצט צו אָטעמען די חורבן־אַטמאָספער.

מײַן געשיכטע איז די געשיכטע פֿון צענדליקער טויזנטער פֿון דער שארית־הפּליטה, וואָס האָבן דורכגעמאַכט יענעם דערנער־וועג, בראָדיענדיק איבער די שליאַכן פֿון דעם נאָכמלחמהדיקן אייראָפּעיִשן מידבר און שפּעטער זיך צעשאָטן איבער פאַרשיידענע קאָנטינענטן.

פון דער צײַט, וואָס איך בין אַרויס פון וואַלד, ביזן הײַנטיקן טאָג, האָב איך זיך באַמיט נישט פאַרטאָכלעווען מײַן געשענקטן לעבן.

איך האָב מײַן מאָטאָ: „אָרנטלעכקייט און אויפריכטיקייט״, סײַ אין פּריוואַטן און סײַ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן געהאַלטן פאַר מײַן פּרינציפּיעלן וועגווײַזער, פאַר מײַן ליכטשײַן אויף מײַן לעבנסוועג. אַזוי האָב איך ביזן חורבן און נאָך אים געגאַנגען דעם זעלבן וועג, דורכגעשפּרײַזט פון איין לאַנד צום צווייטן, און אומעטום האָב איך זיך געקלאַמערט אין דער יִדישער שפּראַך און אין דער יִדישער קולטור. איך האָב פון מײַן אָנגעצייכנטער ליניע נישט אָפּגענויגט. געשפּרײַזט אויף דעם וואַנדערוועג מיט פיל בטחון אין אַ בעסערן מאָרגן.

אַלע מײַנע כּוחות האָב איך געווענדעט צו איין ציל: אַז איך זאָל קענען מײַנע אָפּשפּאָרונגען ווידמען אויף קאָנסטרוקטיווע צוועקן; פלעגן די יִדישע שפּראַך און קולטור, שטיצן די נאָך פאַראַנענע אינסטיטוציעס און העלפן פאַראייביקן דעם זכר פון אונדזער פאַרשניטענער ירושלים דליטא אין פאַרשיידענע פאָרמען, צי דאָס איז אַן „אולם ווילנע״ אין מוזעאום פון קיבוץ „לוחמי הגיטאות״, אָדער אין דעם אייגענעם „בית ווילנע״ אין תּל־אביב.

דאָס בוך איז נישט די געשיכטע פון דער גרויסער וואַנדערונג פון דער שארית־הפליטה נאָך דעם חורבן, אָבער אין אַ טייל פון מײַנע שילדערונגען שפּיגלט זיך אָפּ דאָס, וואָס עס האָבן דאַן אַדורכגעמאַכט די נישט דערבערענטע האָלאָוועשקעס.

פיל פון די, מיט וועלכע איך האָב געבראָדיעט נאָכן חורבן — לעבן שוין נישט. פאַר זיי איז די געשיכטע שוין פאַרענדיקט. די אַנדערע, וועלכע האָבן דורכגעהאַלטן ביז איצטער דעם דערנער־וועג, זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע לענדער — אומעטום געפינען זיי זיך די אָפּגעבראָכענע צווײַגן פון דעם פריִער אַזוי ברייט־פאַרצווײַגטן בוים; פאַר זיי — פאַר דער גאַנצער שארית־הפליטה — איז עס נאָך ווײַט פונעם סוף.

## צוריק אין ווילנע

די מלחמה איז נאָך געווען אין פולן ברען, ווען אין איינע פון די יולי־טעג פון יאָר 1944 האָב איך פאַרלאָזט די נאַליבאָקער פושטשע און זיך גענומען אין דער ריכטונג צו ווילנע. מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט אַ שרעקלעכער פעריאָד פון אַ כּמעט 3־יאָריקן נע־ונד, פּחד און טויט.

די רויטע אַרמײַ האָט מאַרשירט פאָרויס אין אַ שנעלן טעמפּאָ און דעם 13טן יולי 1944 איז באַפרײַט געוואָרן ווילנע. אויף אַלע וועגן וואָס האָבן געפירט צו דער שטאָט האָט געשטראָמט אַ ריזיקע מאַסע פון מענטשן: סאָלדאַטן, פּאַרטיזאַנער און צווישן זיי אַ קליין הייפעלע צופעליק געראַ־טעוועטע ייִדן.

און אָט בין איך ווידער אין מײַן היימשטאָט ווילנע. עס איז געווען שוין גוט פינצטער, ווען דער רוסישער שאָפער פון אַ מיליטערישן לאַסט־אויטאָ האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אין דער פאַרשטאָט פון שקאַפּלערנע גאַס. מײַן געמיט אין יענעם מאָמענט איז זיך שווער פאַרצושטעלן. אַ לאַבירינט פון מחשבות און האַרצקלאַפּעניש מיט אַ געמיש פון פריידיקע געפילן פון זײַן פרײַ נאָך אַזוי פיל פּײַן און עינויים. אָן אימה איז מיר באַפאַלן, ווען איך האָב זיך געטראָפן פּנים־אל־פּנים מיט מײַן היימשטאָט. די גאַסן זע־נען פּוסט און וויסט, קיין שום לעבעדיק באַשעפעניש איז נישט צו זען אַרום זיך, כ׳האָב בלויז געפילט ווי טויזנטער שאָטנס פון געשטאָרבענע וואָלטן מיך נאָכגעיאָגט. פון דער פינצטערניש אויף די גאַסן האָב איך זיך אָריענטירט, אַז די דײַטשן האָבן, זעט אויס, פאַר זייער אַנטלויפן אויפגע־ריסן די עלעקטרישע סטאַנציע בײַ דער ווילִיע. ווו נישט ווו האָבן נאָך געטליִעט האַלאָוועשקעס פון פאַרברענטע הײַזער, וואָס דער דײַטשער אָקופּאַנט האָט אונטערגעצונדן בעתן פאַרלאָזן ווילנע. מיינע פיס האָבן זיך געבראָכן אונטער מיר. כ׳האָב אַזוי געגאַרט צו טרעפן אַ ייִד בײַ וועמען צו קענען איבערשלאָפן די נאַכט און זיך דערוויסן וואָס דאָ טוט זיך. אַ

קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן און אינסטינקטיוו בין איך געגאַנגען אין דער ריכטונג צו גרויס סטעפּאַן־גאַס, צום הויז נומער 24, ראָג שאָפּען־גאַס פון מײַן לעצטער דירה, ווו איך האָב געוווינט, איידער מיר זענען אַרײַנ־געטריבן געוואָרן אין געטאָ.

אָ לאַנגע צײַט בין איך געשטאַנען בײַם פּאַרמאַכטן טויער און זיך געשלאָגן מיט דער דעה וואָס צו טאָן: אָנקלינגען? — אפשר איז דער סטרוזש יוזעף נישטאָ, און אויב אויף זײַן פּלאַץ איז דאָ אַן אַנדערער, וועט ער דאָך מיר נישט אַרײַנלאָזן. אויסגעשעפּט פון די כּוחות פון אַזאַ לאַנגן און מידן וועג, האָב איך געפילט, אַז איך פאַל פון די פיס, כ׳האָב זיך געוואָלט אַנידערלייגן אַ ביסל אָפּרוען, אָבער, כ׳געדענק נישט ווי אַזוי, האָב איך פּלוצעם אינסטינקטיוו אַ צי געטאָן דאָס הענטל פון גלאָק בײַם טויער און באַלד האָט זיך דערהערט אַ קלינגערײַ פון שליסלען און טריט פון אַ פרוי...

די קאַליטקע האָט געעפנט יוזעפאָוואַ, די זעלבע דיקע קײַלעכדיקע גויע. דערזעענדיק מיך, האָט זי פאַרבראָכן די הענט און אויסגעשריִען: „אָ, יעזוס, אָ, מאַריאַ, פּאַן לייזער?... דו לעבסט? קום אַרײַן אין שטוב, יוזעף וועט זיך אויך פרייען דיך צו זען”...

ס׳איז כּדאי צו דערמאָנען, אַז מיט דעם זעלבן סטרוזש יוזעף האָב איך געהאַט אַן אינצידענט איײניקע טעג נאָכן אַרײַנטרײַבן אונדז אין געטאָ. איין פרימאָרגן, ווען איך בין מיט אַ גרופּע ייִדן פאַרבײַגעגאַנגען דעם הויף צו דער אַרבעט אויף דער אײַזנבאַן־ליניע, האָב איך דערזען אַז די קאַליטקע פון דעם טויער איז אָפן. איך בין שנעל אַרויסגעלאָפן פון דער ריי, זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די טרעפּ, אַן עפן געטאָן אונדזער הויז־אַלמער ווו ס׳זענען געשטאַנען טעפּ און סלאָיעס מיט היימיש־געמאַכטע קאָנפיטורן. איך האָב אַ כאַפּ געטאָן איין טאָפּ און געוואָלט אָניאָגן מיין גרופּע ייִדן, אָבער אויף מיין שלימזל איז מיר אַנטקעגן געקומען יוזעף און דערזעענדיק מיך מיטן טאָפּ, האָט ער פאָכענדיק מיטן פינגער מיך געוואָרנט, אַז אויב כ׳וועל נאָך אַ מאָל קומען מיט אַזאַ „וויזיט” וועל איך שטאַרק באַדויערן.

דער עצם־פאַקט פון אַרויסלויפן פון דער ריי און טראָגן אַ טאָפּ מיט קאָנפיטורן איז געווען אַ זייער ריזיקאַלישער שריט, אָבער איך האָב געהאַט די גרעסטע סאַטיספאַקציע, אַז איך האָב געקענט כאָטש מיט עפּעס צו דערפרישן די פאַרשמאַכטע ליפּן פון מיינע קינדער...

פאַר דער מלחמה האָט דער סטרוזש יוזעף מיט זײַן פרוי און 2 קינ־

דער געוווינט אין אַן איין־צימערדיקער דירה, נעבן טויער. איצט, אָבער, האָט מיך יוזעפּאָוואַ אַרײַנגעפירט אין דער דירה פונעם פּרוכט־קרעמער קאַפּלאַן, וואָס איז באַשטאַנען פון 4 צימערן. די קאַפּלאַנס זענען געווען פאַרמעגלעכע מענטשן און זייער דירה איז געווען אויסגעשטאַט מיט טײַערע מעבל. יוזעף איז געוואָרן דער „יורש" פון קאַפּלאַנס האָב און גוטס.

דער זאַל איז געווען העל באַלויכטן פון אַ קאַרביט־לאָמפּ און אויף אַ גרויסער פּלושענער סאָפע איז געלעגן אַ באַרג מיט געוואַשענע נישט גע־פּרעסטע וועש, די גאַנצע דירה איז געווען אָנגעשטעלט מיט די בעסטע און טײַערסטע מעבל, אָנגעשלעפּטע פון ייִדישע דירות.

יוזעפּאָוואַ האָט מיך מכבד געווען מיט טיי און גוטן צובײַסן, אָבער ווי הונגעריק און דורשטיק איך בין געווען, האָב איך זיך נישט געקענט צורירן צום עסן. אַלץ וואָס כ׳האָב נאָר געגאַרט איז זיך בלויז אַנידערלייגן אַ ביסל אָפּרוען.

מײַן ערשטע פראַגע איז געווען: „איז ווער געבליבן לעבן פון די ייִדישע שכנים?" יוזעפּאָוואַס ענטפער איז געווען: „קיינער פון די ייִדישע שכנים האָט זיך ביז איצט נישט געוויאָוועט". פון זיי האָב איך זיך אויך דערוווּסט, אַז אין מײַן דירה וווינט איצט אַ ליטווינער, און אַז די דײַטשן האָבן אַלץ אַרויסגעפירט פון דער דירה און דער נײַער שכן האָט אַרײַנ־געשטעלט זײַנע אייגענע מעבל.

פאַר דער מלחמה האָט דאָס דאָזיקע פיר־שטאָקיקע הויז געהערט צום גאָלד־סוחר שענקער פון דײַטשער גאַס. דאָרט האָבן געוווינט 40 שכנים, אויסשליסלעך ייִדן, אַן ערך 200 נפשות. דאָס גרויסע הויז האָט אַרומ־גענומען אַ שטיק סטעפּאַן־גאַס און שאָפּען, פון וואַנען עס איז געווען דער אַרײַנגאַנג צום האָטעל „בעלגיע", וואָס האָט אויך פאַרנומען אַ טייל פון צווייטן שטאָק פון הויז. פון גאַס זענען געווען אַ ריי געשעפטן פון אַלע מינים מיט אַ גרויסע בעקערײַ, וועמענס אייגנטימער איז געווען וואָלפּיאַן — אַ בכבודיקער באַלעבאָס און גבאי אין „טהרת־הקודש" שול (כאַר־שול) אויף זאַוואַלנע־גאַס. איצט בין איך געבליבן דער איינציקער לעבן־געבלי־בענער פון די 200 נפשות. (אין משך פון די 9 חדשים וואָס איך האָב גע־לעבט אין ווילנע נאָך דער באַפרײַונג, האָב איך קיינעם נישט געטראָפן פון אונדזערע געוועזענע שכנים, ערשט שוין זײַענדיק אין רוים, האָב איך געטראָפן די צוויי בחורים פּיטעלעוויטש און רובין — די איינציקע וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון זייערע גרויסע משפּחות).

ס׳האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזט בינדן צווישן אונדז קיין שמועס. זיי האָבן אויסגעמיטן צו רעדן וואָס ס׳איז געשען מיט די ייִדן און איך האָב אויך נישט געוואָלט זיי פרעגן איבעריקע שאלות. איך האָב זיי בלויז דערציילט, אַז איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן, געקעמפט אין די וועלדער מיט די דײַטשן. איך האָב באַלד דערפילט זייער רעאַקציע... און איך האָב באַמערקט אַז זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, אָבער זיי האָבן זיך מיט קיין וואָרט נישט אָנגערופן.

יוזעפּאָוואַ האָט מיר אויסגעבעט אַ געלעגער אויף דער צווייטער גרויסער סאָפע, אָבער ס׳האָט מיך קיין שלאָף נישט גענומען. איך האָב בלויז געטראַכט, אַז מען דאַרף זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן פון דאַנען. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט שפּעט אין דער פרי, האָב איך באַמערקט, אַז דער „באַרג״ מיט די געוואַשענע וועש איז „פאַרשוווּנדן״. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ סימן, אַז זיי האָבן, ווײַזט אויס, „פאַרשטעקט״ די אָנגערויבטע ייִדישע וועש, כּדי איך זאָל בײַ זיי נישט פאָדערן קיין „חשבון״. איך האָב בלויז באַדויערט וואָס איך בין בכלל געבליבן בײַ זיי נעכטיקן. איך האָב תּיכף אַרויפגעצויגן אויף זיך מײַנע האַלב־צעפאַלענע בגדים, זיך אַנטזאָגט צו נעמען אַ גלאָז טיי, וואָס די גויע האָט מיר פאָרגעלייגט, כ׳האָב דאָ נישט געוואָלט פאַרבלייבן קיין איבעריקע מינוט.

ערשט ווען איך בין אַרויס אין גאַס האָב איך זיך באַטראַכט וואָס פאַר אַן אומזין איך בין באַגאַנגען, וואָס איך האָב ריזיקירט צו איבערנעכטיקן די נאַכט בײַם סטרוזש.

ווען איך בין מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער געקומען צום סטרוזש, האָב איך שוין געטראָפן די גאַנצע דירה אויסגעליידיקט און זיי אַליין זענען פאַרשוווּנדן אָן אַ שפּור. ס׳האָט מיר שטאַרק וויי געטאָן וואָס אַזאַ שׂונא־ישׂראל האָט גענירשנט אַ ייִדיש פאַרמעגן.

מײַנע בגדים זענען געווען אָפּגעריסן, די שיך צעפאַלן, ס׳האָט מיך געצויגן צו גיין צו מײַן מאַמעס הויז אויף גרויס שניפּישאָק. דאָס איז געווען אַן אייגן הויז אין וועלכער ס׳האָבן געוווינט 18 שכנים. אין 1940 האָט די סאָוועטיש־ליטווישע מאַכט קאָנפיסקירט דאָס הויז, אָבער די מאַמע איז פאַרבליבן וווינען אין איר דירה צוזאַמען מיט דער מיטלסטער שוועסטער רבקה מיט איר מאַן און דרײַ קינדער. היות ווי מײַן שוואָגער, דוד בליך, איז געווען פון פאַך אַ זעצער, האָט מען דער מאַמען דאַן דערלויבט צו וווינען אין אַ צימער אין דער זעלבער 5־צימערדיקער דירה. אַ

מאַדנער געפיל האָט מיך באַנומען און אויך אַ שטאַרקער דראַנג צו גיין אַ קוק טאָן וואָס איז געוואָרן פון די גאַסן און געסלעך ווו ס׳איז געווען דער שטח פון געטאָ. איך האָב אויך געהאָפט צו טרעפן דאָרט ייִדן, און אפשר אויך אַ קרוב, באַקאַנטע, אַמאָליקע פרייַנד...

אַרויסגייענדיק פון דעם סטרוזש, האָב איך זיך אינסטינקטיוו אַ קער געטאָן אין דער ריכטונג פון מייַן פריִערדיקער דירה, פון וועלכער מיר זענען מיט 3 יאָר צוריק פאַרטריבן געוואָרן אין געטאָ. אין מייַן דירה האָט איצט געוווינט אַ ליטווישע משפחה. עפעס האָט מיך אָפּגעשטויסן אָנצוקלאַפּן אין דער טיר פון מייַן וווינונג, ווו איך האָב אין משך פון 10 יאָר געלעבט מיט מייַן פרוי און 2 טעכטערלעך. אָבער דאָך האָב איך גובר געווען די העמונג און מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָב איך אָנגעקלאַפּט אין דער טיר...

אויפֿן שוועל בייַ דער טיר פון מייַן געוועזענער דירה האָט זיך באַוויזן אַ ליטווינער — איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב דאָ געוווינט און אַז כ׳וויל בלויז אַ קוק טאָן אויף די ווענט. ער האָט מיך העפלעך פאַרבעטן אין שטוב. אַרייַנקומענדיק האָב איך דערפילט אַ צופּעניש אין האַרץ און שטיקעניש אין האַלדז. כ׳בין געגאַנגען פון צימער צו צימער, מיט די אויגן אָפּגעמאָסטן אויף וועלכן פּלאַץ ס׳איז געשטאַנען די און יענע מעבלשטיק. אָט, דאָ, זענען געשטאַנען די בעטעלעך פון מייַנע טעכטערלעך, מלכהלע און טייַבעלע, פון וואַנען ס׳פלעגן זיך טראָגן זייער הילכיק געלעכטער. כ׳האָב דערפילט פּייַכטקייט אין די אויגן... ס׳האָט זיך מיר נישט געוואָלט פונאַנדערוויינען אין דער אָנוועזנהייט פון דעם ליטווינער, וועלכער האָט מעגלעך אויך געקענט זייַן איינער פון די רוצחים, וואָס האָבן פאַרגאָסן ייִדיש בלוט. איך בין באַלד אַרויס פון שטוב. אויף די טרעפּ האָב איך זיך באַגאָסן מיט טרערן, נישט אויסגעהאַלטן די איבערלעבונג. כ׳האָב זיך געמוזט אָנהאַלטן בייַם פּאַרענטש, כדי נישט צו פאַלן. אַזוי שטייענדיק איז פאַר מייַנע אויגן פאַרבייַגעלאָפן אַ שטיק לעבן פון דער נישט ווייַטער פאַרגאַנגענהייט.

אַך, וואָס פאַר אַ וואַרעמע היים דאָס איז געווען! דאָ האָב איך זיך אויך געבאָדן „ממש” אין ייִדישן געדרוקטן וואָרט. אין איין צימער איז געווען די רעדאַקציע פון די „גרינינקע ביימעלעך” און „חבר”, רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן פון מייַן שוואָגער שלמה באַסטאָמסקי אין זייַן פאַרלאַג „די בייַע ייִדישע שול”, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון מייַן פרוי ליבע ע״ה. אַהער פלעגט אָנקומען די טעגלעכע ייִדישע פרעסע פון אַמעריקע און

קאַנאַדע און אויך פיל פּעריאָדישע זשורנאַלן פון אַ ריי לענדער. אַהער פלעגן אויך אַרויפקומען לערער פון די ייִדישע שולן און תּלמידים. אַ גאַנץ יאָר איז דאָ געווען אַ שטיקל „יאַריד״, איבערהויפּט אין אָנהויב פון שוליאָר. פון דאַנען פלעגן אָפּגעשיקט ווערן די לערן־ביכער און די קינדער־ליטע־ראַטור צו די ייִדישע שולן פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, קאַנאַדע, בראַזיל, מעקסיקע, ווי אויך אין ליטע און די באַלטישע לענדער.

## שלמה באַסטאָמסקי און מלכּה חיימסאָן

אַן אָפּשאַצונג וועגן שלמה באַסטאָמסקי און זײַן פרוי מלכּה חײַמסאָן, וואָס האָבן געווידמעט זייער לעבן דער יידיש-וועלטלעכער שול צוזאַמען מיטן יידיש קולטור-געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ווילנע, געפינען מיר אין דעם לעקסיקאָן פון דער נײַער יידישער ליטעראַטור (זײַט 226) און אין דעם לערער יזכּור-בוך, וואָס איז דערשינען אין ניו-יאָרק, אין 1954.

### באַסטאָמסקי, שלמה — (יולי, 1891 — מערץ, 1941)

געב. אין ווילנע, אין דער פאַמיליע פון אַן אָרעמען שלאָסער, געבליבן יונג אַ יתום. געלערנט אין ת"ת, גלײַכצײַטיק באַזוכט אַ רוסישע פאָלקס-שול פאַר יידישע קינדער. 1912 געענדיקט דעם ווילנער לערער-אינסטיטוט און געוואָרן אַ לערער — צו ערשט אין דער רוסיש-יידישער פאָלקסשול אין מערעטש, שפּעטער אין דעווענישאָק (ביידע אין ווילנער געגנט). געווען איינער פון די פּיאָנערן פון אַ שול אויף יידיש. פאָרגעלייענט געהיים פאַר זײַנע שול-קינדער יידישע מעשׂה-ביכלעך און אָנגעהויבן זאַמלען יידישן פאָלקלאָר. 1915, נאָך דעם ווי די דײַטשן זענען אַרײַן אין ווילנע, איז באַסטאָמסקי אײַנגעלאַדן געוואָרן פאַר אַ לערער אין דער דעמאָלט געגרינדעטער „פאָלקסשול פאַר ייִנגלעך פון דער חברה מפיצי השׂכּלה" (די ערשטע ייִנגלשול אין ווילנע מיט יידיש ווי די שפּראַך פון די לימודים).

אין דער שול האָט ער געאַרבעט כּמעט ביזן סוף פון זײַן לעבן. זײַן שפּעטערדיקע געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעטיקייט איז אויך געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער שול. זײַן ערשטער אַרטיקל, וועגן יידישער קינדער-ליטעראַטור, איז געווען געדרוקט אין ווילנער וואָכנבלאַט (1910). נאָך דעם זענען געקומען עטלעכע סקיצעס און דערציילונגען אין קאַרפּינאָוויטשעס פאָלקסבלאַט (1911) און ליטווינס לעבן און וויסנשאַפט (1912). זינט 1916 האָט ב', אין זײַן אייגענעם פ"ג „די נײַע יידישע

פאָלקסשול״, **אַרויסגעגעבן אַ סעריע לערנביכער, שול־כרעסטאָמאַטיעס, קינדער־שפּילן, לייען־ביכער, פאָלקלאָר־זאַמלונגען, צווישן זיי: רעכנביכער, 5 טיילן, מיט אַ ייִדישער טערמינאָלאָגיע פאַר אַריטמעטיק, אויסגעאַרבעט פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע; כרעסטאָמאַטיעס:** דאָס לעבעדיקע וואָרט, לעבעדיקע קלאַנגען **און** דאָס נייַע וואָרט (**מוסטערן פאַר ליטעראַטור־וויסנשאַפט, 3 טיילן — עפּאָס, ליריק און דראַמע); אַ סעריע פון 32 לייענביכלעך**



שלמה באַסטאָמסקי

**פאַר ייִנגערע קינדער — אָריגינעל־ייִדישע:** יעקעלע נאַר, צוויי מתּנות, דער נס, דער צדיק, דער פאַרשלאָסענער קאַסטן, די צוויי חכמים, דער קייסער און דער צדיק, בוסתּנאי, די אמתע כּלה, אין דער נאַכט פון בדיקת חמץ **א״אַ, און באַאַרבעטונגען אָדער איבערזעצונגען פון אַנדערע שרייַבערס; אַ סעריע פון 21 ביכלעך פאַר עלטערע קינדער, רייזע־באַשרייבונגען און ביאָגראַפיעס; קינדער־שפּילן** (דער קונדס, אילוסטרירטער לאָטאָ, רעטעניש מיט בילדער); **קינדער־פּיעסעס** (פּורים־שפּיל, נחמן דער פאַרבער, פרילינג קומט **א״אַ); אַ ריי פאָלקלאָר־זאַמלונגען** (בייַם קוואַל, **ב. 1 און 2;** ייִדישע פאָלקסרעטענישן; ייִדישע פאָלקס־מעשׂיות און לעגענדעס, **ב. 1 און 2;** זאַמלונג פון ייִדישע שפּריכווערטער פאַר שול און פאַמיליע, אַמאָל איז געווען); **צענדליקער נומערן פון אַ פּאָפּולערער־וויסנשאַפטלעכער ביבליאָטעק, ס׳רוב באַאַרבעט פון אים אַליין; אַן איבערזעצונג פון זאַלאַס** די קוילנגרעבער.

**אַ חוץ דעם האָט ש. ב. אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט די פּאָפּולערע קינ־ דער־זשורנאַלן:** גרינינקעביימעלעך און דער חבר, ווו ער האָט צווישן צענדליקער אַנדערע זאַכן געדרוקט אויך זיינע מעשהלעך וועגן כעלמער נאַראָנים, וועגן הערשעלע אָסטראָפּאָליער, מאָטקע חב״ד, יאָסעלע קונדס (אַרויס אויך אין בוכפאָרעם); ער האָט אויך רעדאַקטירט די שול־אויסגאַבעס: פּאַר אונדזער שול, ווילנע, 1933; 20 יאָר דבורה קופּערשטיין־שול, ווילנע, 1934; קינדער וועגן ד״ר צמח שאַבאַד, ווילנע 1938; האָט מיטרעדאַקטירט דעם פּעדאַגאָגישן זשורנאַל די נייַע שול אין ווילנע און געשריבן אַרטיקלען אין ווילנער טאָג און אין פאָרויס, ווילנער אָרגאַן פון די פאַראייניקטע (ס״ס און י״ס), מיט וועלכע ער איז געווען פאַרבונדן אידעיִש. די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלטקריג איז באַסטאָמסקי צוגעשטאַנען צו דער טעריטאָריאַ־ ליסטישער גרופּע פרייַלאַנד. ש. ב. איז געווען אַ מיטגליד פון דער פאָלקלאָר־ קאָמיסיע און דעם אַלגעמיינעם ראַט פון יִוואָ, אויך פון דעם צענטראַלן ביל־ דונגס־קאָמיטעט (צב״ק) אין ווילנע און אַ ראַטמאַן אין דער קהילה. ער איז געשטאָרבן אין מערץ 1941, נאָך איידער די היטלער־מחנות זענען אַרייַן אין שטאָט, וואָס איז דעמאָלט געווען אָקופּירט פון סאָוועטישע חיילות.

## חיימסאָן, מלכּה — (1888—1941)

געב׳ אין נאַצע, אַ שטעטעלע לעבן איישישאָק, ווילנער געגנט, ווו איר פאָטער איז געווען רב. נאָכן פאָטערס טויט (חיימסאָן איז דעמאָלט אַלט גע־ ווען 2 יאָר) איז זי מיט דער מוטער אַריבערגעפאָרן קיין יעוויע (אויך ווילנער געגנט), ווו זי איז געגאַנגען אין חדר, געלערנט תנ״ך און „עין יעקב״. אין 1897 איז זי מיט דער פאַמיליע אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע, ווו זי האָט צו 18 יאָר געענדיקט די מאַריען־גימנאַזיע ווי אַן עקסטערן. נאָך דעם איז זי אַוועק קיין בערן, שווייץ, דאָרט 2 יאָר שטודירט הומאַ־ ניסטישע וויסנשאַפטן, אָבער צוליב מאַטעריעלע סיבות געמוזט איבער־ רייַסן דעם שטודיום. זי איז צוריקגעקומען קיין ווילנע, געלעבט פון פּרי־ וואַטע לעקציעס, דאָן, ביז מיטן 1914, געאַרבעט ווי אַ סטענאָגראַפיסטין אין ווילנער שטאָטראַט. אין 1915 האָט חיימסאָן אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער יִידישער קינדערהיים פון היימלאָזע קינדער, נאָך דעם געווען אַ לערע־ רין פון נאַטורוויסנשאַפט און געאָגראַפיע אין דער פּרוג־שול און פון 1922 — אין דער יִידישער גימנאַזיע פון סאָפיע גורעוויטש. — ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין 1910 מיט איבערזיכטן און אַרטיקלען איבער

סאָציאַלע און קולטור־פּראָגעס אין אַ. ליטווינס לעבען און וויסנשאַפט.

פון 1920 אָן האָט חיימסאָן מיטגעאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון דעם קינדער־זשורנאַל גרינינקע ביימעלעך און פונעם יוגנט־זשורנאַל חבר (דער־שינען אין ווילנע פון סעפּט׳, 1920, ביז יולי, 1922), ווו זי האָט פּאַרעפנט־לעכט אַ ריי נאַטורוויסנשאַפטלעכע און האַלב־בעלעטריסטישע זאַכן, וואָס זענען צום טייל אויך אַרויס אין בוכפאָרם, ווי דאָס אָריגינעלע מאַכט זיך



מלכה חיימסאָן-באַסטאָמסקי

אַליין אַ גערטעלע (ווילנע, 1922, 63 זז׳) און די איבערזעצונגען און באַ־אַרבעטונגען: אין דער שליסעלבורגער תּפיסה (2 ביכלעך), די לעבעדיקע פאָטאָגראַפיע, די אַנטדעקונג פון דרום־פּאָלוס, דער קליינער לאַנגאויער, בריוו צו קינדער, מאַלפּעס און דער העלפאַנד. האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ פיזישע געאָגראַפיע אין 2 טיילן, ביידע אין 1920 צו 204 זז׳ איטלעכער — אַ שול־בוך פאַרן 3טן און 4טן לערניאָר. צוזאַמען מיט איר מאַן, ש. באַס־טאָמסקי, צונויפגעשטעלט אַן אילוסטרירטן א״ב א״ט לעבעדיקע קלאַנגען 79 זז׳, 16טע אויפלאַגע אין 1938), אַ שול־כרעסטאָמאַטיע (אויך א״ט „לעבעדיקע קלאַנגען") אין 5 טיילן (צווישן 1933 און 1939 דערשינען 12 אויפלאַגעס) און (1920־1925) אַ כרעסטאָמאַטיע פאַר די עלטערע קלאַסן א״ט דאָס נייַע וואָרט — מוסטערן פאַר ליטעראַטור־וויסנשאַפט — אין 3 טיילן: עפּאָס, ליריק, דראַמע (פאַרן 3טן טייל האָבן חיימסאָן און באַסטאָמ־סקי אַליין איבערגעזעצט פראַגמענטן פון געשמידטן פראָמעטעאוס, קיניג

אוידיפוס, אַנטיגאָנע, איפיגעניע און אַאוליס). האָט אויך איבערגעזעצט ק. פּ. יאַגאָדאָווסקיס זומערדיקע אַרבעטן אויף נאַטור־וויסנשאַפט (באָטאַניק און זאָאָלאָגיע) אין 2 טיילן. חיימסאָנס ביכער זענען צום גרעסטן טייל אַרויס אין פאַרלאַג „נייַע יידישע פאָלקשול". האָט אויך פאַרעפנטלעכט — אין שול־פריַינד און א"ט פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס פון דער ציש"אָ (צענ־טראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן) — אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען איבער מעטאָדיק.

כּדי צו דערגענצן די אויטאָביאָגראַפיעס פון די ביידע גרויסע פּעדאַ־גאָגן און שרייבער פון דער יידישער קינדער־ליטעראַטור, איז כּדאַי צו ברענגען אַ ריי ציפערן און פאַקטן:

די כרעסטאָמאַטיע „לעבעדיקע קלאַנגען", צונויפגעשטעלט פון ש. באַס־טאָמסקי און מ. חיימסאָן האָט אויסגעהאַלטן 16 אויפלאַגעס. יעדע אויפלאַגע האָט זיך געדרוקט נישט ווייניקער ווי 2000 ביכער. אין אַן ענלעכער צאָל עקזעמפּלאַרן איז אויך דערשינען די כרעסטאָמאַטיע „דאָס יידישע וואָרט" צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי און זלמן רייזען. אויף די דאָזיקע כרעסטאָמאַטיעס זענען דערצויגן געוואָרן פיל טויזנטער יידישע תּלמידים אין די לענדער ווו ס'האָבן פונקציאָנירט יידישע שולן צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

טראָץ דעם גרויסן דערציִערישן ווערט וואָס עס האָבן געהאַט די כרעס־טאָמאַטיעס און לערנביכער און טראָץ דעם וואָס זיי האָבן אַריַינגעבראַכט נישט קיין קליינע הכנסות איז ש. באַסטאָמסקי געווען אין אַ כראָנישן דעפיציט. צו די קינדער־זשורנאַלן האָט ער דערלייגט אַ סך געלט. די „גרינינקע ביימעלעך" און דער „חבר" זענען געווען פאַררעכנט ווי זייערע קינדער, וועלכע זיי זענען געווען מחויב צו פלעגן (די באַסטאָמסקיס האָבן נישט געהאַט קיין קינדער), וועגן ליקווידירן איין זשורנאַל האָט קיין מאָל באַסטאָמסקי נישט צוגעלאָזט אַזאַ געדאַנק. ווי דערשטוינט בין איך איין מאָל געוואָרן, הערנדיק פון אים, אַז ער גייט זיך גאָר אַרויסלאָזן אַ דריטן זשורנאַל — וואָס האָט געדאַרפט פאַקטיש זיַין אַ פּעדאַגאָגישער וועגוויַיזער פאַר לערער און דערציִונג.

אין אָפּדרוקן און אַרויסגעבן זיַינע לערנביכער און זשורנאַלן האָט אים צוגעהאָלפן זיַין ברודער לייזער, וואָס האָט געהאַט אַ בשותּפותדיקע דרוקעריַי און היות ווי ער איז געווען פון פאַך אַ זעצער האָט די דרוק געהאַט אַ גאַנץ יאָר אַרבעט פון דעם פאַרלאַג.

# אויף די חורבות פון געטאָ

גייענדיק מיט דער לאַווע צו רודניצקער גאַס, האָב איך מיט ווייטיק זיך צוגעקוקט וואָס איז געבליבן פון דער אַזוי באַרימטער אין ווילנע סטעפאַן־גאַס. דאָס איז אַמאָל, פאַרן חורבן, געווען אַ גאַס פון לויטער יידן, פיל האַנדלס־געשעפטן, גרויסע הורט־געשעפטן און אכסניות.

אינסטינקטיוו האָבן מײַנע פיס מיך געטראָגן צו די געסלעך פון געוועזענעם געטאָ. דאָרט האָב איך געהאָפט צו טרעפן אימעצן פון מײַנע באַקאַנטע, אָבער צוקומענדיק צום טויער פון הויז נומער 23, האָב איך אומדערוואַרט באַגעגנט דעם גלעזער פון דער סטעפאַן־גאַס אליהו קאַפּאַנסקי. דערזעענדיק מיך האָט ער זיך זייער דערפרייט, און ער האָט מיך באַלד אַרײַנגעפירט אין הויף אין זײַן צימער, וווּ איך האָב געטראָפן זײַן פרוי גאָלדע און זייער זון — אַ ייִנגל פון אַ יאָר 12.

זײַן איצטיקע וווינונג איז אַמאָל געווען אַ הינטער־צימער פון אַ שיך־געשעפט און אונטער דעם צימער האָט קאַפּאַנסקי אויפגעבויט אַ „מאַלינע" — אַ גרוב וואָס איז געווען מײַסטעריש גוט פאַרמאַסקירט. אין אָט דער „דירה" האָט קאַפּאַנסקי מיט זײַן פרוי און קינד און אויך זײַן פלימעניק געלעבט זינט דער ליקווידאַציע פון געטאָ און דערלעבט די באַפרײַונג. אָבער דער פלימעניק האָט נישט געקענט אויסהאַלטן די שווערע באַדינגונגען, אָן לופט און אָן וואַסער, ער איז געשטאָרבן און ס'איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה ווי אים מקבר זײַן אין דער „מאַלינע" גופא. מ'דאַרף דאָ אונטערשטרײַכן אַז קאַפּאַנסקיס „מאַלינע" איז געווען די איינציקע אין געטאָ, וואָס איז נישט „פאַרשאָטן" געוואָרן. ס'האָבן נישט מצליח געווען די דײַטשע און ליטווישע מערדער אַרויסצוציִען אויף אירע שפורן.

דעם טאָג ווען איך האָב באַגעגנט קאַפּאַנסקיס משפחה זענען שוין זייערע פּנימער געווען באַצויגן מיט אַ בלאַס־געלע מאַטקייט פון אַ מתים־קאָליר. די אויגן אויסגעלאָשן, די פּנימער בלאַס אָן אַ טראָפּן בלוט און ווען זייער באַפרײַונג וואָלט זיך פאַרשפּעטיקט אויף נאָך אַ פּאָר טעג — וואָלטן

זיי נישט אויסגעהאַלטן — זיי וואָלטן אויסגעגאַנגען פון הונגער און דער־שעפּטקייט.

אַן איבעריקע וואָך שוין נאָך דער באַפרייַונג זענען זיי געזעסן אין דער „מאַלינע״ און אליהו פלעגט יעדע נאַכט אַרויפקומען אויפן הויף און נעמען אין אַ כּלי עסן פון חזירים קאָריטע, נישט וויסנדיק, אַז זיי זענען שוין פרייַ. אַז ער האָט דערהערט די געגאַרטע בשורה, איז ער קודם־כּל געלאָפן מיט זייַנע שוואַכע כּוחות אין גאַס זוכן שפּייַז צו ברענגען פאַרן ווייַב און קינד. ער זעט ווי די קריסטן שלעפּן אויף וועגעלעך און אויף די פּלייצעס זעק מיט פּעק, גערויבטע פון די סקלאַדן. די נייַע מאַכט האָט נאָך נישט געהאַט באַוויזן אייַנצושטעלן אָרדענונג (די קריסטן האָבן נישט פאַרפעלט קיין געלעגנהייט אָנצורויבן זיך מיט האָב און גוטס). קאָפּאַנסקי האָט ערגעץ געפונען זיך וואַלגערן אַ האַלבן זאַק קאַרטאָפל, האָט ער דאָס געבראַכט צו שלעפּן און גאָלדע האָט באַלד אָפּגעקאָכט אַ קאַרטאָפליאַנקע. דאָס איז געווען דאָס ערשטע וואַרעמע געקעכטס, וואָס זיי האָבן פאַרזוכט פאַר לאַנגע חדשים. און ווען איך בין דעם טאָג געקומען צו זיי, האָט מיר גאָלדע מהנה געווען מיט אַ טעלער קאַרטאָפליאַנקע.

*

קאָפּאַנסקי האָט מיר דערציילט וועגן דעם חורבן אויף דייַטשע־גאַס מיטן שולהויף. בין איך שוין געגאַנגען צו שניפּישאָק דורך דייַטשע. נישט וועלנדיק קומען בייַ נאַכט אין שניפּישאָק, בין איך נישט אַרייַן אין קיין הויף, איבערלאָזנדיק עס אויף מאָרגן. צוקומענדיק צו ייִדישע־גאַס און דערזעענדיק דעם חורבן פון שולהויף, האָט מיר געגעבן אַ שטאָך אין האַרצן:

— „ניין, כ׳גיי נישט וויַיטער״, און בין מיט ייִדישע־גאַס צוגעקומען צו דער סטראַשון־ביבליאָטעק. אָט זע איך שוין דעם חורבן פון דער זייַט שול־הויף אויך. אָבער איך זע פון ווייַטן, אַז ס׳הענגט דער אייַזערנער טויער בייַם אַראָפּגאַנג פון שטאָטשול, זאָל עס באַדייַטן אַז די שול איז גאַנץ? פאַר־שנעלער איך די טריט און אין איין אָטעם לויף איך אַראָפּ מיט די טרעפּ. איך גלויב נישט מייַנע אויגן וואָס איך זע. איך שעפּטשע צו זיך: „אַ נס!״ ווי אַזוי איז עס געשען? אַרום האָבן די וואַנדאַלן אַלץ חרוב געמאַכט, פאַר־ברענט, אָפּגעווישט, און די שול איז געבליבן גאַנץ. איך נעם אַרומגיין איבער דער אויסגעליידיקטער שול, טאַפּ די ווענט, איך גיי אַרויף מיט די טרעפּ צום אָרון־קודש. אינעווייניק ליידיק, אָבער גאַנץ, ווי אַזוי איז עס מעגלעך

געוועז?... אויף די בימה איז גאַנץ. איך דריי זיך אַרום דער בימה און גלעט די פיר מאַרמאָרנע קאָלאָנעס וועלכע שטייען צוגעשפּאַרט צום הויכן סופיט און איך הער נישט אויף צו זיך צו רעדן. ווי אַזוי איז עס אַלץ מעג־לעך געווען? איך האָב אַזוי געוואָלט, אַז עמעצער זאָל אַרונטערקומען כּדי צו האָבן מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט וועגן דעם נס.

אין מוח האָבן זיך אָנגעהויבן מישן זכרונות וועגן דער שול.

נאָך אַלס קליינער יינגל, פלעגט מיך מײַן פאָטער מיטנעמען אין שטאָט־שול. ער אַליין איז געווען אַ מנגן און איז געווען פאַרקאָכט אין חזנות. ער פלעגט דאַוונען דעם ערשטן מנין אין די שבתים און ימים־טובים, כּדי צו קענען נאָך דעם הערן דעם שטאָט־חזן. ער האָט זיך נישט געפוילט צו גיין פון שניפּישאָק. אַזוי אַרום האָב איך פון קינדווייַז אָן ליב געקראָגן חזנישע נגינה, וואָס איז מיר געבליבן עד־היום. (נאָך מײַן חתונה האָב איך געהאָט אַ שטענדיקן פּלאַץ אין שטאָטשול אויף דער באַנק בײַ דער בימה אַנטקעגן אָרון־קודש, ווו ס׳האָט געהאַט זײַן אָרט דער כאָר).

איך בין געזעסן אויף אַ טרעפּל אייגער אַליין, און פאַר די אויגן און אין דמיון זענען דורכגעגאַנגען בילדער פון יענער צײַט. פאַר מײַן צײַט האָבן זיך געביטן פיל חזנים זינט מרדכי הערשמאַן איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. מײַן פּלאַץ איז געווען נאָענט פון דיריגענט, האָב איך זיך נעבן־טער באַקענט מיט חנן גלעזער ז״ל, דער לעצטער באַגאַבטער דיריגענט פון שטאָטשול. דאַוונען אין שטאָטשול האָט באַדייט דאָפּלטער עונג־שבת און עונג־יום־טוב. עס זענען מיר אויפגעקומען די בילדער פון יום־כּיפּור צו כּל־נדרי, ווען די שול איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט מתפּללים פון ברעג צו ברעג. מ׳פלעגט שאַצן, אַז צו כּל־נדרי פלעגן זײַן אַרום 5000 מתפּללים.

אָך, וויפל לעגענדעס עס זענען אין אַלע צײַטן דערציילט געוואָרן וועגן דער שטאָטשול! כ׳געדענק נישט ווי לאַנג איך בין דאָרט געזעסן פאַרזונקען אין געדאַנקען פון אַמאָל. ס׳האָט באַדאַרפט זײַן גענוג לאַנג, ווײַל ווען כ׳האָב זיך געשטעלט אַרויסצוגיין איז שוין געווען פאַרנאַכט און פאַר דער צײַט איז קיינער נישט אַרונטערגעקומען. כ׳האָב זיך גע־וווּנדערט, אָבער גלײַכצײַטיק פאַרשטאַנען, אַז די צוריקגעקומענע האָבן צו טאָן מיט זייערע אייגענע פּראָבלעמען.

מיר איז נישט געבליבן אַנדערשוווּ צו גיין ווי צו די קאָפּאַנסקיס, וואָס זענען נאָך געווען אין קראַם פון זייער „מאַלינע״. זיי האָבן מיר באַגעגנט מיט דער „בשורה״, אַז זיי האָבן שוין אויפגעזוכט אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַז מאָרגן גייען מיר צוזאַמען אַהין. אין די ערשטע וואָכן און חדשים האָבן

נישט געפעלט קיין ליידיקע דירות און מ׳האָט געקענט זיך אויסקלייבן. זיי זענען אָבער אַלע געווען אָן פענצטער און אָן טירן. די גוטע און גאַנצע דירות זענען שוין געווען אויסגעכאַפּט. קאָפּאַנסקי האָט אויסגעקליבן אַ קראָם פון גאַס אין זעקס־שטאָקיקן הויז אויף ראָג קיִעווער און סטעפּאַן־גאַס. דאָס איז געווען אונדזער ערשטע „דירה״, אָבער נישט אויף לאַנג. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט דאָס גרויסע הויז פאַרנומען די סאָוועטישע מיליטערישע מאַכט.

# אין מיין געוועזענער היים

און אָט בין איך אין מײַן מאַמעס היים. איצט האָב איך שוין דאָרט געפונען וווינען אַ שכן פון מײַן מאַמעס הויף, סאָקאָלאָווסקי, וועלכער האָט פריִער מיט זײַן ווײַב און דרײַ קינדער געוווינט אין אַן איין־צימער־וווינונג. אַ שוואַרצער אַרבעטער געווען און צו מאָל נישט געהאַט צו באַ־צאָלן די נעבעכדיקע דירה־געלט... איצט איז ער געוואָרן דער „יורש" פון מײַן מאַמעס האָב און גוטס. ס'איז דאָרט געווען 5 צימערן. מיט איר צו־זאַמען האָבן דאָרט געוווינט מײַן מיטלסטע שוועסטער רבקה מיט איר מאַן און 3 קינדער. אין מינוטן שפּעטער ווי זיי האָבן פאַרלאָזן די שטוב צו גיין אין געטאָ אַרײַן, האָט סאָקאָלאָווסקי פאַרנומען די דירה און איז געוואָרן דער באַלעבאָס איבער אַלץ — אַזוי האָבן מיר שפּעטער איבער־געגעבן שכנים פון הויף.

מײַן באַווײַזן זיך פּלוצלונג האָט בײַ די נײַע „באַלעבאַטים" אויפן ערשטן מאָמענט אַרויסגערופן אַ שטיקל צעטומלעניש... איך האָב עס געזען אויף זייערע פּנימער און פון זייער איבערקוקן זיך איינס מיטן צווייטן. זיי האָבן זיך אויף אַזוי ווײַט פאַרלוירן, אַז זיי האָבן מיר אַפילו נישט גע־פרעגט פון וואַנען האָב איך זיך מיט אַ מאָל גענומען, זיי האָבן מיר גע־לאָזט שטיין אַ היפּשע ווײַלע און נישט געבעטן זיך זעצן... כ'האָב געוואָרפן בליקן אין אַלע זײַטן פון גרויסן צימער, וואָס האָט געדינט פאַר אַ זאַל אויפצונעמען געסט. אַלץ איז געשטאַנען אויף די זעלבע ערטער. אָט איז דער גרינער פּלושענער גאַרניטער מעבל מיט די גרויע לײַוונטענע טשע־כאָלן אויף די ווייכע שטולן; דער געשניצטער בופעט מיטן טרעמאָ־שפּיגל אויף די זעלבע ערטער. דער אַלטפרענקישער זייגער הענגט נאָך אויפן זעלבן אָרט, ער גייט נאָך אַלץ, אָבער אונטערן זייגער פעלט דעם פאָטערס פּאָרטרעט, געמאָלן פון מײַן ברודער משהס אַ חבר. אין שלאָפצימער שטייען די ניקלנע בעטן, גאַרנישט האָט זיך געענדערט, אויף די בעטן אָנגעהויפט פּערענעס און קישנס. דאָס איז געווען דער שוועסטערס שלאָפ־

צימער נאָך איר חתונה, נאָכן טראַגישן טויט פון דעם פּאָטער, וועלכער איז געשטאָרבן אַ קורצע צײַט נאָכן פּאָגראָם, וואָס די פּוילישע לעגיאָנערן האָבן דורכגעפירט אין 1919 אין ווילנע. אויך אונדזער שטוב איז דאַן פּאָגראָמירט געוואָרן. דער פּאָטער האָט זיך קעגנגעשטעלט די פּאָגראָמ־שטשיקעס און נישט געלאָזן זיי רויבן, האָבן זיי אים צעקלאַפּט די לונגען, פון וואָס ער איז אַ קורצע צײַט דערנאָך געשטאָרבן.

אַרײַנקומענדיק צוריק אין זאַל, האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אין פּאָ־טעל בײַם שוואַרצן געשניצטן טישל, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגע־שפּרייט דער גרינער פּלושענער טישטוך. כ׳האָב געוואָלט אָנבינדן אַ שמועס מיט די נײַע „באַלעבאַטים", אָבער אַ היפּשע ווײַלע בין איך נישט געווען אימשטאַנד אַרויסצוברענגען אַ וואָרט. כ׳האָב פּשוט נישט געוווּסט פון וואָס אָנצוהויבן פריִער צו רעדן. זיי ביידע זענען, איבעראַשטע פון מײַן וויזיט, געשטאַנען אין צווייטן עק צימער און זיך נישט אָפּגערופן צו מיר מיט קיין וואָרט. ווייזט אויס, אַז ס׳איז זיי איצט געווען ענג אין מוח: וואָס וועט דאָ איצט זײַן? וועלן זיי זיך טאַקע דאַרפן געזעגענען מיט זייער „ירושה" — אַזוי האָבן זיי מסתמא געטראַכט. כ׳בין גיך געקומען צו זיך און זיך דערמאָנט נאָך וואָס איך בין אייגנטלעך געקומען אַהער און אָנגעהויבן שמועסן מיט זיי.

קודם האָב איך זיי געלאָזט וויסן, אַז כ׳קום איצט פון וואַלד, ווו איך בין געווען די גאַנצע צײַט מיט די פּאַרטיזאַנער. אַזוי נאָר ווי כ׳האָב עס אַרויסגערעדט, האָט די „באַלעבאָסטע" אַ פרעג געטאָן, צי איך וויל עסן און נאָך איידער איך האָב באַוויזן צו ענטפערן איז זי שוין אַוועק אין קיך... ווײַזט אויס, אַז די פּאָר ווערטער האָבן אויף איר געווירקט אַרויסצווײַזן צו מיר „העפלעכקייט"... ער, דער „באַלעבאָס", האָט מיר אָנגעהויבן דער־ציילן וואָס זיי האָבן אַלץ געטאָן פאַר מײַן מאַמען, וועלכע פלעגט זיך אַרומ־דרייען אַרום די שכנים און מען פלעגט איר געבן צו עסן און דערלויבט איבערנעכטיקן אין די האָלץ־קעמערלעך אויפן הויף. אַ לאַנגע צײַט האָט זי זיך לעבן זיי אַרומגעדרייט און איז נישט געגאַנגען אין געטאָ און מיט אַ מאָל איז זי פאַרשוווּנדן... — אַזוי האָבן מיר דערציילט שכנים פון אונדזער הויף.

בײַם געזעגענען זיך מיט דער מאַמען פאַר אונדזער אַנטלויפן פון געטאָ, האָט זי מיר טאַקע געזאָגט, אַז זי וועט זיך בעסער אַרומדרייען אַרום די שכנים, וועלכע וועלן איר העלפן איבערצוקומען די שווערע צײַטן.

נאָכן אויסטרינקען אַ גלאָז טיי מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט, האָב איך זיך געווענדעט מיט אַ בקשה, אַז זיי זאָלן מיר געבן די מעגלעכקייט זיך אַרומצוּוואַשן און זיי זאָלן מיר צוריק געבן אַ פּאָר וועש מיט אַן אָנצוג פון די זאַכן, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן אויסצובאַהאַלטן.

איך וויל באַמערקן, אַז זינט ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות ביזן אַרײַנגיין אין געטאָ, פלעגט די שוועסטער רבקה מיט אירע דרײַ קינדער קומען אַ פּאָר מאָל אַ טאָג צו אונדז אויף סטעפּאַן־גאַס און ביסלעכווײַז אַריבערטראָגן צו זיי בגדים און וועש, און אַלץ וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט. זיי זענען געווען „זיכער״, אַז בײַ די שכנים פון הויף איז דער בעסטער פּלאַץ, זיי וועלן עס צוריקגעבן, אַז מען וועט בלײַבן לעבן... אַזוי אַרום האָבן בײַ די שכנים זיך געדאַרפט געפינען גענוג פון מײַנע בגדים און וועש. געהאָפט האָב איך אויך צוריקצוקריגן עפּעס פון אונדזער געוועזענער דינסט, אַ קריסטן וואָס האָט אונדז באַדינט זינט נאָך אונדזער חתונה, און וואָס האָט איבערגעטראָגן צו זיך אין שטוב אין די קאָמינעס אַ שלל מיט ווערטפולע זאַכן.

מען קען זיך פאָרשטעלן מײַן געמיט בעתן אָפּעלירן צו זייער געוויסן, אָנווײַזנדיק אויף מײַנע צעפּאַלענע בגדים, זיי זאָלן מיר געבן אַ בגד איבערצובײַטן. כאָטש איך בין געווען גענוג אויפגערעגט, האָב איך זיך באַהערשט און גערעדט צו זיי מיט אַ מילדן טאָן.

— „פּאַן לייזער! דײַן מאַמע און דײַן שוועסטער האָבן אונדז נישט געגעבן קיין זאַכן און דעריבער האָבן מיר נישט וואָס דיר צוריקצוגעבן״ — אַזוי האָבן זיי בײדע געלאָסן און קאַלטבלוטיק געטענהט — „גיי פרעג בײַ די אַנדערע שכנים, אפשר געפינען זיך אײַערע זאַכן בײַ זיי, טאָ זאָלן זיי דיר געבן״...

איך בין געגאַנגען צו די שכנים. אַלע האָבן זיי געהאַט „רחמנות״ אויף מײַן אויסזען און אָפּגעזונגען האָבן זיי דעם זעלבן פּזמון: — „ביין, זיי האָט מען נישט געגעבן קיין זאַכן... אפשר בײַ די אַרומיקע שכנים פון אַנדערע הויפן״...

פון אויפרעגונג האָב איך געפילט דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון מײַן האַרץ. איך האָב זיך קוים באַהערשט און געטראַכט: וואָס טו איך אָבער איצט? אָט ווערט שוין נאַכט, צוריק אַרײַנגיין אין אונדזער שטוב האָט דאָס האַרץ נישט דערלאָזט און בפרט נאָך איבערשלאָפן די נאַכט. איך בין אַרײַנגע־גאַנגען צו אַ קריסטין, וואָס האָט געוווינט פונקט אַנטקעגן איבערן גאַס. זי מיט איר טאָכטער פלעגן וואַשן וועש פאַר אונדז לאַנגע יאָרן. זיי זענען

געווען פאַנאַטיש פרומע קאַטאָליקן און זענען געווען איַינגייער ביַי אונדז נאָך אין דער ציַיט ווען איך בין נאָך געווען אין דער היים. אַזוי נאָר ווי זי האָט מיר דערזען אין טיר, (די טאָכטער איז נישט געווען), האָט זי זיך איבערגעצלמט און אויסגעשריִען: „באָזשע מאָי! (גאָט מיַינער). דאָס ביסטו, לייזער?" און האָט זיך פונאַנדערגעוויינט. האָבן מיר שוין געוויינט צוזאַ־מען. נאָכן באַרויִקן זיך, רופט זי זיך אָפּ:

— „פאַן לייזער, ביַי מיר איז דאָ דיַינער אַ קאָסטיום און וועש, וואָס דיַין שוועסטער ריווטשע האָט מיר געגעבן צו באַהאַלטן. קאָכאַני (ליבינ־קער), עס הענגט ביַי מיר אין אַלמער. אוי, ווי דו זעסט אויס, אָט גיי איך אָוועקשטעלן אַ טשוגון וואַסער אָנוואַרעמען, דו וועסט זיך פריִער אָרומ־וואַשן און דו וועסט אָנטאָן ניַיע וועש מיטן קאָסטיום וועסטו אויסזען אַנדערש"...

אַז איך האָב דערהערט אַזעלכע ווערטער, האָב איך זיך ערשט ריכטיק צעוויינט. איצט זענען די טרערן שוין געוואָרן פון איבעררשונג, וואָס איך זע פאָר זיך אַ מענטש אין אַ וועלט פון שׂנאה און האַס. באַלד איז זי צו־געגאַנגען צום אַלמער און מיר צוגעטראָגן דעם אָנצוג. דאָס איז טאַקע געווען מיַין ניַיער אָנצוג, וואָס כ'האָב באַוויזן בלויז אַ פּאָר מאָל אָנטאָן.

נאָכן אָרומוואַשן זיך, האָב איך אָנגעטאָן אַ פּאָר ניַיע וועש און דעם אָנצוג. איך האָב מיך דערפילט ווי ניַי־געבוירן. ביַים אַוועקגיין האָט מיך די קריסטין באַגלייט אין פירהויז מיט אַ שמייכל, זאָגנדיק: — „פאַן לייזער, גיי קוק זיך אָן אין שפּיגל, דו וועסט זיך אַליין נישט דערקענען".

אויפן טיש איז שוין געווען גרייט פאַר מיר עסן. ווען איר טאָכטער איז געקומען פון גאַס און האָט מיך דערזען, האָט זי זיך מיט מיר אויך דערפרייט. מיר זענען געזעסן ביַים טיש און געשמועסט ביז שפּעט אין דער נאַכט. איך האָב זיי דערציילט וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט אין משך פון די 3 יאָר אין געטאָס און אין וואַלד. איך בין שוין ביַי דער קריסטין גע־בליבן נעכטיקן.

אין אָט דער נאַכט, האָב איך ליגנדיק וואַך אויפן בעטל, געמאַכט אַ קווערשניט פון מיַין לעבן, זינט כ'געדענק זיך אין דער היים פון מיַינע עלטערן. אַ ריי פאַסירונגען און עפּיזאָדן, אַזש נאָך פון די חדר־ און שול־יאָרן זענען דורכגעלאָפן אין מיַין מוח איינע נאָך די אַנדערע, ווי אַ פילם־לענטע וואָלט זיך געדרייט. עפּיזאָדן וואָס זענען זיך פאַרלאָפן אין שטוב די אַלע יאָרן, ביז מיַין חתונה, צווישן מיַינע ברידער און שוועסטער; פון די גוטע און שלעכטע ציַיטן אין שטוב אין די יאָרן פון דער ערשטער

וועלט־מלחמה. ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט זײַן, אַלץ האָט זיך אויפגעמישט אין מײַן מוח, אויך די לעצטע דרײַ פינצטערע יאָרן — געלאָפן פון איין געטאָ אין אַ צווייטער, איבער פעלדער און וועלדער, דורך זומפּן און טײַכן, געקלאַמערט זיך אין דעם מ׳שטיינס געזאָגט שטיקל לעבן, די השגחה האָט געוואַכט איבער מיר די גאַנצע צײַט, געוויזן מיר אַזוי פיל נסים און פאַרט אַרויסגעריסן פון מלאך־המוות דאָס נאַקעטע לעבן...

און אָט בין איך געקומען צוריק אין מײַן מאַמעס היים, — אַלץ שטייט אויפן זעלבן אָרט, נאָר קיין לעבעדיקער מענטש פון מײַן בלוט און פלייש נישטאָ. ליג איך און טראַכט: צי האָט געלוינט זיך צו קלאַמערן אין לעבן? וואָס זאָל איך איצט טאָן מיט זיך? ווער דאַרף מיך?

אָט מיט אַזוינע געדאַנקען האָב איך זיך אַ גאַנצע נאַכט געוואָרפן פון איין זײַט אויפן צווייטן און קוים זיך דערוואַרט ס׳זאָל זיך ענדיקן די נאַכט און אַ סוף צו די טראַכטענישן. פאַר טאָג האָב איך באַשלאָסן, דערווײַל נישט אַרײַנגיין אין אונדזער שטוב. אַז איך וועל דאָ נישט ווינען אויך שפּעטער, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן פון דער ערשטער מינוט נאָכן אַריבערטרעטן דעם שוועל.

אויף מאָרגן, פאַרן פאַרלאָזן זיי, האָט מיר די אַלטע קריסטין צוגע־טראָגן אַ קליין בילדל פון אונדזער פאַמיליען־אַלבאָם. זי האָט דאָס בילדל געפונען וואַלגערנדיק זיך אויף אונדזער הויף. זי האָט עס געהאַלטן פאַר זיך „אַלס אַן אָנדענק פון גוטער שכנהשאַפט״ — האָט זי צוגעגעבן — אָבער איצט בין איך בילכער עס צו האָבן. דאָס דאָזיקע בילד האָט מײַן ברודער וויקטאָר געמאַכט פאַר זײַן אָפּפאָר קיין אַמעריקע אין יאָר 1936.

# אַ דאַך איבערן קאָפּ

איך האָב שוין אַ דאַך איבערן קאָפּ און ווער רעדט נאָך מיט אַזויבע ווילע מענטשן ווי די קאַפּאַנסקיס.

פאַר מײַן אַנטלויפן פון געטאָ, אין וואָראָנאָווע, האָט מײַן מוטער בײַם געזעגענען זיך, מיר נאָך אַ מאָל דערמאָנט, אַז עס ליגט אונטערן אויוון אין קיך, באַהאַלטן מעל, צוקער און אַ קאַסטן זייף. „אויב ג־ט וועט דיר אויס־היטן און וועסט צוריקקומען וועט עס דיר צונוצקומען"... מײַן מוטערס ברכה איז מקוים געוואָרן.

אַז איך האָב עס דערציילט דעם זעלבן טאָג קאַפּאַנסקין, זאָגט ער: „גוט, מאָרגן גייען מיר קודם זען צי מיר וועלן געפינען אונטערן אויוון. נאָך דעם וועט מען זען ווײַטער".

קומען מיר ביידע אַרײַן אין שטוב גלײַך אין דער פרי, מיר גייען צו צום אויוון, אליהו גיט אַ זעץ מיטן פוס די פאַרמויערטע ציגל פון קאָטוך און מיר הייבן אָן אַרויסציִען אַ האַלבן זאַק מעל, אַ האַלבן זאַק צוקער און אַ קאַסטן טײַערע אויסגעטריקנטע זייף... די „יורשים" פון מײַן מאַמעס האָב און גוטס שטייען פאַרגאַפטע און קוקן זיך צו ווי מיר „אַרודעווען"... די גויע האָט נישט אויסגעהאַלטן און אַרויסגעפּלאַצט: „זעט נאָר, מיר וווינען שוין דאָ דרײַ יאָר און עס איז אונדז נישט אײַנגעפאַלן אַז אונטערן אויוון זאָל זײַן באַהאַלטן אָט דאָס"...

איך בין געבליבן היטן און קאַפּאַנסקי איז געגאַנגען ברענגען אַ וועגע־לע און מיר האָבן עס געבראַכט אין אונדזער דירה. גאָלדע האָט באַלד פון דעם מעל מיטן צוקער צוגעגרייט עפּעס צו נעמען אין מאָל אַרײַן... און פון דעם זייף האָב איך שוין געהאַט געלט צו קויפן בײַם האַלע אַ פּאָר שיך בײַ אַ ניי־געבאַקענעם פּוילישן הענדלער, וואָס האָט עס אָן שום ספק גענומען פון זײַן זאַפּאַס אַנגערויבט יידיש האָב און גוטס. איצט האָב איך אַ נײַעם אָנצוג, נײַע שיך, מיט שקאַרפּעטן דערצו...

איבערגענעכטיקט די ערשטע נאַכט מיט ייִדן, איז מיר געוואָרן היימ־לעכער. באַלד אין דער פרי האָב איך באַנייַט מייַנע וואָגלענישן איבער די חרובע ייִדישע גאַסן.

פונקט אַנטקעגן קרעמערס הויז איז געווען קליין־סטעפּאַן־גאַס. האָב איך אָנגעהויבן גיין מיט דער גאַס. צו ערשט אַרייַן אין הויף נומער 23. דער הויף איז מיר געווען גאָענט ביז גאָר. אין עק הויף איז געשטאַנען דאָס נייַע 3־שטאָקיקע הויז, וווּ עס איז געווען באָריס קלעצקינס דרוקערייַ און פאַרלאַג. איך האָב דאָרט געאַרבעט אַ פּאָר יאָר, בעת ס'האָט זיך גע־זעצט ז. רייזענס לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור און די פילאָ־לאָגישע שריפטן פון מאַקס ווייַנרייַך. אַך, וואָס פאַר אַ בליִענדיקע צייַט עס איז דאַן געווען אין אָט דעם ייִדישן פאַרלאַג! אַלע אויסגאַבעס פון ייִוואָ פלעגן דאָרט געזעצט ווערן, אויסער וואָס קלעצקין פלעגט אַרויסגעבן אויף זייַן חשבון די שענסטע ווערק פון באַרימטע ייִדישע שריפטשטעלער. אין דער זעלבער צייַט האָט זיך דאָרט געדרוקט די „ליטעראַרישע בלעטער" אונטער נחמן מייַזלס רעדאַקציע. איך האָב זיך איצט אַרומגעדרייט איבער די פּוסטע צימערן פון דער דרוקערייַ און געגאַנגען ווייַטער.

אין יעדן הויף פון אָט דער שמאָלער גאַס, האָבן געוווינט אויסשליסלעך ייִדן, מערסטנס סוחרים און פאַבריקאַנטן. כ'קוק אַרייַן אין איין הויף, אין אַ צווייטן, כ'גיי באַלד אַרויס, צו וואָס זיך אַרומדרייען דאָרט אין דער ליידיקייט?

אָט איז דער הויף פון בערגערס לימאָנאַד און קוואַס. וואָס פאַר אַ גוטן שם זייַן קוואַס האָט געהאַט אין ווילנע, וואָס פלעגט באַשייַנען די ייִדישע שמחות. נישטאָ מער אָט דער הויכער ייִד מיטן שטעקן אין האַנט, בייַ וועמען ייִדן האָבן געהאַט אַ שיין ביסל פּרנסה.

# מיין משפחה

מײַן משפּחה קען מיט רעכט אָנגערופן ווערן „בונטאַרישע״. מחמת דער לעבנס־וועג פון יעדן איינציקן פון דער ברייט־פאַרצווײַגטער משפּחה איז געווען היפּש טשעקאַווע.

מײַן עלטער־זיידע ר׳ ישׂראל וואָהל איז ביזן טיפן עלטער געווען אַ סוחר פון געטריקנטע שוועמלעך. צו זײַנע 105 יאָר האָט ער מיט זײַן ווײַב לאה, וואָס איז געווען מיט אַ יאָר ייִנגער פון אים, 104 יאָר, באַשלאָסן עולה צו זײַן קיין ארץ־ישׂראל.

דאָס איז געווען אין יאָר 1906. איך בין נאָך דאַן געווען אַ קינד פון 4 יאָר, געדענק איך זייער ווייניק דעם טאַראַראַם אין דער משפּחה מיט זייער עליה. אַ צײַט לאַנג נאָך דעם איז בײַם טיש אָנגעגאַנגען אַ גערייד פון זייער לאָזן זיך אין אַזאַ עלטער קיין ארץ־ישׂראל. זיי האָבן געלעבט אין אַ מושב־זקנים אין ירושלים אַ יאָר צײַט און קורץ איינס נאָכן אַנדערן געשטאָרבן און געקומען צו קבורה אויפן בית־עלמין פון הר־הזיתים.

איך געדענק די שׂמחה בײַ אונדז אין דער היים מיט דער פאָטאָגראַפיע, וואָס דער עלטער־זיידע האָט געהאַט צוגעשיקט פון ירושלים. (בײַ מײַן ברודער אביגדור אין די פּאַראייניקטע שטאַטן האָב איך געפונען דאָס זעל־טענע בילד).

אַלע מײַנע באַמיִונגען צו געפינען אַ שפּור פון זייערע קברים דורך דער אַשכּנזישער חברה־קדישא אין ירושלים, האָבן נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן, מחמת אין די רשימות פון די נפטרים דורך די קנאַפּע 100 יאָר פיגורירן בלויז די נעמען פון די נפטרים און דער נאָמען פון טאַטן. קיין פאַמיליע־נאָמען איז נישט פאַרשריבן.

מײַן מאַמע פלעגט תּמיד דערציילן, אַז דער זיידע אירער פלעגט שטענדיק רעדן מיט בענקעניש וועגן ארץ־ישׂראל און דאָס ווײַזט, אַז ער האָט זיך אַ לאַנגע צײַט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו פאָרן אַהין שטאַרבן. בין איך, זײַן אורייניקל, געגאַנגען אין זײַנע פוסטריט מיט 62 יאָר שפּע־טער און זוכה געווען צו קומען אין דער באַנײַטער ייִדישער מדינה.



דער עלטער-זיידע ישראל וואָהל און די עלטער-באָבע לאה
(ירושלים עתיקה, 1906)

*

דער זיידע מײַנער, פון דער מאַמעס צד, איז אויך אויף זײַן אופן געווען אַ „בונטאַר". געהייסן האָט ער ר' מרדכי ליגאָם. ער איז געווען אַן עילוי אין דער ישיבה און גאָר יונג געקראָגן סמיכות אויף רבנות. ער איז געוואָרן אַ רב אין אַ קליין שטעטל אין לעטלאַנד, לעבן דווינסק, דאָרט איז מײַן מאַמע געבוירן געוואָרן און אויך אירע דרײַ שוועסטער שׂרה, מלכּה און דבורה. נאָך אייניקע יאָר זיצן על כּסא־הרבנות האָט ער חרטה געקראָגן צו ציִען פּרנסה פון דער תּורה און זיך אָפּגעזאָגט פון רבנות. ער האָט אין זײַן עניות נישט געקענט פאַרטראָגן קיין מחלוקת בײַ קהל. און טראָץ דעם, וואָס ער איז שוין דאָן געווען אַ מטופל פון 4 טעכטער (און

צו קיין אַנדער זאַך פון וואָס צו ציִען פרנסה האָט ער נישט געטויגט), האָט ער דאָך זיך אָפּגעזאָגט צו זײַן אַ רב בײַ ייִדן.

דער זיידע איז דאַן אַריבערגעפאָרן מיטן ווײַב און 4 טעכטער קיין ווילנע, געוואָרן אַ פּרוש אין דעם גרויסן בית־מדרש אויף זאַוואַלנע־גאַס, אין זשוקס הויף, וואָס האָט געהייסן זאַוולס שול. גאָר גיך האָבן די גבאים און די באַלעבאַטים אים מקרב געווען און ער האָט אָנגעהויבן לערנען מיט




דער זיידע, הרב ר׳ מרדכי ליגאָם (דער מוטערס פאָטער)

די באַלעבאַטים אַ בלאַט גמרא צווישן מנחה און מעריב. פון דעם האָט ער אָבער נישט געקענט ציִען זײַן חיונה, האָט זײַן ווײַב, די באָבע מײַנע, געמוזט טראָגן דעם עול פון פרנסה און צוגעהאַנדלט מיט געבעקס. ווען

ס׳איז געקומען אַ וואָך פאַר פסח, האָט דער זיידע אָפּגעדונגען אויף אַ טאָג אַ פאַדריאַד, מאָביליזירט זײַנע פיר פאַרהייראַטע טעכטער (מײַן מאַמע, גאָלדע־פייגע, איז געווען די עלטסטע) און צוזאַמען מיט אַלע אייניקלעך האָט ער געלאָזט באַקן שמורה־מצה פאַר זײַנע באַלעבאַטים פון זאַוולס שול.



די באָבע שיינע ליגאָם (דער מוטערס מאַמע)

דער זיידע האָט שטרענג אַכטונג געגעבן אויף די כשרות מן המהדרין, כּסדר אונטערגעאײַלט קוקנדיק אויפן וואַנט־זייגער ס׳זאָל חלילה נישט פאַרזאַמט ווערן אַן איבעריקע מינוט לויטן דין פון שמורה־מצה.

כ׳געדענק, ווי פּורים פלעגט דער זיידע צו דער סעודה צונויפנעמען בײַ זיך אין שטוב אויף קאַמעניצער־גאַס (שפּעטער שטראַשון) די גאַנצע משפחה און באַשטימט דעם טאָג און דעם פאַדריאַד ווו ער וועט באַקן די שמורה־מצה. איך פלעג פון דאַן ממש ציילן די טעג איך זאָל שוין האַלטן די רעדל אין האַנט און רעדלען די מצות.

איך בין דאַן געווען אַ חדר־ייִנגל און אַ שילער אין דער קאַזיאָנער רוסישער שול. דאָס איז געווען איינער פון מײַנע גליקלעכע טעג צו האָבן אַ גלײַכן חלק צוגלײַך מיט מײַנע ברידער און שוועסטער־

קינדער ביים באַקן די שמורה־מצה. נאָך דעם האָבן די אייניקלעך זיינע געהאַט אַ צווייטע אויפגאַבע — פונאַנדערצוטראָגן די שמורה־מצה צו די באַלעבאַטים, וועלכע האָבן דעם זיידן פיין באַצאָלט פאַר דער מצה.

דער זיידע ר׳ מרדכי האָט חיבור געווען אַ ספר ״שלחן הטהור״ און אַ קונטרס אין דעם ספר „עיקרי הקרבנות״.

ביידע ספרים, צו איינציקע עקזעמפּלאַרן, האָב איך געפונען ביי מיין שוועסטערקינד אהרן אהרוני אין ירושלים. כּדאַי צו דערמאָנען, אַז מיין ברודער משה, וואָס איז דאַן געווען אַ יונגער ייִדישער זעצער, האָט געזעצט די ספרים אין ציונסונס דרוק און אַזוי אַרום איז דער זיידע געווען באַפרייט פון די הוצאות אַרויסצוגעבן זיינע חיבורים. ביידע ספרים זענען אַרויס פון דרוק אין יאָר 1905.

דער זיידע מרדכי איז געשטאָרבן אַ יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1913. בעת זיין לוויה איז דורכגעגאַנגען זאַוואַלנע־גאַס, האָבן די קרעמער צוגעמאַכט די טירן פון קראָם.



מיין צווייטער זיידע, פון טאַטנס צד, האָט געהייסן דוב־בער ענגעל־שטערן. אויך ער האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות. ער האָט אָבער קיין מאָל נישט אָנגענומען קיין רבנות. ער האָט בפירוש נישט געוואָלט ציִען די חיונה פון דער תורה.

נאָך זיין חתונה האָט זיין ווייב געעפנט אַ קרעמל אויף רוזעלע, אַ פאָרשטאָט אין ווילנע. צו ערשט פלעגט זי באַקן ברויט צו פאַרקויפן, און דערנאָך איז פון דער קליינער בשמים־קרעמל געוואָרן אַ גרויסע קראָם מיט אַ בעקעריי אין אַן אייגן הויז אין סאַמע צענטער פון רוזעלע ביים מערקעלע. די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן אַהין ברענגען זייערע פּראָדוקטן צו פאַרקויפן און פלעגן דערנאָך איינקויפן זייערע הצטר־כותן ביי דער באָבען אין קראָם.

דער זיידע דוב־בער האָט די מערסטע צייט פון טאָג פאַרבראַכט אין רוזעלער בית־המדרש ביי אַ בלאַט גמרא און אויך אין דער היים פלעגט ער שטענדיק זיצן ביי דער גמרא. צו אים פלעגן די רוזעלער באַלעבאַס־טעס קומען מיט שאלות אויף כּשרות און סוחרים פלעגן קומען צו אים אויסגלייכן סכסוכים. כ׳געדענק כּמעט נישט דעם זיידן דוב־בער. כ׳בין נאָך געווען אַ קליין קינד ווען דער זיידע איז נפטר געוואָרן.

די באָבע טייבע האָט מיט אים געהאַט 5 זין און איין טאָכטער. מײַן פאָטער איז געווען דער עלטסטער. קיינער פון מײַנע פעטערס לעבט נישט מער. דרײַ, בן־ציון, דוד און יצחק זענען אומגעקומען אין דער חורבן־תקופה אין ווילנע. איין פעטער, חיים, געווען אַ באַרימטער מאָלער אין קײַזערלעכן מוזיי אין מינכען, איז געווען אַ תּלמיד פון באַרימטן מאָלער ליבער־מאַן אין דײַטשלאַנד. חיים איז אומגעקומען אין מינכען. איין פעטער, מאָטל, איז אַוועק אין אַמעריקע און דאָרט געשטאָרבן. די מומע ביילע, דעם פאָ־טערס שוועסטער, איז אומגעקומען אין ווילנע מיט איר מאַן אײַזיק און דער גאַנצער משפּחה. די עלטסטע טאָכטער טײַבל איז געבליבן איינע פון דער גאַנצער משפּחה, זי לעבט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין מיאַמי, פלאָרידאַ.

## מיין פאָטער אברהם

זײַן „בונטאַרישקייט” האָט זיך אָנגעהויבן שוין זײַענדיק אַ תּל־מיד אין דער ישיבה. גאָר גיך איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער השׂכּלה־באַוועגונג, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין זײַן צײַט. זײַענדיק אַ ישיבה־בחור פלעגט ער בשתיקה לייענען אין העברעיִש די השׂכּלה־ליטעראַטור.



דער פאָטער, אברהם ענגעלשטערן
(פאָטאָקאָפּיע פון דרוקער-בוך, ווילנע, 1934)

ער האָט פרי פאַרלאָזט די ישיבה און איז געוואָרן אַ רוסישער זעצער, גיך געוואָרן אַ ספּעציאַליסט אין דעם דרוקער־פאַך, אַזוי, אַז מ׳האָט אים אַרײַנגענומען צו אַרבעטן אין דער רוסישער מלוכהשער דרוקערײַ, ווו קיין ייִדן האָט מען לכתּחילה נישט אַרײַנגענומען. היות ער איז געווען אַ גוטער

זעצער און געקענט מאַכן די סאַמע קאָמפּליצירטע טאַבעלעס פון באַן־וועזן, זענען מיט אים אויך אַרײַנגענומען געוואָרן נאָך אייניקע ייִדן, און מחמת מ׳האָט זיך אין זיי שטאַרק געניטיקט, האָבן זיי אויסגעפּועלט פאַר זיך אַ סך פּריווילעגיעס, ווי צ״ב שבתים און ימים־טובים האָבן זיי נישט גע־אַרבעט און געקראָגן באַצאָלט. אין יענער צײַט איז די אַרבעטס־וואָך גע־ווען 6 טעג, פלעגן די ייִדישע זעצער אַרבעטן אין די זונטיקן און חגא׳ס. כ׳געדענק, אַז אפילו פּורים, הושענא־רבה און תּשעה־באָב פלעגט דער פאָ־טער זײַן אין דער היים.

ער איז אויך פרי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער חיבת־ציון באַוועגונג, שטענדיק האָט מען אים געזען אין זײַן פרײַער צײַט האַלטן אַ העברעיִש צי אַ רוסיש בוך. טראָץ דעם וואָס ער האָט נישט געהאַט געענדיקט קיין רוסישע עלעמענטאַר שול, איז ער געווען באַהאַוונט אין דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור. צוזאַמען מיט דער רוסישער צײַטונג איז אַרײַנ־געקומען אין שטוב אויך די „הצפירה״ און דער „הזמן״.

אייניקע שטריכן פון מײַן פאָטער: פאַקטיש איז ער געווען אָרטאָ־דאָקסיש געשטימט, אַן אָפּגעהיטענער אין פרומקייט, אָבער נישט פאַנאַטיש. געווען צוגעבונדן צום גרויסן בית־המדרש אויף גרויס שניפּישאָק, ווו ער האָט געהאַט אין מזרח־וואַנט אַן אייגענע שטאָט. דאָרט פלעגט ער דאַווע־נען בלויז אין די שבתים און ימים־טובים. אָבער אַ גאַנצע וואָך פלעגט ער דאַווענען אין הירש־אידלס־קלויז, וואָס איז געווען פּונקט אַנטקעגן אונ־דזער הויז. ס׳איז אים געווען אַ סך נענטער און באַקוועמער צו גיין דאַווע־נען מיטן מנין, בעת ער האָט זיך געאײַלט צו דער אַרבעט. דער גרויסער בית־המדרש איז געווען אַ סך ווײַטער.

מײַן פאָטער האָט קיין מאָל נישט מסכּים געווען מ׳זאָל אים קלײַבן פאַר אַ גבאי, טראָץ דעם וואָס דער עולם אין שול האָט אים פיל מאָל שטאַרק געבעטן ער זאָל זיך לאָזן ווילן פאַר אַ גבאי. ער האָט געהאַט זײַנע מאָטיוון: נישט געוואָלט האָבן אַ האַנט אין מבייש זײַן וועמען בײַם פאַרטיילן אַ „מאַגערע״ עליה. ער האָט פײַנט געהאַט די תּקיפים, זיך גע־חברט מיט פּשוטע פאָלקסמענטשן, בעלי־מלאכות, האָרעפאַשניקעס, וואָס פאַרדינען ערלעך זייער חיונה. מײַן מאַמען איז גאָרנישט געפעלן געווען, וואָס דער פאָטער לאַדט אײַן צו קידוש לכּבוד יום־טוב די דאָזיקע ייִדן. זי האָט געהאַלטן, אַז ער דאַרף זיך חברן מיט זײַנס גלײַכן, ד״ה, מיט בכּבודיקע באַלעבאַטים.

נאָך אַ בולטער שטריך פון מײַן פאָטערס עניוות: מיר האָבן געהאַט אַ קליין פאַבריקל פון וואַש־סאָדע אין עק פון אונדזער הויף און אויך אַנדערע אַרטיקלען צו וואַשן וועש, ווו עס האָבן געאַרבעט אַ פּאָר גויעס, שכנים פון הויף. די אויפזיכט איבער דער פאַבריק האָט געהאַט די מוטער, דער פאָטער האָט בלויז אַרויסגעהאָלפן מיט מאַכן באַשטעלונגען פאַר די רוי־שטאָפן צו דער פאַבריק און געהאָלפן אײַנמאָנען די חובות בײַ די קרעמער, וואָס פלעגן קויפן אונדזער וואַש־סאָדע אויף קרעדיט. די קרע־מער, וועלכע זענען שטענדיק געווען גרויסע בעלי־חובות פאַר אַנדערע סחורות, האָבן גוט געקענט דעם פאָטערס שוואַכקייט. פלעגן זיי פאַר אים עפענען זייער ביטער האַרץ און אויסדערציילן פון זייערע פאַמיליע־צרות. דאַן פלעגט שוין דער פאָטער פאַרגעסן נאָך וואָס ער איז אייגנטלעך גע־קומען... און אַזוי פלעגן די חובות וואַקסן און וואַקסן אַזוי הויך, אַז די מוטער האָט שוין אַליין געמוזט גיין אין גאַס מאָנען די חובות...

נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז דער פאָטער האָט פון ווײַטן געזען גיין אונדזערס אַ בעל־חוב, פלעגט ער בכוונה אַריבערגיין אויף דער צוויי־טער זײַט פון טראָטואַר, כּדי נישט צו שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט דעם בעל־חוב.

# מיין מוטער

זי איז געווען אַ קאָנטראַסט פון דעם פאָטער אין הלכות פון פרומקייט. אַלס אַ בת־הרב איז זי געווען מער רעליגיעז און פרומער פון פאָטער. אויב זי איז נישט געגאַנגען שבת אין שול, האָט זי נישט פאַר־פעלט דאַווענען אין שטוב און שטאַרק אָפּגעהיט די קינדער זאָלן אַ מאָל נישט פאַרבײַטן אַ מילכיק מעסער צי אַ לעפל פאַר פליישיקס...

זי איז געווען אַ זעלטענע אשת־חיל, געהאַט אַ געזונטן און פּראַקטישן חוש אין לעבן, געווען באַשאָנקען מיט פאָלקס־חכמה, און פעיִק צו מסחר. טראָץ דעם וואָס זי האָט געדאַרפט דערציִען און האָדעווען 6 קינדער, האָט זי גלײַכצײַטיק אַליין אָנגעפירט מיט דער קליינער פאַבריקל פון וואַש־סאָדע. דאָס האָט זי מיט איר פּראַקטישן שׂכל דערבראַכט צו דעם פונאַנ־דערבוי פון דעם הויף, ווו ס'איז לכתחילה געווען בלויז אייניקע געציילטע דירות און צום סוף שוין געהאַט אין איר רשות 18 דירות, ווו ס'האָבן גע־

וווינט ייִדישע און נישט-ייִדישע שכנים, ס׳רוב אָרעמע לאָקאַטאָרן, וואָס האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן די נעבעכדיקע דירה־געלט... מיר, די קינדער, האָבן איר שטאַרק ליב געהאַט און רעספּעקטירט פאַר איר מאַטעריעלער זאָרג און איבערגעגעבנקייט צו אונדז. אויף וויפל איך געד



**משפּחה פון לייזער ענגעלשטערן**

(פון לינקס צו רעכטס) : אביגדור, שוועסטער שרה, די מאַמע גאָלדע-פייגע, שוועסטער רבקה ; צווייטע שורה (פון לינקס צו רעכטס) : לייזער, ברודער משה ; רבקהס קינדער : שלמהלע, רייזעלע, שיינעלע

דענק, איז טראָץ די אַלע „גליקן" פון דעם פאַבריקל, פונעם דירה־געלט און דעם פאָטערס שׂכירות אַלס רוסישער זעצער, האָט מען זיך שטענדיק געמאַטערט און געמוזט אָנקומען צו הלוואות.

מײַן מוטער איז געווען באַשאָנקען מיט די שענסטע מידות אין היני זיכט פון העלפן אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע. אין מײַן זכּרון זענען פאַרד בליבן אַ שלל מיט הערלעכע דערינערונגען וועגן אירע גוטע מעשׂים וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן צו אירע אָרעמע שכנים, וואָס האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן די נעבעכדיקע דירה־געלט. זי האָט זיי געלאָזט וווינען אַזוי לאַנג ביז זיי אַליין איז געוואָרן נישט באַקוועם און האָבן זיך אַרויסגעקליבן. געווען אַ צײַט ווען אין הויף האָבן געוווינט בלויז ייִדישע שכנים, איז זיך

נישט צו וווּנדערן, אַז זי האָט נישט געהאַט קיין האַרץ צו צווינגען זיי באַ־פרײַען די דירה. אין לויף פון די יאָרן זענען די שכנים געבליבן בלויז קריסטן, אָבער אויך לגבי זיי איז געווען דער זעלבער צוגאַנג אירער — רחמנות צו זייער אָרעמקייט, און אויסגעלאָזט האָט זיך צו איר קעשענע... איז נישט געווען קיין חידוש, אַז זי האָט טייל מאָל נישט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן די גרויסע שטײַערן צום מאַגיסטראַט.

צוליב דעם אַלעם האָט זי זיך דערוואָרבן בײַ די אָרעמיקע קריסט־לעכע אײַנוווינער אַ גוטן נאָמען אין דער געגנט און אַלע האָבן זיך באַ־צויגן צו איר מיט גרויס רעספּעקט.

אין דער צײַט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע אין ווילנע, האָבן קריסט־לעכע שכנים פון הויף און אויך דערבייאיקע שכנים פון אַנדערע הייפן באַשיצט די מוטער מיט איר הויזגעזינד פון כוליגאַנישע אָנפאַלן מצד ליט־ווינער און אַנדערע באַנדיטן, זיי האָבן זיי באַוואַכט ביז זיי זענען אַרײַנ־געטריבן געוואָרן אין געטאָ. די שכנים האָבן די מוטער אויסבאַהאַלטן אַ געוויסע צײַט, אָבער שפּעטער איז זי אומגעקומען. מיר איז נישט געלונ־גען צו פעסטשטעלן בײַ וואָס פאַר אַ אומשטענדן זי איז אומגעקומען. (מערערע פּרטים וועגן דעם האָב איך דערציילט אין מיין בוך „אין געטאָ און וועלדער”).

## מיין ברודער אביגדור

מײַן ברודער אביגדור האָט באַלד נאָכן פאַגראָמירן אונדזער שטוב דורך די פּוילישע לעגיאָנערן, פּסח־צײַט 1919 געקראָגן אַ האַס צו די פּאָליאַקן, איז ער אַוועק קיין ליטע און אײַנגעאָרדנט זײַן בחורשן לעבן אין קאָוונע. ער איז ביז דער מלחמה געווען אַן ערשט־קלאַסיקער בוכהאַל־טער און נאָך דעם איז ער געווען אַ רײַזענדער־פאַרטרעטער אין דער גרוי־סער ווילנער אַמסטערדאַם־פירמע פון קאַווע און קאַקאַאָ. ער איז אַרומ־געפאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד חדשים־לאַנג ברענגענדיק גרויסע באַשטע־לונגען. אים איז נישט געווען שווער צו קריגן אין קאָוונע אַ פּאָסטן אין אַ האַנדלס־פירמע. ס׳האָט אים אָבער געצויגן צו מסחר און ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און ער האָט פאַרלייגט אַ געשעפט אין דער פּאַפּיר־בראַנזשע

און האָט מצליח געווען. ער האָט געפירט גרויסע געשעפטן ביז היטלערס קומען צו דער מאַכט אין 1933.

ס׳איז באַוווסט, אַז אין ליטע האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אַנדערע ווינטן לויטן באַקאַנטן נוסח פון היטלער־דײַטשלאַנד. מײַן ברודער האָט לאַנג נישט געטראַכט און האָט אָנגעהויבן ביסלעכווײַז זיך צוריקצוציִען פון זײַנע געשעפטן, געזוכט אויספאַרקויפן די סחורה, כּדי צו האָבן מזומן געלט און צו זײַן גרייט באַצײַטנס צו אַנטלויפן פון ליטע.

אין יאָר 1936 איז ער אַלס טוריסט־קאַפּיטאַליסט געקומען אין ארץ־ישׂראל. געפּרוּווט דאָ אָנצובינדן פאַרשיידענע מסחרים, געהאַט אַ פּאָר דורכפאַלן מיט נישט קיין אָרנטלעכע שותּפים, פאַרלירנדיק אַ באַדײַטנ־דיקע סומע געלט. נאָך אַ האַלב יאָר פון נישט קיין געלונגענער אַבסאָרב־ציע אין לאַנד, איז ער צוריקגעקומען אין קאָוונע. ער האָט אָבער נישט גערוט, זוכנדיק אַן אַנדער וועג אַוועקצופאָרן פון ליטע.

אין די צוואַנציקער יאָרן איז ער, זײַענדיק איין מאָל אין ריגע, אַרײַן אין אַמעריקאַנער קאָנסולאַט און זיך רעגיסטרירט אויף דער פּוילישער קוואָטע פאַר עמיגראַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט זיך שפּע־טער דערמאָנט וועגן דעם און באַשלאָסן צוצופאָרן אין ריגע געוויר ווערן וועגן יענער רעגיסטראַציע. צו זײַן גרויסער איבערראַשונג האָט ער אויס־געפונען, אַז אויף אים וואַרט אַ וויזע אויף דער פּוילישער קוואָטע. אין משך פון דער צײַט איז אָנגעקומען זײַן רייע. אין געציילטע טעג האָט ער דורכגעמאַכט אַלע פאָרמאַליטעטן און געקראָגן די וויזע קיין אַמעריקע.

מיט דער אַמעריקאַנער וויזע האָט ער געקענט אָפיציעל דורך לעט־לאַנד קומען קיין ווילנע און איז אייניקע טעג געווען אין דער מאַמעס היים. אַזוי אַרום איז אים באַשערט געווען באַצײַטנס זיך צו ראַטעווען פון אומ־קום אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט באַצײַטנס געזען ווי עס רוקן זיך אָן די שוואַרצע וואָלקנס אויף דעם שפּרודלדיקן ליטווישן ייִדנטום.

✶

פון מײַנע צאָלרײַכע פעטערס, מומעס און שוועסטערקינדער, האָט מיט אַ נס אויסגעמיטן „פּאָנאַר" איין שוועסטערקינד מײַנער, אַ זון פון מײַן מומע מלכּה, מײַן מוטערס ייִנגסטע שוועסטער.

פון דער היים הייסט ער לייבל באָראָווסקי. זײַנע עלטערן זענען געווען גוט סיטויִרט אין ווילנע, דער פאָטער איז געווען אַ דערפאָלגרײַכער סוחר,

האָבן זיי געשיקט זייער בן־יחיד שטודירן אין ירושלימער אוניווערסיטעט. דאָס איז געווען אין יאָר 1935. נאָכן פאַרענדיקן דאָס שטודיום איז ער געבליבן דאָרט אַרבעטן גאַנצע 15 יאָר. האָרט פאַר דער מלחמה האָט ער גע־האַט געקראָגן פאַר די עלטערן אַ סערטיפיקאַט און זיי האָבן שוין געזאָלט עולה זײַן, איז אויסגעבראָכן די מלחמה אין 1939 און זיי האָבן געטיילט זייער גורל אויף „פּאָנאַר" מיט דער ווילנער עדה יידן.

מײַן שוועסטערקינד הייסט הײַנט אהרן אהרוני, אַ ירושלימער תּושב, אַ מענטש מיט גרויס וויסן און קענער פון שפּראַכן. ער איז דער נאָענט־סטער קרוב אין לאַנד.

## מיינע 3 שוועסטער: טייבל, רבקה און שׂרה

פון די דרײַ שוועסטער, האָט די עלטסטע טײַבל און די מיטלסטע רבקה פאַרמאָגט אַ בונטאַרישע נאַטור. אָבער נאָך דעם ווי זיי האָבן חתונה געהאַט און געהאַט קינדער איז פון זייער בונטאַרישקייט אויפן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן געביט נישט געבליבן קיין סימן. רבקה איז פרי אַרײַנ־געצויגן געוואָרן אין די רייען פון „בונד" אין די יאָרן פון 1904־1905, און נישט איין מאָל האָט זיך אין שטוב געטאָן חושך נאָכן קומען פון אַ דע־מאָנסטראַציע מיט אַ דורכגעשאָסן קלייד... רעוויזיעס, זשאַנדאַרמען, און די מאַמע האָט געהאַט געװנג שלאָפלאָזע נעכט. מיט דער צײַט איז דער „טשאַד" בײַ איר פאַרשוווּנדן.

זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידישן זעצער, דוד בליך, געאַרבעט ביזן בלוטיקן מבול אין דער ציוניסטישער צײַטונג „די צײַט". זי האָט געהאַט מיט אים 2 מיידלעך און אַ ייִנגל און געפירט אַ באַשיידן לעבן צוזאַמען אין דער מאַמעס היים. אַלע האָבן זיי געטיילט דעם וויסטן גורל אויף „פּאָנאַר".

די ייִנגסטע, שׂרה, האָט געשטרעבט צו בילדונג. זי האָט געענדיקט אַ רוסישע פּראָ־גימנאַזיע, נאָכער זיך אויסגעלערנט בוכהאַלטעריע און גלײַכ־צײַטיק זיך געלערנט שפּילן פּיאַנאָ. זי האָט חתונה געהאַט צו 19 יאָר מיט אַן אָנגעשטעלטן בײַ מײַן פעטער כּתריאל באַראַווסקי, אַ דערפּאָלגרײַכער סוחר, ווו זי האָט אויך געאַרבעט בײַ בוכהאַלטעריע. געהאַט מיט אים צוויי ייִנגלעך און אַ מיידל און אַ געוויסע צײַט האָבן זיי געלעבט גאַנץ ברייט

אַ דאַנק איר מאַנס פאַרצווייגטע געשעפטן, ביז ס׳איז געקומען דער בלו־טיקער מבול און אַלץ און אַלעמען פאַרברענט. געראַטעוועט האָט זיך בלויז איין זון בערל געלגאַר, וועמען ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן צו אַנטלויפן מיט דער רויטער אַרמיי קיין רוסלאַנד, ווו ער האָט אַ ריי יאָרן שטודירט פאַר אַ



ברידער און שוועסטער פון לייזער ענגעלשטערן
שטייענדיק (פון לינקס צו רעכטס): אביגדור, משה, שרה; זיצנדיק (פון לינקס צו רעכטס): רבקה, טייבל און לייזער (ווילנע, 1910)

צאָן־דאָקטער. היינט צו טאָג לעבט ער מיט זיין פרוי און 2 קינדער אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, ווו ער פּראַקטיצירט אַלס צאָן־דאָקטער.

# מיין ברודער משה

ווער האָט אין ווילנע נישט געקענט אָט דעם מערקווירדיקן און ביז גאָר אויסטערלישן טיפּ משה ענגעלשטערן? — אַ זעלטן פעיִקער מענטש וואָס איז געווען זייער גוט באַהאַוונט אין קונסט, ליטעראַטור, זשורנאַליסטיק, מוזיק, ספּאָרט, מעדיצין, פילאָזאָפיע, רעליגיע, פּאַראַפּסי־כאָלאָגיע און דרוק־וועזן. בלי ספק איז ער געווען דער סאַמע פעיִקסטער און באַליבטסטער אין דער משפחה. אַ טאַלאַנטפולער מוזיקאַנט, וואָס האָט געשפּילט אויף פאַרשיידענע אינסטרומענטן, זיך אויסגעלערנט נאָטן, אָבער זעלטן ווען ער האָט זיך באַנוצט מיט זיי.

אַ מענטש פון מיטעלן וווּקס, מיט אַ הויכן שטערן מיט אַ פּאָעטישן קאָפּ לאַנגע האָר, פאַרקעמט אויף הינטן מיט אַ צוגעשוירן שפּיציק בערדל, האָט ער מיט זיין אויסערלעכן אויסזען דערמאָנט אין עפּעס אַ הייליקן פון דער אַלטער צייט. ער איז געווען אַ מענטש וואָס האָט געשפּרודלט מיט חכמה און וויסן.

פון נאַטור — אַ בונטאַר, האָט ער רעוואָלטירט קעגן אַלץ און קעגן אַלעמען. אַ שטענדיקער אמת־זוכער (וואָס נישט אַלע מאָל האָט ער אים געפונען), האָט זיך נישט זעלטן דאָס אמת־זוכעריי פאַרענדיקט מיט פאַר־פאָלגונגען פון דער פּאָליציי, אַרעסטן, רעוויזיעס און פּראָצעסן. אויף די פּראָצעס־פאַרהאַנדלונגען האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון אַ פאַרטיידיקער — ער אַליין איז געווען זיין אַדוואָקאַט.

אַ זייער ריִרעוודיקער און צו גלייך זייער אומרויִקער האָט ער געזוכט פאַרבאָרגענע סודות אין דער נאַטור און אין לעבן. געזוכט... געגרונטעט־וועט, צו מאָל מצליח געווען, אָבער מער נכשל געוואָרן.

שוין פון זיין פריסטער יוגנט, — אין די חדר־יאָרן האָט מען אין דער משפּחה געהאַט אויסצושטיין פון אים פיל צרות. ער האָט נישט געוואָלט זיך לערנען, — זיין טרוים איז געווען ווערן אַ זעצער ווי דער פאָטער.

גאָר פרי איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם, אַריינגעצויגן געוואָרן אין „בונד״, ווו ער האָט זיין אידעאַל פאַרבונדן מיט

פראַקטישער טעטיקייט — פון דאַנען פאַרפאַלגונגען פון דער פּאָליציי און אַרעסטן. אויך זײַן באַלעבאָס, דער דרוקער פּײַווע גאַרבער, בײַ וועמען משה האָט געאַרבעט, האָט געהאַט אויסצושטיין פון אים צרות: אין די נעכט האָט ער אייניקע מאָל געזעצט פּראָקלאַמאַציעס און פּײַווע גאַרבער האָט געציטערט אַז די פּאָליציי זאָל אים נישט פאַרמאַכן זײַן דרוקערײַ.

נאָר נישט מיט זעצן אומלעגאַלע ליטעראַטור האָט זיך משה באַנוגנט. ער האָט געבונטעוועט די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן פאָדערן העכערע שׂכירות פון די באַלעבאַטים, און בעסערע אַרבעטס-באַדינגונגען. אַפילו די גוייִשע אַרבעטערינס פון דער מוטערס פאַבריקל האָט משה געבונטעוועט זיי זאָלן זיך נישט לאָזן עקספּלואַטירן פון זײַן מוטער און אַז זיי זאָלן פאָדערן פון איר אַ העכערן געהאַלט און אַנדערע סאָציאַלע פּריווילעגיעס.

סוף 1918 ווען די דײַטשע אָקופּאַנטן האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן די אָקופּירטע ווילנע, איז משה געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער זעלבסטשוץ, ווען די פּוילישע לעגיאָנערן האָבן זיך געגרייט צו פאַרכאַפּן די שטאָט. ער איז דאַן קיין נאַכט נישט געשלאָפן אין שטוב און די מאַמע האָט געהאַט פון אים פיל שלאָפלאָזע נעכט. אונטער זײַן קישן האָט איין מאָל אויך די שוועסטער רבקה געפונען אַ רעוואָלווער... האָט שוין אין שטוב נישט געפעלט קיין פּחד.

ווען ס׳האָט זיך אײַנגעשטעלט די פּוילישע מאַכט און ס׳האָט אָנגעהויבן דערשײַנען „דער טאָג״ אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל ניגער, אין יאָר 1919, איז משה געווען דער מעטראַפּאַזש אין דעם זעצער-פּערסאָנאַל. דער דרוקער-פאַראיין איז שוין דאַן געוואָרן לעגאַליזירט און משה איז אויסגעוויילט געוואָרן אין פאַרוואַלטונג. ס׳איז דאַן געווען אַ דוחק אין ייִדי־שע זעצער, ווײַל ס׳האָבן אָנגעהויבן דערשײַנען אַ סך ייִדישע פּובליקאַ־ציעס און ביכער. אין דער זעלבער צײַט זענען אַרומגעגאַנגען אַרבעטסלאָז צענדליקער זעצער וועלכע האָבן פריִער געאַרבעט אויף רוסיש, אָבער זיי זענען נישט צוגעלאָזט געוואָרן אַריבערצוגיין אויף ייִדיש. אַזאַ יושר איז דאַן געווען...

משה איז געווען דער ערשטער פון די פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער צו פאָדערן דורכצופירן אַ באַשלוס אַרײַנצונעמען די רוסישע זעצער אין די צײַטונגען און זיי זאָלן ביסלעכווײַז זיך אויסלערנען ווערן ייִדישע זעצער. כ׳געדענק, ווי מ׳האָט אים זייער געלויבט אין דרוקער-פאַראיין פאַר אײַנ־שטעלן זיך פאַר די אַרבעטסלאָזע זעצער, וועלכע זענען גאָר גיך אײַנגע־

גלידערט געוואָרן אין די ייִדישע דרוקערייַען און ס׳איז נישט געווען מער קיין אַרבעטסלאָזע. דאָס געפיל פאַר יושר האָט ער געירשנט פון דעם פאָטער.

ס׳האָט אים געצויגן צו ספּאָרט. אין שטוב פלעגט ער מאַכן פאַרשיידענע גימנאַסטישע איבונגען. אַ געוויסע צייַט איז ער אויך געווען אינסטרוקטאָר פון גימנאַסטיק פון „מכבי״־ספּאָרט־קלוב אין ווילנע. שפּעטער, שוין האָבנ־דיק פיל דערפאַרונג אויפן געביט פון ספּאָרט און גימנאַסטיק, שרייַבט ער אָן אַ בוך ווו ער גיט אָנווייַזונגען און אינסטרוקציעס וועגן פאַרשיידענע גימנאַסטישע איבונגען, גלייַכצייַטיק שרייַבט ער וועגן דער באַדייַטונג פון ספּאָרט און גימנאַסטיק. דאָס בוך איז געווען געשריבן פאַר די ייִדישע שולן, וועלכן דער ייִדישער פאַרלעגער שרעברעק האָט ארויסגעגעבן אויף זייַן אייגענעם חשבון. דאָס בוך איז געווען אַזוי פּאָפּולער בייַ דער יוגנט, אַז ער האָט אויסגעהאַלטן 2 אויפלאַגעס.

זייַענדיק אַן אויסגעצייכנטער און הויך־קוואַליפיצירטער זעצער האָט ער געהאַט אַ הויכן געהאַלט. פון דעם „טאָג״ איז ער אַריבער אַרבעטן אין דער ציוניסטישער „צייַט״ ווו ער האָט באַקומען דעם העכסטן געהאַלט. אָבער לאַנג אייַנהאַלטן זיך אויף אַ פּאָסטן האָט ער נישט געקענט.

מיט אַ מאָל האָט ער געקראָגן אַ חשק צו לערנען... ער הייבט אָן אַרבעטן בייַנאַכט און אַ גאַנצן טאָג איז ער געזעסן אין אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק און האָט זיך געגריבלט אין פילאָסאָפישע און מעדיצינישע ביכער. און דאָס אין יענער צייַט, ווען ער איז שוין געווען אַ פאָטער פון אַ קינד. קיין סיסטעמאַטישע בילדונג האָט ער נישט געהאַט, האָט ער גע־וואָלט אַלץ אַרייַנכאַפּן שנעל און אייַנזאַפּן אין זיך וואָס מער. ער האָט גע־נומען אויף זיך צו פיל און דאָס האָט אים דערבראַכט צו אַ נערוון־צוזאַ־מענברוך.

דער דאָקטאָר רעגענסבורג האָט אים געראָטן צו איבעררייַסן זייַן שטו־דיום און זיך אָפּרוען אַ שטיקל צייַט אין אַ רויִקן פּלאַץ. אָבער זייַן פרוי האָט אָן דעם וויסן און הסכמה פון דער משפחה אים געלאָזט אָוועקפירן אין דער פּסיכיאַטרישער אָפּטיילונג פון שטאָטישן שפּיטאָל פון הייליקן יאַקוב.

דאָס געפינען זיך אַ פּאָר וואָכן אין שפּיטאָל צווישן גייַסטיק קראַנקע און זעענדיק ווי אַזוי דער מעדיצינישער פּערסאָנאַל באַגייט זיך מיט די גייַסטיק־קראַנקע האָט ער געזען אַז עס איז דאָרט פאַר אים נישט קיין פּלאַץ און ער האָט זיך געבעטן מ׳זאָל אים פון דאָרט אַרויסנעמען.

די מוטער פלעגט גאַנצע טעג שטיין בײַם פענצטער פון שפּיטאָל און האָט געבעטן דעם הויפּט־דאָקטאָר ער זאָל משהן אויסשרײַבן פון שפּיטאָל. ער איז מסכּים געווען בלויז דאַן, ווען די מוטער האָט אונטערגעשריבן אַז זי נעמט אים צו זיך אויף איר אייגענער אחריות, און אַז זי פּערזענלעך וועט האָבן אויף משהן איר אויפזיכט.

ווען ער איז אַרויס פון שפּיטאָל, האָט ער זיך צוריקגעקערט צו זײַן פרוי און קינד, צוריק אַוועק צו זײַן בײַנאַכטיקער אַרבעט אין דער צײַ־טונג און האָט אויך אויפגעהערט צו גיין אין ביבליאָטעק. ס׳האָט אויסגעזען אַז משה איז געקומען צו זיך, און אַז ער הייבט אָן פירן אַ נאָרמאַלן לעבן.

אין אַ שיינעם העלן פרימאָרגן האָט זיך באַוויזן אין דער צײַטונג „די צײַט" משהס אַן אַרטיקל אויף אַ האַלבער זײַט מיט שטוינענדיקע רעווע־לאַציעס און באַשולדיקונגען אויפן אַדרעס פון הויפּט־דאָקטאָר פון דער קראַנקן־קאַסע, ווו ער ווערט באַשולדיקט אין סקאַנדאַליעזע מעשׂים אין דעם שטאָטישן שפּיטאָל פון הייליקן יאַקוב. הויכע מלוכה־באַאַמטע, פאַר־שווענדער פון מלוכה־פאַרמעגן, פלעגן זיך אַרויסדרייען פון שטראָף אונ־טערן מאַנטל אַלס כּלומרשטע משוגעים.

די צײַטונג איז באַלד קאָנפיסקירט געוואָרן, מ׳האָט אַרויסגענומען דעם אַרטיקל, וואָס משה האָט בײַנאַכט אַליין אויסגעזעצט און אַרײַנגע־שטעלט אָן דעם וויסן און הסכּמה פון נאַכט־רעדאַקטאָר. ס׳איז אויסגע־בראָכן אַ גרויסער סקאַנדאַל און טומל אין רעדאַקציע און דער רעזולטאַט: משה איז שוין מער נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער אַרבעט. דאָס איז אויך געווען אַ קליין רינגל אין משהס לאַנגער קייט פון זוכן דעם „אמת".

ס׳הייבן זיך אָן צרות מיטן ווײַב. ס׳קומט שפּעטער צו אַ גט און נײַע צרות פאַר דער מוטער און איבעריקע משפּחה, ביז ער גייט אַרויף אויפן וועג פון „זוכן דעם אמת"... מײַנע בני עיר ווייסן וואָס ס׳פלעגט זיך טאָן מיט זײַן צײַטונג „דער אמת", וואָס ער האָט אַ ריי יאָרן יעדע וואָך אַרויס־געגעבן. אַליין געשריבן, אַליין געזעצט, און אַליין זי פאַרשפּרייט... מיר דאַכט, אַז זײַן צײַטונג איז געווען די סאַמע אייגנאַרטיקסטע פון דעם מין זינט איך געדענק. ער האָט צוליב זײַן קריטיקירן געוויסע געזעלשאַפט־לעכע מוסדות און זייערע פירער זיך דערוואָרבן אַ סך אַנהענגער און פרײַנד, אָבער אויך נישט ווייניק שׂונאים, וועלכע זענען דאָס טאַקע געווען די, וואָס האָבן אויף אים אויסגעטראַכט בלבולים און געזוכט אים צו מאַכן אַלס משוגע... דוואָרזשעץ, דער דרוקער, בײַ וועמען ס׳האָט זיך אַמאָל געדרוקט

דער „טאָג“, ווו אויך משה פלעגט זעצן און דרוקן זײַן צײַטונג, פלעגט מיר אָנדערציילן פון אים נסים ונפלאות ווי אַזוי ער פלעגט שעהען לאַנגע אָבסערווירן משהן בײַם זאַץ־קאַסטן. און אַזוי פלעגט ער אַליין זעצן אַרטיקל נאָך אַרטיקל, אונטערשרײַבן אַ נאָמען פון דער הפטורה, עס זאָל הייסן, אַז ער איז נישט אַליין...

בעת אַנדערע האָבן זיך פֿאַסמאַקעוועט מיט זײַנע „רעוועלאַציעס“, פלעגט די משפחה־מענטשן קאַסטן געזונט מיט געלט דערצו... פון אָנהויב פלעגט ער בײַ דער מוטער אַרויסקריגן געלט פאַר די צײַטונגען. שפּעטער האָט ער זיך גענומען צו מײַן קעשענע. מיר האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז בײַ אים אַן איבערגאַנג. אָט, ס׳וועט זיך ענדיקן פריִער צי שפּעטער. געענדיקט האָט זיך מיט די צײַטונגען טאַקע, ווען כ׳האָב אויפגעהערט צו געבן אים געלט דערויף...

יעדער אַרטיקל איז געווען געצילט צו געפינען דעם אמת. ער האָט קיינעם נישט געשאַנעוועט, אויב ער האָט אויסגעפונען אַז יענער איז פאַרמישט אין נישט קיין ראַיעלע מאַניפּולאַציעס. ער האָט קריטיקירט און דעמאַסקירט קהלישע מנהיגים און קהל־פאַרזאָרגער.

מיט זײַן בײַסיקער פעדער האָט ער נישט איין מאָל געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט צביעותדיקע גרױס־שאַפטלעכע טוער און שטאָט־טאַטעס, ער האָט אַפילו נישט אַדורכגעלאָזט צו קריטיקירן סיים־דעפּוטאַטן.

איין מאָל האָט ער אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן אַ סיים־דעפּוטאַט, וואָס האָט גענומען שוחד און האָט פאַרשוועכט רעגירונגס־געלטער. דערפאַר האָט אים דער סיים־דעפּוטאַט אָנגעקלאָגט אין געריכט פאַר טרײַבן רכילות און שרײַבן בלבולים אין זײַן צײַטונג אויף אַן „אָנשטענדיקן“ סיים־דעפּוטאַט.

ווי זײַן שטייגער איז געווען האָט זיך משה אין געריכט אַליין פאַרטיידיקט, זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אַדוואָקאַט. און ווען משה האָט מיט איבערצײַגנדיקע פאַקטן אויפגעוויזן אַז אַלץ וואָס ער האָט געשריבן איז נישט אויסגעטראַכט און איז באַזירט אויף קאָנטראָלירטע פאַקטן, האָבן אים די ריכטער באַפרײַט. ווי אַזוי משה האָט זיך „דערגריבלט“ און אויסגעפונען די נויטיקע אינפאָרמאַציע וועגן פאַרשיידענע דעפּרוידאַציעס און אַנדערע פאַרשווענדערישע נישט ערלעכע מעשׂים — איז געבליבן אַ סוד.

אין דער צײַט האָט זיך בײַ משהן אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון „היילן“ פּאַראַליטישע קראַנקע פויערים אין די דערפער. היות ווי ער האָט אַמאָל געענדיקט אַ קורס פון פיזיאָטעראַפּיע און מאַסאַזש און באַקומען אַ דיפּלאָם,

האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין די דערפער און זיך רעקלאַמירט אַלס „זנאַ־כאַר", וואָס היילט אויס פּאַראַליטיש־קראַנקע מענטשן. איז נישט קיין וווּנדער אַז ער איז באַלד געקומען אין אַ קאָנפליקט מיטן געזעץ... ס'האָט אים געדראָט אַ פּראָצעס, אָבער אויך דאָ האָט ער זיך דערוואָרבן אָנהענגער וואָס האָבן זיך פאַר אים איינגעשטעלט, ס'האָבן זיך געיאָוועט די וואָס זענען געהאָלפן געוואָרן, האָבן זיי דערציילט וועגן אים וווּנדער שבווונדער... ער האָט זיך אַפילו אַליין טיטולירט אַלס „דאָקטאָר" ענגעלשטערן.

איין מאָל איז ער פאַרשווונדן אויף אַ געוויסער צייט פון ווילנע און ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אין שטוב, האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַק פּוילישע און ווייסרוסישע צייטונגען פון פּאָלעסיער געגנט, ווו ס'איז באַשריבן געוואָרן וועגן זיינע „ניסים ונפלאות", ווי אַזוי דער „דאָקטאָר" האָט אויסגעהיילט פּאַראַליזירטע פויערים און פויערטעס. די אַרטיקלען און די בריוו זענען געוואָרן אונטערגעשריבן פון די אויסגעהיילטע קראַנקע און ס'איז געווען אַפילו אָנגעגעבן זייערע אַדרעסן.

נישט איין מאָל האָט משה פיגורירט אויף דער ערשטער זייט אין דער ייִדישער און פּוילישער פּרעסע אונטער אַ פעט קאָפּ... כסדר פלעגט ער צושטעלן די רעפּאָרטער־שטאָף פאַר סענסאַציעס מיט זיין קריכן אומעטום צו זאָגן זיין וואָרט... ער איז איין טאָג געקומען מיט אַ שׂמחה צו אונדז, אַז ער איז איינגעלאַדן אין אוניווערסיטעט צו האַלטן אַ „רעפעראַט"... יאָ, ס'איז טאַקע געווען אמת. ער האָט זיך אָבער נישט געכאַפּט. אַז ער איז אַן אָביעקט פאַר אַ פאָרשונג...

געצויגן האָט ער לעצטנס אויפמערקזאַמקייט סיי מיט זיין אויסזען און קליידונג. ער האָט זיך געלאָזט וואַקסן אַ בערדל מיט לאַנגע האָר, אָט פּונקט ווי די איצטיקע „ביטניקעס".

נאָך אַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט זיינע איז געווען, וואָס ער פלעגט אַגיטירן די ייִדישע יוגנט, אַז מען זאָל אים נאָכפאָלגן — און קיינער וועט נישט וויסן פון קיין קראַנקהייט. משה פלעגט אין די גרעסטע פרעסט און זאַווערוכעס גיין נאָר אָנגעטאָן אין אַ לייַכטן זומערדיקן זשאַקעטל, אָן אַ היטל, אָן הענטשקעס, אין לייַכטע זומערדיקע שיך, מיט אַ טיפן דעקאָלט. זיין פּנים איז אַלע מאָל געווען פריש און קיין מאָל זיך נישט פאַרקילט.

בכדי צו באַגרינדן זיין אַגיטאַציע פאַר דעם, האָט ער איין מאָל, אין אַ שווערן ווינטער, אין מאָנאַט יאַנואַר, געלאָזט וויסן אין זיין צייטונג, אַז שבת, צוועלף אַזייגער בייטאָג, וועט ער זיך באָדן אין טייַך „ווילִיע". דער טערמאָמעטער האָט דאַן געוויזן 35 גראַד פראָסט. פאַרשטייט זיך, אַז עס

זענען געווען אַזוינע וואָס האָבן דעמאָלט געזאָגט, אַז ער איז אַן אומנאָר־מאַלער מענטש — ווײַל באָדן זיך אין טײַך, וואָס האָט אַ צודעק פון איבער אַ האַלבן מעטער אײַז, איז אַ גרויסער אומזין.

אָבער טראָץ דעם וואָס מען האָט אים נישט געגלויבט, זענען פונקט 12 אַזייגער, שבת בײַטאָג, געווען מער ווי אַ האַלבע שטאָט מענטשן פאַר־זאַמלט בײַם גרינעם בריק. אַלע זענען געווען אָנגעטאָן אין פעלצן מיט אויפגעשטעלטע קאָלנערס.

און פונקט 12 אַזייגער, צו אַלעמענס ווונדער, איז משה געקומען מיט אַ קליינעם האַנטוך אין האַנט, איז אַרויף אויפן אײַז און האָט זיך לאַנגזאַם גענומען אויסטאָן און געבליבן שטיין אין באָד־הייזלעך. ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיט די הענט, און גלײַך אַ שפּרונג אין וואַסער אַרײַן, ווו ער האָט געכאַפּט אַ שווים, ווי אין מיטן זומער. דערנאָך איז ער אַרויס פון וואַסער, און שטייענדיק מיט באָרוועסע פיס אויפן אײַז, האָט ער זיך אַרומ־געווישט און לאַנגזאַם זיך אָנגעטאָן און גענומען גיין אַהיים.

טויזנטער הענט האָבן געפּאַטשט בראַוואָ, און אַ ציטער פון קעלט האָבן געכאַפּט די מענטשן אָנגעטאָן מיט שווערע פעלצן — אָבער נישט משה...

זײַן גורל איז געווען פון די ערשטע געפּירט צו ווערן אויף „פּאָנאַר”, באַלד אין די ערשטע טעג פון דער דײַטשער אינוואַזיע אין ווילנע, דורך די ליטווישע „כאַפּונעס”.

# מיינע טריט אין לעבן

איך בין דער מיזיניק פון דער משפחה, דער איינציקער וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אייגענעם הויז אויף גרויס־שניפּישאָק, וואָס מײַנע עלטערן האָבן געקויפט אין דעם זעלבן יאָר ווען איך בין געבוירן געוואָרן. ביז די חדר־יאָרן געדענק איך כּמעט גאָרנישט פון דער היים. צו דרײַ יאָר האָט מען מיך שוין געשיקט לערנען אין חדר.

אין גרויס־שניפּישאָק זענען געווען 3 מלמדים, האָט מײַן פאָטער אויספּרובירט אַלע דרײַ. בײַ די ערשטע צוויי מלמדים האָב איך געלערנט צו איין זמן. צום דריטן זמן האָט מען מיך געשיקט לערנען אין ירחמיאל אַלפּעראָוויטשס חדר, וואָס האָט זיך גערעכנט אין שניפּישאָק פאַר דעם יחוסדיקן חדר, ווו די בכּבודיקע באַלעבאַטים האָבן געשיקט לערנען זייערע קינדער. בײַ אָט דעם רבין ירחמיאל האָב איך געקראָגן חן און דעריבער האָב איך געהאַט חשק צו גיין אַהין. כאָטש איך האָב זיך פאַרדינט מ׳זאָל מיך שמײַסן נישט ווייניקער ווי אַנדערע קינדער פאַר נישט קענען דאָנער־שטיק ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן די סדרה מיטן טראָפּ, האָט ער זעלטן מיך מכבד געווען מיט שמיץ.

צו 7 יאָר האָט מען מיך געשיקט לערנען אין דער רוסישער קאַזיאָנער פאָלקשול, וועמענס דירעקטאָר איז דאַן געווען דער רוסיפיצירטער און האַלב־אַסימילירטער יִדישער לערער אַבראַם סאָלאָמאָנאָוויטש צונזער. מיט לערנען אין דער קאַזיאָנער פאָלקשול האָט מען מיך פון חדר נישט באַפרײַט. דעם צווייטן האַלבן טאָג ביז שפּעט אין אָוונט האָב איך ווײַטער געמוזט זיצן אין חדר, נישט האָבנדיק ווען צו שפּילן זיך מיט קינדער. דאָס האָט דעריבער בײַ מיר אָפּגעטעמפּט דעם חשק צום לערנען.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז גראָד מיך האָבן מײַנע עלטערן געוואָלט געבן בילדונג און זענען געווען גרייט צו לאָזן זיך קאָסטן, כּדי ס׳זאָל כאָטש איין קינד אין דער משפּחה זײַן אַ געבילדעטער, אָבער מיר האָבן געפעלט צוויי זאַכן: חשק און אַ גוטן קאָפּ צום לערנען. נישט אויסגעשלאָסן, ווען

ס׳וואָלט נישט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה אין 1914, בעת ס׳איז מיר נאָך געהאַט פאַרבליבן אַ קאַרגן יאָר צו ענדיקן די 6־קלאַסיקע רוסישע פאָלקשול, וואָלט איך מסתּמא פאָרגעזעצט דאָס לערנען אין גימנאַזיע, אָבער מיט דער אָקופּאַציע פון ווילנע דורך די דײַטשן אין 1915, איז איבער־געריסן געוואָרן מײַן לערנען.

די דרײַ יאָר פון דער דײַטשער אָקופּאַציע זענען געווען שלעכטע צײַטן אין שטוב. אַנשטאָט צו לערנען, האָב איך געדאַרפט העלפן טראָגן דעם עול פון פּרנסה.

אין די מלחמה־יאָרן איז פאַרברענט געוואָרן אונדזער סאָדע־פאַבריקל און איז מער נישט אויפגעבויט געוואָרן. אויך די דירות אין אונדזער הויז



ביים גערטנדל אין פראָנט פון דער מאַמעס היים
(פון לינקס צו רעכטס) : רבקה, אביגדור, די מאַמע, לייזער און שיינעלע
(פאָטאָגראַפירט אין 1936)

זענען העלפט געווען נישט פאַרדונגען און די גאַנצקייט פון דער משפּחה איז זיך צעפאַלן. מיטן אַרײַנמאַרשירן פון די פּוילישע לעגיאָנערן אין וויל־נע, בין איך מיט דער מיטלסטער שוועסטער רבקה געבליבן מיט די עלטערן אין שטוב.

פסח־צײַט 1919 האָבן די פּוילישע לעגיאָנערן געמאַכט אַ פּאָגראָם אין ווילנע און אונדזער שטוב איז אויך פּאָגראָמירט געוואָרן ווי פיל אַנדערע ייִדישע הײַזער און געשעפטן. דעם פאָטער האָט מען מוראדיק צעשלאָגן פאַר נישט דערלאָזן די פּאָגראָמשטשיקעס אַרויסצוטראָגן די זעק מיט צוגע־רויבטע שטוב־זאַכן. נאָך עטלעכע חדשים ליגן אין יסורים איז ער גע־שטאָרבן אין עלטער פון 62 יאָר.

אין יאָר 1920 איז אויסגעבראָכן די פּויליש־סאָוועטישע מלחמה. די סאָוועטישע מאַכט פאַרנעמט ווילנע און מיט וואָכן שפּעטער גיבן זיי איבער ווילנע צו דער נאָר־וואָס געשאַפענער ליטווישער מדינה, וואָס האָט געזאָלט זײַן די הויפּטשטאָט פון ליטע.

פאַר דער ווילנער ייִדישער באַפעלקערונג איז דאָס געווען אַ גרויסע פרייד. אין ליטע האָט זיך שוין געהאַט אײַנגעשטעלט אַ פרידלעך לעבן. מ׳איז שוין געווען אויסגעמאַטערט פון דער מאַכט־טוישעניש און מ׳האָט געהאָפט, אַז פון איצט אָן וועט מען קענען געניסן פון אַ נאָרמאַלן לעבן ווי אין גאַנץ ליטע, ווו ס׳איז שוין אָנגעגאַנגען אַ ייִדיש־קולטור געזעל־שאַפטלעך לעבן באַגלייט מיט אַ לעבהאַפטער עקאָנאָמישער אויפלעבונג. נישט באַשערט אָבער געווען, אַז די האָפענונגען זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן. מיט געציילטע וואָכן שפּעטער האָט ווילנע צוריק פאַרנומען די אַנטיסעמי־טישע פּוילישע מאַכט דורך דעם גענעראַל זשעליגאָווסקי. טויזנטער ייִדן, מורא־האָבנדיק פאַר אַ נײַעם פּאָגראָם, זענען געלאָפן מיט דער אַנטלויפנ־דיקער ליטווישער אַרמיי קיין ליטע. אויך איך בין געלאָפן מיטן שטראָם און געקומען צו מײַן ברודער אביגדור. ער האָט מיך אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און כ׳האָב אים אָנגעהויבן מיטהעלפן אין זײַנע מסחרים.

אין אַ געוויסן טאָג, געפינענדיק זיך אין שליחות פון מײַן ברודער אין שאַוול, האָט מיך אַ מיליטערישער פּאַטרול געכאַפּט אויפן גאַס, צוגע־נומען ביי מיר דעם דאָקומענט און מיך געבראַכט אין דער קאָמענדאַנטור און פון דאָרט אָן שום מעדיצינישער אונטערזוכונג אַוועקגעפירט מיך מיט נאָך געכאַפּטע ווילנער פליטים ייִדן אין אַ קאַזאַרמע פון אַ ליטווישן פּאָלק. אָט אַזאַ צעטומלעניש האָט דאַן געהערשט אין דער נײַ־געגרינדעטער ליטווישער מדינה. צוליב אַזעלכע אָבלאַוועס האָבן די ווילנער פליטים באַלד גענומען לויפן צוריק קיין ווילנע שוואַרצנדיק די גרענעץ. מײַן גליק איז געווען, וואָס ס׳האָבן געפעלט מונדירן אין קאַזאַרמע, האָב איך די מיליטערישע איבונגען געמאַכט אין די אייגענע בגדים. אין אַ פינצטע־רער נאַכט, אויסניצנדיק אַ גינסטיקן מאָמענט, בין איך מיט אַ ווילנער

שול־חבר אַנטלאָפן און געקומען אָן אַ דאָקומענט צוריק צו מײַן ברודער. אין יענער צײַט האָט מען זיך אָן אַ שטיקל פּאַפּירל נישט געקענט ווײַזן אין גאַס, ווײַל אויף יעדן שריט און טריט זענען געווען פּאַטרולן און קאָנטראָלירט די דאָקומענטן. איך האָב זיך באַראַטן מיטן ברודער, און איך האָב באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אין אַ גרופּע ווילנער צו גיין צופוס קיין ווילנע. געשוואַרצט די גרענעץ און בשלום געקומען צוריק צו דער מאַמען מיטן ביסל געלט, וואָס דער ברודער האָט מיר מיטגעגעבן. איך האָב באַלד געפּרוווט עפּעס טאָן כּדי אַרײַנצוברענגען פּרנסה אין שטוב פֿאַר דער מאַמען מיט דער שוועסטער רבקה.

ס׳איז אָנגעקומען די צײַט צו שטעלן זיך צום מיליטער־דינסט, אָבער איך האָב שוין באַצײַטנס באַשלאָסן, אַז איך וועל נישט דינען בײַ די פּוילי־שע פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע האָבן דערמאָרדעט מײַן פֿאָטער. וועגן מײַן באַשלוס נישט צו שטעלן זיך צום מיליטער־דינסט האָב איך, פֿאַרשטייט זיך, דערציילט מײַן מאַמען. ס׳איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה ווי נעלם ווערן אַ שטיק צײַט פֿון שטוב.

איך האָב געגנעכטיקט אין פֿאַרשיידענע פּלעצער, צום מערסטן בײַ מײַן פֿאַרהייראַטער שוועסטער טײַבל, בײַ מײַנע פֿעטערס און מומעס. זומער־צײַט האָב איך זיך פֿאַרדונגען צו זײַן אַ שומר אין פֿרוכט־סעדער. גע־שלאָפֿן אין אַ בודקע מיט אַ הונט, אָבער אין דער בודקע איז געווען דער זיכערסטער פּלאַץ, ווו מ׳האָט זיך געקענט אויסבאַהאַלטן פֿאַר די אויגן פֿון די פּוילישע זשאַנדאַרן.

אין יענער צײַט האָב איך זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט דער ייִדישער ליטעראַטור, היות ווי פֿריִער האָב איך איבערהויפּט געלייענט רוסישע ביכער און זיך אינטערעסירט בלויז מיט דער רוסישער ליטעראַ־טור. שוין פֿאַר דעם בין איך אַריבער פֿון סירקינס רוסישער ביבליאָטעק צו דער ייִדישער ביבליאָטעק פֿון „מפיצי־השׂכּלה״. איך האָב זיך אָנגע־הויבן באַקענען מיט די פּערל פֿון די ייִדישע קלאַסיקער. דער ערשטער באַליבטסטער שרײַבער איז בײַ מיר געווען שלום־עליכם, וועמעס שאַפֿונ־גען און סטיל האָבן מיך ממש פֿאַרכאַפּט. פֿאַר מיר האָט זיך געעפֿנט אַ נײַע וועלט, וועלכע איך האָב פֿריִער נישט געקענט. איך האָב מיט גרויס דורשט געשלונגען די אוצרות פֿון אונדזערע קלאַסיקער און געוואָלט וואָס מער אַרײַנכאַפּן פֿאַר די יאָרן וואָס איך האָב נישט געלייענט די ייִדישע ליטעראַטור.

דעם זעלבן יאָר, ווינטער איז געחתמעט געוואָרן מײַן גורל צו ווערן אַ ייִדישער זעצער. איך האָב זיך באַראָטן מיט מײַן ברודער משה וואָס צו טאָן, צו וואָס זאָל איך זיך נעמען? — זײַן עצה איז געווען, אַז ס'האָט נישט קיין זין צו אויסבאַהאַלטן זיך, ווו געטאָגט, נישט גענעכטיקט, די צײַט גייט — דאַרף מען זיך נעמען צו תּכלית. און תּכלית האָט בײַ משהן גע־הייסן ווערן אַ זעצער. ווײַל זײַן נאָך אַ זעצער אין דער משפּחה.

ער האָט מיך אָוועקגעפירט צו זײַן אַמאָליקן באַלעבאָס פּײַווע גאַרבער, וואָס איז אַליין געווען אַ דרוקער און בײַ אים האָב איך זיך אָנגעהויבן לערנען די פאַך פון אַ זעצער. איך בין שוין דאַן געווען אַ דערוואַקסענער בחור און איך האָב געהאַט די אַמביציע אויסצולערנען זיך וואָס פריִער דעם פאַך.

מײַן אַרבעטס־פּלאַץ, די דרוקערײַ, איז אויך דאַן געוואָרן פאַר מיר אַ מקום־מיקלט. נאָך דער אַרבעט, פלעג איך בלײַבן דאָרטן נעכטיקן און פּײַווע גאַרבער איז אויך געווען צופרידן, וואָס אין די נעכט האָב איך געהיט זײַן דרוקערײַ, ווײַל נישט זעלטן זענען געווען פאַלן, ווען אין דער דרוקערײַ פלעגן זיך אַרײַנרײַסן גנבים און פלעגן צוגנבענען די טײַערסטע פּאַפּיר.

בײַ טאָג פלעג איך זעצן רבנישע ספרים, ייִדישע און העברעיִשע ביכער און בײַ נאַכט פלעג איך זיך ממש קוויקן, לייענענדיק די ייִדישע ביכער, וועלכע זענען געווען פול אין דער דרוקערײַ. פון יענער צײַט האָב איך אויסשליסלעך געלייענט ייִדישע ביכער און בין צוגעבונדן גע־וואָרן צום ייִדישן געדרוקטן וואָרט.

אין יענער צײַט האָט זיך אָנגעהויבן די בלי־צײַט פון די ייִדישע פאַרלאַגן. אַ חוץ דעם וואָס זיי האָבן געדרוקט ביכער אין ייִדיש און הע־ברעיִש, פלעגן זיי אויך איבערזעצן און אַרויסגעבן אין ייִדיש די בעסטע ווערק פון דער פרעמד־שפּראַכיקער ליטעראַטור.

ווען איך בין שוין געוואָרן אַ קוואַליפיצירטער זעצער, האָב איך אָנ־געהויבן אַרבעטן אין אַ ריי דרוקערײַען. געוואָרן אַ מיטגליד אין דרוקער־פאַראיין און שפּעטער אויסגעוויילט געוואָרן אין פאַרוואַלטונג. דאָס איז געווען מײַן ערשטער שריט אין מײַן שפּעטערדיקער ברייט פאַרצווײַגטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

דער ווילנער דרוקער־פאַראיין האָט געהאַט אַ גוטן שם אין דער פּראָ־פעסיאָנעלער באַוועגונג אויך אויסער די גרענעצן פון ווילנע. טראָץ דעם וואָס כּמעט יעדער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג האָט געהערט צו וועל־

בער ס׳איז פּאַרטיי, האָב איך זיך דערוווּסטערט פון פּאַרטייאישער טעטי־קייט — און כ׳האָב זיך קיין מאָל נישט אָנגעשלאָסן אָפיציעל צו אַ פּאַרטיי. איך בין געווען פּראָגרעסיוו געשטימט, ווי יעדער באַוווּסטזיניקער אַרבע־טער אין יענער צײַט און טראָץ די באַמיִונגען און דעם דרוק פון אַ טייל פּראָגרעסיווע חברים אין דער פאַרוואַלטונג זיך אָנשליסן אין אַ פּאַרטיי, איז זיי דאָס נישט געלונגען. כ׳פלעג זיך אָפּט צוקוקן צו מײַנע חברים אין דער פאַרוואַלטונג ווי אַזוי זיי פלעגן זיך אַמפּערן צווישן זיך בײַם באַהאַנדלען אַ פּשוטע טעכנישע פראַגע און בײַ יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אויסגענוצט זייער פּאַרטיי־שליסל.

אין 1927 בין איך אָנגעקומען אַרבעטן אין „ווילנער טאָג", וועמעס רעדאַקטאָר איז דאַן געווען זלמן רייזען. די צײַטונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אַ קאָאָפּעראַטיוו פון די זעצער, רעדאַקציע און אַדמיניסטראַ־ציע. אין דער צײַטונג בין איך אַדורכגעגאַנגען אייניקע פאַזן פון פּראָפע־סיאָנעלער טעטיקייט. שוין אין דעם ערשטן יאָר פון מײַן אַרבעטן אַלס זעצער בין איך אויסגעקליבן געוואָרן אין אויפזיכטס־ראַט און אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט מען מיך שוין באַשטימט אַלס פאַרוואַלטער. דאָס איז געווען אַ שווערער און אומדאַנקבאַרער פּאָסטן. דער גאַנצער קאָלעקטיוו פון דער צײַטונג איז באַשטאַנען פון 30 חברים, וועלכע האָבן מיט אומגעדולד גע־וואַרט יעדן פרײַטיק אויף זייערע שׂכירות. אין יענער צײַט זענען אַרויס־געגאַנגען אין ווילנע 5 טעגלעכע יידישע צײַטונגען, איז נישט קיין וווּנדער, וואָס די קאָנקורענץ פאַר וועדבירן וואָס מער לייענער פאַר אַ צײַטונג איז געווען גרויס און יעדע צײַטונג האָט זיך באַמיט צו אַרײַנפירן וואָס מער מודעות. ס׳האָבן נישט אויסגעפעלט קיין שוועריקייטן אין „ווילנער טאָג" און נאָך 2 יאָר אַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע, האָב איך זיך ווידער צוריקגעקערט צום זאַצקאַסטן. אַזוי האָב איך אָפּגעאַרבעט ביזן אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין 1931 האָב איך חתונה געהאַט מיט שלמה באַסטאָמסקיס שוועסטער ליבע. פּונקט אין דעם טאָג פון מײַן חתונה איז אונדז באַשערט געווען מיר זאָלן דורכלעבן פּאָגראָם־שרעק. דאָס איז געווען אין אַ שוואַרצן נאָוועמבער־טאָג, ווען פּוילישע סטודענטן זענען באַפאַלן יידן און געוואָלט אָנהייבן אַ פּאָגראָם. די יידישע יוגנט האָט זיך קעגנגעשטעלט און אין דעם געשלעג איז געהרגעט געוואָרן דער פּוילישער סטודענט וואַצלאַווסקי. דאָס האָט נאָך מער צעוואָרעמט די געמיטער פון די צעיושעטע באַנדיטן, וועלכע האָבן אויסגעניצט דעם פּאָגראָם צו ראַבירן יידישן האָב און גוטס.

מײַנע וועכנטלעכע שׂכירות אין „ווילנער טאָג" זענען געווען גאַנץ באַשיידענע לויטן דעמאָלטיקן לעבנס־סטאַנדאַרט. ס׳זענען געווען זעצער אין דער צײַטונג, וואָס האָבן געלעבט בלויז פון זייערע שׂכירות, אָבער איך האָב זיך געקענט דערלויבן צו פירן אַ לעבן אויף אַ העכערן סטאַנדאַרט, היות ווי מײַן פרוי ליבע האָט אָנגעפירט מיט דער אַדמיניסטראַציע פון שלמה באַסטאָמסקיס פאַרלאַג „די נײַע יִדישע שול" און אונדזער ביידנס הכנסה איז געווען נישט קיין קליינע. חוץ דעם זענען מיר געווען באַפרײַט פון צאָלן דירה־געלט, ווײַל אין איין צימער פון דער דירה האָט זיך גע־פונען די אַדמיניסטראַציע און רעדאַקציע פון דרײַ זשורנאַלן: „גריןינקע ביימעלעך", „חבר" און „פּעדאַגאָגישע שריפטן", וואָס שלמה באַסטאָמסקי מיט זײַן פרוי מלכּה חיימסאָן האָבן אַרויסגעגעבן.

צום יאָר נאָך אונדזער חתונה איז בײַ אונדז געבוירן געוואָרן אַ טאָכטערל, מלכּהלע, מיט 2 יאָר שפּעטער איז געבוירן געוואָרן אַ צווייט טאָכטערל, טײַבעלע. די שוויגער האָט געוווינט צוזאַמען מיט אונדז און זי האָט זיך פאַרנומען מיט פירן אונדזער באַלעבאַטישקייט.

מײַן משפּחה איז געווען אַ פאַרצווײַגטע פון ביידע צדדים. נישט זעלטן פלעגן קומען צו אונדז געסט און באַזונדערס פלעגן אָנפאָרן די קרובים פון מײַן שוויגער, וואָס האָבן געלעבט אין די דערפער אַרום ווילנע.

מײַן שטוב איז פול געווען מיט יִדישע ליטעראַטור. חוץ די אייגענע פּילצאָליקע אויסגאַבן פון פאַרלאַג, פלעגט אין רעדאַקציע אָנקומען די טעג־לעכע און פּעריאָדישע פּרעסע פון אַמעריקע, קאַנאַדע און פון די דרום־אַמעריקאַנער לענדער. ס׳האָט מיר פּשוט אויסגעפעלט צײַט אַדורכצוקוקן אַלץ וואָס אין דער רעדאַקציע פלעגט אָנקומען.

פאַרן אָנהייב פונעם שוליאָר אין די יִדישע שולן, פלעגט אין שטוב זײַן אַ גאַנצער יאַריד. ס׳פלעגן קומען פיל לערער, שול־טוער, תּלמידים, געסט פון אויסלאַנד און פון דער פּראָווינץ. יעדערער האָט געהאַט עפּעס אַן אינטערעס אין פאַרלאַג — אַ דאַנק די פּילצאָליקע באַזוכער האָב איך זיך באַקאַנט מיט דער עליטע פון דער יִדישער ווילנע.

מײַן אַקטיווע אַרבעט אין דער פאַרוואַלטונג פון דרוקער־פאַראיין האָט צוגענומען בײַ 2 אָוונטן אין וואָך. צו יענער צײַט האָט זיך דער דרו־קער־פאַראיין צעוואַקסן אין אַ גרויסער יִדישער קולטור־אינסטיטוציע, וואָס האָט חוץ זײַנע פּראָפעסיאָנעלן התחייבותן אויך אײַנגעאָרדנט קולטור־אָוונטן, ווו בײַ אַ גלעזל טיי האָט מען געקענט הערן אַן אינטערעסאַנטע

לעקציע, אָדער אַ רעפּעראַט אויף פֿאַרשיידענע טעמעס — אַזוי אַרום איז דער פֿאַראיין געוואָרן מײַן צווייטע היים.

נישט איין מאָל פֿלעגט פּאַסירן, אַז גייענדיק שפּעט אַהיים פֿון אַ זיצונג, פֿלעג איך באַמערקן, אַז ס׳גייט מיר נאָך אַ „שאָטן" — אַ פּוילישער געהיים־אַגענט. די פּוילישע דעפענסיווע האָט דעם דרוקער־פֿאַראיין די גאַנצע צײַט געהאַלטן אויפֿן „אויג", היות ווי זי האָט געוווּסט, אַז דער פֿאַראיין האָט אַ קאָמוניסטישע „קעמערל". נישט זעלטן פֿלעגן זיי זיך אַרײַנרײַסן צו מיר אין שטוב, נישטערן אין אַלע ווינקעלעך. זיי האָבן געוואָלט געפֿינען אומלעגאַלע דרוק־זאַכן. געוויס האָב איך עס געלייקנט, אָבער נאָכן איבער־לייענען פֿלעג איך עס באַלד פֿאַרניכטן.

ווען די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן און זענען געגאַנגען אין קינ־דער־גאָרטן, בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אין עלטערן־קאָמיטעט, שפּעטער אין עלטערן־קאָמיטעט פֿון דער פֿאָלקסשול בײַ דער גימנאַזיע פֿון סאָפֿיאַ גורעוויטש, ווו זיי האָבן זיך געלערנט.

די קינדער זענען געוואַקסן שיין און געראָטן. מיט זיי האָבן זיך ספּע־ציעל אָפּגעגעבן און געשענקט זייער אויפֿמערקזאַמקייט שלמה באַסטאָמסקי און זײַן פֿרוי מלכּה חיימסאָן, וועלכע האָבן אַליין קיין קינדער נישט גע־האַט, דעריבער האָבן זיי באַטראַכט מײַנע קינדער ווי זייערע אייגענע קינדער. זיי האָבן זיי געהאָלפֿן דערציִען אין בעסטן גײַסט און טראַדיציע פֿון ליבע צום ייִדישן פֿאָלק און זײַן קולטור.

10 גליקלעכע יאָר האָב איך געלעבט אין מײַן פֿאַמיליע־לעבן. אַזוי שטייען זיי איצט די קינדער מיט זייער מוטער פֿאַר מײַנע אויגן, אַזוי ווי איך האָב זיי איבערגעלאָזט דעם לעצטן מאָל, בעת דער גורל האָט אונדז צעשיידט אויף אייביק. (מערערע פּרטים וועגן זייער טראַגישן סוף, זע אין מײַן בוך „אין געטאָס און וועלדער", זײַטן 26־20).

## ווילנע וואָס איז געווען

ווען איך בין אַרויס אין גאַס, אַנגעטאָן אין דעם אָנצוג, האָב איך דערפֿילט ווי כ׳וואָלט געקראָגן פֿליגלען... אָבער מײַנע שיך זענען געווען צעריסן און איך האָב נישט געזען קיין עצה ווי אַזוי צו קריגן אַנדערע. אין דער הינזיכט, זענען אין אַ בעסערער לאַגע געווען די פּאַרטיזאַנער, וואָס

זענען די ערשטע אַרײַן אין שטאָט. זיי האָבן געפונען אין די פּאַרלאָזטע דירות, בגדים און שוכוואַרג און אַפילו עסנוואַרג, וואָס די נאַצישע משרתים האָבן בײַם אַנטלויפן עס נישט געקענט מיטנעמען. דאָס זעלבע איז געווען מיט די וווינונגען, וואָס מען האָט זיך גענומען דערווײַל אין אַ קאָלעקטיוו. (פון די גוטע דירות האָבן שפּעטער די „באַפרײַער" געהייסן די נײַע „לאָ־קאַטאָרן" זיך אַרויסציִען).

איך האָב אָנגעהויבן גיין פון שניפּישאָק צום גרינעם בריק. אין אָט דער גאַס, האָב איך פאַרבראַכט מײַן קינדהייט און מײַן יוגנט. יעדן איינעם געקענט מיט די נעמען און צונעמען... (און ווער האָט אין שניפּישאָק נישט געהאַט קיין צונאָמען?). שניפּישאָק האָט אַרויסגעגעבן אַ היפּשע צאָל גײַסט־מענטשן. די גרופּע „יונג ווילנע" דיכטער און פּראָזאַיִקער, א. סוצקע־ווער, הירשקע גליק, פּרץ מיראַנסקי, משה גורין און לייזער וואָלף, אַלע האָבן זיי זיך אויפגעהאָדעוועט אין גרויס שניפּישאָק. די גאַס האָט געהאַט אַן אייגענעם שולהויף, ווו ס'איז געווען אַ גרויסער בית־מדרש און אַ באַ־זונדער שטיבל, אַ הויכע קאַלטע שול, ווו ס'האָבן געדאַוונט די „גבירים" און די „אינטעליגענטן", און אין עק פון שולהויף איז געווען די שחיטה־שטיבל פאַר עופות. צו דעם, זענען געווען אין דער גאַס ביז צו דער ראַגאַטקע נאָך 3 קלויזן און שטיבלעך. איצט בין איך אַרומגעגאַנגען איבער אַן אויסגעשטאָרבענער גאַס. כמעט אַלע יִדישע קראָמען זענען געווען — חורבות. חורבות, אָן פענצטער, אָן טירן, אַנדערע פאַרברענט ביזן פונדאַ־מענט. כ'בין אַרײַן אין אַ פּאָר הייפן אַ קוק טאָן, אפשר האָט זיך ווער צוריקגעקערט. קוים געפונען איינצלנע 2־3 יִדן, וואָס זענען געווען אויס־באַהאַלטן בײַ קריסטן, האָט מען צוזאַמען געקלאָגט אויפן וויסטן חורבן. ס'האָט מיר, אָבער, געצויגן אין דער געוועזענער געטאָ אײַנצוזאַפּן אין זיך דעם ריח פון דעם אַש פון די פאַרברענטע הייליקטימער פון שולהויף. דער גרינער בריק אויפגעריסן, גייט מען אַריבער די ווילִיע אויף דעם פּראָוויזאָרישן בריקל, וואָס די סאָוועטן האָבן שוין באַוויזן אויפשטעלן.

כ'הייב אָן גיין פון רודניצקער גאַס. אָט בין איך שוין אין הויף נומ' 14. כ'גיי אַרויף אין דער דירה, ווו איך מיט מײַן משפחה האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער שטיקל פּאָדלאָגע אין אַ ווינקל פון צימער. פון דאַנען זענען מיר עס אַנטלאָפן בעת דער „אַקציע" פון די „געלע שײַנען". נישט קיין טירן, נישט קיין פענצטער, אַפילו דאָס, האָבן די גויִים אַוועקגעשלעפּט, אַפּנים פאַר באַהייצונג. כ'גיי איבער די חרובע דירות, ס'וואַלגערן זיך פאַמיליע־פאָטאָגראַפיעס, כ'הייב זיי אויף, קוק אויף די שמייכלענדיקע פּנימער און

דאָס האַרץ ווערט צעריסן. אויפֿן דיל זענען צעזייט פֿאַרשיידענע פּאַפּיר־לעך, קוויטונגען פֿון יודן־ראַט, ברויט־קאַרטן. אין אַ טייל דירות האָב איך געפֿונען בלעטלעך פֿון די „געטאָ ידיעות״. פֿאַר מיר איז דאָס געווען אַ נײַעס. פֿאַר מײַן צײַט, דורך די 7 וואָכן אין געטאָ ביזן אַנטלויפֿן אין וואָראָנאָווע, איז עס נאָך אין געטאָ נישט געווען. איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו לייענען זיי און פֿון דעם געקראָגן כאָטש אַ שטיקל באַגריף פֿון דעם לעבן אין געטאָ ביז דער ליקווידאַציע. איך בין געגאַנגען פֿון דירה צו דירה און אויפֿגעקליבן די בלעטלעך. אַ ביסל שפּעטער האָב איך עס גע־בראַכט אין דעם מוזיי, וואָס האָט זיך די ערשטע צײַט געפֿונען אין דער דירה פֿון אברהם סוצקעווער און שמערקע קאַטשערגינסקי אויף מיצקע־וויטש־גאַס 15.

און אָט בין איך אין הויף פֿון דער רעאַל־גימנאַזיע נומער 6. איך גיי אַרײַן אין דעם אַרומגעצאַמטן גערטעלע. אָט דאָ האָב איך אויף מאָרגן אין דער פֿרי, נאָכן איבערנעכטיקן די ערשטע נאַכט אין געטאָ, געטראָפֿן מײַן מאַמען, וועלכע איז אָפּגעריסן געוואָרן פֿון מײַן שוועסטער רבקה מיט אירע 3 קינדער. מען האָט זיי אַרײַנגעטריבן אין לידסקע געסל, פֿון וואַנען מען האָט אַלעמען אַוועקגעפֿירט אין דער ערשטער נאַכט אין לוקישקער טורמע און פֿון דאָרט אויף „פּאָנאַר״. איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע אויפֿן זעלבן אָרט פֿאַרזונקען אין געדאַנקען. דאַכט זיך דרײַ יאָר זענען שוין אַוועק און ס׳קומט מיר פֿאַר, ווי אָט ערשט נעכטן וואָלט עס פּאַסירט. איך געדענק ווי די מאַמע האָט מיך אַרומגעכאַפּט, ווען זי האָט מיר פּלוצעם דערזען אין דער געדיכטער מאַסע מענטשן, וואָס זענען דאָ געווען פֿאַרזאַמלט און געוואַרט אויף באַפֿעלן פֿון יודן־ראַט, וועלכער האָט זיך נאָך געהאַלטן אין אָרגאַניזירן צווישן די ווענט פֿון דער רעאַל־גימנאַזיע.

און אָט שלעפּ איך זיך איבער די שטאָקן און די צימערן. ווען די ווענט זאָלן קענען רעדן, וואָלטן זיי דאָך געקענט דערציילן וועגן דעם פֿריידיקן לעבן פֿון דעם נישט ווײַטן אַמאָל, ווי אויך פֿון די האַרצרײַסנדיקע סצע־נעס, וואָס האָבן זיך דאָ אָפּגעשפּילט אין די קאַנצעלאַריעס און קאָרידאָרן פֿון יודן־ראַט.

ביזן חורבן, בין איך געווען אַן אָפּטער אַרײַנגייער אין רעאַל1גימנאַ־זיע און געניאָסן דאָרט אַ סך פֿריידיקע אָוונטן, וואָס די גימנאַזיע פֿלעגט אײַנאָרדענען במשך פֿון דעם שול־סעזאָן. ווער קען פֿאַרגעסן די פֿרײַטיק־צונאַכטן ווינטער־צײַט, ווו ס׳פֿלעגט זיך צונויפֿקומען די יידישע קולטור־געזעלשאַפֿטלעכקייט און מען פֿלעגט פֿאַרברענגען בײַ אַ גלעזל טיי באַגלייט

מיט אַ ליטעראַרישן פּראָגראַם ? און ווי קען מען פאַרגעסן די פּאָרשטעלונגען פון דעם דראַמאַטישן קרײַז, וואָס פלעגן געגעבן ווערן יעדן סוף שוליאָר. אַ גאַנצע רייע פּיעסן פון אונדזערע קלאַסיקער האָבן די שילער אויסגע־פירט אויף דער בינע פון דער רעאַל־גימנאַזיע און דער אָפּקלאַנג פון זייער דערפאָלג, האָט זיך אַריבערגעטראָגן ווײַט אין אַנדערע יידישע שטעט אין פוילן. פון אַזאַ פאָרשטעלונג, פלעגט מען אַרויסגיין אַ דערפרישטער. אָט די בילדער זענען מיר איצט געשטאַנען פאַר די אויגן בײַם אַרומגיין איבער די שטאָקן.

כ׳מוז אונטערשטרײַכן, אַז די רעאַל־גימנאַזיע אין ווילנע איז געווען די קרוין פון די גימנאַזיעס פון גאַנץ פוילן. זי איז געווען די איינציקע גימנאַזיע, וואָס האָט אויסגעקעמפט, נאָך אַ צען יאָריקן געראַנגל, מאַטורע־רעכט. אַפילו די אַנטיסעמיטישע מיניסטאָרן פון פוילישן בילדונגס־וועזן, האָבן געמוזט אָנערקענען דעם הויכן ניוואָ פון דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע מיט יידיש אַלס אונטערריכט־שפּראַך.

טיפער אין זעלבן הויף האָט זיך געפונען דער יידישער מוזיקאַלישער אינסטיטוט (קאָנסערוואַטאָריע), וואָס איז געווען איינציקאַרטיק פון דעם מין, נישט נאָר אין פוילן, נאָר אפשר אין דער גאַנצער יידישער וועלט. דאָרט האָבן געקראָגן הונדערטער יידישע קינדער מוזיקאַלישע בילדונג, אויך דאָרט איז די אונטערריכט־שפּראַך געווען יידיש. דער דירעקטאָר א. רובינשטיין מיט זיין פּרוי יגדל, אַ לערערין פון קלאַסיש געזאַנג, איז געווען אַן אָפּערע־זינגערין אין צאַרישן רוסלאַנד, האָבן ביידע געשאַפן אַן אָפּערע־טעאַטער אויף יידיש. זיי האָבן פון זייערע תּלמידים אָפּגעקליבן פעיִקע בחורים און מיידלעך, אויסגעשולט זיי און צונויפגעשטעלט אַן אָפּערע־אַנסאַמבל. דער רעדאַקטאָר פון „אָוונט קוריער", א. י. גראָדזענסקי, האָט איבערגעזעצט אַ ריי קלאַסישע אָפּערעס, וואָס זענען שפּעטער אויפגעפירט געוואָרן סײַ אין ווילנע און אויך אין אַ ריי אַנדערע שטעט פון פוילן. אַ דאַנק די אָפּערע־אויפפירונגען אין יידיש, בין איך נאָך דעם געוואָרן אַ ליבהאָבער פון אָפּערע...

איבערן גאַס פון רעאַל־גימנאַזיע, רודניצקי 7, איז אויך געווען אַ פּאָפּולער הויף. דאָרט איז אַמאָל געווען די יידישע באַנק. שפּעטער האָט זי זיך איבערגעקליבן אויף זאַוואַלנע־גאַס. אין דער באַנק פלעגט שטענ־דיק זידן פון מענטשן. די באַנק פלעגט אַרויסהעלפן אָרעמע קרעמער און האַנטווערקער מיט הלוואות אויף אַ נידעריקן פּראָצענט. אין הויף איז אויך געווען די דרוקערײַ פון די ברידער ראָזענטאַל, די אַרויסגעבער פון דער

פּאָפּולערער נאָכמיטאָג־צײַטונג „אָוונט־קוריער". אין דער צײַט ווען די ייִנגלעך פלעגן וואַרטן אויף דער צײַטונג זי זאָל ווערן פאַרטיק צום פאַרשפּרייטן, פלעגט דאָרט זײַן „פריילעך" מיט זיי... דער טומל מיט די געשרייען איז געווען הימל־הויך... מיר איז דאָרט אויסגעקומען צו אַרבעטן אַלס זעצער אין דעם קורצן פּעריאָד פון דער ליטווישער סמעטאָנאַ פאַשיס־טישער רעגירונג, ביז דער בלוטלאָזער „רעוואָלוציע", ווען די רויטע מוש־לים האָבן זומער געשלאָסן די צײַטונג צוזאַמען מיט דער איינציקער יידישער פרימאָרגן־צײַטונג. איצט איז דאָ געווען שטיל... קיינער טומלט שוין נישט...

ווי אַ מאַגנעט האָט מיך געצויגן ווידער צום שולהויף. איך קריך איבער די חורבות פון דער שטראַשון־ביבליאָטעק, וואָס פאַר אַן עשירות איז דאָ צונויפגעזאַמלט געוואָרן, הן פון דער תּלמודישער און הן פון דער השׂכּלה־ליטעראַטור! ווען איך פלעג פון צײַט צו צײַט אַרויפקומען אַהין, האָב איך געפילט ווי די שכינה רוט דאָ אין דעם לאַנגן לייען־זאַל, וואָס איז שטענ־דיק געווען באַזעצט אַרום די לאַנגע טישן פון אַלע שיכטן לייענער, פון אַ תּלמיד־חכם ביז אַ פאַלקסמענטש און דער ביבליאָטעקאַר חייקל לונסקי ז"ל האָט אַלעמען באַדינט אויף זײַן איידעלן שטייגער. ווער קען פאַרגעסן אָט דעם מענטשן, וואָס איז געווען ממש אַן עניו, געווען אַן אָפּטער אַרײַנגייער אין אונדזער הויז אין די אינטערעסן פון באַסטאָמסקיס פאַרלאַג. ער איז אויך געווען אַ זאַמלער פון פאָלקלאָר, פלעגט ער ברענגען מאַטעריאַלן פאַר די אויסגאַבעס „פונעם קוואַל", און ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן צו כאַפּן אַ שמועס מיט אָט דעם תּלמיד־חכם און איידעלן מענטש חייקל לונסקי הי"ד.

# אויפן אַש פון יידישן
# וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

ווען כ׳בין אַנטלאָפן פון געטאָ, האָט נאָך דאָרט געאַרבעט די רינגלבלום־גרופּע בײַם סאָרטירן די אוצרות, אונטער דער אויפזיכט פון די נאַצישע וואַנדאַלן. אַוודאי האָב איך מיר פאָרגעשטעלט, אַז כ׳וועל קיין סימן פון אַ ייִדישן עבר דאָרט נישט געפינען. ס׳האָט מיך געצויגן אַ קוק טאָן כאָטש אײַנעווייניק. איך בין דאָך דאָרט געווען אָן אָפטער אַרײַנגייער בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן. איך בין פון פאַרשווונדענעם „טאָג״ געגאַנגען מיט קליין־פּאָהולאַנקע. אויך די גאַס איז ווי אויסגעשטאָרבן. ווו נישט ווו, זעט מען דורכגיין אַ מענטשן. אַלע הײַזער גאַנץ — בתוכם אויך ד״ר א. ליבאָס בײַ אויסגעבויטע הויז, וואָס זעט אויס ווי אַ קליין גלעזערנער פּאַלאַצל. מיר איז געווען באַקאַנט דאָס הויז פון די וויזיטן מיט מײַנע קינדערלעך בײַם ד״ר ליבאָ. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער מיט זײַן משפּחה האָבן זיך געראַטעוועט.

און אָט קום איך צו צום „מכבי״־ספּאָרטפעלד אויף וויוווּלסקע־גאַס. פון דעם הויכן הילצערנעם פּאַרקאַן אַרום פעלד, קיין סימן, אַזוי אויך די בענק מיט די בנינים פאַר די ספּאָרטלער. דאָס איז „נאַטירלעך״... די גויִים האָבן געהייצט מיט דעם די אויוונס, בין איך אַרומגעגאַנגען אַ ווײַל איבערן גרויסן פעלד ווי אַן אָבל. געוואַלד, וואָס דאָ פלעגט זיך אָפּטאָן אין די זומערדיקע שבתים און זונטיקס בײַ די פוטבאָל־פאַרמעסטונגען און אַנדערע ספּאָרט־אימפּרעזעס! טויזנטער ספּאָרט־ליבהאָבער פלעגן שטראָמען אַהער פון גאַנץ שטאָט און מ׳פלעגט שעפּן נחת פון די פלינקע פוטבאָל־שפּילער. איצט איז דאָ שטיל ווי אויף אַ בית־עלמין. אַלעמען — די שפּילער מיט די צושויער — האָט געטראָפן דער זעלבער גורל — „פּאָנאַר״...

פון דאַנען איז שוין אַ פּאָר הונדערט טריט צום ייִוואָ. פון ווײַטן האָב איך שוין דערזען אַ נאַקעטן קוימען און כ׳האָב דערפילט אַ שטאָך אין האַרץ. איך האָב פאַרשנעלערט די טריט — אויס ייִוואָ! איך בין אַרומ־

געקראָכן איבער די חורבות פון דעם פאַרברענטן וויסנשאַפט־טעמפּל און איינגעזאַפּט אין זיך דעם ריח פון דעם אַש. ס'איז מיר אויפגעקומען דאָס בילד פון מיט 20 יאָר צוריק ביים לייגן דעם גרונטשטיין פון דעם בנין. טויזנטער יידישע קולטור־מענטשן און געסט פון אויסלאַנד זענען דאָ געקומען צו דער פייערונג. וואָס פאַר אַ פרייד ס'איז געווען, ווען דער בנין איז פאַרטיק געוואָרן און די שמחה ביים חנוכּת־הבית! און מער פון אַלע, ביי די הויפּט־מחותּנים אַליין — די גרינדער און די גייסטיקע אָנפירער פון ייִוואָ, די קדושים זלמן רייזען, זעליק־הירש קאַלמאַנאָוויטש און מאַקס ווײַנרײַך ז״ל.

די ווילנער האָבן זיך געיחוסט מיטן ייִוואָ און אַנדערע יידישע קולטור־צענטערס האָבן מקנא געווען ווילנע, וואָס איר איז צוגעטיילט געוואָרן דער זכות צו האָבן ביי זיך דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. ווער קען פאַרגעסן די אויסשטעלונגען, וואָס דער ייִוואָ פלעגט איינאָרדענען ביי פאַר־שיידענע געלעגנהייטן? די דאָזיקע אויסשטעלונגען פלעגן פאַרוואַנדלט ווערן אין ימים־טובים פאַר דער גאַנצער יידיש־קולטור־געזעלשאַפט פון אַלע שאַטירונגען. ווי אַזוי האָט מיר דאַן געקענט איינפאַלן צו טראַכטן, אַז פון דעם אַש וועט צוריק אויפלויכטן דער ייִוואָ מיט נאָך אַ פילפאַכיקער ליכט און זיין זיך־אָרט וועט גאָר זיין אין אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ פון די וואַנדערבילדס אויף דער אַריסטאָקראַטישער 5טער עוועניו אין ניו־יאָרק. און געוויס האָב איך נישט געקענט וויסן, אַז איך וועל זוכה זיין מיט איניקע יאָר שפּעטער צו זען מיט מיינע אויגן דעם דאָזיקן ווונדערלעכן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין זיין גראַנדיעזן פּאַרנעם.

איז מיר נישט איינגעפאַלן דאַן מיטצונעמען אַ הויפן אַש, ווי דאָס איז מיט אַ יאָר שפּעטער איינגעפאַלן מיין קאָלעגע, געוועזענער ייִוואָ־אַספּיראַנט לייזער ראַן. ער האָט מיטגענומען מיט זיך ביים אַרויספאָרן פון ווילנע אין 1946, אַ זעקעלע אַש פון פאַרברענטן ייִוואָ, וואָס געפינט זיך הײַנט צו טאָג אין אַרכיוו פון ייִוואָ.

## דער ווילנער „טאָג״

אָט גיי איך אַרום איבערן פּלאַץ, וווּ עס איז אַמאָל געווען די רעדאַקציע און דרוקערײַ פון „ווילנער טאָג״, אויף פּויזנער 1, ראָג ווילנער־גאַס. דאָס הויז, וואָס האָט געהערט צום דענטיסט פעלדשטיין איז גאַנץ, אָבער פון דעם באַזונדערן איין־שטאָקיקן פליגל פון דער רעדאַקציע און דרוקערײַ איז קיין סימן נישטאָ.

איך גיי אַרום איבער דעם פּוסטן שטח מיט אַ פאַרשטיינערט האַרץ און אין זכרון לעבן אויף באַקאַנטע געשטאַלטן. אָט דאָ איז געווען דער קליינער צימער, וווּ ס׳האָבן געאַרבעט דער רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג זלמן רייזען, אַדוואָקאַט דרייער און קאָסטעלאַנסקי. אין צווייטן צימער אַנדערע מיטאַרבעטער פון דער רעדאַקציע. איך זע אין דמיון די פּנימער פון די צוויי צענדליק זעצער, מיט וועמען איך האָב געאַרבעט אַלע יאָרן. מײַנע בליקן פאַלן, ווי אויף אַ שטומער מאַפּע אויף דעם פּלאַץ, וווּ דער און יענער זעצער זענען געשטאַנען בײַ זייערע זאַצקאַסטנס. ווו נעמט מען דעם כּוח צו דערמאָנען אָט די אַלע חרובע ייִדישע אינסטיטוציעס, וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען אין די ערשטע וואָכן פון מײַנע וואָגלענישן איבער די חורב־געוואָרענע ייִדישע גאַסן!

דורך די 15 יאָר וואָס איך האָב געאַרבעט אין „ווילנער טאָג״, בין איך דורכגעגאַנגען אייניקע עטאַפּן אין דער צײַטונג, פון אַ זעצער ביז דער פאַרוואַלטער אַ פּאָר יאָר. דער דאָזיקער 15־יאָריקער פּעריאָד איז געווען דער שענסטער אין מײַן לעבן.

ווילנע האָט פאַרמאָגט 5 טעגלעכע צײַטונגען און איין וואָכנצײַטונג. „דאָס וואָרט״ פון דער „אגודה״, אָבער קיין איין צײַטונג האָט אַזוי פיל נישט געליטן פון דער דראַקאָנישער פּוילישער צענזור, ווי דער „טאָג״. אַ קאָנפיסקאַציע פון דער צײַטונג איז געווען אַ „נאָרמאַלע״ דערשײַנונג... איבערהויפּט די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה, ווען דער רעאַקציאָנערער אַנטי־סעמיטישער פּוילישער רעזשים האָט זיך מיט אַלע מיטלען פאַרלייגט



**זעצער, רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע-מיטאַרבעטער פון „ווילנער טאָג״ (1934)**

עס שטייען (אין הינטערגרונט) פון רעכטס: ש. רייזען, ח. טראַכטענבערג, ה. קאַנטאָר, ה. פּרעסמאַן, ח. גינזבורג, וו. פּיאָרע, ל. בער-מאַן, י. סטריפּונסקי, א. רודאַשעווסקי און פּ. פראַנקפורט. צווייטע ריי (פון רעכטס): י. הערשמאַן, ש. שולקין, י. גלאַז, א. י. מיאַדלער, נ. אַבראַמאָוויטש, ל. ענגעלשטערן, א. וואָלאָשין, צ. סטריפּונסקי, ה. מעריינע, מ. מיסלאַבאָדזקי, א. שווייליך, נ. ש. בערקאָן. עס זיצן (פון רעכטס): נ. בענגיס, נ. שיינער, י. האַלבערשטאַט, נ. קאַסטעלאַנסקי, ז. רייזען, ש. דרייער, ש. קאַהאַן, י. גערשטיין, ל. סטרילאָווסקי.

אומצוברענגען דעם „ווילנער טאָג" פאַר זײַן שאַרפער קריטיק. געווען צײַטן, ווען די צײַטונג איז קאָנפיסקירט געוואָרן 2־3 מאָל אַ וואָך... די אָפטע קאָנפיסקאַציעס און די שטראָפן פלעגן פאַראורזאַכן מאַטעריעלע שאָדנס דעם קאָלעקטיוו. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעהאַלטן די רעדאַקציע־מיטאַרבעטער צו שרײַבן ווײַטער שאַרפע אַרטיקלען. קיין ייִדישע צײַטונג האָט אַזוי פיל נישט געליטן פון די סטודענטישע כוליגאַנעס ווי דער „טאָג". די סטודענטן פלעגן גייענדיק פון זייער „בורסע" אויף קליין־פּאָהולאַנקע צום אוניווערסיטעט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אויסברעכן די שויבן. די פענצטער פון דער דרוקערײַ און רעדאַקציע זענען געווען כמעט אויף דער לאָווע, איז פאַר די כוליגאַנעס געווען גענוג בלויז צו געבן אַ זעץ מיטן פוס אָדער עלנבויגן, אַנשטאָט צו נוצן אַ שטיין... האָט מען געמוזט פאַרמאַכן די לאָדנס אַפילו ביי טאָג. זיי האָבן אָנגעהויבן אונטערלייגן בײַ די לאָדנס באָמבעס און נישט איין מאָל זענען קאַסטנס מיט שריפט צע־שטערט געוואָרן...

דער ווילנער „טאָג" איז אין דער ייִדישער געזעלשאַפט געווען אָנגע־נומען פאַר אַ „פּראָגרעסיווע" צײַטונג, כאָטש אין דער אמתן איז זי געווען אַן אומפּאַרטייאישע. דאָס איז געווען דערפאַר, ווײַל די מערסטע רעדאַק־ציע־מיטגלידער זענען געווען „לינק" געשטימט און די לעצטע יאָרן האָט זלמן רייזען ז"ל מקרב געווען אין רעדאַקציע אײניקע יונגע מיטאַרבעטער, וואָס זענען טאַקע, ווי מיר האָבן געוווסט, געווען „לינקע"... אַ געוויסע צײַט איז טאַקע געווען אַ שטיקל „ויתרוצצו" צווישן די יונגע מיט זלמן רייזענען, בײַ וועמען דער „טאָג" איז געווען פאַררעכנט ווי אַן אייגן קינד איבער וועלכן ער האָט ממש געציטערט.

אַרומגייענדיק איבערן פּלאַץ, זענען מיר אויפגעקומען אין זכרון אַ רייע ימים־טובים, וואָס זענען פאָרגעקומען אין מײַן צײַט. צווישן אַנדערע האָב איך זיך דערמאָנט דעם פאַרגרעסערטן נומער פון „טאָג", אין צוזאַ־מענהאַנג מיטן אַרײַנמאַרשירן פון דער גרופּע „יונג־ווילנע"־שרײַבער אין דער ייִדישער ליטעראַטור. דאָס איז, דאַכט מיר, געווען אין 1929. נישט קיין אַנדערער ווי זלמן רייזען, האָט די דאָזיקע גרופּע אָנפאַנגער צוגעטוליעט צו זיין צײַטונג. עס זענען בײַ מיר געבליבן הערלעכע דערינערונגען פון די פאַרשיידענע יובליי־פײַערונגען, וואָס פלעגן דורכגעפירט ווערן מיט דער באַטייליקונג פון גאַנצן קאָלעקטיוו בײַ אַ וועטשערע. דער „טאָג", וואָס האָט באַדינט אַלע ייִדישע קולטור און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, האָט מיט זיך גופא פאָרגעשטעלט אַן אינסטיטוציע. פון פאַרטאָג ביז שפּעט

בייַנאַכט, פלעגט מען קומען אין „טאָג" מיט פאַרשיידענע ענינים. כ׳וואָלט געקענט דערציילן פיל טשעקאַווע עפּיזאָדן און קוריאָזן פון יענער צייַט. פאַרדינט האָט מען שטענדיק בצימצום, אָבער עס איז אַלע מאָל געווען

פאָטאָ-מאָנטאַזש פון דער יידישער פרעסע אין ווילנע
צווישן ביידע וועלט-מלחמות (פון אַרכיוו פון „בית לוחמי הגיטאות")

פריילעך, סיי אין דער זעצערייַ און סיי אין רעדאַקציע. אין די אָוונטן פלעגן די צוויי קליינע רעדאַקציע־צימערלעך ווערן פול פון סתם־געסט.

פון די כמעט טאָג־טעגלעכע געסט, געדענק איך דעם לערער יעקב גער־שטיין און משה קאַרפּינאָוויטש, דער פאָטער פון די ברידער קאַרפּינאָוויטש. דער פאָלקס־טעאַטער, פון וועלכן ער איז געווען דער דירעקטאָר, איז גע־ווען אַ טריט פון רעדאַקציע, פלעגט ער יעדן טאָג פאַרברענגען אַ פּאָר שעה. צו ערשט דורכלייענען די היגע און וואַרשעווער פּרעסע און דערנאָך דערציילן מעשׂיות פון זײַן טעאַטער. אין טעאַטער האָט מען שוין פאַר־שפּאָרט צו גיין...

אַרומגייענדיק איבערן לײדיקן פּלאַץ, האָב איך אויף די פינגער אויס־גערעכנט יעדן פון גאַנצן קאָלעקטיוו, וואָס איז באַשטאַנען פון העכער 30 חברים. פון די לעבן־געבליבענע פון דער רעדאַקציע, געפינט זיך איצט אין פּוילן, מאיר פּופּס און שאול רייזען אין לאָנדאָן. פון די זעצער לעבן: נתן אַבראַמאָוויטש (אַרבעט איצט אַלס זעצער אין דער קאָאָפּעראַטיווער דרוקערײַ אין תּל־אביב, לייבל קאָריסקי און מוסיע שטעקין (איצט לאָנדוי) — אַרבעט אַלס קאָרעקטאָרין אין די „לעצטע נײַעס" אין תּל־אביב, די ברידער קאָטאָן און איך.

# פון וואָס הייבט מען אָן?

קרוב 2 וואָכן האָב איך אַרומגעוואָגלט אין אַבלות איבער די חרובע מוסדות און איבערגעלעבט פּײַנלעכע טעג און נעכט. איך פֿלעג אויך גיין צו די דירות פֿון מײַנע קרובים און נאָענטע באַקאַנטע, אפשר וועל איך וועמען געפינען. כ׳האָב דאָך געהאַט אַ צאָל פעטערס און מומעס מיט צענדליקער שוועסטערקינדער. אומעטום געטראָפן חרובע דירות, וויסט און פוסט. טאָמער האָב איך שוין יאָ געפונען אַ שוועסטערקינד, דעם ייִנגסטן זון פֿון מײַן פעטער יצחק ענגעלשטערן אויף רוזעלע, איז ער מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. כ׳האָב בשום אופן נישט געקענט דערגיין ווו ער איז אַהינגעקומען. ער איז וואַרשײַנלעך געפֿאַלן אַ קרבן פֿון די „ווײַסע פּאָליאַקן״, וואָס האָבן זיך פֿאַרלייגט אומצוברענגען די געראַטעוועטע ייִדן.

דורך די דאָזיקע 2 וואָכן, האָט זיך בײַ מיר שוין אויסקריסטאַליזירט דער געדאַנק וואָס איך דאַרף איצט טאָן. צו קיין אַנדער באַשלוס האָב איך זיך נישט געקענט דערטראַכטן, ווי — אַוועקגיין פֿון דאַנען. ווו ס׳זאָל נישט זײַן, אַבי נישט דאָ. אַז איך וועל דאָ נישט אָנהייבן פֿון דאָס נײַ, איז געווען פֿאַר מיר קלאָר. איך האָב בלויז נישט געקענט צונויפּנעמען די געדאַנקען ווי אַזוי איך זאָל אָנהייבן, עפּעס צו טאָן אין דער ריכטונג, אין דער צײַט, ווען איך האָב נישט קיין גראָשן בײַ דער נשמה. פֿון די פּאַרקויפֿטע זייף, נאָכן קויפֿן אַ פּאָר שיך, איז מיר געבליבן בלויז אויף קלייניקייטן. איך פֿלעג אַרומגיין אַ צעווייטיקטער, סײַ פֿון דעם אייגענעם אבלות, סײַ פֿון טראַכטן וועגן מאָרגן און אויך פֿון דעם, וואָס כ׳האָב געזען אַרום זיך. דער מוח פֿלעגט זיך בײַ מיר שפּאַלטן פֿון טראַכטן, ווי אַזוי איך וועל אַרײַנגיין צוריק אין לעבן? ווי אַזוי וועט מיר סטײַען כּוחות אָנצוהייבן פֿון דאָס נײַ, ווען ס׳פעלט מיר מוט. עלנט, אָן אַ קרוב, אָן אַ גואל, וואָס פּאָר אַ לעבן קען איך שוין דערוואַרטן?... די ווירקלעכקייט האָט, אָבער, געוויזן עפּעס אַנדערש און טאָקע גאָר גיך. ס׳האָבן באַלד אָנגעהויבן ווירקן פֿאַרשיידענע

גורמים, וואָס האָבן געצווונגען זיך אַרומצוקוקן און זיך צופּאַסן צום באַנײַטן לעבן.

פֿאַר די פֿאָר וואָכן, וואָס כ׳האָב אַרומגעבלאָנקעט, פֿלעג איך זיך אַרײַנ־כאַפּן אין אַ קיך פֿון די געוועזענע פּאַרטיזאַנער און כאַפּן אַ טעלער גע־קעכטס. איין טאָג בין איך אַרײַן אין דער געוועזענער ביליקער קיך אויף באָוויגאַרעד 8, ווו די פּאַרטיזאַנער פֿלעגן קריגן אַ מיטאָג אויף טאַלאָנעס, און טרעף דאָרט שמערקע קאַטשערגינסקי ז״ל. מיר האָבן זיך גוט געקענט, און דערצו זענען מיר געווען פֿאַך־קאָלעגן, געהערט צו דער זעלבער פּראָ־פֿעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, צום דרוקער־פֿאַראיין. (ער איז געווען אַ ליטאָ־גראַף). מען האָט זיך דערפֿרייט. אַבי מען זעט זיך ווידער. זיצן מיר און ער דערציילט מיר אַ ביסל פֿון זײַן פּלאַן אויפֿצושטעלן צוריק אין ווילנע אַ ייִדיש קולטור־לעבן, עס פֿעלן מענטשן וואָס זאָלן העלפֿן. אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ, מ׳האָט שוין אויסגעגראָבן אוצרות און מ׳זוכט נאָך, אָבער דער עיקר — ס׳פֿעלן מענטשן. „קום צו גיין אין מוזיי, וועסטו זען וואָס איך מיט סוצקעווערן און נאָך אייניקע חברים האָבן שוין אויפֿגעטאָן פֿאַר די עטלעכע טעג. ס׳וועט פֿאַר דיר אויך זײַן גענוג וואָס צו טאָן״. איך האָב אים געענטפֿערט: כ׳וועל זיך נאָר אַרומקוקן אַרום מײַנע אייגענע צרות, וועל איך קומען צו דיר. ס׳איז סך־הכּל געווען אייניקע טעג ווי כ׳בין צוריקגעקומען פֿון וואַלד קיין ווילנע. דער מוזיי האָט זיך געפֿונען אין אַ גרעסערער דירה ווו אברהם סוצקעווער, שמערקע קאַטשערגינסקי, אבא קאָוונער, ד״ר אַמאַראַנט, ע. גערשטאַטער, זעליקמאַן, נעמי מאַרקלעס האָבן געאַרבעט.

איך בין געקומען אַ 2־3 מאָל אין דעם מוזיי, וואָס איז נאָך דאַן גע־ווען אין זייער דירה אויף מיצקעוויטש־גאַס 15, דאָרט זענען שוין געווען פֿולע צימערן מיט ביכער און סקולפּטורן, וואָס מ׳האָט אויסגעגראָבן אונ־טער דער ערד אין געטאָ. בײַ טישן זענען געזעסן מענטשן און פֿאַרשריבן וואָס עדות האָבן דערציילט, אַנדערע האָבן רעגיסטרירט די צוריקגעקומענע. יעדעס מאָל פֿלעג איך בלויז מיטברענגען דאָס, וואָס כ׳פֿלעג צונויפֿקלײַבן פֿון די דירות אין געטאָ און באַלד אַוועקגיין. איך בין זיך איצט מודה, אַז איך האָב דאָרט נישט צוגעלייגט מיט קיין פֿינגער, פּשוט דערפֿאַר, ווײַל מײַנע געדאַנקען האָבן זיך געוויקלט אין איין ריכטונג — אַנטלויפֿן פֿון דאַנען בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט. אַז פֿון שמערקעס חלום וועט זיך אויסלאָזן אַ בוידעם, האָט מען דאַן גאָרנישט געקענט אַפֿילו צולאָזן צום געדאַנק. דער געזונטער שׂכל האָט געזאָגט, אַז די סאָוועטן־מאַכט וועט אפשר

איצט מעגלעך מאַכן צוריק אויפשטעלן אַ ייִדיש קולטור־לעבן פאַר די רעשטלעך לעבנגעבליבענע...

קנאַפּע צוויי וואָכן האָב איך אַזוי אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן פון שטאָט ווי אַ שאָטן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי איך גיי אַרום אויף אַ בית־עולם. יעדער ווינקל אין שטאָט, אין דער ייִדישער ווילנע איז מיר געווען באַקאַנט, אַ גרויסער טייל איז געלעגן אין חורבות.

מיט אַ ציטערדיקער האַרץ בין איך געגאַנגען אויף די פלעצער, וווּ איך האָב פאַרבראַכט מיַין יוגנט. אַ שלל דערינערונגען האָט אַ שפּאַר געטאָן פון די טיפענישן פון מיַין זכרון און האָט אַדורכגענומען אַלע מיַינע אֵברים.

דאָס ביסל ניסים־ייִדן האָבן זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן. מ׳וויל לעבן בשכנות, זיַין מער קאָמפּאַקט צווישן זיך, אין די אָוונטן פלעגט מען דערציילן און אויסהערן פאַרשיידענע מעשׂיות פון די ניצול געבליבענע ייִדן, ווי אַזוי יעדערער האָט זיך געראַטעוועט.

איין מאָל, אין אַ פרימאָרגן, האָט מען גערופן צו רעגיסטרירן זיך אין דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור. איך האָב נאָך דאַן געהערט צו די מיליטער־פליכטיקע. איך זע ווי מענטשן נעמען אָן שטעלעס אין אונטערנעמונגען, וואָס באַפריַיט זיי פון מיליטער־דינסט. איך האָב אויך אָנגעהויבן זוכן אַריַינצוכאַפּן זיך אין אַן ענלעכן פלאַץ. גיין אַרבעטן ביַי מיַין פאַך אַלס זעצער, האָב איך לכתחילה אויסגעשלאָסן. טראָץ דעם, וואָס מיַין פאַך־קאָלעגע איציקל קאָוואַלסקי, וועלכער האָט זיך שוין געדרייט אַרום פּאָליגראַפישן טרעסט, האָט מיך געשלעפּט אין ראָמס דרוקעריַי און מיר גאַראַנטירט צו קריגן אַ „בראָניראָוועקע" פונקט ווי אין אַנדערע אונטערנעמונגען, האָב איך אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון. דאָרט איז נאָך געווען דער זעלבער ליטווישער דירעקטאָר פון פאַר די ציַיטן פון דער נאַצי־הערשאַפט. די דרוקעריַי איז געבליבן גאַנץ, אָבער קיין ייִדיש אות איז שוין דאָרט נישט געווען און איך בין אַפילו קיין איין מאָל נישט אַריַין אַהין בלויז אַ קוק טאָן. דאָרט איז געווען מיַין לעצטער אַרבעטס־פלאַץ ביזן חורבן.

כ׳מוז אונטערשטריַיכן, אַז פאַר אַ געוועזענעם פּאַרטיזאַן, אַפילו אַ ייִד, איז אין דער ערשטער ציַיט געווען גאַנץ לייַכט צו קריגן אַן אָנפירנדיקן פּאָסטן, ווער רעדט, אַז מען האָט נאָך געקענט האַלטן אַ פעדער אין האַנט אין רוסיש. מיר, פונקט ווי אַנדערע, וואָלט דאָס גאָרנישט שווער געווען, צו קריגן אַזאַ שטעלע. איך האָב, אָבער, נישט פאַרגעסן דעם קורצן פּעריאָד פון דער סאָוועטישער ליטע, אין 1940, וואָס פאַר אַ צרות ס׳האָבן געהאַט

די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט פּאַראַנטוואָרטלעכע שטעלעס. כ׳האָב גע־דענקט פון די שלאָפּלאָזע נעכט, וואָס ס׳האָט געהאַט מײַן פּאַד־קאָלעגע און חבר פון פּאַרוואַלטונג, נחום אוזאַר, וואָס איז געוואָרן דירעקטאָר פון דער געוועזענער דרוקערײַ פון „אלמנה והאחים ראָם״, וואָס איז געוואָרן אַ רעגירונגס־דרוקערײַ.

איך האָב אָנגעהויבן זוכן די סאַמע נידעריק־באַצאָלטע שטעלע אין אַ פּלאַץ, ווו איך זאָל אויך קריגן אַ „בראַניראָווקע״, אָבער אָן פּאַראַנטוואָרט־לעכקייט, ביז ס׳האָט זיך געפונען אַ באמת גוטער פּלאַץ, ווו כ׳האָב גע־קראָגן אָט דאָס, וואָס כ׳האָב מיך געוווּנטשן. דאָס איז געווען אין דער געוועזענער ראַדיאָ־פאַבריק „עלעקטריט״ אויף וויוווּלסקי־גאַס, נישט ווײַט פון „מכּבי״־ספּאָרטפּלאַץ. דאָרט האָט די סאָוועטן־מאַכט באַשלאָסן אויס־צואַרבעטן טײלן צו עראָפּלאַנען, אַ שוועסטער־פאַבריק פון עראָפּלאַנען אין מאָסקווע. און אַוודאי האָב איך, בשעת מעשׂה, קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז דער נעבעכדיקער פּאָסטן מיט דער סאַמע קלענסטער שׂכירות, וואָס האָט מיר קוים געסטאַיעט אויפן סאַמע מינימום, האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן פּאַר מי רדער בעסטער אין יענע אומשטענדן.

## די ראַדיאָ־פֿאַבריק „עלעקטריט״ אויף סאָוועטישע יסודות

קורצע אינפֿאָרמאַציעס וועגן דער פֿאַבריק ביז דער מלחמה:

געגרינדעט די פֿאַבריק האָבן די ברידער כוואָלעס אין אָנהויב צוואַנציקער יאָרן. זיי זענען ביידע געווען אינזשעניערן. זייערע עלטערן זענען געווען פֿאַרמעגלעכע, אייגנטימער פֿון אַ גרויסן האָלץ־טאַרטאַק אויף פּיראַמאַנט. זיי האָבן אָנגעהויבן פֿון אַ קליין וואַרשטאַטל אויף ווילנער־גאַס 20, אויסגעאַרבעט קלייניקע קריסטאַל־ראַדיאָס, און באַשעפֿטיקט 2 אַרבעטער. איינער איז געווען מײַנער אַ חבר פֿון די חדר־יאָרן אויף שניפּישאָק. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די אונטערנעמונג האָט אָנגעהויבן וואַקסן. אין דעם זעלבן הויף איז אויסגעברייטערט געוואָרן דער שטח און אַרבעטער פֿלעגן צוקומען מיט יעדן טאָג און גאָר שנעל האָבן זיי אָנגעהויבן פֿאַברירן לאָמפּן־ראַדיאָס, עפּעס דערבײַ אַ גרויסן געשעפֿט פֿון זייערע אייגענע אַפּאַראַטן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און אַז דער פּלאַץ איז געוואָרן ענג, האָבן זיי אָפּגעקויפֿט אויף וויוווּלסקי־גאַס, עטוואָס ווײַטער פֿון „מכבי״־ספּאָרטפּלאַץ, אַ גראַנדיעזן שטח און אָנגעהויבן פֿונאַנדערבויען די אונטערנעמונג. אין גאַנג פֿון יאָרן, איז די „עלעקטריט״ פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פֿון די גרעסטע ראַדיאָ־פֿאַבריקן אין פּוילן און ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939 האָבן שוין דאָרט געאַרבעט אַריבער 3000 אַרבעטער און ביוראָ־אָנגעשטעלטע.

נאָך דעם ווי סטאַלין מיט היטלערן האָבן זיך צעטיילט מיט דער צעפֿאַלענער פּוילן, האָבן די סאָוועטן פֿאַרן איבערגעבן ווילנע צו דער פֿאַשיסטישער ליטווישער סמעטאָנאַ־רעגירונג, אַרויסגעפֿירט אַ געוויסע צאָל גרויסע פֿאַבריקן, צווישן זיי אויך „עלעקטריט״. אַלע מאַשינען זענען אַריבערגעפֿירט געוואָרן קיין מינסק און מיט די מאַשינען אויך זייער פֿיל אַרבעטער. זיי האָבן דאָרט אויפֿגעשטעלט די פֿאַבריק און זי איז ווײַטער געווען טעטיק. נאָך דער אינוואַזיע פֿון היטלער־דײַטשלאַנד, האָבן די דײַטשן געבאַלעבאַטעוועט מיט דער פֿאַבריק אין מינסק. ווען די צעשלאָגענע דײַטשע אַרמיי האָט געמוזט צוריקציִען זיך פֿון מינסק, האָבן זיי מיטגענומען

די פֿאַבריק־מאַשינען. דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן באַוויזן צו דער־פירן ביז נײַ ווילייקע, 7 קילאָמעטער פון ווילנע, און דאָרט זענען געבליבן שטעקן די אַריבער 100 וואַגאָנען מיט די מאַשינען און אַ שלל מיט די נויטיקע מאַטעריאַלן.

די נײַע באַלעבאַטים פון דער סאָוועטיש־ליטווישער „רעפּובליק" האָבן געבראַכט אַלץ צוריק אויפן זעלבן פּלאַץ, פון וואַנען מען האָט עס מיט 5 יאָר צוריק אַרויסגעפירט...



אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון טוביה ביעלסקיס אָטריאַד
אין נאַליבאָקער פּושטשע (1944)
לייזער ענגעלשטערן (צווייטע שורה, דריטער פון לינקס)

דער פּאַרטרוויונגס־מענטש בײַם אָננעמען אַרבעטער („נאַטשאַלניק קאַדראָוו") איז געווען טוביה גאַלפּערין, אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן, וואָס האָט מיך בעת מעשׂה אויפגענומען גאַנץ קאַלט.

— „ביסט דאָך אַ דרוקער — האָט ער מיר געענטפערט אויף מײַן בקשה אָנקומען אַרבעטן — פאַר וואָס גייסטו נישט אַרבעטן אין דײַן פאַך? איך דאַרף האָבן מעכאַניקער, סטאָליאַרעס און אַנדערע קרובישע פאַכן. איך זע דאָ נישט פאַר דיר קיין אַרבעט..."

כ׳האָב זיך נישט געאײַלט אָװעקצוגײן. אַז טעװקע גאַלפּערין האָט דער־זען מײַן אַנטױשונג, האָט ער זיך אָנגערופֿן: „װאַרט אַ װײַלע, כ׳װעל באַלד זען װאָס כ׳קען דאָ טאָן פֿאַר דיר. כ׳װײס צוליב װאָס דו ביסט אַהער גע־קומען... דו דאַרפֿסט האָבן אָט דאָס, װאָס די אַלע חברה קומען צו מיר... נו, דאגה נישט, דו װעסט שױן פֿון דאַנען נישט אַװעקגײן מיט לײדיקן. כ׳האָב שױן אין זינען עפּעס פֿאַר דיר...״

כ׳בין געװאָרן אַ שיק־מענטש אין אָפּטײל פֿאַר באַזאָרגונג („סנאַב־זשעניע״). אַ מענטש, מיט װעמען מען פֿאַרשאַפֿט זיך אַ גאַנג... כ׳בין גע־װען צופֿרידן ביז גאָר. זאָל זײַן אַ שיק־מענטש, אַבי זײַן צוגעטשעפּעט צו אַזאַ „יחוסדיקער מאָסקװער פֿאַבריק״. בפֿרט װען כ׳האָב באַלד דערזען חברה פֿאַרטיזאַנער. הײסט עס, צװישן אײגענע חברה.

שױן דעם ערשטן טאָג האָב איך דערפֿילט דעם װערט פֿון מײַן נעבעכ־דיקער פּאָזיציע, װאָס איז פּאַקטיש געװען מער װערט פֿון סאַמע דירעקטאָר... װײַל איך בין געװען אַ „פֿרײַער פֿױגל״... געװען כּסדר אַ גאַנצן טאָג אױסער דער פֿאַבריק אין גאַס און נישט געהאַט קײן שום פֿאַראַנטװאָרט־לעכקײט... די אַרבעטער פֿון פֿאַבריק האָבן אַזאַ פּריװילעגיע נישט געהאַט, זײ זענען געװען דעם גאַנצן טאָג צוגעשמידט צו זײער אָפּטײל. דאָס זײַן אין גאַס האָט מיר געגעבן די געלעגנהײט אַרומצוקוקן זיך װעגן מײַנע אײגענע פּראָבלעמען, װאָס האָבן נישט געפֿעלט. דער עיקר־פּראָבלעם איז געװען צו געפֿינען אַ פֿאַרבינדונג, „נעלם״ צו װערן פֿון װילנע און זוכן דערװײַל עפּעס פֿון װאָס צוצושטוקעװען צו מײַנע נעבעכדיקע שׂכירות...

די מלחמה האָט נאָך געפּלאָקערט. אַ דוחק אין לעבנסמיטלען. אַלץ איז צוגעטײלט אױף קאַרטן. אין פּאָשיסטישן פּױלן האָבן מיר נישט אײן מאָל געהאַט אַזאַ צײַט. אַלע האָבן אָבער געקראָגן צוגעטײלט גלײַך. אין לאַנד פֿון „סאָציאַליזם״ איז געװען 3 קאַטעגאָריעס און די סאַמע נידעריקסטע, האָט מען געגעבן דעם סאַמע פֿיזישן אַרבעטער... כ׳האָב עס נישט פֿאַר־שטאַנען...

אַז איך פֿלעג קומען אין דער קאָאָפּעראַטיװער „רוטאַ״־קראָם אָפּנע־מען מײַן „פּאַיאָק״ מיט מײַן פֿאַרציע ברױט פֿון 600 גראַם, פֿלעג איך כּסדר דאַרפֿן אױסהערן דעם זעלבן „פּזמון״ — „נישטאָ קײן ברױט״... פֿאַר די פֿעלנדיקע טעג האָט מען שױן נישט געקראָגן. די ליטװישע אָנגעשטעלטע פֿלעגן ציניש פֿרעגן: „װי אַזױ ביסטו אױסגעקומען אָן דעם ברױט?...״ קלאָר, אַז דאָרט איז אָנגעגאַנגען אַ שװאַרצער האַנדל אױפֿן חשבון פֿון די הונגעריקע מאַסן.

ס'איז זיך נישט צו וווּנדערן, אַז מען האָט געמוזט אָנקומען צו „קאָמ־בינאַציעס", כּדי צו פאַרדינען פון דער זײַט, אַבי צו האָבן מיט וואָס אויס־צוקומען. די עטלעכע הונדערט אַרבעטער פון „עלעקטריט" האָבן אָנגע־הויבן זיך „אַרויסהעלפן" פון די הונדערט וואַגאָנען פאַרשידענע מאַטעריאַלן ביז מען האָט פון אַלץ געמאַכט יענעם „טאָלק"... נישט אַנדערש איז געווען אויך אין אַנדערע אונטערנעמונגען... עמעצער האָט דאָך באַדאַרפט פאַר דעם „באַצאָלן" און דאָס רוב זענען די קרבנות געווען די דירעקטאָרן און בוכהאַלטערס... דער דירעקטאָר פון „עלעקטריט", באַרקע פּענעוּסאָוו, אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן, וואָס איז געווען גאָט די נשמה שולדיק, איז טאַקע אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיטן בוכהאַלטער, און אויף זײַן אָרט איז שוין געקומען אַ רוס פון מאָסקווע. פּענעוּסאָוו איז אָפּגעקומען מיט שרעק. ער האָט דערוויזן זײַן אומשולד און מ'האָט אים באַפרײַט. אָבער דער מלאך־המוות האָט אים דעריאָגט אין ארץ־ישׂראל.

# אויף קבר־אָבות אין „פּאָנאַר"

צוויי וואָכן נאָכן באַפרײַען די שטאָט, האָט די סאָוועטישע מאַכט גערופן די באַפעלקערונג צו קומען אויף פּאָנאַר צו זען דעם גרויל פון די דײַטשישע רציחות. ס'איז צוגעשטעלט געוואָרן פרײַער טראַנספּאָרט מיטן באַן. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער פון דעם הייפעלע איבערגעבליבענע ייִדן האָט נישט געפעלט צו קומען אויף קבר־אָבות פון זייערע טראַגיש פאַרשניטענע משפחות.

מיט טעג פריִער, האָב איך שוין באַוויזן זיך צו דערוויסן פון דעם גרויל, וואָס די דײַטשישע מערדער האָבן דאָרט געטאָן אויף פּאָנאַר, כדי צו פאַרווישן די שפורן פון זייערע גרויזאַמע רציחות.

אייניקע טעג נאָך מײַן קומען פון וואַלד, האָב איך געטראָפן אין גאַס שלמה גאָלן. מיר זענען געווען אייניקע יאָר שכנים, אַ טיר אין אַ טיר, און זיך גוט באַפרײַנדעט. אין אָוונט בין איך אַרויף צו אים אין זײַן צימער, וואָס ער האָט פאַרנומען באַלד ווי ער איז צוזאַמען מיט די ווילנער פּאַר־טיזאַנער אַרײַן אין דער באַפרײַטער ווילנע. אַוועק בין איך פון אים אויף מאָרגן פאַרטאָג אַ דערשיטערטער. ביז האַלבער נאַכט האָט שלמה גאָל מיר דערציילט די גרוילגעשיכטע פון זײַן „דערפאַרונג" אויף פּאָנאַר און פון זײַן רעטונג.

ווען מען האָט אים מיט די 80 מאַן געבראַכט אויף פּאָנאַר, האָבן זיי אַנדערש נישט געטראַכט, אַז דאָס איז זייער סוף. צווישן דער גרופּע זענען געווען 70 ייִדן, די רעשט סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע. צו ערשט האָט מען זיי אַראָפּגעלאָזן אויף אַ לייטער אין אַ בעטאָנענעם בונקער, און אַ דײַטש האָלט פאַר זיי אַ רעדע, באַרויִקנדיק זיי, אַז ס'וועט זיי נישט געשען קיין שלעכטס, אַז פון איצט אָן וועלן זיי דאָ „אַרבעטן"... אָבער איידער זיי וועלן אַרויפגיין צו דער „אַרבעט", וועט מען זיי פריִער שמידן אין קייטן... כדי זיי זאָלן נישט קענען אַנטלויפן פון דאַנען. צווישן דער גרופּע האָט זיך געפונען אַ שמיד, האָט ער יעדן איינעם געשמידט אין קייטן און נאָך דעם האָט מען זיי געפירט ווײַזן זייער „אַרבעט".

זייער אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַרויסנעמען פון די גריבער די מתים, אויפשטעלן פוןביימער שײַטערס און פאַרברענען, נאָך דעם זיפּן דעם אַש און אַלע גאָלדזאַכן וואָס בלײַבן נאָכן זיפּן, אַוועקלייגן דאָרט ווו באַשטימט.

שלמה האָט מיר געזאָגט, אַז ווען ער איז מיט זײַן גרופּע דאָס ערשטע מאָל צוגעגאַנגען צו אַ גרוב און נאָכן אָפּשאַרן דאָס זאַמד דערזען דעם נאַקעטן גרויל, האָבן זיי זיך צעוויינט און שיר געחלשט. דאָס איז אָבער געווען דער ערשטער שאָק. דערנאָך האָבן זיי זיך שוין צוגעוווינט צו זייער טראַגישן גורל. אויף בײַנאַכט פלעגט מען זיי צוריק אַראָפּלאָזן אויפן לייטער אין בונקער און פון אויבן איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטע וואַך פון דײַטשישע סאָלדאַטן.

זיי האָבן געוווּסט, אַז זייער גורל וועט זײַן דער זעלבער ווי די קרבנות, ווען זיי וועלן ענדיקן פאַרברענען אַלע מתים. מיט יעדן טאָג, וואָס ס׳איז גע־וואָרן ווייניקער מתים, האָט זיך דערנענטערט זייער סוף. איין מאָל בײַם אַרויסציִען אַ מת פון גרוב, האָט ש. גאָל דערקענט זײַן ברודער לויטן קידושין־רינגעלע, וואָס האָט געהאַט זײַנע איניציאַלן. ער האָט אומבאַ־מערקט אַרונטערגענומען דאָס רינגעלע און עס פאַרגראָבן אין זאַמד, מאַכנ־דיק אַ סימן. (דערציילנדיק, האָט ער מיר געוויזן דאָס רינגעלע, וואָס ער האַלט עס ביז הײַנט, אַלס הייליקן אָנדענק פון זײַן פאַרשניטענעם ברודער, וועמען כ׳האָב גוט געקענט). שלמה גאָל וווינט הײַנט מיט זײַן ווײַב און זון אין אַמעריקע.

ווען די אומגליקלעכע האָבן שוין פאַרברענט 65,000 מתים און זיי האָבן דערפילט, אַז זייער סוף איז שוין נאָענט, האָבן זיי פאַרטראַכט אַ פּלאַן צו אַנטלויפן. אין די נעכט האָבן זיי געגראָבן אַ טונעל. אַנטלויפן איז געלונגען בלויז 13 מענטשן, און צווישן זיי אויך שלמה גאָל. די איבעריקע זענען געכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן.

*

און אָט בין איך אויף „פּאָנאַר״. דער טאָג איז אַ זוניקער, אַ וואַרעמער, אָבער מיר איז פינצטער אין די אויגן און כ׳פיל ווי מײַן קערפּער ציטערט... איך גיי דאָ אַרום אין באַגלייטונג פון שלמה גאָל, פון גרוב צו גרוב, און כ׳קען נישט אײַנהאַלטן מײַנע טרערן, די פיס בייגן זיך. ס׳פאַרכאַפּט דער אָטעם פון דעם גערוך, וואָס טראָגט זיך פון די גריבער מיט די קרבנות. אַרום זענען באַשפּריקט דײַטשישע קריגס־געפאַנגענע בײַם עפענען די גריבער.

סײַ גאָל און סײַ די איבעריקע אַנטלאָפֿענע פֿון טונעל זענען איצט די וועגווײַזער, אַזוי צו זאָגן. זיי זענען „באַהאַוונט" צו וועלכער „אַקציע" די גרוב געהערט. זיי פֿירן אַרום די הויכגעשטעלטע סאָוועטישע און אויס־לענדישע „געסט" און גיבן דערקלערונגען צו די קאָרעספּאָנדענטן, וואָס זענען דאָ אויך געקומען סײַ פֿון רוסישע און אויסלענדישע צײַטונגען.

אָט איז אָ גרוב — דער קבר פֿון זעקס טויזנט ייִדישע קרבנות פֿון די ליטווישע „כאַפּונעס", באַלד אין די ערשטע חדשים נאָך דער דײַטשישער אָקופּאַציע. זיי אַלע זענען אַרײַנגעוואָרפֿן געוואָרן אין די זאַכן. ערשט שפּע־טער, האָבן די מערדער געביטן זייער „סיסטעם" און באַפֿוילן די קרבנות זיך אויסצוטאָן, איידער זיי זענען אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין גרוב.

און אָט איז די גרוב מיט די 5000 ייִדישע קרבנות פֿון דער פּראָוואָ־קאַציע פֿון דײַטשישע גאַס, געציילטע טעג, איידער מ'האָט אונדז פֿאַרשפּאַרט אין געטאָ. און אָט איז די לאַנגע גרוב פֿון דער שחיטה פֿון די „געלע שײַנען"... און אַזוי כּסדר — ווײַזט שלמה אָן מיטן פֿינגער — אָט דאָס איז די גרוב פֿון דער צווייטער געטאָ פֿון ייִדישער גאַס און די דערבײַיאיקע גאַסן, ווו ס'האָבן געפֿונען זייער קבר אַן ערך צען טויזנט פֿון אונדזערע שוועס־טער און ברידער. און דאָרט זענען די גריבער פֿון די ייִדישע קרבנות פֿון ווילנער פּראָווינץ, אַרום 5000 טויזנט מענער און פֿרויען זענען דאָרט דער־מאָרדעט געוואָרן. די שוידערהאַפֿטסטע גרוב וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אונדזערע אויגן איז געווען מיט די נאַר־וואָס אויסגעקוילעטע מענער און פֿרויען פֿון די צוויי קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין שטאָט גופא — „ה.ק.פּ." אויף סובאָטש און „קיילים" אויף וויווולסקי־גאַס, זיי זענען אומגעקומען אויפֿן שוועל פֿון דער באַפֿרײַונג.

בײַ אָט דער גרוב האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרײַסנדיקע סצענעס בעתן דערקענען לויט די בגדים משפּחה־מיטגלידער. ס'גלויבט זיך מיר קוים ווי אַזוי כ'האָב דאַן אויסגעהאַלטן פֿון אַרומגיין פֿון גרוב צו גרוב און זיך נישט צוזאַמענגעבראָכן? איך האָב דאָך אין יענע גריבער אַזאַ גרויסן חלק! — אַן ערך פֿופֿציק נפֿשות.

*

נישט באַוויזן צוצוקומען צו די איבעריקע געעפֿנטע גריבער, האָט מען גערופֿן זיך צונויפֿזאַמלען אַרום דער טריבונע, ווו ס'זענען שוין געשטאַנען די רוסישע און ליטווישע פֿאָרשטייער מיט די אויסלענדישע געסט. טאָמער

איז נאָך געווען ווייניק, וואָס מען האָט נאָר וואָס אַדורכגעלעבט, איז מען געבליבן ווי געפּלעפּט פון דער רעדע, וואָס ס׳האָט געהאַלטן אַ סאָוויעטיש־ליטווישער דיגניטאַר. ביז היינט קען איך נישט פאַרגעסן זיין דרשה ביי די אָפענע גריבער, וועמעס קרבנות זענען אויסשליסלעך געווען ייִדן, קנאַפּע טויזנט בלויז זענען געווען קריסטן.

— „אָט דאָ" — האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף די גריבער — „האָבן די דייטשישע מערדער אויסגעהרגעט רוסן, ליטווינער, פּאָליאַקן, ווייסרוסן און... ייִדן"...

דאָס האַרץ וויטיקט נאָך ביז היינט, ווען עס טיילט אונדז שוין אָפּ מער ווי 30 יאָר נאָך יענער פינצטערער תּקופה, בעת דאָס הייפּעלע געראַטע־וועטע ייִדן האָבן זיך געדאַרפט צוקוקן מיט צעוויטיקטע הערצער ווי די זעלבע ליטווינער, וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשישע מערדער אין זייערע רציחות איבער ייִדן, אויסרויבן זייער האָב און גוטס און פאַרברענען זייערע הייליקטימער, זעצן ווייטער פאָר צו צעשטערן און אָפּצווישן יעדן סימן פון ייִדיש לעבן אין ווילנע, דאָס מאָל אונטער דער רויטער פאָן מיטן סערפּ און האַמער. אַפילו די מתים אויפן זאַרעטשער בית־עלמין האָבן זיי געוואָגט צו באַזייטיקן פון דאָרט צוזאַמען מיט די געבליבענע מצבות און אויף דעם פּלאַץ צו מאַכן אַ שפּילפּלאַץ פאַר זייערע בלאָנד־האָריקע קינדער, פּונקט ווי ס׳וואָלט געפעלט אַן אַנדער פּלאַץ אין יענער געגנט...

דאָס לעבן האָט אָבער געפאָדערט זיינס. מען האָט זיך געמוזט צופּאַסן צו די נייע צייטן און צו די נייע באַדינגונגען.

# די קהילה אויף דייטשע־גאַס 19

דער דאָזיקער הויף האָט ביזן חורבן געהערט צום מאַנופאַקטור־סוחר צלאל נאָז. אין דעם הויף איז געווען אַ קליינע קלויז, ווו ס׳האָבן גע־דאַוונט די לעדער־סוחרים. אין ווילנע זענען געווען פאַר דער מלחמה אַן ערך 160 שולן, בתי־מדרשים און קלויזן. פון זיי אַלע איז דורך אַן אויס־טערלישן נס, געבליבן גאַנץ מיט אַלע תשמישי־קדושה, די קלויז אויף דײַטשע־גאַס 19, און די שארית־הפליטה האָט גלײַך געהאַט אַ מקום־קדוש צו דאַווענען מיט אַ ספר־תורה און ספרים. די ערשטע ייִדן, וואָס זענען אַרײַן אין קלויז, האָבן געפונען אויפן טיש ליגן אָפן די גמרות. דאָס איז געווען אַ באַווײַז, אַז די ייִדן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון קלויז, ווען זיי זענען געזעסן און געלערנט. דאָס איז אויסגעפאַלן בעת דער פּראָוואָקאַציע אויף דײַטשע־גאַס, געציילטע טעג פאַרן אַרײַנטרײַבן די ייִדן אין געטאָ. 5000 מענער, פרויען און קינדער, זענען דאַן אַוועקגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר.

אַ דאַנק אָט דער קלויז, האָט דער איינציקער געראַטעוועטער רב, הרב גוסטמאַן, מיטן מנין רעליגיעזע ייִדן, וואָס האָבן גענומען צו אָרגאַניזירן אַ לעגאַלע קהילה, באַשלאָסן, אַז זי זאָל זיך געפינען נעבן קלויז אין אַ פּאָר ליידיקע דירות. פון ערשטן טאָג איז דער הויף געוואָרן דער טרעף־פּונקט פון דער שארית־הפליטה. אַהין פלעגן געבראַכט ווערן די בריוו, וואָס האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פון רוסלאַנד און פון אויסלאַנד. די קהילה־מענטשן האָבן זיך קוים אַן עצה געגעבן מיטן מבול בריוו און בײַם צונויפ־שטעלן די ליסטעס, וועלכע פלעגן אויפגעקלעפּט ווערן אויף די ווענט. מ׳קען זיך קוים פאָרשטעלן די פרייד, אַז מען האָט זיך דערזען שטיין גע־שריבן אויף דער ליסטע פון די בריוו. איך אַליין האָב איין טאָג איבער־געלעבט אַזאַ רושם, באַקומענדיק אַ טעלעגראַמע פון מײַן ברודער אין אַמעריקע.

די ערשטע חדשים האָב איך זעלטן דורכגעלאָזט אַ טאָג צו קומען אויפן קהילה־הויף. דאָרט איז געווען דער בעסטער פּלאַץ צו טרעפן אַ באַקאַנטן ווי אויך צו דערוויסן זיך נײַעס. נישט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אַן עדות פון פרייד־אויסברוכן בעת פּלוצעמדיקע באַגעגענישן פון משפחה־מיטגלידער, וועלכע האָבן נישט געוווּסט אײנע פון די אַנדערע. דער דאָזיקער הויף איז מיר געווען נאָענט באַקאַנט ביזן חורבן. דאָרט איז געווען דער לעצטער לאָקאַל פון יידישן דרוקער־פאַראיין, וועלכער האָט זיך געפונען טיף אין הויף אין אַ געוועזענער גרויסער קראָם.

די נײַ־לעגאַליזירטע קהילה איז געווען נישט מער, ווי אַ שאָטן פון דער קהילה פאַרן חורבן אויף אָזשעשקאָווע־גאַס. בעת מײַנע וואָגלענישן איבער די חרובע יידישע אינסטיטוציעס, בין איך אויך אַרומגעגאַנגען איבערן קהילה־הויף אויף אָזשעשקאָווע פּלעצל. חוץ די קהילה־ביוראָען, וואָס האָבן פאַרנומען דעם הויפּט־בנין, זענען דאָך אויף דעם הויף געווען צענדליקער מוסדות, ווי, למשל, די לייזער גורוויטש־פּאָלקסשול, דער לע־רער־סעמינאַר, דער אַנסקי־מוזיי, די שול פאַר ספּעציעלער דערציִונג און נאָך, און נאָך. געפונען האָב איך אומעטום וויסט און פּוסט...

און נאָך עפּעס וועגן קהילה־הויף אויף דײַטשע 19. אַהין פּלעגט מיר ציִען צו גיין, צוליב נאָך אַ סיבה. דער געדאַנק פון נעלם ווערן פון די „באַפרײַער" האָט מיך כּסדר פאַרפאָלגט. און אַזוי ווי ס'האָט זיך מיר נאָר אײַנגעגעבן אַרויפצואַרבעטן זיך אויף אַ ביסל געלט אויף הוצאות, האָב איך זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן צו קריגן אַ קאָנטאַקט מיט די דאָזיקע מענטשן. אין יענער צײַט, האָב איך שוין געהערט, אַז מענטשן „ציִען" קיין פּוילן און פון דאָרט גייט מען ווײַטער... איך בין גרייט געווען אַוועקצוגעבן וויפל מ'האָט געדאַרפט, אַבי נאָר אַוועקצוגיין ווײַט פון שאָטן פון פּאָנאַר... און אַזוי ווי אויפן קהילה־הויף איז געווען דער אינפאָרמאַציע־קוואַל צווישן דעם שטענדיקן מענטשן־געזעמל, פּלעג איך דאָרט זוכן אַזאַ קאָנטאַקט.

אין דער זעלבער צײַט איז פּלוצעם נעלם געוואָרן פון מוזיי ד"ר שמואל אַמאַראַנט, מיט וועמען כ'האָב זיך באַפרײַנדעט אין טוביה בעלסקיס מחנה. ער האָט דאַן געאַרבעט אין מוזיי אין דער דירה פון ש. קאַטשערגינסקי ע"ה און א. סוצקעווער אויף מיצקעוויטש־גאַס 15. איך פלעג אַרויפגיין צו אים מיט זײַן פרוי תּמרה כּמעט יעדן אָוונט. בײַ זיי איז גאָר געווען דער איב־פאָרמאַציע־קוואַל. מיט אַ מאָל זענען זיי פאַרשוווּנדן... כ'האָב זיי מקנא גע־ווען. אַרויסגעריסן זיך פון דער „פרײַער תּפיסה"... איך בין פון דאַן אָן אַרײַנגעפאַלן אין אומרו צוליב דעם, וואָס מיר האָט זיך נישט אײַנגעגעבן

צו געפינען אַ „זיכערן" קאָנטאַקט... אויף אַ צווייפלהאַפטן וועג האָב איך נישט געוואָלט גיין. ווער האָט זיך דאָס דאַן געקענט פאָרשטעלן, אַז אַמאַ־ראַנטס אַנטלויפן וועט זיך אויסלאָזן פאַר זיי פאַטאַל. זיי האָבן זיך געלאָזט קיין רומעניע און פון דאָרט קיין ארץ־ישׂראל. אויפן וועג זענען זיי אַרײַנ־געפאַלן אין די הענט פון דער „נ.ק.וו.ד."... הײַנט ווייסן מיר שוין, אַז זיי האָבן געהאַט גענוג מזל נאָך חדשים זײַן פאַרשפּאַרט אין טורמע, זיך פון דאָרט אַרויסצובאַקומען און סוף־סוף דערגרייכן קיין ארץ־ישׂראל. ס'איז אָבער בײַ זיי צוגענומען געוואָרן דער גאַנצער וויכטיקער היסטאָרישער מאַטעריאַל, וואָס ד"ר אַמאַראַנט האָט צונויפגעזאַמלט אין בעלסקיס מחנה צווישן די הונדערטער יידישע פאַרטיזאַנער*. (מער פּרטים וועגן ד"ר אַמאַראַנט אין מײַן בוך „אין געטאָס און וועלדער").

ווײַזט אויס, אַז מיר איז באַשערט געווען אויסצומײַדן פרישע צרות. פון מײַנע אַלע „קאָנטאַקטן" איז גאָרנישט געוואָרן און כ'האָב זיך דער־וואַרט אויפן גליקלעכן פּעריאָד, ווען ס'איז דערלויבט געוואָרן אַריבערצו־פאָרן קיין פּוילן. דאָס דערלויבן פּוילישע בירגער צו רעפּאַטריאירן זיך קיין פּוילן, סוף יאַר 1944, איז געקומען אַזוי אומגעריכט, אַז ס'האָט זיך גאָרנישט געוואָלט גלויבן דאָס, וואָס מ'האָט געלייענט.

---

* ד"ר אַמאַראַנט איז פּלוצלונג געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק אין חיפה אין מערץ 1972.

## אַמעריקאַנער הילף
## פאַר דער שארית־הפליטה אין ווילנע

אין סעפּטעמבער 1944, זענען אָנגעקומען פון אַמעריקע פיל וואַגאָנען מיט בגדים. דער עולם האָט זיך גלייַך דערוווּסט, אַז די דאָזיקע בגדים האָבן די אַמעריקאַנער ייִדן זיך געאײַלט צו שיקן פאַר זייערע לעבן־געבליבענע ברידער און שוועסטער. מען איז געווען מער ווי זיכער, אַז די דאָזיקע בגדים וועט די אָרטיקע סאָוועטישע מאַכט איבערגעבן צו דער לעגאַליזירטער ייִדישער קהילה און זי וועט עס פאַרטיילן צו די, וואָס נויטיקן זיך אין דעם. און ווער האָט זיך אין דעם נישט גענויטיקט? יעדער איז דאָך צוריקגעקומען מיט דעם, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיך און בלויז געציילטע האָבן באַוויזן אין די ערשטע טעג צוריקצוקריגן פון אַ קריסט עפּעס וואָס בגדים, וואָס מען האָט אָנגעטרויט.

מען איז געגאַנגען אין קהילה זיך רעגיסטרירן, צו באַקומען עפּעס. געבליבן לעבן איז אַ הייפעלע קינדער, צווישן זיי זענען געווען גאַנצע און האַלבע יתומים, וואָס האָבן זיך גענויטיקט, מער ווי אַלע, אין אַ בגד און אַ שוך, האָט מען געהאָפט, אַז אָט די אומגליקלעכע קינדער וועלן זײַן די ערשטע עס צו קריגן.

אין אַ געוויסן טאָג, האָבן קהילה־פאָרשטייער זיך געווענדעט אין „גאָר־קאָם” (שטאָטישן קאָמיטעט), מיט אַ בקשה צוצוטיילן אַ טייל פון די בגדים פאַר די רעגיסטרירטע ייִדן. אויף דער דאָזיקער ווענדונג, איז געקומען אַזאַ ענטפער:

„די טראַנספּאָרטן בגדים וועלן פאַרטיילט ווערן אויף די אַרבעטס־פּלעצער”...

די קהילה־פאָרשטייער זענען געבליבן געפּלעפט פון אַזאַ צינישן ענטפער, אויף דעם האָבן זיי זיך נישט געריכט. מען האָט זיך גלייַך געכאַפּט, אַז מיטן דאָזיקן מאַנעוור זענען די „באַפרייַער” אויסן צוצוגזלען בייַ די ייִדן די מתּנות פון זייערע אַמעריקאַנער ברידער און שוועסטער. מען האָט

גאַרנישט געקאָנט טאָן דערצו. ס׳איז דאָך געווען לית דין ולית דיין... האָט מען געוואַרט צו זען, ווי אַזוי ס׳וועט צוגיין די פּאַרטיילונג אויף די אַרבעטס־פּלעצער.

איידער מ׳האָט נאָך באַוויזן צו קריגן וואָס נישט איז פון אַרבעטס־פּלאַץ, האָט מען דערזען, ווי די קריסטלעכע באַפעלקערונג פּאַראַדירט אין די גאַסן אָנגעטאָן אין אַמעריקאַנער קאָסטיומען, מאַנטלען און קליידער... דאָ האָט מען דערזען בולט דעם טריק פון די ליטווישע באַאַמטע אין „גאַרקאָם" און דאָס האָט אַרויסגערופן בייז בלוט. מ׳האָט געמוזט דערשטיקן אין זיך דעם כּעס. ייִדן האָבן צווישן זיך בלויז געריידט וועגן דער דאָזיקער גזילה. אויפן קהילה־הויף האָב איך זיך גענוג אָנגעהערט מיט אַזעלכע טענות:

— „נאָך וויניק, הייסט עס, האָבן זיך די גויים אָנגעראַבעוועט מיט אונדזער האָב און גוטס, וואָס זיי פאַרקויפן איצט אויס פּראַנק און פריי פאַר הויכע פרייַזן און שיטן אָן פולע קעשענעס מיט געלט, גיט מען זיי נאָך אַוועק אונדזערע צוגעשיקטע בגדים, זיי זאָלן ווערן נאָך רייַכער און מיר זאָלן נישט האָבן אַ בגד איבערצובייַטן!"

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, און אויפן מאַרק בייַ די האַלעס („טאָל־טשאָק"), האָבן זיך באַוויזן די אַמעריקאַנער קאָסטיומען, קליידער און מאַנט־לען. ס׳איז לייַכט געווען צו דערקענען, אַז דאָס איז פון די טראַנספּאָרטן בגדים. ס׳איז געווען דער בעסטער סימן, אַז די, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט בייַ די טראַנספּאָרטן, האָבן פּשוט געמאַכט פון דעם אַ פאַרמעגן...

בכדי צו אילוסטרירן, ווי אַזוי ס׳איז צוגעגאַנגען מיטן רעגיסטרירן זיך אויפן אַרבעטס־פּלאַץ, וועל איך ברענגען בלויז אַ פאַקט וואָס האָט געהאַט אָן אָרט מיט מיר.

איין טאָג האָט זיך באַוויזן אויפן ביולעטין־טאָוול אין „עלעקטריט" אַ מעלדונג, אַז יעדער געוועזענער פּאַרטיזאַן, וועלכער וויל באַקומען בגדים, דאַרף מיט זייַן פּאַרטיזאַנער־דאָקומענט קומען זיך רעגיסטרירן אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס. נאָר פּאַרטיזאַנער, אַלע אַנדערע, וואָס האָבן זיך גע־נויטיקט אין אַ בגד, זענען לכתחילה אויסגעשלאָסן געוואָרן...

גיי איך אויף מאָרגן אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס און דערלאַנג מייַן „ספּראַווקע" און בעט מיך רעגיסטרירן. דער ליטווינער גיט אַ קוק אויפן שטעמפּל און גיט עס מיר צוריק מיט דער באַמערקונג, אַזוי ווי מייַן דאָקו־מענט ווייַזט, אַז איך האָב זיך געפונען אויפן אָפּשניט פון ווייַסרוסלאַנד, בכן, קען ער מיר נישט רעגיסטרירן. ער רעגיסטרירט נאָר די פּאַרטיזאַ־

נער פון די ליטווישע וועלדער... אויף מײַן פראַגע, ווו איז די לאָגיק? האָבן מיר דען נישט געקעמפט קעגן דעם געמיינזאַמען שׂונא? ווער האָט דאָס דיר געהייסן אַזוי צו האַנדלען?

כ׳בין אַוועק אַן אויפגערעגטער. כ׳האָב מיך שוין טאַקע געניטיקט איבערצובײַטן אַ קאָסטיום. כ׳האָב דאָך געהאַט בלויז דעם, וואָס די גוטע גויע האָט מיר צוריקגעגעבן און ער איז שוין אויך געווען אָפּגעטראָגן. קיין מאַנטל האָב איך נאָך נישט געהאַט און אין די אָוונטן איז שוין געווען קאַלט.

מיט מיר צוזאַמען, אין דער „עלעקטריט" פאַבריק, זענען געווען נאָך צוויי צענדליק געוועזענע פּאַרטיזאַנער פון ווײַסרוסלאַנד, האָבן מיר צוזאַ־מען דערלאַנגט אַן אָנקלאַגע אין שטאָטישן קאָמיטעט מיט דער געהעריקער מאָטיווירונג. ס׳איז אַריבער איניקע וואָכן, און מיר באַקומען אַ פּאָזיטיוון ענטפער. אַפּנים, אַז דאָרט האָט מען זיך געכאַפּט, אַז ס׳לוינט זיך נישט אָנצוהייבן מיט די יידישע פּאַרטיזאַנער, זיי קענען נאָך טרעפן אין אַ צוויי־טער טיר...

אַזוי גיך, ווי כ׳האָב געקראָגן דאָס צעטל פאַר בגדים, בין איך גלײַך אַוועק אויף דעם פּלאַץ, וואָס האָט זיך געפונען אויף ברייטע־גאַס, ווו ס׳איז פריִער געווען דאָס פוטערוואַרג־געשעפט פון די ברידער טראַכטענבערג. די פאַרוואַלטערין, אַ פרוי, וועלכער כ׳האָב גראָד געקענט, נעמט בײַ מיר דאָס צעטל און פרעגט מיר, פאַר וואָס האָב איך אַזוי לאַנג געוואַרט מיטן אָפּנעמען די זאַכן? כ׳זע שוין, אַז כ׳האָב פאַרשפּעטיקט. כ׳האָב זיך געראַיעט אין די געבליבענע שמאַטעס און קוים געפונען פאַר זיך אַ וואַרעמען שאַליק מיט אַ פּאָר שקאַרפּעטן... געדאַרפט האָב איך קריגן אַ קאָסטיום, אַ מאַנטל, שיך און אונטערוועש...

אַראָפּגייענדיק טרעף איך אויף די טרעפּ אַן אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי. ער קוקט אויף מיר, איך אויף אים און ער רופט אויס: „איר זײַט ענגעלשטערן?"

ער איז געווען אַ זשורנאַליסט פון דער פאַרמלחמהדיקער ציוניסטישער טאָגצײַטונג „די צײַט", ווו כ׳האָב אַ געוויסע צײַט געאַרבעט. האָט מען אַ ביסל געשמועסט און איך דערצייל אים פון דער גאַנצער מעשׂה. ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער איז דאָס דער ממונה איבער די טראַנספּאָרטן בגדים. פרעג איך אים, אפשר קען ער עפּעס טאָן כּדי איך זאָל באַקומען וואָס מיר קומט? איך זע, אַז ער איז אין אַ פאַרלעגנהייט צו זאָגן מיר דעם אמת. פון זײַן אָנצוהערעניש האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט גאָרנישט צו זאָגן.

די אמתע באַלעבאַטים זענען די ליטווינער און ער האָט, ווייַזט אויס, געהאָט אַ באַפעל פון זייַנע „באַלעבאַטים" זיך נישט צו מישן אין זייערע ענינים... לפּנים וועגן האָט ער מיר געהייסן קומען אַ צווייט מאָל, אפשר וועלן אָנקומען נאָך טראַנספּאָרטן... אָבער כ׳בין שוין מער נישט געקומען.

דאָס איז בקיצור וועגן דער סקאַנדאַליעזער געשיכטע פון די בגדים. דער גרעסטער רחמנות איז, אָבער, געווען אויף די קינדער־יתומים. דאָס זעלבע איז, ווייַזט אויס, געווען מיט די בגדים פאַר די ייִדישע קינדער, וועלכע מ׳האָט צעטיילט צווישן די בלאָנד־האָריקע קינדער...

די, וואָס האָבן געהאַט מזל צו זיין פון די ערשטע, צו קריגן בגדים, האָבן אין פאַבריק דערציילט, אַז זיי האָבן אין די קעשענעס פון אַ טייל בגדים געפונען צעטעלעך אין ייִדיש: „טראָגט עס געזונטערהייט"...

# דער „טאַלטשאָק" ביי די האַלעס

ווילנע האָט געהאַט פיל מערק, יעדע געגנט האָט געהאַט אַ מאַרק. דאָרט איז אָבער דער האַנדל אָנגעגאַנגען בלויז צוויי טעג אַ וואָך, דינסטיק און פרײַטיק. דאַקעגן דער מאַרק בײַ די האַלעס איז געווען טעטיק אַ גאַנצע וואָך, אויסער זונטיק און חגא׳ס. ערשט שבת, האָט מען אַמאָל געקענט זען ווי נעבעכדיק ס׳האָט אויסגעזען דער גויִשער האַנדל, ווען די ייִדישע הענדלער האָבן געפעלט. די לעצטע עטלעכע יאָר פאַרן בלוטיקן מבול, ווען די פוילישע אַנטיסעמיטישע רעגירונג האָט זיך פאַרלייגט מיט אַלע מיט־לען אַרויסצושטויסן די ייִדן אויך פון קליין־מסחר, האָבן זיך גענומען מערן קריסטלעכע הענדלער און הענדלערינס און די ייִדישע קרעמער און מאַרק־הענדלער האָבן דערפילט דעם ביטערן באַיקאָט אויף זיי.

די ערשטע פאָר וואָכן פון דער סאָוועטישער ממשלה נאָך דער באַ־פרײַונג, איז דער גאַנצער פּלאַץ געווען ליידיק. אייניקע קריסטינס האָבן געהאַלטן אַ פּאָר לעבלעך ברויט אין אַ קאָשיק, וואָס זיי האָבן אַליין גע־באַקן צו פאַרקויפן. דאָס איז געווען דער איינציקער פּלאַץ צו קויפן ברויט. אַפילו אַז מען האָט שוין צוגעטיילט ברויט אויף קאַרטן אין די קאָאָפּעראַ־טיווע קראָמען, האָט מען אַלץ איינס געמוזט קויפן ברויט, ווייל איין טאָג האָט מען געקראָגן און 3־4 טעג נישט...

ביסלעכווײַז האָבן זיך גענומען ווײַזן די נײַ־געבאַקענע גויִשע הענד־לער אויך מיט אַנדערע אַרטיקלען. צו ערשט האָבן זיי געהאַלטן די „סחורה" אויפן האַנט און מיט דעם אַרומגעגאַנגען. עס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ פּראָבע, מ׳האָט זיך געדאַרפט איבערצײַגן ווי אַזוי די נײַע מאַכט־האָבער וועלן טאָלערירן דעם פּריוואַטן האַנדל. ס׳האָט לאַנג נישט גע־דויערט און דער גאַנצער פּלאַץ אַרום דער האַלע און אינעווייניק איז געוואָרן פאַרפלייצט מטי פוילישע הענדלער און סטראַגאַנעס אָנגעפּאַקט מיט פאַרשיידענע אַרטיקלען...

איין טאָג קום איך אַרויף אויפן „באַזאַר" און מײַן בליק פאַלט אויפן „לאָג" פון דעם ש"ס. אַ פוילישע הענדלערין האָט לעבן איר סטראַגאַן אַ פּאַק מיט געדרוקטע בויגנס און נוצט עס אײַנצוּוויקלען אירע אַרטיקלען... עס האָט אויפגעקאָכט אין מיר אַ כּעס. ווי אַזוי קומט עס אַהער? דרײַ יאָר איז דאָך שוין פאַרלאָפן זינט יענער צײַט. הייסט עס, אַז אויך אויף דעם האָבן זיך די גויִים געקוואַפּעט אָנצורויבן און ס'טאַיעט נאָך ביז הײַנט צו וויקלען אין דעם הערינג... כ'האָב מיך נישט געקאָנט באַהערשן און בין צוגעגאַנגען צו דער גויע און אויסגעלאָזט צו איר מײַן ביטער האַרץ.

פאַר איר האָב איך, אַוודאי, נישט מורא געהאַט צו רעדן אויף אַ העכערער אָקטאַווע... זי האָט זיך, לכתּחילה, גענומען פאַרענטפערן, אַז זי ווייסט נישט, אַז דאָס זענען דרוק־זאַכן פון „זשידאָווסקן" תּלמוד... זי איז נישט די אײנציקע דאָ אויפן מאַרק צו פּאַקן מיט דעם אָנשטאָט פּאַפּיר. „גיי ווײַטער, וועסטו זען בײַ אַלעמען פון אונדזערע הענדלער די זעלבע פּאַפּיר"...

בין איך טאַקע געגאַנגען ווײַטער. עס איז געווען אמת. אַלע, אַלע האָבן געהאַלטן לעבן זיך פּעק גאַנצע מיט די בויגנס פונעם ש"ס און אַנדערע געהאַלטן לעבן זיך גאַנצע פּעק מיט די בויגנס פונעם ש"ס און אַנדערע לגבי זייער רעליגיע, נישט אַנדערש, ווי זיי וואָלטן דאָס געטאָן מיט זייערע געבעט־ביכער. כ'האָב זיך באַלד איבערצײַגט, אַז איך מאַך זיך מיט דעם פּשוט נאַריש... כ'האָב, אָבער, נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי ס'זענען אַרײַנגעפאַלן אין די פּריוואַטע גוייִשע הענט די ספרים פון ראָמס דרוקערײַ. סײַדן די גויִים האָבן זיך אָנגערויבט מיטן האָב און גוטס פון דאָרט דעם ערשטן טאָג פון דער דײַטשער אָקופּאַציע, איידער זיי האָבן באַזעצט מיט מיליטער די דרוקערײַ. די גויִים האָבן קיין מאָל נישט פאַרפעלט אויסצונוצן יעדע געלעגנהייט צו ראַבעווען וואָס ס'איז זיי געקומען אונטערן האַנט.

ס'האָבן זיך אָפּגעפונען פּיפּיקע פוילישע מענער און פרויען, וועלכע האָבן אין לײדיקע קראָמען פאַרלייגט אַ מסחר צו פאַרקויפן קאָסטבאַרע קליידונג, פוטערוואַרג, ווי אויך אַלע אַנדערע טײַערע חפצים. דער שילד אויפן קראָם האָט געוויזן, אַז ס'איז אַ „קאָמיסיאָן"־געשעפט, ווו מען קען איבערלאָזן עס צו פאַרקויפן. באַלד זענען די דאָזיקע קראָמען פול געוואָרן מיט פאַרשיידענע קאָסטבאַרע זאַכן. קיין בעלנים האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געפעלט אויף אָט די לוקסוס־זאַכן. זיי זענען געקומען פון די „העכערע" ספערן פון די ליטווישע און רוסישע דיגניטאַרן. אַזוי אַרום איז פון דעם אָנגערויבטן יִידישן האָב און גוטס אויסגעוואַקסן אַ „לעגיטימער" האַנדל און פאַר די יִידישע שׂונאים איז צוגעקומען אַ נײַע פּרנסה... אַזאַ

סאָרט האַנדל איז פאַר די סאָוועטישע „באַפרײַער" געווען גענוג געזעצלעך, ווײַל ס׳האָט געהייסן, אַז דאָ ווערן פאַרקויפט זאַכן פון אייגענעם געברויך...

פאַר דעם הייפעלע געראַטעוועטע ייִדן איז דער „באַזאַר" געווען אַ מקום פון נערוון־פאַרלוסט. איבערהויפּט, ווען עס פלעגט אויסקומען פאַר־בײַצוגיין די לאַנגע רייען מיט די הינדלער פון בגדים, איז עס געווען אַ שווערע איבערלעבונג. אויף יעדן געשטעל האָבן זיך געפונען גרויסע מענגעס מיט מענער און פרויען־בגדים, וואָס האָבן געהאַט אויף זיך אַלע סימנים, אַז דאָס האָט באַלאַנגט צו ייִדן. עס איז געווען קלאָר, אַז די דאָ־זיקע כלומרשטע „הענדלער" האָבן עס געבראַכט פון זייערע זאַפּאַסן אָנגע־ראַבעוועט ייִדיש האָב און גוטס, ווי אויך דאָס, וואָס ס׳איז זיי אָנגעטרויט געוואָרן עס צו האַלטן ביז... און איצט פאַרקויפן זיי דאָס פראַנק און פרײַ, אָן שום מורא, פאַר הויכע פרײַזן און שיטן זיך אָן קעשענעס מיט געלט.

# ווי אַזוי ביסטו לעבן געבליבן?

— ווי אַזוי ביסטו לעבן געבליבן?... פאַר וואָס ביסטו נישט אַוועק אין וואַלד?... — אויף אַזעלכע און ענלעכע פראַגן, האָבן זיך די ערשטע צײַט אָנגעשטויסן די הייפּעלעך ייִדן נאָכן אַרויסקריכן פון זייערע באַהעל־טענישן, אין די פּײַכטע גריבער און ענדלעך דערלעבט די דײַטשישע מפּלה. האָט דען געקענט זײַן אַ גרעסערער ציניזם צו קומען מיט אַזוינע פראַגן צו די געיאָגטע און געפּלאָגטע קרבנות פון דער דײַטשישער טיראַ־ניע? עס איז שווער געווען צו פאַרשטיין פאַר וואָס אַזאַ אומצוטרוי צו די פּאָר טויזנט לעבן־געבליבענע שארית־הפליטה?

אויב צו די ייִדישע פּאַרטיזאַנער איז די ערשטע צײַט נאָך געווען אַ געוויסער צוטרוי, האָט עס ביסלעכווײַז אָנגעהויבן צערינען... ווען די ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אויך רעגיסטרירט צו רעפּאַטריאירן קיין פּוילן, זענען זיי באַלד באַטראַכט געוואָרן ווי „דעזערטירן"...

ווי ווײַט ס'איז געגאַנגען דער אומצוטרוי צו די לעבן־געבליבענע ייִדן און וואָס פאַראַ צרות ס'האָבן צוליב דעם געהאַט אַ צאָל יחידים, איז צו זען פונעם פאָלגנדיקן פאַקט:

ווי באַקאַנט, זענען די אַלע וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דײַטשן און האָבן פאַרנומען פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, אַנטלאָפן, אָדער זיך באַ־האַלטן מיטן אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי, כּדי נישט צו ווײַזן זיך אויף דער „הייסער מינוט".

אין אַ געוויסן טאָג, האָבן זיך באַוויזן מעלדונגען אויף די גאַסן אין וועלכע ס'איז געזאָגט געוואָרן, אַז די אַלע וואָס האָבן פאַרנומען שטעלעס בײַם אָקופּאַנט ווערן געבעטן צוריק צו פאַרנעמען זייערע פריִערדיקע פּאָסטנס; ס'איז זיי צוגעזאָגט געוואָרן, אַז זיי וועלן אויך צוריקקריגן זייע־רע וווינונגען וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט...

קען מען זיך פאָרשטעלן די צערודערונג, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן בײַ דער שארית־הפליטה. צווישן זיך האָט מען מיט ווייטיק גערעדט: —

„זעט נאָר, נעכטן האָבן די דאָזיקע פאַררעטער מיטגעאַרבעט מיטן שונא און געלעבט אין ווילטאָג, איצט גיט מען זיי אַוועק צוריק זייערע הויכע שטעלעס און פאַר אַ צולאָג אויך די דירות, וועלכע זיי האָבן פאַרכאַפּט. וואָס טוט זיך דאָ ?... בעת מעשׂה האָט מען זיך נישט געכאַפּט, אַז הינטער דעם שטעקט אַ טיפע פּראָוואָקאַציע...

גייט אַוועק אַ פּאָר וואָכן און ס'הייבן אָן ביסלעכווייַז צוריקקומען די דאָזיקע פאַררעטער. זיי פאַרנעמען צוריק זייערע שטעלעס און מען גיט זיי צוריק זייערע דירות, אין וועלכע ס'האָבן שוין געוווינט צוריקגעקומענע ייִדן, וואָס זענען געווען געצוווּנגען זיי צו באַפרייַען... איין זאַך האָבן זיי אָבער נישט געוווּסט, אַז ערגעץ־ווו ווערט פאַרצייכנט זייער יעדער ריר און קער ווי אויך די מענטשן מיט וועמען זיי טרעפן זיך...

גייט אַוועק אַ פּאָר חדשים און דורך איין נאַכט, געטרוי לויט דער באַקאַנטער סיסטעם, האָט די ק.ג.ב. געטראָפן צו זייערע אַדרעסן... אויף דער באַן־סטאַנציע האָבן שוין געוואַרט אויף זיי די פאַרקראַטעוועטע וואַגאָנעס וועלכע האָבן זיי אַוועקגעפירט צו די „ווייַסע בערן"...



אויף איגנאַטעווער 8, האָבן פאַרנומען אַ דירה פון אַן אַנטלאָפענעם ליטווינער אַ פּאָר משפּחות. איך פלעג אָפט אין די אָוונטן אַרייַנגיין אין דער דירה. געוווינט האָט דאָרט צווישן אַנדערע דער אייַזן־סוחר גלאַזמאַן מיט זייַן פרוי און אַ טאָכטער, וועמען ס'האָט אויסבאַהאַלטן זייער אַמאָליקע דינסט, וואָס האָט געוווינט מיט זיי צוזאַמען אין דער דירה.

כ'קום איין אָוונט אַרייַן און כ'טרעף אַ צערודערונג אין שטוב. די טאָכטער אַ פאַרווייַנטע, די מאַמע איז נישטאָ און גלאַזמאַן אַ דענערווירטער רופט זיך אָפּ צו מיר:

— נו, וואָס וועט איר זאָגן דערויף ? זיי האָבן דאָך פאַרהאַלטן מייַן ווייַב אין דער דירה פון אונדזער שכן. מייַן ווייַב, דערציילט ער ווייַטער, נישט וויסנדיק פון גאָרנישט, איז אין דער פרי אַרייַן צום שכן צוליב עפּעס אַן עניין, האָט איר די פּאָליציי פאַרהאַלטן צוזאַמען מיט די אַלע, וועלכע זענען דורך דרייַ טעג געקומען אין דער דירה און נאָך דעם האָט מען איר צוזאַמען מיט אַלע אָפּגעפירט אין לוקישקער תּפיסה.

כ'בין געבליבן שטיין אַ שאָקירטער. ס'האָט זיך עפּעס נישט געלאָזט גלויבן אַזאַ זאַך. האַלטן אַ שטיקל צייַט אַ ייִדישע פרוי, אַ קרבן פון די

זעלבע ליטווישע באַנדעס מערדער, אונטערן חשד פון האָבן אַ שייכות צו זייערע „מעשׂים" קעגן דער ראַטנמאַכט...

מ'קען זיך פאָרשטעלן וואָס גלאַזמאַן האָט נישט געטאָן כּדי צו באַפרייַען זייַן פרוי. און די דינסט, האָט דאָך באַדאַרפט גילטן אַלס דער באַגלויבטסטער עדות. מען האָט געמוזט אָנווענדן גענוג פּראַקטיקציע און אַנדערע עדות ביז מען האָט איר באַפרייַט. אַ מאָראַליש צעבראָכענע איז זי צוריקגעקומען צו איר מאַן און טאָכטער נאָך איניקע וואָכן זיצן צוזאַמען מיט די פאַר־רעטערישע פרויען אין איין צעלע...דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דעם אומצוטרוי, וואָס די „באַפרייַער" האָבן געהאַט צו דעם הייפעלע לעבן־געבליבענע ייִדן.

טאָמער איז דאָס פאַר דער פרוי גלאַזמאַן געווען ווייניק, האָט איר שפּעטער געטראָפן אַ גרויסער אומגליק. איר מאַן איז טראַגיש אומגעקומען אין רעזולטאַט פון אַן אויפרייַס אויף דער אייַזנבאַן־סטאַנציע. אויף די ליניעס האָבן זיך צונויפגעשטויסן צוגן מיט געווער, וואָס זענען געגאַנגען צום פראָנט. ס'זענען געפאַלן פיל טויטע און פאַרווונדעטע און איינער פון די קרבנות פון דעם אויפרייַס איז געווען גלאַזמאַן. מ'האָט אים באַוויזן אַרויסצונעמען פון אונטער די חורבות, אָבער ער איז שוין געווען טויט.

אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם אומגליקס־פאַל, האָט מען דאָרען — גלאַזמאַנס פרוי, מיט די אַלע איבעריקע ייִדן באַזייַטיקט פון דער דירה און עס אָפּגעגעבן צו אַ „באַפרייַער" — נישט געבנדיק זיי אַ צווייטע דירה.

דאָרע גלאַזמאַנס אַ ברודער האָט איר אַרייַנגענומען מיט איר טאָכטער אין זייַן קליינעם צימער.

# ווער דאַרף אַ ייִדישן קולטור־לעבן?

דאָס הייפעלע ייִדישע שרײַבער, קולטור־טוער און פּאַרטיזאַנער האָבן געגלויבט, אַז די סאָוועטישע מאַכט וועט העלפן די פּאָר טויזנט געראַטעוועטע ייִדן דאָס באַנײַען פון אַ ייִדיש קולטור־לעבן מיט מאַמע־לשון. מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אין 1944 האָט נאָך געדאַיעט אין רוס־לאַנד אַ נעבעכדיק ייִדיש קולטור־לעבן. אין מאָסקווע איז אַרויסגעגאַנגען די „אייניקייט״, ייִדיש טעאַטער האָט נאָך עקזיסטירט מיט מיכאָעלסן, דער אַנטי־פאַשיסטישער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון כּולו ייִדן. ווער האָט זיך געקענט ריכטן דערויף, אַז דווקא די ייִדישע קרבנות פון דײַטשן באַר־באַריזם וועט מען נישט דערלאָזן זיך אויסלעבן קולטורעל אין זייער שפּראַך?

ס׳איז נויטיק צו דערמאָנען די עקשנים, וועלכע האָבן די ערשטע גע־נומען די איניציאַטיוו פאַר אויפשטעלן צוריק אַ באַזע פאַר ייִדיש קול־טור־טעטיקייט. זיי זענען געווען אויך די ערשטע אַראָפּצושלינגען די ביטע־רע פּיל פון אַנטוישונג... פון דער גרופּע געדענק איך נאָר די סאַמע אַק־טיוועסטע — אברהם סוצקעווער, אַבאַ קאָוונער, ש. קאַטשערגינסקי ע״ה.

שוין דער פאַקט, וואָס די אָפיציעלע אינסטאַנצן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען די ערשטע ייִדישע קולטור־אינסטיטוציע ווי דעם „מוזיי״, ווו ס׳זענען צונויפגעבראַכט געוואָרן די אויסגעגראָבענע ייִדישע קולטור־אוצרות, איז געווען די ערשטע אַנטוישונג. וויבאַלד דער „מוזיי״ איז נישט אָנערקענט געוואָרן, האָבן די מיטאַרבעטער דאָרט במילא נישט באַקומען קיין שׂכירות פון דער רעגירונג... ערשט נאָך וואָכן אומדערמידלעכער שתּדלנות, האָבן די „באַפרײַער״ דערלויבט די עקשנים צו עקסיסטירן ווי אַ „קאָמיסיע צו זאַמלען מאַטעריאַלן בײַם קונסט־אָפּטייל פון בילדונגס־אָפּטיילונג״.

אין דער צײַט ווען אַלע אינסטיטוציעס האָבן שוין פונקציאָנירט נאָר־מאַל און זייערע באַאַמטע האָבן שוין געקראָגן שׂכירות, האָבן די ייִדישע קולטור־טוער פון „מוזיי״ ערשט אין סעפּטעמבער, ד״ה מיט 2 חדשים שפּעטער, געקראָגן אויסגעצאָלט פאַר אַ חודש געהאַלט און שפּעטער איז

זייער צאָל רעדוצירט געוואָרן צו דרײַ... מיטאַרבעטער. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער כּוונה, אַז די סאַמע וויכטיקסטע אַרבעט פון סעגרעגירן די געפונענע ייִדישע אוצרות זאָל פּאַראַליזירט ווערן...

אויף אַ מעמאָראַנדום צום סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי וועגן דערלויבן אַן איינמאָליקע ייִדישע אויסגאַבע, איז לכתּחילה געגעבן געוואָרן אַ פּאָזיטיווע תּשובֿה, אָבער דער ענין האָט זיך געשלעפּט וואָכן נאָכאַנאַנד, ביז ס׳איז פון דעם גאָרנישט געוואָרן. האָט זיך נאָך דעם גע־רעדט וועגן באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן פון צײַט צו צײַט אַן אַלמאַנאַך, ווו מ׳זאָל קענען אָפּדרוקן וויפל נישט איז פון די כּתבֿ־ידן, וואָס די גרופּע שרײַבער האָבן שוין באַוויזן צו שאַפן. אויך אויף די באַמיִונגען איז געקומען אַן אָפּזאָג. דער ווייטיק און דער בזיון איז געווען טיף געגנוג בײַ יעדן איינעם פון דער גרופּע ייִדישע שרײַבער.

אין גאַס האָט מען שוין געזען אַ רוסישע, אַ ליטווישע און אַ פּוילישע צײַטונג, אָבער נישט קיין געדרוקטן ייִדישן וואָרט. נישט אַלע האָבן גע־וווּסט פון דעם ווייטיק מיט וועלכן ס׳האָבן זיך אַרומגעטראָגן די ייִדישע שרײַבער און קולטור־טוער, וואָס יעדער פון זיי האָט געהאַט גרויסע פאַר־דינסטן, סײַ אין דער רויטער אַרמיי און סײַ אין פּאַרטיזאַנקע פאַר דער באַפרײַונג פון ליטע פון דער דײַטשער אָקופּאַציע. אויף אַזאַ צינישער און ברוטאַלער באַציִונג צו די ייִדישע קולטור־בויטן מצד די סאָוועטיש־ליט־ווישע „באַפרײַער" האָבן זיי זיך אַוודאי נישט געריכט אין די ערשטע טעג און וואָכן.

די זעלבע גרופּע עקשנים האָבן זיך געווענדעט צו דער מאַכט נאָך אַ דערלויבעניש פאַר אַ פאַרזאַמלונג פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער. דער מאָטיוו איז אָנגעגעבן געוואָרן, אַז אויף דער פאַרזאַמלונג וועלן די פּאַרטיזאַנער רופן די ייִדישע באַפעלקערונג, צו העלפן אויפבויען צוריק די חרובֿע ווילנע און דאָס וועט אַזוי אַרום זײַן די בעסטע נקמה איבער די נאַצישע פאַרברעכנס. קיין דערלויבעניש האָט מען נישט געקראָגן.

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט דעם ראַדיאָ. שמערקע קאַטשער־גינסקי האָט זיך געווענדעט צום דירעקטאָר פון דעם ראַדיאָ און געבעטן ער זאָל אויסטיילן כאָטש אַ האַלבע שעה אין טאָג פאַר אַ פּראָגראַם אין ייִדיש, האָט דער דירעקטאָר געענטפערט — ער קען עס נישט טאָן, ווײַל ער האָט נישט דערויף קיין אָנווײַזונגען...

דעם קאָמפּאָזיטאָר קליניצקין איז געלונגען צו ווערבירן אַ צאָל זינ־גער פאַר אַ ייִדישן כאָר. די זינגער זענען 3 מאָל אַ וואָך געגאַנגען צו די

פּראָבעס. מען האָט געוואָלט, אַז ייִדיש געזאַנג זאָל געהערט ווערן אין ראַדיאָ. קיין שטיצע האָט דער כאָר נישט געקראָגן, ווי אַנדערע כאָרן. ווען קאַטשערגינסקי איז ווידער געגאַנגען צום דירעקטאָר פון דעם ראַדיאָ בעטן ער זאָל דערלויבן דעם כאָר אויפצוטרעטן, האָט ער געענטפערט, אַז ער קען דערלויבן דעם כאָר זינגען נאָר אין ליטוויש, רוסיש אָדער פּויליש, אָבער נישט אין ייִדיש...

ווייבאַלד קיין הילף האָט דער כאָר נישט באַקומען און אויפטרעטן מיט אַ ייִדיש ליד אין דעם ראַדיאָ איז געווען פאַרבאָטן, איז דער כאָר פונאַנ־דערגעלאָזט געוואָרן...

מיט גרויסע שוועריקייטן איז אָנגעקומען צו קריגן אַ דערלויבעניש פאַר אַ יתומים־אינטערנאַט מיט אַ פאָלקסשול פון בלויז 4 קלאַסן פאַר דעם הייפעלע געראַטעוועטע קינדערלעך. די באַקאַנטע פון פאַר דער מלחמה אין ווילנע לערערין, צביה ווילדשטיין, האָט זיך אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות ביז זי האָט דערלעבט צו קענען צונויפזאַמלען די יתומים אונטער אַ דאַך פון אינטערנאַט, ווערנדיק אַ מאַמע צו די פאַריתומטע קינדערלעך.

ווען נישט דער מסירת־נפש פון די אידעאַליסטישע ייִדישע לערערינס, אויפצוהאַלטן דעם אינטערנאַט מיט דער שול, ווען נישט די ממשותדיקע הילף פון די ייִדישע אָפיצירן פון דער רויטער אַרמיי פאַר די אַנשטאַלטן, ווי אַזוי וואָלט מען זיך אַן עצה־געגעבן מיט דער נויט? זיי האָבן צונויפגע־שלעפּט אויף זייערע מיליטערישע לאַסט־אויטאָמאָבילן בענק, טישן, אַלמערס און אַזוי אַרום איז געוואָרן אַ ביסעלע „מעבל" אין די קלאַסן־צימערן.

# דער בית־יתומים און די ייִדישע שול

דאָס באַקומען די דערלויבעניש פֿון עפֿענען דעם יתומים־אינטערנאַט, די 4־קלאַסיקע ייִדישע פֿאָלקסשול און ייִדישן קינדער־גאָרטן איז באַקומען געוואָרן נישט אָן, דער גרויסער הילף און שתּדלנות פֿון דעם ייִדישן פּראָ־פֿעסאָר און הויכן אָפֿיציר פֿון דער רויטער אַרמיי פֿאָלקאָוויק רעבאַלסקי. ער איז געווען אַ באַקאַנטער פּסיכיאַטאָר און איז געווען דער פֿאַרוואַלטער פֿון אַלע פּסיכיאַטרישע שפּיטעלער פֿון דער רויטער אַרמיי. איז נישט קיין וווּנדער, וואָס ער איז געווען אַ יוצא ונכנס אין די קרעמלישע ספֿערן און זײַן השפּעה בכדי דערמעגלעכן צו עפֿענען די ייִדישע אַנשטאַלטן איז געווען אַ גרויסע.

לאה צרי באַשרײַבט אין איר בוך „מתופת אל תופת״, אַרויסגעגעבן אין תּל־אביב, 1971, וועגן די חבלי־לידה פֿון די ייִדישע אַנשטאַלטן אין ווילנע. אויך שמערקע קאַטשערגינסקי אין זײַן בוך „צווישן האַמער און סערפּ״, אַרויסגעגעבן אין פּאַריז אין יאָר 1949, ברענגט מערערע פּרטים וועגן די שתּדלנות און שוועריקייטן בײַם עפֿענען די ייִדישע קינדער־אַנ־שטאַלטן אין ווילנע, ווי אויך פּרטים וועגן די אַנדערע ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס נאָך דער באַפֿרײַונג.

צביה ווילדשטיין דערציילט, אַז בעת איר ערשטער באַגעגעניש מיט פּראָפּ׳ רעבאַלסקי, דערוויסנדיק זיך פֿון איר וועגן איר ציל צונויפֿצוזאַמלען די פֿאַריתומטע און פֿאַרלאָזטע ייִדישע קינדערלעך אונטער איין דאַך, האָט איר געזאָגט:

— „דו וועסט זײַן די מאַמע פֿון אומגליקלעכע ייִדישע קינדערלעך, און איך וועל זײַן אויך זייער טאַטע״.

נאָך אַ קורצן געשפּרעך האָט פּראָפּ׳ רעבאַלסקי געפּסקנט:

— „מיר וועלן אַרבעטן צוזאַמען און מיר וועלן שאַפֿן אַ היסטאָרישע זאַך״.

צביה ווילדשטיין איז באַשטימט געוואָרן אַלס פֿאַרוואַלטערין פֿון דער ייִדישער פֿאָלקסשול און יתומים־אינטערנאַט.

ס'האָבן זיך דערנענטערט די ימים־נוראים־טעג, — נאָכן חורבן האָט זיך דאָס הייפעלע שארית־הפליטה פון ווילנע און דער סביבה צונויפגעזאַמלט בעת „כל־נדרי" אין דער גרויסער שול. צווישן די פאַרזאַמלטע האָבן זיך אויך געפונען ייִדישע סאָוועטישע אָפיצירן פון דער רויטער אַרמיי און צווישן זיי דער פּראָפ. רעבאַלסקי.

פון דער בימה פון דער שטאָט־שול האָט די לערערין מיט אַ ציטערנדיקער שטים זיך געווענדעט צו די פּאָר מנינים ייִדן, אַז זיי זאָלן העלפן צו ראַטעווען פון אַסימילאַציע דאָס הייפעלע לעבן־געבליבענע ייִדישע יתומים. „אונדזער חוב" — האָט זי געזאָגט — איז צו געזונט מאַכן זיי פיזיש און גײַסטיק — מיר וועלן זיי געבן אַ ייִדישע דערציִונג, כּדי זיי זאָלן נישט אָפּגעריסן ווערן פון אונדזערע גײַסטיקע אוצרות און זיך אויסמישן מיט די גויִים". דער קהל האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

ס'האָט זיך געפאָדערט אַן אויסערגעוויינלעכער מסירת־נפש פון דער שארית־הפליטה צו אויפזוכן ייִדישע קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פאַרשיידענע קלויסטערס, אין מאָנאַסטירן און בײַ פּויערים, כּדי זיי אַרויסנעמען פון דאָרט און צונויפברענגען זיי אין איין פּלאַץ און זאָרגן פאַר זייער קיום און ייִדישער דערציִונג.

די שארית־הפליטה האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן אויפן רוף פון דער לערערין צביה ווילדשטיין און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די הייליקע אַקציע פון — „וקבצתי אתכם" — פון צונויפזאַמלען די ייִדישע יתומים.

אין די סוכּות־טעג איז שוין געזעסן דער דרײַלניג: פּראָפ. רעבאַלסקי, די לערערין ווילדשטיין און ד"ר בליודז, וועלכער האָט שוין געאַרבעט אַלס פּאַרוואַלטער פון די מיליטערישע אַמבולאַטאָריעס און האָבן שוין געהאַט אַ רשימה פון אַדרעסן, ווו ס'האָבן זיך געפונען ייִדישע קינדער.

ס'האָט זיך געפאָדערט פיל אָנגעשטרענגטע אַרבעט, כּדי צו אַרויסרײַסן די קינדער פון די גויִישע הענט. ס'האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן געפאָדערט ריזיקע סומעס געלט, כּדי צו באַפרײַען די קינדער. נישט ווייניק פון די קינדער זענען אָפּגעשמדט געוואָרן און ווען נישט די הילף פון פּראָפ. רעבאַלסקי און אַנדערע ייִדישע אָפיצירן — וואָלט נישט מעגלעך געווען אויסצולייזן די ייִדישע קינדער.

דער קלאָנג וועגן ייִדישן יתומים־אינטערנאַט און ייִדישע פאָלקסשול איז גיך פאַרשפּרייט געוואָרן איבער גאַנץ ליטע. ייִדישע קינדער האָבן זיך אַליין דערשלאָגן צום יתומים־הויז. אָפּגעריסענע און הונגעריקע זענען זיי אין די צענדליקער געקומען. דאָ האָבן זיי געפונען אַ ייִדישע היים און

ייִדישע דערציִערינס, וועלכע האָבן זיי פאַרביטן זייערע אומגעקומענע מאַמעס.

צווישן דעם לערער־פּערסאָנאַל און דערציִערינס האָבן זיך, אַ חוץ דער פאַרוואַלטערין צביה ווילדשטיין, אויך געפונען די לערערין זלאַטע קאַטשער־גינסקי (איצט די פרוי פון יחיאל בורגין — אַרבעט אַלס לערערין אין איינע פון די שולן אין ישׂראל), שולמית וואָלפע — אויך זי אַרבעט אַלס לערערין אין איינע פון די שולן אין ישׂראל, תּהילה טיקטין און דוד לעווין — אויך זיי אַרבעטן איצט אַלס פּעדאַגאָגן אין ישׂראל.

צווישן די דערציִערינס און לערער־פּערסאָנאַל האָט זיך אויך געפונען די באַקאַנטע, נישט לאַנג פאַרשטאָרבענע לערערין, העלענע כאַצקעלעס.

נישט איין מאָל האָט מען געקענט הערן די טענות פון די סאָוועטישע מאַכטהאָבער: „צו וואָס שאַפט איר ווידער אַ געטאָ פאַר די קינדער? — מען דאַרף זיי צונויפמישן מיט אַלע סאָוועטישע קינדער וועגן וועלכע די סאָוועטישע רעגירונג זאָרגט פאַר זיי".

דער ייִדישער יתומים־הויז איז געוואָרן אַ שם־דבר און דער ייִדישער שרייַבער קושניראָוו, וועלכער איז געקומען פון מאָסקווע באַזוכן דעם ייִדישן יתומים־אַנשטאַלט האָט אָנגעשריבן אַ באַגייַסטערטן רעפּאָרטאַזש אין „איי־ניקייט" דעם 17טן מערץ 1945, ז' 18 (130), וווּ ער האָט צווישן אַנדערע באַמערקט, אַז:

„אין ווילנע, אויף דער גאַס זיגמונדיר 12, געפינט זיך אונטער איין דאַך: אַ ייִדישע שול, ייִדישע קינדער־הויז און אַ ייִדישער קינדער־גאָרטן. אויף דעם דאָזיקן דערציִונגס־אַנשטאַלט קען מען זאָגן, אַז ער איז אַן אויסנאַם אין דער וועלט. דאָס איז אַ קינדערהיים וואָס אַלע — די תּלמי־דים און לערער — אָנהויבנדיק פון דער פאַרוואַלטערין צביה ווילדשטיין און ענדיקנדיק מיט דער 4־יאָריקער מינע שטיין — אַלע זענען זיי געווען פאַרמישפּט צום טויט".

אַלס פאַרוואַלטער פון דער ייִדישער שול איז באַשטימט געוואָרן דער באַקאַנטער ייִדישער פּעדאַגאָג פון קאָוונע ד"ר אליעזר ירושלמי, וועלכער האָט פיל געלייסטעט און בייַגעטראָגן צום דערציִען די ייִדישע יתומימלעך אין ייִדישן גייַסט.

ס'האָבן אויך נישט געפעלט רירנדיקע מאָמענטן, ווען לויטן באַפעל פון דער מאַכט, האָט מען געקענט אַרייַנגעמען אין ייִדישן יתומים־הויז נאָר קינדער געראַטעוועטע פון די געטאָס, לאַגערן, באַהעלטענישן און פון די וועלדער. די קינדער, וועלכע זענען געווען עוואַקויִרט און האָבן זיך

צוריקגעקערט פון דער עוואַקואַציע, איז געווען פאַרבאָטן צו אַרײַנעמען זיי אין ייִדישן קינדער־אינטערנאַט, זענען געווען פאַלן ווען די ייִדישע קינ־דער פלעגן אַנטלויפן פון די ליטווישע דערציִונגס־הײַזער און קומען ווייַ־נענדיק בעטן מען זאָל זיי צונעמען אין ייִדישן יתומים־הויז. אָבער היות, ווי לויטן שטרענגן פאַרבאָט, פלעגט די ייִדישע עוואַקויִרטע קינדער זײַן פאַר־באָטן אָנגענומען צו ווערן אין ייִדישן קינדער־אינטערנאַט, — פלעגן זיי זיך אָפּזאָגן צו פאַרלאָזן דעם בנין און פלעגן פאַרבלײַבן שלאָפן הונגעריקע אויף די טרעפּ.

די שׂמחה מיט דער ייִדישער שול און קינדער־גאָרטן האָט אָנגעע־האַלטן אַ קורצע צײַט. ווען די שול האָט צום סוף לערן־יאָר צוגעשטעלט אַ בודזשעט אויפן קומענדיקן שוליאָר פאַר אַ 5טן קלאַס, האָט מען פון דעם בילדונגס־מיניסטעריום געלאָזט וויסן, אַז מער ווי 4 קלאַסן קען די שול נישט האָבן...

דאָס נישט דערלויבן קיין פינפטן קלאַס האָט געצילט צו דעם, אַז די שול וועט במילא זיך מוזן שליסן. און אַזוי איז טאַקע געווען. די קינדער פון דער ייִדישער שול זענען שפּעטער אײַנגעגלידערט געוואָרן אין די אַלגעמיינע פאַלקשולן. דאָס זעלבע איז געווען מיטן יתומים־אינטערנאַט און קינדער־גאָרטן. מ׳קען זיך פאָרשטעלן דעם צער ביי דעם הייפעלע געראַטעוועטע קינדער בעת מ׳האָט זיי אַריבערגעפירט אין די אַלגעמיינע קינדער־אַנשטאַלטן.

דערביי איז ווערט צו באַמערקן, אַז ווען די קינדער האָבן סוף יאָר זיך צוגעשטעלט צו דער אָלימפּיאַדע פאַר קונסט פון דער סאָוועטיש־ליטווישער רעפּובליק, האָט די ייִדישע שול פאַרנומען דעם ערשטן אָרט אין לערנען, געזאַנג און טענץ...

# אַנטוישטע האָפענונגען

אייניקע „בלימעלעך” ווי אַזוי די סאָוויעטישע „קולטור־טרעגער” האָבן אומגעבראַכט אוצרות פון דער ייִדישער ליטעראַטור נאָכן באַפרײַען ווילנע. דאָס וואָס די דײַטשע וואַנדאַלן האָבן נישט באַוויזן צו פאַרניכטן פאַרן אַנטלויפן פון ווילנע, האָבן זיי דערגענצט מיט אַ געוויסער מאָס פון קאַלטבלוטיקייט און גלײַכגילטיקייט צו די אוצרות פון דער ייִדישער קול־טור, וואָס איז צופעליק אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

ש. קאַטשערגינסקי, וועלכער איז געווען דער סאַמע אַקטיוועסטער טוער פון מוזיי, האָט זיך דערוווּסט, אַז אין „סאָיוזאוטיל” (אָפּטייל פאַר צונויפ־זאַמלען אָפּגענוצטע אַרטיקלען), געפינט זיך אַ גרויסער קוואַנטום, בערך 30 טאָן, פון „מאַקלאַטור”, וואָס וואַרט אָפּגעשיקט צו ווערן אין דער פּאַפּיר־פֿאַבריק. אָט דאָס, וואָס די „באַפרײַער” האָבן באַצייכנט ווי „מאַק־לאַטור” — איז פּאַקטיש געווען אַ ריזיקער אוצר פון דער ייִדישער ליטעראַטור. דאָרט האָבן זיך געפונען ביכער, כּתבֿ־ידן און אַרכיוו־מאַטע־ריאַלן פון „ייִוואָ”, „סטראַשון־ביבליאָטעק”, ביבליאָטעק פון מפיצי השׂכּלה און אַנדערע ווערטפולע מאַטעריאַלן. היות ווי דער מוזיי האָט צוליב מאַטעריעלע שוועריקייטן און מאַנגל אין פּלאַץ נישט באַוויזן עס צוצו־נעמען. (ס'איז אַ פראַגע, צי מ'וואָלט זיי דערלויבט עס צוצונעמען ?...).

קאַטשערגינסקי האָט זיך געווענדט צו זימאַנען (געוו' לערער פון דער ייִדישער גימנאַזיע אין קאָוונע), וועלכער איז דאַן געווען דער 2טער פּאַר־טיי־סעקרעטאַר פאַר פּראָפּאַגאַנדע, אַז ער זאָל פּועלן, אַז די דאָזיקע אוצרות זאָלן נישט אָפּגעשיקט ווערן אין פּאַפּיר־פֿאַבריק. גלײַכצײַטיק, האָט ער געשיקט אַן אַלאַרמירנדיקן בריוו צום ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע, ווײַל די צענטראַלע פון „סאָיוזאוטיל” איז דאָך געווען אין מאָסקווע, האָט מען געהאָפט, אַז פון דאָרט וועט באַלד קומען אַ באַפעל צום ווילנער אָפּטייל דאָס צו פאַרהאַלטן.

פון דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן אַ גאַנצע ריי אינטערווענצן אַפּצוראַ־טעווען די אוצרות פון פאַרניכטונג. דער ענין האָט זיך געשלעפּט אַ ריי וואָכן, און פאַר דער צײַט האָבן די טוער פון מוזיי אָפּגעקלאַפּט די טירן פון די באַרופענע אינסטאַנצן, כּדי צו אָפּשאַפן די גזירה און אויסצופּועלן צו פאַרהאַלטן די אוצרות, כּדי זיי זאָלן נישט אַוועקגעשיקט ווערן אין דער פּאַפּיר־פאַבריק.

אין דער זעלבער צײַט איז שמערקע קאַטשערגינסקי געפאָרן קיין מאָסקווע. ער האָט דאָרט זיך באַמיט צו געפינען גערעכטיקייט קעגן דער עוולה וואָס ווערט געטאָן אין דער באַפרײַטער ווילנע לגבי דעם הייפעלע געראַטעוועטע ייִדן, וועמען מען פאַרווערט אויסצולעבן זיך קולטורעל אין דער ייִדישער שפּראַך. אַזוי נאָר ווי קאַטשערגינסקי איז צוריקגעקומען פון מאָסקווע, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז די צענדליקער פּעק געפינען זיך שוין אָנגעלאָדן אויף דער באַן, פון וואַנען זיי דאַרפן אָפּגעשיקט ווערן אין דער פּאַפּיר־פאַבריק. באַלד פון וואָקזאַל איז ער אַרויף צום דירעקטאָר פון דער באַן־סטאַנציע און האָט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דעם אומזין פון שיקן געדרוקטע קולטור־אוצרות אויף איבעראַרבעטן אויף ריין פּאַפּיר.

אויף דער פראַגע פון קאַטשערגינסקין, צי דער דירעקטאָר ווייסט וואָס אין די פּעק געפינט זיך? — איז געקומען אַ לאַקאָנישער ענטפער: — „וואָס הייסט צי איך ווייס: — פּאַפּיר — אָפּפאַל" — אויף דעם האָט שמערקע מיט כּעס אויסגעשריִען:

„דאָ ליגן אוצרות און איר מוזט עס אָפּהאַלטן און נישט אַרויסשיקן ווײַטער, לײדער האָבן מיר נישט קיין אייגענעם טראַנספּאָרט דאָס צו־צונעמען".

דער דירעקטאָר האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן קאַטשערגינסקיס פאָ־דערונג אָפּצוהאַלטן דעם טראַנספּאָרט און ער האָט צוגעגעבן, אַז דער מאַ־טעריאַל געהערט שוין איצט צו דער צענטראַלע פון „סאָיוזאוטיל" אין מאָס־קווע, און ער האָט בלויז געקענט ראַטן זיך ווענדן דירעקט צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמפּאַרטיי אין ליטע. אויף שמערקעס בקשה האָט זימאַן געשיקט אַ קאָמיסיע אויספאָרשן, וואָס ס'געפינט זיך אין די פּעק.

די „קאָמיסיע" איז סך־הכּל באַשטאַנען פון ליטווינער. זיי האָבן נישט געוואָלט פונאַנדערפּאַקן אַפילו איין פּאַק. זיי האָבן בלויז פון אויבן אַ קוק געטאָן אויף די אײַנגעשמוצטע, צעריסענע פּאַפּירן און זענען אַוועק, נישט אָפּרופנדיק זיך מיט אַ וואָרט...

ווען קאַטשערגינסקי האָט אויף מאָרגן טעלעפאָניש געפרעגט זימאַנען און געוואָלט הערן אַ דערמוטיקנדיקע תשובה, האָט זימאַן מיט רוגזה גע־ענטפערט, אַז ער זאָל אים אויפהערן צו דרייען דעם קאָפּ...

שמערקע איז ווידער אַוועק צו דער באַן־סטאַנציע. די ראַמפּע איז שוין אָבער געווען ליידיק. פאַר טאָג זענען די פּעק אַוועקגעפירט געוואָרן...

כאָטש ס׳איז פאַר אים געווען אַ שווערער קלאַפּ, האָט זיך שמערקע נישט מייאש געווען און אָנגעהויבן אַ נייַע סדרה אינטערווענצן. געשיקט אַן אַלאַרמירנדיקן בריוו צום אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע, צו ערענבורגן, געשיקט אַ טעלעגראַמע אין „סאָיוזאוטיל״ אין מאָסקווע, צו סוסלאָוון און אַפילו צום „פאָטער פון די פעלקער״, סטאַלינען.

קאַטשערגינסקיס אומדערמידלעכע אינטערווענצן האָבן קיין רעזולטאַטן נישט געבראַכט. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז פון די פּעק אוצרות איז נישט איבערגעבליבן קיין סימן האָט ער אויסגערופן: „אַלץ פאַרפאַלן, אַזוי ווי אין קרעמאַטאָריע, נישטאָ שוין״. ס׳איז אַ גרויסער ספק אויך צי ס׳איז עמעצער באַשטראָפט געוואָרן פאַר דעם וואַנדאַלן אַקט...

אין יענער צייַט האָט דאָס פאַרניכטן די אָפּגעראַטעוועטע ליטעראַטור־אוצרות אויסגעזען בײַ די ייִדישע קולטור־טוער פון מוזיי שיעור נישט ווי דאָס גרעסטע אומגליק. דאַן האָט מען נאָך קלאָר נישט געוווּסט, און מ׳האָט אויך נישט געקענט פאָרויסזען, אַז אין סכנה געפינען זיך אַלע געפונענע ייִדישע קולטור־ און ליטעראַטור־אוצרות, וואָס מ׳האָט ממש דורך אַ נס באַוויזן אויסצוגראָבן פון די באַהעלטענישן אויפן שטח פון געטאָ. מ׳קען זיך לייַכט פאָרשטעלן, אַז די אָפּגעראַטעוועטע ייִדישע ביכער און קונסט־אוצרות, וואָס האָבן געזאָלט זייַן דער יסוד פאַר באַנייַען אַ ייִדישן קולטור־לעבן, וואַלגערן זיך הייַנט ערגעץ־ווו אין די פייַכטע קעלערן, אָדער זיי האָבן אפשר געהאַט דעם זעלבן גורל ווי די 30 טאָן ייִדישע קולטור־אוצרות, וואָס זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער פאַפּיר־פאַבריק.

אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזן די אילוזיע פון דער שארית־הפליטה, אַז די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען וועלן אין דער באַפרייַטער ווילנע העלפן צוריק אויפלעבן דאָס צעשטערטע חרובע ייִדישע קולטור־לעבן.

## געשיכטע חזרט זיך איבער

נישט ווילנדיק טויכן אויף אין זכרון יענע טעג פון 17טן סעפּטעמבער 1939, ווען די רויטע אַרמיי האָט אַרײַנמאַרשירט קיין ווילנע, נאָך דעם ווי היטלער־דײַטשלאַנד האָט געשלאָסן דעם באַקאַנטן אָפּמאַך מיטן ראַטנ־פאַרבאַנד דעם 23סטן אויגוסט 1939 אויף צעטיילן פּוילן. אויך דאַן האָט זיך צוגלײַך מיט דער „באַפרײַונג" פון ווילנע, אָנגעהויבן די „באַפרײַונג" פון איר טעגלעכער ייִדישער פּרעסע און קולטור. ס'האָט זיך דאַן אָנגעהויבן דער באַרג־אַראָפּ און בהדרגהדיקע ליקווידאַציע פון די ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס, לערן־אַנשטאַלטן, ייִדישע פּרעסע — און אַלץ וואָס ס'איז געווען פאַרבונדן מיט ייִדישע און העברעיִשע קולטור־ווערטן — די וועלכע זענען געבויט און געפּלעגט געוואָרן אין משך פון יאָרהונדערטער.

וויל איך זיך ברייטער אָפּשטעלן אויף דעם „באַרג־אַראָפּ" פון דער ייִדישער קולטור, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער סאָוועטישער „באַפרײַונג" פון ווילנע, אין יענע סעפּטעמבער־טעג פון 1939, בכדי צו מאַכן אַ פּאַראַלעל מיט דער צווייטער „באַפרײַונג" אין יולי 1944.

ווי אַזוי איז עס געשען?

די אַלע 16 טעג פון דער מלחמה זענען יעדן טאָג רעגולער דערשינען אַלע 5 צייטונגען — די צוויי פרימאָרגן־צײַטונגען, „ווילנער טאָג" און „די צײַט", אַזוי אויך די דרײַ נאָכמיטאָג־צײַטונגען — „אָוונט קוריער", „אונדזער עקספּרעס" און „ראַדיאָ". איך האָב זינט 1927 געאַרבעט אַלס זעצער אין „ווילנער טאָג".

לכּבוד דעם אַרײַנמאַרש אין ווילנע פון דער רויטער אַרמיי, איז דער „ווילנער טאָג" אַרויס מיט אַ „פּעטן" קאָפּ, וואָס האָט זיך געלייענט אומגעפער אַזוי: „די ייִדישע ווילנע באַגריסט פײַערלעך די באַפרײַערישע רויטע אַרמיי". די צײַטונג איז געווען אויסגעפּילט מיט לויב פאַר דעם ראַטנפאַרבאַנד און אין פירער. דער צײַטונג האָט מען ממש געריסן פון די הענט פון די צײַטונגס־פאַרקויפער, ווי קיין מאָל נישט. אָבער ווי איבער־

ראַשט איז מען געוואָרן אין די פּרימאָרגן־שעהען, זעענדיק, ווי רויט־אַרמייער קאָנפיסקירן די צײַטונגען.

פון די אַלע 5 ייִדישע טעגלעכע צײַטונגען אין ווילנע, איז דער „ווילנער טאָג" געווען די ראַדיקאַלסטע צײַטונג, כאָטש אונטערן קאָפּ איז געווען די באַצייכענונג, אַז זי איז דעמאָקראַטיש־אומפּאַרטייאיש, איז זי אָבער שטענדיק געווען פּראָ־סאָוועטיש. אַן ענדערונג איז אַרײַנגעקומען, וואָס האָט דערפירט צו אַ ריס צווישן אַ טייל רעדאַקציע־מיטגלידער, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די סטאַליניסטישע פּראָצעסן אין מאָסקווע אין 1937.

אין די פּרימאָרגן־שעהען זענען די זעצער, ווי אַלע טאָג, געקומען צו דער אַרבעט, פריילעכע און מונטערע. דאָס מאָל אַ דאַנק אים — דעם „פּאַטער" פון די פעלקער. מען האָט זיך קעגנזײַטיק געטיילט מיט די פרייד־יקע אײַנדרוקן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט, ווען די גאַסן זענען געווען פול מיט דער צעשטראַלטער יוגנט, וואָס איז נישט מיד געוואָרן צו באַגריסן די אַרײַנמאַרשירנדיקע רויטע אַרמייער.

כאָטש מיר, די זעצער, האָבן שוין געהערט די גרוסן פון גאַס, אַז די צײַטונג איז קאָנפיסקירט און קיינער האָט נישט געוווּסט די סיבה, האָבן די זעצער זיך דאָך גענומען צו דער אַרבעט.

ס׳באַווײַזן זיך רויט־אַרמייער אין דער דרוקערײַ און אַזוי אויך אין רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע. מיט מינוטן שפּעטער קומט אַרײַן אין דער זעצערײַ דער פאַרוואַלטער וואָלאָשין און מעלדעט די זעצער, אַז מען זאָל איבעררײַסן די אַרבעט און גיין אַהיים...

נאָך איידער עס האָבן זיך באַוויזן די רויט־אַרמייער, האָבן מיר צווישן זיך געשמועסט, אַז מיר דאַרפן נישט זײַן נאַיִוו, אַז די ראַטנמאַכט וועט דער־לויבן אַרויסגיין דעם „ווילנער טאָג". מיר האָבן געוווּסט, אַז אין ראַטנ־פאַרבאַנד עקזיסטירט נישט קיין געזעלשאַפטלעכע פּרעסע. אַלץ געהערט צו דער רעגירונג. נו, איז וואָס? איצט וועלן מיר קריגן שׂכירות פון דער רעגירונג, אויס קאָלעקטיוו, — האָבן זיך געהערט שטימען. בײַ קיינעם איז נישט געווען דער מינדסטער געדאַנק, אַז מיר וועלן אין גאַנצן נישט האָבן קיין ייִדישע צײַטונג און אַז די ייִדישע זעצער וועלן גאָר בלײַבן אַרבעטסלאָז.

נישט באַוויזן זיך גענוג צו פרייען מיט אונדזער פלוצעמדיקער באַ־פרײַונג, האָט ווי אַ דונער געטראָפן דער ווילנער ייִדישער געזעלשאַפטלעכ־קייט און מער פון אַלעמען אונדז, די מיטגלידער פון קאָלעקטיוו „טאָג" — זלמן רייזען, זײַנע 2 זין, שאול און לייבל אַרעסטירט... אַ שעה שפּעטער

הערט מען שוין פון אַרעסט פון דעם אַדוואָקאַט יוסף טשערניכאָוו און דאַן האָט יעדע ווײַטערדיקע שעה געבראַכט ווײַטערדיקע שוואַרצע ידיעות פון אַרעסטירן די מערסטע מיטגלידער פון „בונד"־קאָמיטעט און אַ גאַנצע ריי באַקאַנטע טוער פון אַלגעמיינעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

2 וואָכן זינט די ייִדישע באַפעלקערונג איז געבליבן אָן אַ ייִדישער צײַטונג, באַוויזט זיך צו ערשט אַ רוסישע צײַטונג און גלײַכצײַטיק אויך אַ פּוילישע צײַטונג. ייִדן פרעגן: ווען וועט דערשײַנען אַ ייִדישע צײַטונג? מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז ווילנע האָט צו יענער צײַט געציילט אַן ערך 80 טויזנט ייִדן, צוזאַמען מיט די טויזנטער פּליטים פון פּוילן.

די פאַרוואַלטונג פון ווילנער דרוקער־פאַראיין, צו וועלכן איך האָב באַלאַנגט, פּרובירט קלאַפּן אין פאַרשידענע טירן. דערבײַ דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז אין פאַרוואַלטונג זענען געווען אַ צאָל מיטגלידער, וואָס האָבן יאָרן לאַנג געהערט צו דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, מיט אַ סטאַזש פון יאָרן אין לוקישקער טורמע. אָט די חברים האָבן געפילט, אַז איצט איז זייער צײַט און האָבן מיט גרויס מי געפּרוווט דורכברעכן די „פאַרמאַכטע טיר" פאַרן ייִדישן געדרוקטן וואָרט. ס'איז אָבער נישט גע־לונגען. דערווײַל גייען אַלע ייִדישע זעצער אַרום אָן אַרבעט. זעלטן ווער עס האָט געהאַט אָפּשפּאָרונגען פון פריִער, בעת אין די „גוטע" יאָרן האָט מען קוים פאַרדינט אין די ייִדישע צײַטונגען אויף אַ מיזערנעם לעבן. זעענדיק די לײַדן פון די פּאָר הונדערט מיטגלידער, האָט די פאַרוואַלטונג בינו לבינו זיך פאַרנומען צו באַזאָרגן די מיטגלידער און זייערע פאַמיליעס מיט אַ ביסל פּראָדוקטן צו ביליקערע פּרײַזן. דער יקרות און דער מאַנגל אין שפּײַז האָט זיך שוין געפילט אין די הײַזער פון די אַרבעטסלאָזע דרוקער־אַרבעטער.

און אַזוי זענען אַריבער די 7 וואָכן וואָס די רויטע אַרמיי איז געווען אין ווילנע און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס דאָ גייט אָן, ביז מען האָט זיך, סוף נאָוועמבער 1939 דערוווּסט, אַז ווילנע ווערט אָפּגעגעבן צו דער פאַשיסטישער ליטע מיט דער רעאַקציאָנערער און ייִדן־פײַנטלעכער ליטווי־שער רעגירונג, בראש מיט איר פאַשיסטישן פּרעזידענט סמעטאָנאַ, וועלכער האָט שוין אויף מאָרגן נאָכן אַרײַנמאַרשירן פון אירע ד ר ײַ טאַנקעטעס, דערלאָזט צו אַ פּאָגראָם אויף ייִדן, וואָס האָט אָנגעהאַלטן 2 טעג: דער רעזולטאַט — קרבנות און פּאָגראָמירטע דירות און געשעפטן.

אַזוי גיך ווי עס האָט זיך אײַנגעשטעלט די אַדמיניסטראַציע פון דער נײַער ליטווישער מאַכט, האָט זי דערלויבט אַרויסצוגעבן 2 ייִדישע צײַטונ־

גען — אַ פרימאָרגן־ און נאָכמיטאָג־צײַטונג. דאָס האָט געדויערט ביז דער בלוטלאָזער „רעוואָלוציע" אין ליטע, אין זומער 1940, ווען דער ראַטנפאַרבאַנד האָט פאַראייניקט די באַלטישע לענדער אין דעם באַשטאַנד פון די סאָוועטישע, סאָציאַליסטישע רעפּובליקן.

אין משך פון דעם קורצן „פרילינג" אין ליטע, וועלכער איז געקומען באַלד נאָך דער בלוטלאָזער „רעוואָלוציע" אין זומער 1940, האָט זיך אָנ־געהויבן אַ „באַרג־אַרויף" פון דעם ייִדישן קולטור־לעבן. אַלע העברעיִשע און ייִדיש־פּוילישע שולן זענען אַריבער אויף ייִדיש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך; ס'האָבן זיך געעפנט פּעדאַגאָגישע קורסן פאַר לערער פון די פּוי־לישע און העברעיִשע שולן צו דערלערנען די ייִדישע שפּראַך. אַלע שולן זענען אונטערגעוואָרפן געוואָרן דער רעגירונג. אַזוי אויך דאָס ייִדישע טעאַטער. אין קאָוונע און אין ווילנע זענען דערשינען 2 ייִדישע טעגלעכע צײַטונגען.

אָבער דער „פרילינג" האָט אָנגעהאַלטן בלויז אַ קורצע צײַט און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דער האַסטיקער „באַרג־אַראָפּ" פונעם ייִדישן קולטור־לעבן. דער ערשטער קלאַפּ איז געווען דאָס שליסן דעם „עמעס" אין ווילנע, איבערלאָזנדיק בלויז דעם „עמעס" אין קאָוונע. דער פּרעטעקסט פון שליסן די איינציקע ייִדישע צײַטונג אין ווילנע איז אויסגעטײַטשט געוואָרן צוליב „שפּאָרזאַמקייט".

דאָס פאַרשמעלערן די ראַמען פון דער ייִדישער קולטור־טעטיקייט און דאָס „פאַראייניקן" (לייען פאַרמאַכן) די קולטור־אינסטיטוציעס און די ייִדישע צײַטונג האָט געבראַכט שווערע פאָלגן. אַ טייל באַוווּסטע און זייער פּאָפּולערע שרײַבער און זשורנאַליסטן, ווי ז. קאַלמאַנאָוויטש, משה שאַליט, א. י. גראָדזענסקי, חיים לעווין, א. גאָלדשמידט און אַנדערע זענען אַרויס־געוואָרפן געוואָרן פון זייערע אַרבעט־פּלעצער, דערצו האָט נאָך פאַרפאָלגט אַ פּחד, אַז דאָס איז אויך אַ „רמז" צו אַרעסטירט ווערן און האָבן דעם זעלבן סוף ווי דער שרײַבער זלמן רייזען און אַדוו' טשערניכאָוו.

איך געדענק ווי אַזוי מ'האָט דאַן אָנגעהויבן זוכן אַוועלכע ס'איז באַ־שעפטיקונג פאַר די אַרבעטסלאָזע שרײַבער און זשורנאַליסטן. סוף־כּל־סוף איז געלונגען הירש־זעליק קאַלמאַנאָוויטשן, וועלכער איז אויך באַ־זײַטיקט געוואָרן פון ייִוו"אָ, ווו ער איז געווען אַ פּרעזידיום־מיטגליד און איינער פון זײַנע גרינדער צו באַקומען אַרבעט אַלס קאָרעקטאָר און גראָ־דזענסקי האָט זיך פאַרנומען מיט איבערזעצונגען.

באַלד נאָכן פאַרמאַכן דעם ווילנער „עמעס" איז אויך אָנגעקומען אַ באַפעל צו פאַרמאַכן דעם ייִדישן טעאַטער אין קאָוונע. די לאַגע האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג און האָט דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פונקט מיט דעם אָנהייב פון די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס און אַרעסטן פון די „פּײַנטלעכע" עלעמענטן, ווי ציוניסטן, בונדיסטן, סוחרים א"אַ. הונדערטער משפּחות זענען אין די נעכט אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע היימען, אַוועקגעפירט זיי אויפן וואָקזאַל, ווו ס'האָבן שוין געוואַרט פוסטע לאַסט־וואַגאָנען און מ'האָט זיי אַוועקגעפירט קיין צפון־רוסלאַנד.

מ'האָט אָנגעהויבן פילן די אָנקומענדיקע סכנות. יעדן טאָג, ווען מ'איז נאָר אַרויס אין גאַס, האָט מען צווישן באַקאַנטע געקענט הערן, אַז „מען כאַפּט" און די לוקישקער תּפיסה איז שוין פול מיט ייִדישע „וראַגינאַראָדאַ" — (די שונאים פון פאָלק).

אין ווילנע האָבן זיך נישט ווייניק געפונען „אַנטוישטע" — אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך דעם סאָוועטישן „גן־עדן" פאָרגעשטעלט גאַנץ אַנדערש, האָט מען אין דער שטיל צווישן די „אַנטוישטע" געקענט הערן, אַז „עפּעס קלאַפּט נישט", „ס'איז נישט דאָס, וואָס מ'האָט געמיינט" — אַנדערע, מער דרייסטע האָבן קורץ אָפּגעפּסקנט: „אַ באַלאַגאַן!"

## דער סוף פון דער דרוקעריי
## „האלמנה והאחים ראָם״

דאָן איז אויך געקומען דער סוף פון די פּריוואַטע דרוקערייַען אין ווילנע. דער גאַנצער אינווענטאַר פון די ייִדישע דרוקערייַען איז צונויפגע־קליבן געוואָרן אין איין פּלאַץ. די גרעסטע דרוקערייַ אין ווילנע „האלמנה והאחים ראָם״ איז באַשטימט געוואָרן צו באַדינען די ייִדישע קולטור־נויט־ווענדיקייטן פון דער סאָוועטישער ליטווישער רעפּובליק און איז באַצייכנט געוואָרן אַלס „מלוכה־דרוקערייַ נומער 1״.

די וועלט־באַרימטע דרוקערייַ, וואָס האָט פאַרנומען אַ ווינקל־בלאָק, לענגאויס צוויי געסלעך און דער בנין פון דער דרוקערייַ, וואָס האָט פאַר־נומען 4 שטאָק, איז אין אַ קורצער צייַט גרינטלעך איבערגעבויט געוואָרן און איז צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר די נייַע באַדערפעונישן אַלס אַ מלוכהשע דרוקערייַ. אין דער דרוקערייַ האָט מען אַריבערגעפירט און קאָנצענטרירט די מערסטע ייִדישע שריפט.

אַלס נייַער דירעקטאָר פון דער דרוקערייַ איז פון פּאַליגראַפישן טרעסט באַשטימט געוואָרן אַ יונגער ייִדישער זעצער, נחום אוזאַר, וועל־כער איז מיט מיר צוזאַמען געווען טעטיק אין די לעצטע יאָרן אין פאַר־וואַלטונג פון ווילנער דרוקער־פאַראיין. איצט איז געקומען אַ נייַע צייַט, אַנדערע פאַראַדקעס, אַן אַנדער אַרבעט־סדר און איבער אַלעס, גאָר אַן אַנדער אַטמאָספער.

אין דער אָקערשט נייַ־געבוירענער קאָמוניסטישער ליטע האָט מען איצט באַדאַרפט אָנהייבן אַלץ פון דאָס נייַ. אַלע פריִערדיקע ייִדיש־פּוילי־שע און העברעיִשע שולן זענען אַריבער אויף ייִדיש, האָט מען באַדאַרפט אָפּדרוקן נייַע לערנביכער מיט אַן אַנטשפּרעכנדן סאָוועטישן לערן־פּראָ־גראַם. חוץ דעם האָט מען אין גרויסע צאָלן געדרוקט פּראָפּאַגאַנדע־מאַטע־ריאַל אין ייִדיש, ווי בראָשורן, פּלאַקאַטן און אַנדערע דרוק־זאַכן וואָס האָט געדאַרפט באַפרידיקן די קולטור־באַדערפעונישן פון אַ גרויסן ייִדישן ייִשוב, ווי דאָס איז געווען ליטע.

אין דער דרוקעריַי האָבן דאָן געאַרבעט אַן ערך 500 אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון פאַרשיידענע אָפּצווייגונגען פון דרוקוועזן. מ׳האָט זיך ווי עס איז צוגעפּאַסט צו די נײַע מעטאָדן און באַדינגונגען פון אַרבעט.

ווען דער נײַער דירעקטאָר נחום אוזאר האָט איבערגענומען די דרו־קעריַי, האָט ער באַשטימט אַ קאָמיסיע פון 6 חברים, צו וועלכע אויך איך האָב געהערט. מיר האָבן באַדאַרפט מאַכן דעם באַלאַנס פון אַלץ וואָס דאָרט איז געווען און אָפּשאַצן דעם ווערט פון דעם אינדוסטריעלן אינווענ־טאַר. 6 וואָכן האָט ביַי אונדז גענומען צונויפצושטעלן די ליסטעס. ערשט דאַן האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו זען, וואָס פאַר אַן אוצר פון אונ־דזערע הייליקע ספרים איז דאָרט צונויפגעזאַמלט געוואָרן. מיר האָבן איבער־געציילט אַן ערך 500 מינים פון פאַרשידענע ספרים — פון דעם „כל בו״ סידור ביז אַ קעשענע־סידורל, חומשים, מחזורים און תנ״כן פון פאַרשי־דענע פאָרמאַטן און איַינבונדן, משניותן און פיל אַנדערע וויכטיקע ספרים פון אונדזער אַלטן אוצר. אָבער דער גרעסטער ווערט האָט מיט זיך פאַר־געשטעלט דער ש״ס, פון וועלכן עס זענען געווען דאָפּלטע מאַטריצן און פאַרטיקע בלײַענע פלאַטן, נאָר אַרײַנצושטעלן זיי אין מאַשין. ווען מען וואָלט באַדאַרפט דרוקן אַ נײַע אויפלאַגע. דאָפּלטע מאַטריצן האָבן אויך געהאַט אַנדערע וויכטיקע ספרים.

צווישן די 6 חברים איז געווען דער ייִנגסטער זון פון קאַצענעלבאָגן, דער עלטסטער ווילנער מוכר־ספרים, וועמענס געשעפט איז געווען אויף ראָג ייִדישע און דײַטשע גאַס. אָט דער יונגער קאַצענעלבאָגן איז געווען אַ גרויסער מומחה איבערן ווערט פון ספרים. ווען מיר האָבן געהאַט צונויפגעשטעלט די ליסטעס האָט ער געזאָגט, אַז מיר קענען זיך קוים פאָרשטעלן דעם ווערט פון דעם אוצר וואָס מיר זעען פאַר זיך, באַמערקנ־דיק דערבײַ, אַז ווען די נײַע „באַלעבאַטים״ וואָלטן מסכים געווען צו פאַר־קויפן בלויז די מאַטריצן צו אַן אויסלענדישן פאַרלעגער, וואָלטן זיי גע־קאָנט קריגן אַ גרויסע סומע אין אויסלענדישער וואַלוטע...

איין טאָג איז אַרויפגעקומען צו אונדז אַ סאָוועטישער הויכראַנגיקער אָפיציר און האָט מיט אונדז פאַרפירט אַ העפלעכן שמועס, וואַרפנדיק דערבײַ זײַנע בליקן אויף די ספרימלעך וואָס זענען געלעגן אויף טישן. מיר האָבן דאַן געהאַלטן אין ציילן די לוקסוס־אויסגאַבעס פון סידורים און חומשים, וואָס זענען געווען געבונדן אין סאַמעט פון אַלערליי קאָלירן, מיט באַגילטע ראַנדן און מיט אַלבאָם־שלעסלעך. ער האָט נישט אַראָפּ־גענומען זײַנע אויגן פון די ספרימלעך, נעמענדיק אַ סידורל אין האַנט

אַרייַן, און בלעטערנדיק אַ פּאָר מאָל פוןביידע זייַטן, רופט ער זיך אָפּ:

— אַך, ווי גוט עס וואָלט געווען ווען איך ברענג צו מייַן „באַבושקאַ" אַ מתנה אַט אַזאַ „מאָליטוויעניק"... און נאָך איידער ס׳האָט עמעצער פון אונדז באַוויזן צו זאָגן אַ וואָרט, איז שוין דאָס סידורל געלעגן טיף פאַר־שטעקט אין זייַן קעשענע... איז גיי ווייס, אַז אונטער דער מיליטערישער גימנאַסטיאָרקע פון אַ סאָוועטישן קאָמאַנדיר, קלאַפּט אַ ייִדיש האַרץ...

מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט, וואָסער גורל עס דערוואַרט דעם אַלטן ייִדישן אוצר און מאָנאַטן האָט מען געוואַרט אויף אַ דירעקטיוו פון „אויבן", וואָס צו טאָן מיטן אַרכיוו פון ראָמס דרוקערייַ. קיינער האָט פון אונדז נישט געהאַט קיין אילוזיעס, אַז אין אַ שיינעם פרימאָרגן וועט פּלוצעם „פאַרשווינדן" ווערן דער ריזיקער פּאַק ספרים מיט די הייליקע „קליינע אותיותלעך". אין רוסלאַנד נויטיקט מען זיך נישט אין אַזאַ „אַפּיום", וואָס „פאַרסמט" די נשמות פון די סאָוועטישע מענטשן.

ס׳איז נישט פאַרשטענדלעך די סיבה, וואָס „אויבן" אין מאָסקווע האָט מען זיך נישט געקענט דעצידירן וועגן דעם גורל פון דער רעליגיעזער ליטעראַטור אין דער „באַפרייַטער" ווילנע. ס׳האָט זיך אַזוי געצויגן, ביז אין דעם פרימאָרגן פון 22סטן יוני 1941 האָבן אָנגעהויבן פאַלן די ערשטע באָמבעס אויף ווילנע. דאָ האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, אַז ס׳דערנענטערט זיך דער סוף פון ווילנער ייִדנטום צוזאַמען מיט די קולטור־ווערטן, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין משך פון דורות.

היות ווי אויף מייַן גורל איז אויסגעפאַלן צו אַרבעטן אין דער דרו־קערייַ דעם לעצטן יאָר פון איר 150 יאָריקער עקזיסטענץ, ברענג איך דאָ אייניקע געשיכטלעכע פּרטים וועגן דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער דרוקערייַ „האלמנה והאחים ראָם" ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין דעם זאַמלבוך „ווילנע" דערשינען אין 1935 אין ניו־יאָרק, רע־דאַגירט פון יעפים ישורין, איז פאַרצייכנט, אַז די דרוקערייַ איז געגרינדעט געוואָרן דורך אַ בוכהענדלער יוסף ראָם, וועלכער האָט באַקומען אויף דעם אַ דערלויבעניש פון קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט. דאָס ערשטע ספר וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין זייַן דרוקערייַ אין יאָר 1791 האָט געהייסן: „צוואת החסיד המפורסם מהו״ר זיסקינד".

אין 1799 איז די דרוקערייַ איבערגעפירט געוואָרן קיין ווילנע. אין 1803 איז געשטאָרבן דער דעמאָלטיקער אייגנטימער פון דער דרוקערייַ, ברוך ראָם. נאָך זיין טויט האָט זיין זון מנחם איבערגענומען די געשעפטס־

פירונג פון דער דרוקעריַי און אויסגעברייטערט איר טעטיקייט, פאַראייניקנ־דיק זיך מיט אַ גראָדנער דרוקעריַי. אין 1836 האָט די רוסישע רעגירונג פאַרמאַכט אַלע ייִדישע דרוקעריַיען, איבערלאָזנדיק איינע אין קיִעוו און די דרוקעריַי פון ראָם אין ווילנע. אין 1841 איז אויסגעבראָכן אַ שׂריפה, פון וואָס די דרוקעריַי האָט געליטן גרויס שאָדן. דעם זעלבן יאָר איז געשטאָרבן מנחם ראָם און דאָס געשעפט האָט איבערגענומען זיין זון יוסף־ראובן. נאָך זיַין טויט אין 1858 איז די דרוקעריַי איבערגענומען געוואָרן פון זיַינע זין מיט דוד ראָם אַלס הויפּט־פאַרוואַלטער.

*

זינט 1860 איז די דרוקעריַי באַוווּסט אונטערן נאָמען „האלמנה והאחים ראָם". מען דאַרף צוגעבן, אַז די אלמנה דבורה ראָם האָט צענדליקער יאָרן זייער טיכטיק אָנגעפירט מיט די פאַרצווייַגטע געשעפטן פון דער דרו־קעריַי, וואָס איז שוין דאַן באַרימט געווען אין דער ייִדישער וועלט.

באַרימט אין דער ייִדישער וועלט איז די דרוקעריַי געוואָרן מיטן אַרויסגעבן דעם ש"ס, וואָס דאָס דרוקן האָט געדויערט מיט איבעררײַסן צוואַנציק יאָר. די ערשטע אויפלאַגע פון ש"ס איז אין אַ קורצער ציַיט אויספאַרקויפט געוואָרן, אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט מען שוין געמוזט דרוקן אַ צווייטע אויפלאַגע, וואָס האָט ווידער געדויערט 10 יאָר, פון 1858 ביז 1868. מען קען זיך פאָרשטעלן די גראַנדיעזקייט פון דער אונטערנעמונג בײַם דרוקן דעם ש"ס, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז צו יענער ציַיט איז נאָך ניט געווען די דרוק־מאַשין און סטערעאָטיפּ. ביז די זעכציקער יאָרן, ווען מען האָט אין דער דרוקעריַי פון „האלמנה והאחים ראָם" אַריַינגע־בראַכט די דרוק־מאַשין, האָט מען דעם ש"ס און די אַלע אַנדערע ספרים געדרוקט אויף האַנט־פּרעסן. איז כּדאַי כאָטש ברענגען אייניקע שורות ביַי וועלכע באַדינגונגען די זעצערס און די דרוקערס האָבן דאַן געאַרבעט בײַם אַרויסגעבן דעם ש"ס.

בײַם ש"ס זענען געווען באַשעפטיקט אַריבער הונדערט זעצערס, 14 קאָרעקטאָרן און גאָר אַ סך אויפזעערס. אין יענער ציַיט איז דער אַרבעטס־טאָג געווען 12 - 13 שעה. ווינטער־ציַיט האָט מען פרייטיק געאַרבעט אַ האַלבן טאָג, דערפאַר איז מען געקומען אין דרוק שבת צו נאַכט באַלד נאָך הבדלה און געאַרבעט ביז שפּעט בײַנאַכט. קיין עלעקטריע איז נאָך דאַן ניט געווען, געאַרבעט האָט מען ביַי דער באַלײַכטונג פון ליכטלעך, וואָס

דער זעצער פלעגט אײַנמאָשטשען אין דעם זאַץ־קאַסטן. און פֿאַר אָט אַזאַ וואָך אַרבעט האָט דער זעצער באַקומען פֿון 3 ביז 5 רובל... ווען מען האָט אַרײַנגעבראַכט די דרוק־מאַשין זענען זיבן מאַשינען געגאַנגען אָן איבעררײַס 24 שעה אין מעת־לעת. די מאַשיניסטן און די געהילפֿן האָבן געאַרבעט אין צוויי שיכטן. ביז מען האָט אײַנגעפֿירט עלעקטריע האָבן מענטשן מיט דער האַנט באַוועגט די מאַשין.

ווען דער ש״ס איז געוואָרן אָפּגעדרוקט און די ערשטע אויפֿלאַגע איז צעשיקט געוואָרן איבער דער וועלט, האָבן די ראָמס אַרויסגעלאָזט אַ קול־קורא, אין וועלכן זיי האָבן געלאָזט וויסן, אַז דער וואָס וועט אָנווײַזן אויף אַ גרײַז אינעם ש״ס וועט פֿאַר יעדן גרײַז באַקומען 50 קאָפּיקעס...

די ראָמס זענען געווען איבערצײַגט, אַז נאָך דעם ווי דער ש״ס איז דורכגעגאַנגען דורך די הענט פֿון גרויסע מומחים, וואָס האָבן קאָרעגירט יעדע שורה אומצאָליקע מאָל, וועט מען קיין גרײַזן נישט געפֿינען... האָט אָבער לאַנג נישט גענומען און עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בריוו פֿון דער גרויסער וועלט מיט אָנווײַזונגען אויף גרײַזן... די ראָמס, וועמענס קמצנות איז געווען אַ שם־דבר, האָבן באַלד געפֿונען אַ תּירוץ ווי אַזוי אויסצומײַדן צו צאָלן די 50 קאָפּיקעס. זיי האָבן געהייסן די קאַנטאָר מענטשן ענטפֿערן בזה הלשון:

„חשובֿער הער, דער גרײַז אויף וועלכן איר ווײַזט אָן, האָט שוין עמעצער פֿריִער אָנגעוויזן״...

דעם דאָזיקן עפּיזאָד האָט מיר דערציילט דער עלטסטער זעצער אין ראָמס דרוקערײַ, חיים־פּסח אַלפּעראָוויטש, מיט וועמען איך האָב געאַרבעט דעם לעצטן יאָר אין דער דרוקערײַ, ווען זי איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאָדערנער ייִדישער דרוקערײַ מיט אַנדערע באַלעבאַטים און אַנדערע פֿירונגען.

דער באַרג־אַראָפּ פֿון דער אונטערנעמונג האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914. מיט איין מאָל איז אָפּגעשניטן געוואָרן דער וועלטמאַרק פֿאַר די ספֿרים פֿון „האַלמנה והאחים ראָם״. נאָך דער מלחמה, ווען די פֿרײַע וועלט איז צוריק געווען אָפֿן, איז אָבער פֿאַר דער אונטערנעמונג פֿאַרלאָרן געוואָרן דער גרעסטער ספֿרים־אָפּנעמער, דאָס דרײַ מיליאָניקע רוסישע ייִדנטום, נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש. אַזוי אַרום זענען די געשעפֿטן דראַסטיש פֿאַרקלענערט געוואָרן. די צאָל באַשעפֿטיקטע אין דער דרוקערײַ האָט געמוזט רעדוצירט ווערן ביז אַ מינימום. אין רעזולטאַט פֿון דעם אַלעמען

איז פון דעם אַמאָליקן שוווּנג אין דער אונטערנעמונג געבליבן נישט מער ווי אַ בלאַסער שאָטן.

אין די דרײַסיקער יאָרן האָבן די ברידער כהן, דעמאָלסטיקע אַרויס־געבער פון „הארץ", אָפּגעקויפט די דרוקערײַ און זיי האָבן באַשלאָסן דעם גאַנצן אינווענטאַר אַריבערצופירן קיין ארץ־ישׂראל. צוליב פאַרשידענע מניעות האָט זיך דער ענין מיטן אַריבערפירן געצויגן אייניקע יאָר ביז... היטלער האָט אונטערגעצונדן די וועלט־שׂריפה...

דער ייִדישער דרוקער־אַרבעטער אין ווילנע האָט מיט ראָמס דרוקערײַ פאַרבונדן זײַן גורל ביזן טיפן עלטער. ער האָט אין דער דאָזיקער גרויסער דרוקערײַ דורכגעמאַכט אַלע עטאַפּן, אי פון זײַן אייגענער אַנטוויקלונג, אי פון דער אַנטוויקלונג פון דער דרוקערײַ.

ראָמס דרוקערײַ איז אַלע יאָרן געווען דער צענטער פון די ייִדישע דרוקער־אַרבעטער אין ווילנע און אין דער דאָזיקער דרוקערײַ האָט זיך אַלע מאָל אַנטשיידן דער גורל פון אַלע איבעריקע ייִדישע דרוקער־אַרבע־טער אין די ייִדישע דרוקערײַען אין ווילנע.

אין ראָמס דרוקערײַ האָט זיך אויספּאַרמירט דער אַמאָליקער טיפּ ייִדישער זעצער, וואָס איז אין משך פון קרוב 100 יאָר געווען אַן אויטאָ־ריטעט פאַר דער איבעריקער מאַסע דרוקער־אַרבעטער.

# אונדזער קאָלעקטיווע דירה

די קאָפּאַנסקיס זענען געווען די ערשטע צו פאַרנעמען די דירה. צוויי טעג האָט מען געהאָרעוועט אויסצורייניקן דעם שמוץ. און אַזוי איז מיר באַשערט געווען, אַז איך זאָל די 9 חדשים דאַרפן וווינען אַ טריט לעבן הויז פון מײַן פריערדיקער דירה, נומער 24.

ס׳האָט לאַנג נישט גענומען, ווי אַלע צימערן זענען געוואָרן פאַרנומען. יעדער האָט געזוכט זיך צוצוטוליען אין אַ קאָלעקטיווער דירה מיט ייִדן. מען איז באַלד געוואָרן באַפרײַנדעט. אַרום און אַרום איז אונדזער „געזינדל" באַשטאַנען פון אַ מנין נפשות. היות ווי איך בין געווען אַליין, האָב איך מיך גענומען דעם סאַמע קלענסטן צימערל, וואָס איז געווען דער לעצטער. אין דעם צימער האָט ביז דער מלחמה געוווינט דער שרײַבער־זשורנאַליסט שלמה בעליס נאָך זײַן חתונה. די דירה איז געווען דעם שווערס. ווען בעליס איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד נאָך אַלס אַרמייער, האָט ער געהאַט אַ סורפּריז געפינענדיק מיך אין זײַן צימער... (ער איז אַמאָל געווען אַ געוויסע צײַט אַ מיטאַרבעטער אין „ווילנער טאָג", און אַזוי אַרום האָבן מיר זיך גוט געקענט).

פאַר דער מלחמה האָט זיך די דירה גערעכנט אַלס לוקסוס־וווינונג. אין אַזאַ דירה האָבן זיך געקענט פאַרגינען צו וווינען נאָר פאַרמעגלעכע מענטשן. איצט האָט די וואַסער־לײטונג נישט געאַרבעט. נאָך אַ גליק געווען, וואָס אויפן הויף, בײַ דער דירה, איז געווען אַ ברונעם. פלעגט מען מיט אַ שטריק אַרויסציִען אין אַן עמער שמוציקע וואַסער און קיינער איז דערפון נישט קראַנק געוואָרן... קיין עלעקטריע איז נישט געווען. ווער האָט זיך אָבער דערפון געקימערט. מ׳איז געווען צופרידן, אַבי אַ דאַך איבערן קאָפּ און דער עיקר, וואָס מ׳איז צווישן ייִדן.

די שויבן פון מיין איינציקן פענצטער זענען געווען צעבראָכן. אַזוי לאַנג ווי ס׳איז געווען זומער האָט עס מיר נישט געאַרט. ביטער איז דאַן געוואָרן, ווען ס׳זענען אָנגעפאַלן די פראָסטיקע קעלטן מיט ווינטן... קאָפּאַנסקי

האָט נישט געקענט צוזען, ווי כ׳ווער דערפרוירן, האָט ער צוגעפּגעקראַצט ערגעץ שטיקלעך גלאָז און ווי ס׳איז צוגעפּגעשטוקעוועט דעם פענצטער.

ס׳האָט לאַנג ניט גערויערט, ווי אונדזער קאָלעקטיווע דירה איז גע־וואָרן מפורסם ניט נאָר בײַ דער שארית־הפליטה פון שטאָט גופא, נאָר אויך בײַ צוגערײַזטע ייִדן און אַזוי אַרום איז אונדזער דירה געווען אַ פּלאַץ פאַר טרעפונגען. גורם געווען דערצו האָבן ווידער אַ מאָל די קאָפּאַנ־סקיס. גאָלדע מיט אירער אַ קוזינע, האָבן אָנגעהויבן קאָכן היימישע מיטאָגן, כדי עפּעס צו פאַרדינען. אַז מ׳האָט זיך פון דעם דערוווּסט, האָבן שוין קיין בעלנים נישט געפעלט... פאַר מיר גופא איז עס ממש געווען ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל. כ׳האָב געהאַט יעדן טאָג אַ וואַרעמען, היימישן מיטאָג, קומענדיק פון דער אַרבעט בײַ זיי אין צימער, וואָס האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ „רעסטאָראַן״...

# „זשיוויאָש קולטורנאָ״

אַ באַזונדערע פּלאָג זענען געווען די נאַכטיקע קאָנטראָלן דורך די מיליטערישע פּאַטרולן. די דאָזיקע קאָנטראָלן, זענען געווען וואָס אַן אמת, אַ נויטווענדיקייט. די סאָוועטישע מאַכט האָט געזוכט אויסצוראָמען די פאַרברעכערישע עלעמענטן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן דײַטשן שונא. אָבער די בײַנאַכטיקע „וויזיטן״ פון די פּאַטרולן האָבן צעשרויפט די נערוון, און טייל מאָל האָט דאָס דיר דערמאָנט די פּלוצימדיקע איבערפאַלן בײַ נאַכט אין געטאָ.

אין מיטן נאַכט פלעגן זיך דערהערן שטאַרקע קלעפּ אין טיר, באַוואָפנטע רויט־אַרמייער פלעגן זיך צעשיטן איבער די צימערן און אַרײַנלײַכטן אין פּנים אַרײַן מיט זייערע באַטאַרייקעס. מען קען זיך פאָרשטעלן, ווי דאָס האָט געווירקט בעת דו זעסט, אַ האַלב־פאַרשלאָפענער, איבער דײַן קאָפּ שטיין די דאָזיקע „געסט״... כאָטש איך האָב נישט געהאַט קיין גרונט זיך צו שרעקן פאַר זיי, האָט פון דעסטוועגן דאָס האַרץ אָנגעהויבן בעת מעשׂה קלאַפּן שטאַרקער... די דאָזיקע „וויזיטן״ פלעגן זיך איבערחזרן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק... ביסלעכווײַז האָט מען זיך צו דער דאָזיקער פּלאָג אויך צוגעוווינט... ס׳האָט זיך בײַ מיר אײַנגעשטעלט אַזאַ רוטין: פאַרן לייגן זיך שלאָפן, פלעג איך אַוועקלייגן אויפן טיש מײַן פאַרטיזאַנסקע „ספּראַווקע״ מיט דעם אַרבעטס־ביכעלע. אַזוי נאָר ווי זיי האָבן באַקוקט די ביידע דאָקומענטן, האָבן זיי שוין מער נישט באַדאַרפט בײַ מיר פרעגן און פלעגן אַ זאָג טאָן: „נו, לאַדנאָ״... אָבער טאָמער איז אויפן טיש געשטאַנען אַ נישט דערענדיקטע פלעשקע קאָנסערוון פלעגט קומען אַזאַ באַמערקונג: „עך, זשיוויאָש דאָוואָלאָנאָ קולטורנאָ״... ס׳האָט געהייסן, אַז איך לעב מיך „באַקוועם״... געשלאָפן בין איך אויף אַ שמאָל הילצערנער בעטל מיט אַ שטרויזאַק אונטערן זײַט, און דאָס איז געווען מײַן גאַנצע „מעבל״ אין צימערל... אָט דאָס הייסט בײַ זיי געלעבט „באַקוועם״...

מ׳האָט דיך פאַרסמט דאָס לעבן סײַ בײַ טאָג און סײַ בײַ נאַכט, סײַ אין גאַס, סײַ בײַ דער אַרבעט און וווּ נאָר דו האָסט זיך געגעבן אַ קער און אַ ריר. ביסטו אַרײַן אין אַ שטוב, האָסטו זיך אָנגעהערט פון טראַגישע איבערלעבענישן מיט די נסים, ווי אַזוי מען האָט זיך געראַטעוועט פון אומקום.

חוץ מיט די קאָפּאַנסקיס, האָב איך זיך שטאַרק באַפרײַנדעט מיט אַ יונג פּאָרל פון אונדזער „געזינדל״, וועלכע זענען געווען די ערשטע נאָך אונדז צו פאַרנעמען דעם צימער בײַם אַרײַנגאַנג.ביידע האָבן דורכגע־מאַכט די פאַרטיזאַנקע אין די ליטווישע וועלדער. געהייסן האָבן זיי שמעון און ראָזע גאַרבעראָוויטש. ראָזע האָט געהאַט אַ טאַטן מיט אַ שוועסטער אין ארץ־ישראל, איז זייער געדאַנק געווען, פאַרשטייט זיך, פריִער צי שפּע־טער זיך צו פאַראייניקן מיט איר משפּחה. מיר האָבן צוזאַמען אָנגעהויבן שפּינען פּלענער ווי אַזוי נעלם ווערן. שמעון איז געווען אַ געראַטענער חברה־מאַן און געקענט אַ סך מענטשן און פאַר מיר איז געווען פּונקט אויף דער האַנט צו האָבן נעבן זיך אַזאַ מענטש. די צרה איז אָבער געווען, וואָס זיי האָבן זיך נישט געאײַלט. אין דער צײַט ווען בײַ מיר איז געווען איבעריק אַ טאָג צו זײַן אין שאָטן פון „פּאָנאַר״. זיי פלעגן ביידע טענהן, אַז מ׳מוז האָבן געדולד ביז ס׳וועט זיך מאַכן אַ פּאַסיקע געלעגנהייט... אַרויס־געוויזן האָט זיך שפּעטער, אַז גערעכט זענען זיי געווען.

פּונקט אין די טעג ווען איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט מיטגענומען צו ווערן מיט דער באַן מיט אַ „דאָקומענט״ קיין פּוילן, איז אָפיציעל באַ־קאַנט געוואָרן, אַז אַלע פּוילישע בירגער וועלן זיך קענען רעפּאַטריאירן קיין פּוילן. שמעון האָט טריאומפירט: „נו, לייזער, וואָס זאָגסטו איצט, האָב איך דיר נישט געזאָגט, אַז מ׳דאַרף האָבן געדולד?״...

## דער רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך

אין יענער צײַט איז באַקאַנט געוואָרן אין דער פּרעסע און אין ראַדיאָ, אַז צווישן די רעגירונגען פון ראַטן־פאַרבאַנד און פּוילן איז געשלאָסן געוואָרן אַ הסכם וועגן אַ קעגנזײַטיקן אויסטויש פון בירגער פון די ביידע לענדער.

אין הסכם מיטן רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך האָבן געווען פּוילישע בירגער, וועלכע זענען אין רעזולטאַט פון די קריגס־אָפּעראַציעס אין דער צײַט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אָפּגעריסן געוואָרן פון זייערע היימען, געהאַט דאָס רעכט צו רעפּאַטריאירן זיך אין זייערע פאַרמלחמהדיקע וווינפּלעצער.

דער רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך איז געווען חל בלויז אויף געוועזענע בירגער פון מערב־ווײַסרוסלאַנד, מערב־אוקראַינע, די שטאָט ווילנע און אומגעגנט, וועלכע זענען אין רעזולטאַט פון פונאַנדערפאַל פון דער פּוילישער מדינה אויטאָמאַטיש געוואָרן סאָוועטישע בירגער, און זיי איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט זיך אומקערן קיין פּוילן. פון דער צווייטער זײַט האָט דער רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך געגעבן אויך דאָס רעכט ווײַסרוסן און אוקראַינער, וועלכע זענען געבליבן שטעקן אין פּוילן זיך צוריקקערן קיין ראַטן־פאַרבאַנד, אויב זיי האָבן דאָס געוואָלט.

לויט נישט אָפיציעלע סטאַטיסטישע אָנגאַבן, זענען עטלעכע מיליאָן מענטשן אין ראַטן־פאַרבאַנד און פּוילן געוואָרן באַרירט פון דעם רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך און אין דער צאָל קרוב אַ פערטל מיליאָן פּוילישע ייִדן, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אויף דער טעריטאָריע פון ראַטן־פאַרבאַנד.

די ייִדן, דאָס זענען ס׳רוב געווען פּליטים, וועלכע זענען מיטן אויסברוך פון דער פּויליש־דײַטשער מלחמה אין סעפּטעמבער 1939 געלאָפן פון זייערע היימען פון מערב און צענטראַל־פּוילן קיין רוסלאַנד און האָבן דאָרט געפונען אַ מקום־מיקלט. צו די ייִדן דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן אַ גאַנץ היפּשע צאָל ניצול־געוואָרענע ייִדן פון די געטאָס, וועלדער און טויט־לאַ־

גערן, וועלכע האָבן זיך נאָך דער באַפרײַונג געפונען אויף דער טעריטאָריע פון ראַטן־פאַרבאַנד.

אַט די ייִדן, יעדנפאַלס, דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן נישט געוואָלט און אויך נישט געקענט בויען זייער לעבן פון דאָס נײַ אויף זייערע חרובע היימען. חוץ דעם האָט יעדער געראַטעוועטער ייִד געחלומט צו געפינען אין דער וועלט אַ קרוב, אַ באַקאַנטן, פרײַנד, חברים, דער עיקר־דראַנג פון דער שארית־הפליטה איז געווען צו דערגרייכן די ברעגן פון ארץ־ישׂראל און אַנדערע לענדער, ווו כמעט יעדער האָט געהאַט אַ קרוב.

בכדי פּראַקטיש רעאַליזירן די פּונקטן פון דעם אָפּמאַך און דערמעגלעכן די רעפּאַטריאַנטן צו דערליידיקן די ענינים וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן פאַרלאָזן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און אַריבערפאָרן קיין פּוילן, איז אין אַ ריי שטעט און דער עיקר אין די גרעסערע צענטערס, געשאַפן געוואָרן געמישטע פּויליש־סאָוועטישע קאָמיסיעס, וועלכע זענען געווען באַפולמעכטיקט צו דערליידיקן די נויטיקע פאָרמאַליטעטן. פאַקטיש זענען דאָס געווען עמיגראַציע־ביוראָס, וועמעס פונקציעס זענען געווען גאַנץ באַגרענעצטע. די דאָזיקע געמישטע פּויליש־סאָוועטישע קאָמיסיעס האָבן זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט און קאָנטראָל פון דער סאָוועטישער מיליץ און בעיקר פון דער נ.ק.וו.ד.

די קאָמיסיעס האָבן בודק געווען, צי האָט דער רעפּאַטריאַנט די יורידישע רעכט אויף רעפּאַטריאַציע, דאָס הייסט, באַווײַזן מיט דאָקומענטן, אַז ביז דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 האָט ער געלעבט אין פּוילן און געהאַט פּוילישע בירגערשאַפט. חוץ דעם האָבן די קאָמיסיעס דערליידיקט די רײַזע־דאָקומענטן, צוגעשטעלט וואַגאָנען אאַז״וו. פּראַקטיש זענען זיי געווען די פאַרמיטלער פון די געהיימע זיכערהייטס־דינסטן פון רוסלאַנד און פּוילן.

פאַר דעם רוב פּוילישע ייִדן, וועלכע האָבן געחלומט פאַרלאָזן דעם ראַטן־פאַרבאַנד, איז דאָס געווען אַ גלענצנדע געלעגנהייט אַרויספאָרן פון רוסלאַנד אויף אַ לעגאַלן וועג, זיך אַריבערפּעקלען קיין פּוילן און פון דאָרט זיך ציִען אין דער פרײַער וועלט.

איז דעריבער נישט קיין ווונדער וואָס די צאָל פאַרשריבענע ייִדן אַוועקצופאָרן קיין פּוילן איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג אַלץ גרעסער. די נאָך נישט פאַרשריבענע זענען אַרומגעגאַנגען ווי צעחושטע, זיי האָבן נישט געוווּסט ווי אַזוי צו האַנדלען? האָט מען דאָך געוווּסט, אַז דער רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך איז גילטיק בלויז אויף אַ געוויסן טערמין און ווער ס׳וועט

נישט אויסניצן די געלעגנהייט פאַרשפּילט אַ גוטן שאַנס צו אַנטלויפן פון רוסלאַנד צו דער צײַט, און ווער קען זײַן אַ נביא און וויסן וואָס פאַר אַ גורל עס דערוואַרט אים אין רוסלאַנד?

די ליטווישע ייִדן האָבן מיט גרויס קינאה געקוקט אויף די פּוילישע ייִדן, וואָס האָבן מיט אַ מאָל באַקומען אַ גאָט־געבענטשטע געלעגנהייט און אַ מזלדיקע פּריווילעגיע צו קענען לעגאַל פאַרלאָזן די גרענעצן פון רוסלאַנד. די ליטווישע און אויך אַנדערע ייִדן, לעטישע, עסטישע, בעסאַראַבער און בוקאָווינער, וועלכע האָבן נישט געזען רוסלאַנד אַלס זייער פאָטערלאַנד האָבן געזוכט וועגן ווי אַזוי צו ווערן „פּוילישע" בירגער און מאַכן דעם „ויברח" פון „פּאַניען".

מיט אַ מאָל איז ווילנע געוואָרן פול פון אַזעלכע ייִדן, וועלכע האָבן געזוכט מיטלען און וועגן צו קריגן אַ וועלכן ס'איז דאָקומענט, וואָס זאָל דערווײַזן, אַז מ'איז געווען אַ פּוילישער בירגער. ס'איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה ווי אַנקומען צו „מאַכערס", וועלכע זענען ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן און האָבן צוגעזאָגט פאַר אַ גאַנץ היפּשן פּרײַז צושטעלן אַ נויטיקן פּוילישן דאָקומענט, וואָס אַ דאַנק אים וועט מען קענען זיך „רעפּאַטריאירן" קיין פּוילן.

ס'איז אַוועק אַ סעריע פון דאָקומענטן מיט אויסגעטראַכטע נעמען פון „טויטע נשמות" — ייִדן, וועלכע געפינען זיך אויף „יענער וועלט", מען האָט אַדאַפּטירט זייערע נעמען און פאַמיליעס און דער עיקר זייערע פריִערדיקע וווינערטער פון די געוועזענע פּוילישע געביטן, און מ'איז געוואָרן „פּאָליאַקן"... ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, און ס'איז מער ווי זיכער, אַז די נ.ק.וו.ד. האָט געוווסט פון דער געהיימער פאַבריקאַציע פון די דאָקומענטן, אָבער זיי האָבן זיך געמאַכט נישט וויסנדיק און נישט זעענדיק האָבנדיק אין זינען, אַז ס'שאַדט נישט אַז ליטע און לעטלאַנד זאָלן ווערן „שיטערער" פון ייִדן. אַ פאַקט איז, אַז צו גלײַך מיט דער רעפּאַטריאַציע פון די פּוילישע ייִדן איז פּאַראַלעל אַנגעגאַנגען אויך אַ „רעפּאַטריאַציע" פון אַנדערע ייִדן קיין פּוילן. ס'איז פאַרשטייט זיך נישט אַדורך אין גאַנצן גלאַטיק אַזאַ „רעפּאַטריאַציע", איניקע זענען אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער גרענעץ־וואַך בײַם אַריבערפאָרן די גרענעץ קיין פּוילן און נישט ווייניק האָבן באַצאָלט מיט שווערע יאָרן תּפיסה אין די ווײַטע און שנייאיקע לאַגערן פון צפון־רוסלאַנד.

מיט גרויס אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אין ווילנע אויף דעם טערמין און דעם צייכן ווען מ'קען פרײַ און אָפיציעל אַרײַנגיין אין דער פּויליש־

סאָוועטישער רעפּאַטריאַציע־קאָמיסיע און אָנהייבן דערליידיקן די פּאַר־מאַליטעטן וואָס זענען פאַרבונדן מיט די רעפּאַטריאַציע־ענינים.

ענדלעך איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אויף די ווענט די פאַראָרדענונג, אַז פּוילישע בירגער האָבן דאָס רעכט צו רעפּאַטריאירן זיך קיין פּוילן, — ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ העפטיקע דעבאַטע צווישן דער שארית־הפליטה, צי שטעקט דאָ נישט אַ נייַע „פּולאַפּקע״ אַרויסגעשיקט ווערן צו די „ווייַסע בערן״... מ׳האָט נאָך נישט פאַרגעסן די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס פון ייִדישע פּליטים אין נאָוועמבער 1939, ווען די נ.ק.וו.ד. האָט די רעגיסטרירטע צו־נויפגענומען פון די הייַזער און אָוועקגעשיקט זיי צו די „ווייַסע בערן״...

ווען דער טערמין פון רעגיסטרירן זיך איז אונטערגעקומען איז מען דעם ערשטן טאָג געגאַנגען צו ערשט זען, ווי אַזוי דאָס זעט אויס. איך בין אויך געגאַנגען אַ קוק טאָן: איך זע, אַז מערסטנס רעגיסטרירן זיך פּאָליאַקן. די ביורא איז האַלב ליידיק, און די באַאַמטע וואַרטן אויף „קונדן״. ייִדן קומען אַרייַן, דרייען זיך אַ ווייַלע אַרום און גייען אַוועק. איך האָב זיך אַרומגעדרייט אַ פּאָר שעה. מייַן אינטויִציע האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז דאָס מאָל איז נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן.

איך באַשליס צוצוגיין צו אַ באַאַמטן פרעגן כלומרשט אַן אינפאָרמאַציע. כ׳האָב געהאַט מיט זיך בלויז דעם פּאַס מיטן אַרבעטס־ביכל. (דאָס האָט מען שטענדיק באַדאַרפט האָבן מיט זיך). פאַר מיר, שטייט אַ פּאָליאַק מיט די דאָקומענטן און פאַררעגיסטרירט זיך. ס׳דויערט אַ קורצע צייַט ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן. ער קערט זיך אום און דערזעענדיק מיך, קלאַפּט ער מיר אין פּלייצע און דריקט מיר די האַנט. ס׳איז געווען מייַנס אַ גוטער באַקאַנטער קריסט, אַ זעצער פון פאַרמלחמהדיקן „קוריער ווילענסקי״, אַ געוועזענער שכן פון מייַן מוטערס הויף. מיר גייען אַרויס צוזאַמען אויף דער גאַס. נאָך אַ ווייַלע שמועסן, דערציייל איך אים וועגן מייַנע ספקות פון דער רעגיסטראַציע. רופט ער זיך אָפּ צו מיר:

— פּאָלג מיך, באַזאָרג זיך באַלד מיט אַ באַפרייַונגס־צעטל פון דייַן אַרבעטס־פּלאַץ און קום גלייַך זיך רעגיסטרירן מיט דייַנע אַלע דאָקומענטן. דו וועסט זען, וואָס דאָ וועט זיך אָפּטאָן אין אַ פּאָר טעג אַרום. ס׳וועט זייַן שווער צוצוקומען...

זייַן השערה איז געווען, אַז מען קען האָבן פּולן צוטרוי, „ווייַל די ליטווינער זענען דאָך אויסן מיט דעם פּטור צו ווערן פון אונדז, פּאָליאַקן, אויף וועמען זיי טראָגן יאָרן אַ האַס און דערצו האָבן זיי נאָך אַ חשבון, וואָס מיט אונדזער אַוועקפאָרן, באַפרייַען מיר די דירות, אין וואָס זיי

נויטיקן זיך פאַר זייערע ליטווינער. דאָס זעלבע וועט זײַן מיט אונדזערע שטעלעס, וואָס זיי וועלן פאַרבײַטן".

איך בין אַוועק פון אים אַן איבערצײַגטער און האָב מײַן שמועס אי־בערגעחזרט דעם שטוביקן „געזינדל". די ערשטע האָבן זיך אָנגעכאַפּט צו גיין רעגיסטרירן שמעון מיט ראָזע גאַרבעראָוויטש, דאָס פּאָרל פון ערשטן צימער.

ווי נאָר כ'בין געקומען אין דער פרי אין „עלעקטריט", בין איך אַרײַן אין ביוראָ און איבערגעגעבן אַ שריפטלעכע מעלדונג וועגן מײַן רעפּאַ־טריאירן זיך קיין פּוילן. פון דער אַרבעט בין איך שוין אין שטוב געקומען מיטן „גוטן צעטל"... און אויף מאָרגן, שוין נישט געדאַרפט לויפן אין אײַלעניש צו דער אַרבעט. די גאַרבעראָוויטשעס האָבן מיך מקנא געווען... בײַ זיי איז עס צוגעגאַנגען שווערער אַרויסצוקריגן אַ באַפרײַונגס־צעטל, דערהויפּט פאַר ראָזען, וועלכע האָט געהאַט עפּעס אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אויף דער באַן.

די דירעקטאָרן פון די אונטערנעמונגען האָבן זיך נישט געאײַלט זיי צו באַפרײַען ביז וואַנען מען וועט נישט קריגן אַ צוגעפּאַסטן מענטשן אויף זייער אָרט. און אַזעלכע האָבן דערווײַל געהאַט שלאָפלאָזע נעכט... אין דעם פּרט, האָב איך, אַ דאַנק מײַן נעבעכדיקן פּאָסטן אין „עלעקטריט" אויס־געמיטן נערוון־פּאַרלוסט. וויפל צרות האָבן מענטשן געהאַט איידער זיי האָבן אַרויסגעקראָגן דעם באַפרײַונגס־צעטל, ווײַל אָן דעם האָט מען זיך נישט געקענט רעגיסטרירן (דאָס זעלבע איז הײַנט מיט די עולים פון רוסלאַנד).

## נאָך נישט אין דרויסן

ווען כ׳בין געקומען זיך רעגיסטרירן, האָב איך שוין באַדאַרפט שטיין שעהען אין דער ריי. אָבער עס איז נאָך אַלץ געווען גאָרנישט לגבי דעם, וואָס דאָרטן האָט זיך געטאָן אין די ווײַטערדיקע טעג. דעם פּאָליאַקס נבואות האָט זיך פולשטענדיק באַשטעטיקט. עס האָבן זיך געצויגן קילאָ־מעטער־לאַנגע רייען אַז זיי האָבן אַרומגענומען די דערבײַיאיקע גאַסן... מען האָט שוין באַדאַרפט שטיין אין דער ריי אַ גאַנצע נאַכט מיט אַ טאָג, איידער מען איז צוגעקומען זיך רעגיסטרירן. די בהלה אַוועקצופאָרן פון סאָוועטישן „גן־עדן״ האָט אַרומגעכאַפּט מיט יעדן טאָג מער און מער פון דער שארית־הפליטה. מענטשן, וועלכע האָבן לכתחילה געהאַט ספקות אַוועקצופאָרן, זענען אויך מיטגעריסן געוואָרן.

אויב די שארית־הפליטה האָבן אין דער רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן געזען פאַר זיך אַ ווייטערן ציל, האָבן די פּאָליאַקן געהאַט אַ באַזונדערן חשבון צו פאַרלאָזן ווילנע.

*

אין אַ גאַר אומאָנגענעמער לאַגע האָבן זיך מיט אַ מאָל געפונען די ייִדישע פּאַרטיזאַנער און פראָנט־קעמפער, צו וועמען די סאָוועטישע מאַכט האָט זיך לכתחילה באַצויגן מיט צוטרוי. צווישן זיי זענען געווען אַ באַ־דײַטנדיקע צאָל מיט אויסצייכענונגען פאַר געוואָגטע דורכגעפירטע „אָפּע־ראַציעס״ אין קאַמף מיטן דײַטשן שׂונא און זײַנע מיטהעלפער. אויף אָט די מענטשן האָבן די „באַפרײַער״ אויסגעלאָזט זייער צאָרן מער ווי אויף אַלע אַנדערע אין דעם פּעריאָד פון דער רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן.

נישט געווען וואָס מקנא צו זײַן אָט די מענטשן, צווישן וועלכע ס׳זענען געווען נישט ווייניק, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן די בעסטע יאָרן אין זייער יוגנט פאַר דעם קאָמוניסטישן אידעאַל, אָפּגעפּינצטערט יאָרן אין

די תּפיסות אין דעם פֿאַשיסטישן פּוילן און ליטע. איצט איז געקומען די אויסניכטערונג און די אַנטוישונג...

אין מײַנע וואַנדערונגען מיטן פּליטים־שטראָם, האָב איך זיך איבער־צײַגט, אַז נישט איינער פֿון אָט די פֿאַרדינסטפֿולע חברים, האָבן נישט געזעכטיקט אויף זייערע אַדרעסן אויס מורא ס'זאָל „עפּעס" מיט זיי פּאַסירן.

לויטן הסכּם צווישן פּוילן און רוסלאַנד וועגן רעפּאַטריאַציע פֿון פּוי־לישע בירגער נאָך דער מלחמה, האָט מען זיי גאַרנישט געקענט טאָן פֿאַרן רעפּאַטריאירן זיך קיין פּוילן. זיי האָבן אָבער געהאַט גענוג שלאָפֿלאָזע נעכט איידער זיי האָבן אַרויסבאַקומען דעם „גוטן צעטל".

די בהלה האָט אַרומגעכאַפּט דאָס רוב פֿון דער שארית־הפּליטה. יונג און אַלט, קראַנקע און מידע מענטשן, וועלכע האָבן גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט האָבן געזען פֿאַר זיך איין ציל: „וואָס פֿריִער אַנטלויפֿן פֿון דעם סאָוועטישן „גן־עדן", כאָטש יעדער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ גוטן דין־וחשבון, אַז נישט ווייניק שוועריקייטן און שטרויכלונגען זענען פֿאַר־בונדן מיט דעם „משנה־מקום".

# די פּראָוואָקאַציע אויפֿן ווילנער אַעראָדראָם

נישט אַלע ייִדן האָבן זיך באַצויגן מיט צוטרוי צו דעם סאָוועטיש־פּוילישן אָפּמאַך וועגן דער רעפּאַטריאַציע פֿון געוועזענע פּוילישע בירגער קיין פּוילן. אייניקע ייִדן האָבן געמיינט אַז דאָס „שמעקט" ווידער מיט אַ פּראָוואָקאַציע, אַזוי ווי דאָס איז געשען אין יאָר 1940, ווען אַ גרויסער טייל פֿון די ייִדיש־פּוילישע פּליטים האָבן דעקלאַרירט, אַז זיי ווילן זיך אומקערן צו זייערע משפּחות קיין פּוילן, וואָס איז אָקופּירט געווען דורך היטלער־דײַטשלאַנד , און פֿאַר דעם דאָזיקן „חטא" האָט מען זיי אַנשטאָט צו פֿירן קיין פּוילן אַוועקגעפֿירט אין פֿאַרפּלאָמבירטע וואַגאָנען קיין סיביר.

אויך דאָס מאָל האָט מען געמיינט אַז די פּראָוואָקאַציע פֿון 1940 וועט זיך איבערחזרן. אייניקע וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט אין די ביוראָען פֿון דער געמישטער פּויליש־סאָוועטישער קאָמיסיע אויף רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן, האָבן זיך אין לעצטן מאָמענט דערשראָקן און צוריקגעצויגן. זיי זענען פֿאַרבליבן אויפֿן פּלאַץ, דער פּחד, אָבער, איז פֿון זיי נישט פֿאַר־שווונדן, וויסנדיק אַז די נ.ק.וו.ד. האָט אַ „לאַנגן" זכּרון און אַז זיי געפֿינען זיך שוין אויף דער שוואַרצער ליסטע פֿון נ.ק.וו.ד. אָט די אַלע „חרטה־האָבער" און אויך אַנדערע האָבן געזוכט פֿאַרשיידענע וועגן ווי אַזוי צו אַנטלויפֿן פֿון רוסלאַנד קיין פּוילן, שוין נאָך דעם, ווי דער אָפֿיציעלער טערמין פֿון דער רעפּאַטריאַציע האָט זיך פֿאַרענדיקט. מ'האָט געוואַרט אויף אַ פּאַסיקער געלעגנהייט ווי אַזוי צו אַריבערפּעקלען זיך קיין פּוילן מיט אומלעגאַלע מיטלען און פֿון דאָרט זיך ציִען מיט דער הילף פֿון דער „בריחה" אין דער פֿרײַער וועלט. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אונטערגערוקט:

איין מאָל האָט מען זיך דערוווּסט בסודי־סודות, אַז אַ סאָוועטישער פּליִער אין ראַנג פֿון אַ מאַיאָר האָט פֿאַרגעלייגט זיין „הילף" אַ גרופּע פּוי־לישע ייִדן, אַז פֿאַר אַ „געוויסן" אָפּצאָל איז ער גרייט צו אַריבערפֿירן זיי אין זײַן עראָפּלאַן פֿון ווילנע דירעקט קיין בוקאַרעשט, היות ווי ער פֿליט אויף דער לופֿט־טראַסע אין דינסטלעכע ענינים.

אין זיינע ווערטער האָט זיך געשפּירט אַ רמז אַז ער „אַרבעט" נישט אַליין, — דאָס הייסט אַז די מענטשן פון דער גרענעץ־קאָנטראָל זענען „זיינע" מענטשן, וועלכע זענען, פאַרשטייט זיך, „אונטערגעשמירט" און מאַכן זיך ניט „זעענדיק" אויף די פאַלשע דאָקומענטן וואָס די „רעפּאַטריאַנטן" האָבן אין זייער באַזיץ.

אַזאַ אויסטערלישער „קפיצת־הדרך" האָט אויסגעזען ביי אַ טייל נאַיווע ייִדן זייער מעגלעך און 32 ייִדן האָבן זיך געלאָזן אויף אַזאַ פּראָוואָקאַציע. און ווי עס טרעפט אָפט אין אַזעלכע פאַלן האָבן זיך שוין געפונען ייִדן וועלכע האָבן געשווירן ביי גאָט, אַז זיי האָבן אַליין געזען בריוועלעך פון די איבערגעטראַנספּאָרטירטע ייִדן, וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם דאָזיקן וועג אַ דאַנק דעם סאָוועטישן פּליִער. זיי האָבן געשריבן צו זייערע קרובים, אַז זיי זענען בשלום אָנגעקומען קיין רומעניע און אַז מען קען זיך אויף דעם „גוטן פּאַניע" פאַרלאָזן.

ווען די גרופּע ייִדן האָט זיך צונויפגעקבליבן אין דער אָפּגערעדטער צייט אין האָטעל „בריסטאָל", האָט זיי פון דעם אָרט דער סאָוועטישער פּליִער אָפּגעפירט אויף אַ מאַשין צום פליפעלד. אַלע זענען אַרויף אויפן עראָפּלאַן און נאָכן אַדורכגיין גיך די בויטיקע פאָרמאַליטעטן זענען זיי אָפּגעפלויגן. אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי ווי דער פּליִער האָט זיי צוגעזאָגט, און זיי האָבן געמיינט אַז ענדלעך האָבן זיי מצליח געווען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און געפינען זיך אויפן וועג צו דער אויסגעטרוימטער וועלט, אָבער באַלד האָבן זיי דערשפּירט אַז דער עראָפּלאַן הייבט גאָר אָן צו לאַנדן נאָך אַ פּאָר מינוט געפינען זיך אין די וואָלקנס. די אָפּטימיסטן צווישן זיי האָבן אויסגעטייטשט דאָס לאַנדן, אַז ס'איז עפּעס „קאַליע" געוואָרן אין איינעם פון די מאָטאָרן און אַז די נישט־דערוואַרטעטע „פּאָסאַדקע" — איז נישט מער ווי אַ טעכנישער דעפעקט.

אָבער צו זייער גרויסער שטוינונג האָבן זיי באַלד דערזען אַרום זיך אַ גרויסע גרופּע פון נ.ק.וו.ד.־לייט און ערשט דאַן האָבן זיי פּלוצעם דערזען אַז זיי געפינען זיך אין דער נעץ פון די לייט פון די בלוי־גרינע היטעלעך.

איצט איז נישט איבערגעבליבן פאַר זיי קיין ספק, אַז די גאַנצע מעשׂה מיטן עראָפּלאַן איז געווען ניט מער ווי אַ פּראָוואָקאַציע פון דער נ.ק.וו.ד. און אַז דער „סימפּאַטישער" פּליִער איז זייערער אַ מענטש. די גאַנצע גרופּע אַרעסטירטע ייִדן זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין דער טורמע קיין ווילנע, ווו ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אויסמאַטערנדיקע אויספאָרשונגען און זייער משפּט.

צווישן אָט דער גרופּע ייִדן, וועלכע איז געפֿאַלן אַ קרבן פֿון אָט דער פּראָוואָקאַציע איז געווען די באַקאַנטע לערערין פֿון ווילנע צביה ווילד־שטיין, און אין דעם בוך פֿון לאה צרי „מתופּת אל תופּת״ * דערציילט צביה ווילדשטיין ברייט וועגן דער דאָזיקער פּראָוואָקאַציע און אויך וועגן דעם פּרייַז וואָס זי האָט באַצאָלט פֿאַר איר נאַיִוויטעט.

אַלע אַרעסטירטע פֿון דער דאָזיקער גרופּע, זענען נאָכן חוזק־משפּט פֿאַראורטיילט געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן שווערע אויסמאַטערנדיקע לאַגערן אין די שנייענדיקע רחבֿותן פֿון וויַיטן סיביר. בלויז אייניקע פֿון דער דאָזי־קער גרופּע איז געלונגען אויסהאַלטן די שווערע באַדינגונגען אין דעם קאַטאָרגע־רעזשים אין פֿאַרשיידענע לאַגערן און זענען מיט אַ גרויסער פֿאַרשפּעטיקונג פֿון צענדליקער יאָרן, אָנגעקומען קיין ישׂראל.

---

* זע: לאה צרי „מתופת אל תופת״ ספורה של צביה וילדשטיין, „תרבות וחינוך״, תל־אביב 1971, זייַטן 101 — 90.

# ווי אַזוי מ׳פאָרט קיין פוילן?

ווי אַזוי האָט אויסגעזען די רעפּאַטריאַציע קיין פוילן פון די הונ־דערטער טויזנטער פּאַליאַקן און דאָס הייפעלע פון דער שארית־הפליטה? דער פאַרגלייך האָט ממש געריסן די אויגן. קודם דאַרף אָנגעוויזן ווערן, אַז ס׳איז נישט געווען קיין באַגרענעצונגען פאַר דער אייגענער באַלעבאַ־טישקייט. מען האָט געקענט מיטנעמען די גאַנצע הויז־ווירטשאַפט וויפל און וואָס איינער האָט געהאַט. דער טראַנספּאָרט איז געווען אומזיסט. דער אויפ־זיכט איבערן טראַנספּאָרט האָט געהאַט דער רעפּאַטריאַציע־קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען כמעט פון פּאַליאַקן.

ביים פאַרלאָדן אין די פראַכט־וואַגאָנען, האָט מען ערשט געקענט זען וויפל און וואָס די פּאַליאַקן האָבן זיך אָנגעגזלט מיט יידישן האָב און גוטס נאָך דעם ווי די יידישע באַפעלקערונג האָט געמוזט אין אײַלעניש פאַר־לאָזן זייערע דירות און זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ. מיר האָבן דאָך געוווּסט, וואָס יעדע דורכשניטלעכע פוילישע פאַמיליע האָט פאַרמאָגט אין שטוב. ס׳רוב איז עס באַשטאַנען פון אײַזערנע און הילצערנע בעטן, אַ טיש, בענקלעך און אַ קופערט... אָבער דאָ איז כמעט יעדע פוילישע משפחה אַראָפּגעקומען מיט פול געפּאַקטע משא־אויטאָס אָדער וועגענער מיט קאָמ־פּלעטן פון טײַערע שלאָף־צימערן און אַלע אַנדערע מעבל מיט שווערע דיוואַנען און וואָס נישט? איך אַליין האָב עס דאָך געזען נאָכן אַריבערטרעטן די שוועל פון אונדזער סטראַזש אויף סטעפּן־גאַס נומ׳ 24, נאָכן קומען פון וואַלד. וואָס פאַר אַן עשירות ער האָט צונויפגענומען פון די יידישע דירות. געווען משפחות, וואָס האָבן פאַרנומען אַ גאַנצן וואַגאָן פאַר זיך, אָדער 2 משפחות אין אַ וואַגאָן. דער פוילישער קאָמענדאַנט פון עשאַלאָן האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז קיין שום זאַך זאָל נישט איבערגעלאָזט ווערן...

און מיט וואָס זענען אַראָפּגעקומען די שארית־הפליטה? די מערסטע זענען אַראָפּגעקומען צו דער פראַכט־סטאַנציע מיט רוקזעק, האַנט־פעקלעך און קאָשיקעס... אַנדערע זענען מיט זייערע רוקזעק געקומען צופוס, און

אַנדערע האָבן בשותּפות געדונגען אַ פויער מיטן פערד און וואָגן פאַר זייע־רע מישטיינס געזאַגט קלומיקעס. אַפילו די יחידי־סגולה, ווען מ׳האָט זיך איינגעגעבן צוריקצוקריגן עפּעס פון זייער שטוב־ווירטשאַפט ביי די קריסטן, האָבן עס אויך נישט מיטגענומען, ווייל יעדער האָט דאָך געהאַט אין זינען נישט צו בלייבן אין פוילן. כמעט אַלע האָבן געהאַט אַ וויטערן ציל, טאָ צו וואָס שלעפּן עס?

אַזוי אַרום האָט זיך באַקומען, אַז אויפן שוועל פון געזעגענען זיך מיט דער היימשטאָט, האָט מען אויך באַדאַרפט דורכמאַכן האַרץ־ווייטיק מיט נערוון־פאַרלוסט.

אין דעם טאָג ווען ס׳האָט געדאַרפט אָפּגיין דער ערשטער טראַנספּאָרט איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט. לויט ווי איך געדענק, איז עס אויסגע־פאַלן ביי־יאַר 1945. מ׳איז געווען פריי פון דער אַרבעט, בין איך מיט שמעון גאַרבעראָוויטשן געגאַנגען צו דער פראַכט־סטאַנציע צו זען ווי אַזוי ס׳גייט צו די טראַנספּאָרטאַציע. יעדע צווי וואָכן פלעגט אָפּגיין אַן עשאַ־לאָן, אָבער איך בין אַהין מער נישט געגאַנגען ביז ס׳איז געקומען די ריי פון אונדזער עשאַלאָן. צו וואָס זיך איינשאַפן אומזיסטן עגמת־נפש?

אַ ביז גאָר וויכטיקע געשעעניש איז מיט אַ מאָל אַריינגעקומען אין מיין פּערזענלעכן לעבן, וואָס האָט געמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש אין מיין דעמאָלטיקן געדאַנקען־גאַנג.

# רות ליימענזאָן און איר טאָגבוך

איך האָב געהאַט אַ לאַנג־יאָריקן חבר; אונדזער חברשאַפט האָט זיך געצויגן פון שולבאַנק אָן. געהייסן האָט ער צלאל טראַקינסקי. אַפילו נאָך אונדזערע חתונות האָבן מיר אָנגעהאַלטן די חברשאַפט. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אינטעליגענט מיידל, וואָס איז געווען מיט אַ גוטע פּאָר יאָר ייִנגער פון אים. געהייסן האָט זי רות ליימענזאָן, געשטאַמט פון אַ באַלע־באַטיש הויז, דער טאַטע אַ דיפּלאָמירטער פּראָוויזאָר און די מאַמע אַן אַקושערין. געלעבט צוזאַמען אַ גליקלעך און צופרידן לעבן ביזן בלוטיקן מבול. איר מאַנס גורל איז געווען פון די ערשטע געכאַפּט צו ווערן פון די ליטווישע „כאַפּונעס" און מער האָט זי אים שוין נישט געזען. אין געטאָ האָב איך רותן געזען בלויז איין מאָל און זי האָט מיר דאַן דערציילט פון איר אומגליק און אויסגעגאָסן פאַר מיר איר ביטער האַרץ. איר משפחה פון דער היים זענען אויך פון די ערשטע אַוועק קיין „פּאָנאַר".



אַריבער די 3 פינצטערע יאָר. כ'קום איין טאָג אַרויף אויפן קהילה־הויף אויף דײַטשע 19 און כ'טרעף רותן... קען מען זיך פאָרשטעלן די פרייד בײַ אונדז ביידן. מיר האָבן זיך דאָך גוט געקענט, צוזאַמען פאַר־בראַכט בײַ פאַרשידענע געלעגנהייטן מיט איר צלאלן. זיי האָבן געוווינט נאָענט פון אונדז, ס'זענען פאָרגעקומען אָפטע באַזוכן איינע בײַ אַנדערע. זי האָט זיך צוגעטוליעט צו די גלאַזמאַנס אין דער שותפותדיקער דירה און פון דאַן אָן פלעגן מיר זיך טרעפן כמעט יעדן טאָג. אין איינעם פון אונדזערע שמועסן האָט זי מיר דערציילט ווי אַזוי זי האָט זיך געראַטעוועט פון אומקום:

נאָכן איבעררײַסן איר לערנען אין דער ייִדיש־פּוילישער גימנאַזיע „אַשוויאַטאַ" האָט זי געאַרבעט אין אַ פּוילישער קאָסמעטישער הורט־פירמע.

כאַטש דער באַלעבאָס אירער האָט געהערט צו אַן ענדעקישער יידן־פּײַנט־לעכער פּאַרטיי, האָט ער איר פיל אַרויסגעהאָלפן אין דער צײַט פון געטאָ און שפּעטער איר געהאָלפן צו קריגן אַ פויערשע משפּחה אין אַ דאָרף הינטער ניעמענטשיק, ווו זי האָט געקראָגן אַ באַהעלטעניש אין אַ שײַער פון שטרוי. דאָרט איז זי אָפּגעזעסן 10 חדשים און די גאַנצע צײַט פאַר־שריבן אין אַ העפט וועגן אירע איבערלעבונגען. אַרויסגעקראָכן איז זי אָבער פון דער נאָרע מיט אָפּגעפרוירענע פיס און אונטערגעבראָכענעם געזונט, אַן איינזאַמע, אַן עלנטע, אַן אַ פרײַנד און אַן אַ גואל.

פון דעם טאָג ווען זי האָט מיך געטראָפן, האָט זיך דערוועקט אין איר אַ האָפענונג אָנצוהייבן פון דאָס נײַ איר לעבן. זי האָט עס פון מיר נישט אויסבאַהאַלטן און עס מיר אָפן געזאָגט, אַז זי איז גרייט מיט מיר צו פאַרבינדן איר גורל. איך האָב איר גוט פאַרשטאַנען און געפילט איר עלנטקייט אַ סך אַנדערש ווי בײַ זיך גופא. די סיבה איז אָבער געווען, וואָס מײַן געדאַנקען־גאַנג איז געגאַנגען אין אַ פאַרקערטער ריכטונג ווי בײַ מײַן חברס פרוי רות. איך בין געווען בײַ דער מיינונג, אַז ס׳איז נאָך צו פרי אָנצוהייבן פון דאָס נײַ, בפרט ווען איך ווייס נישט וואָס מיט מיר וועט זײַן. אויפן ערשטן אָרט איז דאָך בײַ מיר געווען אַרויסצורײַסן זיך פאַר יעדן פרײַז פונעם שאָטן פון „פּאָנאַר" און דערגרייכן די פרײַע וועלט.

ווען ס׳האָט זיך אונטערגערוקט די גליקלעכע געלעגנהייט פון רע־פּאַטריאירן זיך קיין פוילן, האָב איך מיט אַ מאָל דערזען די זאַך אין אַ גאָר אַנדערע ליכט. דורך די דרײַ יאָר פון מײַן נע־ונד ווען אויף יעדן טריט האָב איך געזען דעם סוף פון מײַן לעבן און יעדעס מאָל ניצול געוואָרן מיט אַ נס, האָט זיך בײַ מיר פון דאַן אָן אײַנגעפּעסטיקט דער גלויבן אין באַשערטקייט. אויך דאָס טרעפן רותן האָב איך סוף־כל־סוף אײַנגעזען, אַז מיר זענען אַ באַשערטער זיווג און געהאָלפן דאָס בעסער צו זען האָט טאַקע דאַן ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די רעגיסטראַציע. אָט דאַן האָבן מיר אונדזער גורל פאַרבונדן צוזאַמען.

איבעריק צוצוגעבן וועגן דער ענדערונג וואָס איז מיט אַ מאָל אַרײַנ־געקומען אין מײַן לעבן. כ׳האָב מער נישט געפילט אַזוי די איינזאַמקייט און עלנטקייט, און וועגן רותן איז שוין אָפּגערעדט. זי האָט זיך אַוודאי נישט געריכט ווען זי איז אַרויסגעקראָכן פון איר באַהעלטעניש, אַז איר ווונטש צו טרעפן אַ נאָענטן מענטשן וועט אַזוי שנעל מקוים ווערן...

איין טאָג ווײַזט זי מיר אַ געדיכט פאַרשריבן העפט, וואָס זי האָט גע־שריבן אין איר באַהעלטעניש. אַז איך האָב איבערגעלייענט איר טאָגבוך

האָב איך איר געזאָגט, אַז זי זאָל עס היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווײַל אָט דער דאָקומענט פון דער שוידערלעכער צײַט קען זײַן אַ וויכטיקער בײַ־שטײַער צו דער געשיכטע פון אונדזער חורבן־תּקופֿה.

(דער כּתב־יד פון דעם טאָגבוך געפינט זיך איצט אין מוזיי פון „בית לוחמי הגיטאות" ע"ש יצחק קצנלסון" און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין עברית. אין בוך־פֿאָרעם איז דער טאָגבוך דערשינען אין ייִדיש אין יאָר תשל"ג (1973) אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך פֿאַרלאַג הקיבוץ המאוחד צוזאַמען מיט דעם מוזיי „בית לוחמי הגיטאות").

דער טאָגבוך איז צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק דורך ישׂראל רודניצקי, פֿאַרזען מיט אַנטשפּרעכנדע הערות און מיט אַ געהעריקן אַרײַנפֿיר.

אין זײַן אַרײַנפֿיר צום טאָגבוך שרײַבט י. רודניצקי:

„נאָכן באַקענען זיך מיטן כּתב־יד איז נישט געבליבן קיין ספק, אַז מיר האָבן פֿאַר זיך אַ זעלטענעם דאָקומענט: דאָס איינציקע טאָגבוך (ביז איצט) אין דער חורבן־ליטעראַטור וועגן געטאָ ווילנע — געשריבן פֿון אַ פֿרוי; נאַטיצן־שילדערונגען, אָנפֿניותדיקע, ספּאָנטאַנע און גלײַכצײַטיק פּסיכאָלאָגיש פֿאַרטיפֿטע, פֿאַקטן וועגן עקשנותדיקן קאַמף פֿון אַן איינזאַמער פֿרוי, וואָס האָט זיך פֿאַרמאָסטן, דאַכט זיך, קעגן געחתמעטן גורל. עקשנות און אפֿשר אויך נסים זענען איר בײַגעשטאַנען גובר צו זײַן דעם גיהנום".

דער טאָגבוך אַנטהאַלט 135 נישט־נומערירטע זײַטלעך פֿאַרשריבן מיט אַ בלײַפֿעדער אין אַ גראָבן העפֿט. די ערשטע נאָטיץ פֿון דעם טאָגבוך איז דאַטירט דעם 15טן מײַ 1944, די לעצטע — דעם 19טן יולי 1944, ס'הייסט, סך־הכּל אַ פּעריאָד פֿון 66 טעג, דאַטירטע פֿון 232סטן טאָג אין שײַער ביז דער באַפֿרײַונג.

וועגן די אַדורכגעלעבטע שרעקלעכע סכּנות־טעג אין געטאָ, חורבן ווילנע און 231 טעג אין דאָרף סימאַנוווקאַ (לעבן שטעטל נעמענטשין), האָט זי דערציילט רעטראָספּעקטיוו — אַלץ וואָס ס'האָט זיך בײַ איר אײַנגעקריצט אין זכּרון. אָט די זכרונות געשריבן אויף דער „הייסער מינוט", האָט זי אַרײַנגעפּרעסט אין אירע געדיכט־פֿאַרשריבענע זײַטלעך אין העפֿט, ליגנדיק באַהאַלטן אין אַ שײַער — דאָס איז דער אָרט ווו זי האָט אָנגעהויבן פֿירן איר לוח און חשבון פֿון איר טראַגישן עבר.

איז עס אפֿשר אַ גורלדיקע פֿאַרצייכענונג און אפֿשר איז אויך נישט קיין צופֿעליקייט, ווען שוין אַ פּאָר טעג נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון ווילנע האָט זי פֿאַרשריבן דעם 17טן יולי 1944 די פֿאָלגנדע שורות:

„עס דריקט מיך אַ שווערקייט, ווי טרעט מען אַריַין פון דאָס נײַ איין לעבן? עס שרעקט מיך די עלנטקייט, ווו גיין? וואָס טאָן? עס וועלן זיך אפשר געפינען באַקאַנטע, פרײַנד, עס איז אָבער ניט דאָס... מיר איז באַקאַנט דאָס געפיל צו זײַן צווישן מענטשן און פילן זיך איינזאַם... איך דאַרף ניט קיין סך, איך דאַרף נאָר איינעם"...

אָט די שורות האָט רות געשריבן אַ טאָג פאַרן פאַרלאָזן איר באַהעלטעניש. נאָכן איבערלייענען אָט די שורות האָב איך זיך אויף אַ ווײַל פאַרטראַכט און באַלד האָבן אירע לעצטע פיר ווערטער מיך געצווונגען זיך צו פאַרטראַכטן: „אפשר האָבן גאָר אירע שורות אַ נאָענטן שייכות צו מיר?

די גאַנצע צײַט פון אונדזער צוזאַמענלעבן און אויך נאָך איר טויט האָב איך זיך געשטעלט פאַר אַ ציל, אַז אָט דער טראַגישער און ביז גאָר וויכטיקער דאָקומענט פון דער חורבן־תקופה זאָל באַקומען אַ תיקון. אַלע מײַנע מחשבות זענען געווען געריכטעט אין דער ריכטונג, אַז די „מגילת־רות" זאָל דערזען די ליכטיקע שײַן און אַז איר „מגילה" זאָל זיך געפינען אין רשות פון דער עפנטלעכקייט.

איז עס פאַר מיר און פאַר מײַן זון דוד די בעסטע סאַטיספאַקציע און אויך אונדזער קראַנץ בלומען אויפן קבר פון דער פריצײַטיק פאַרשטאָרבענער מחברין פון „פאַרשריבן אין אַ שײַער".



ס'איז געקומען דער טערמין פון אונדזער אָפּפאָרן. דאָס איז געווען אין מיטן אַפּריל 1945. אין דעם פאַרלעצטן טאָג בין איך פאַרנאַכט אַרומגעגאַנגען איבערן שטאָט, ווי איך וואָלט עפּעס מיט דעם געוואָלט וואָס טיפער אײַנקריצן אין מײַן זכרון דאָס בילד פון מײַן באַליבטער היימשטאָט וואָס איך פאַרלאָז אויף אייביק. איך האָב געקענט ווילנע, אַלץ וואָס איז געווען יידיש איז מיר געווען אייגנס. נאָך אַ מאָל זיך געשלײַכט איבער פאַרשיידענע ווינקעלעך פון דער שטאָט ווו מײַן וויגל איז געשטאַנען און צו זיך געשעפּטשעט: ווילנע, כ'גיי דיך פאַרלאָזן אויף אייביק!...

פאַרן אָפּפאָרן בין איך געגאַנגען זיך געזעגענען אויפן קבר פון מײַן פאָטער ע"ה אויפן זאַרעטשער בית־עלמין. די מצבה שטייט נישט גערירט. אַזוי אויך אַלע אַנדערע מצבות פון די פאַרשטאָרבענע פון אונדזער משפּחה. כ'האָב געדענקט די ערטער פון גיין אויף קבר־אָבות ערב יום־כּיפּור. דאָס ערשטע מאָל נאָך מײַן צוריקקומען ווען כ'האָב דערזען שטיין אַלע

מצבות נישט גערירט, בין איך געווען ממש דערשטוינט. ווי איז עס מעג־לעך געווען, אַז די דײַטשע וואַנדאַלן זאָלן עס איבערלאָזן?... ווען האָט דאַן געקענט אײַנפאַלן, אַז גראָד די „באַפרײַער" וועלן אָפּטאָן אַזאַ וואַנ־דאַליזם און צעשטערן דעם בית־עולם און אויף זײַן אָרט פלאַנצן אַ פּאַרק! מ׳ווייס דאָך נאָך ביז איצט נישט גענוי, וואָס די קאָמוניסטן האָבן געטאָן מיט די צענדליקער טויזנטער מצבות. קען מען דען פאַרגעסן נאָך אַפילו הײַנט דעם דאָזיקן וואַנדאַליזם פון פאַרשוועכן דעם זאַרעטשער בית־עולם?

דער דראַנג וואָס פריִער און גיכער אַנטלויפן פון ווילנע, האָט אַפילו אין אַ געוויסער מאָס גובר געווען די געפילן און סענטימענטן צו דער געבוירן־שטאָט, דאָרט ווו דײַן וויגל איז געשטאַנען. האָבן מיר דאָן אַלע ווילנער נישט געצווייפלט, אַז מיר צעשיידן זיך מיט אונדזער ווילנע אויף אייביק; אָבער בלויז פיזיש, ווײַל ווילנע לעבט שטענדיק אין דער געדע־כעניש פון דעם, וואָס איז אין איר געבוירן געוואָרן.

# מיטן רעפּאַטריאַציע־עשאַלאָן קיין פּוילן

ס׳איז געווען אַ פּראָבלעם מיט מײַן ווײַבס זאַכן, וואָס זי האָט צוריק־געקראָגן פון דער ערלעכער קריסטין. איצט איז עס געוואָרן אַ לאַסט — ווי גיט מען זיך מיט דעם אַן עצה? זי טענהט למאי קענען די פּאַליאַקן אַלץ מיטנעמען? אָבער אונדזער פאָרן קיין פּוילן באַדײַט עפּעס אַנדערש, טענה איך מיט גאַרבעראָוויטשן. נו, וועט מען עס איבערלאָזן אין פּוילן, טענהט זי צוריק און — אויסגעפירט... איז עס ווידער געווען שמעון — ער איז באַלד אַוועק אין גאָס און געקומען מיט דער בשׂורה: מאָרגן פרי וועט שטיין אַ לאַסט־אויטאָ בײַם אַרײַנגאַנג...

געקומען אויפן באַן־ראַמפּע אַ הו־האַ, אַ געלויף פון פאַרכאַפּן אַ וואַגאָן. די פּאָליאַקן פאַרנעמען גאַנצע וואַגאָנען מיט זייער באַלעבאַטישקייט און איך זע נישט ווי מיר וועלן אין אַזאַ טומל באַווײַזן זיך אַרײַנצובאַקומען אין אַ וואַגאָן מיט מײַן ווײַבס בעבעכעס... שמעון זאָגט: „לייזער, דאגה נישט, זײַ רויִק, לאָז איבער אַלץ פאַר מיר"... און ווערט נעלם.

פאַר דער צײַט וואָס שמעון איז נישט געווען, האָב איך זיך אומגעקוקט וואָס די פּאָליאַקן האָבן דאָ צעאַרבעט. אויך דאָס מאָל האָט געוויטיקט דאָס האַרץ זיך צוקוקן צו דער האָפערדיקייט פון די פּאָליאַקן, וועלכע זענען דאָ געווען אונטערן אויפזיכט פון זייער רעפּאַטריאַציע־קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען מערסטנס פון פּאָליאַקן. זייערע מענטשן האָבן שוין געזאָרגט, אַז די פּאָליאַקן זאָלן האָבן גענוג פּלאַץ אין די וואַגאָנען פאַר זייער עשירות.

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט ווי שמעון איז צוגעקומען מיט אַ צופרידענעם פּנים און אונדז געלאָזט וויסן, אַז מען דאַרף זיך נעמען צו דער אַרבעט איבערשלעפּן די בעבעכעס אין דעם וואַגאָן וואָס ער האָט שוין פאַרנומען, האָט מען זיך אַ נעם געטאָן מיט אימפּעט און אַלץ אַרײַנגעבראַכט אין וואַגאָן.

אַז מיר האָבן זיך אויסגעלייגט מיט די זאַכן אין אונדזער האַלבן וואַגאָן און שמעון מיט ראָזען האָבן דערזען, ווי ברייט עס שטייט רותס גרויסע סאָפע, האָבן זיי ביידע אין עקסטאַז אויסגערופן: — „אוי, ס׳אַראַ חכמה רות איז — מיר קענען דאָך אַלע פיר שלאָפן אין דער ברייטער סאָפע״...

יאָ, אַזוי איז טאַקע געווען. די מעשה איז אָבער געווען, וואָס לאַנג איז שמעון מיט ראָזען נישט אויסגעקומען צו שלאָפן אויף דער סאָפע. דער עשאַלאָן איז געווען באַשטימט קיין לובלין. דערפאַרן זענען מיר צוזאַמען ביז ביאַליסטאָק, און דאָרטן האָבן מיר, צום באַדויערן, זיך צעשיידט.

אונדזער עשאַלאָן איז באַשטאַנען פון 60 וואַגאָנען. אַזוי נאָר ווי כ׳בין אַרײַן אין אונדזער וואַגאָן, האָב איך פאַרנומען אַן אָרט אויף דער סאָפע און מער נישט אַרויס אין דרויסן, ביז דער עשאַלאָן האָט גערירט. כ׳האָב נישט געוואָלט מער אָנקוקן די האַפערדיקע פּרצופים פון די פּאָליאַקן בײַם פאַרלאָזן דאָס אָנגערויבטע ייִדיש גוטס. ליגנדיק אויף דער סאָפע האָב איך אין געדאַנק געמאַכט אַ קווערשניט איבער מײַנע יאָרן אין דער באַליבטער ווילנע, ווו כ׳האָב אָפּגעלעבט אַ האַלבן לעבן און איצט פאַרלאָז איך עס אויף אייביק...

אַ דערלײַכטערונג אין געמיט האָב איך דערפילט, ווען דער עשאַלאָן האָט גערירט. קוים אָפּגעפאָרן אַ פּאָר צענדליק קילאָמעטער, איז דער עשאַלאָן שטיין געבליבן. מען רוקט פונאַנדער די טיר און פרעגן וואָס איז געשען? ס׳איז שטאַרק פינצטער. באַן־אַרבעטער גייען מיט די לאַמטערנעס קאָנטראָלירן די רעדער. באַלד ווייסן מיר שוין, אַז ס׳ברענט אַן אַקס. וועמענס וואַגאָן דאַרף דאָס זײַן? אונדזער... באַלד קומט אַ באַפעל באַפרײַען די זאַכן פון וואַגאָן, מ׳מוז אַרויסנעמען דעם וואַגאָן פון עשאַלאָן. אָט האָסטו דיר... דער ערשטער אַרויספאָר איז שוין אַ שלימזלדיקער...

כ׳האָב גענומען מיט שמעונען אַרויסטראָגן מײַן פרויס בעבעכעס און אַוועקגעלייגט בײַ די ליניעס. די ערד איז נאָס פון צעגאַנגענעם שניי, פינצ־טער, מ׳זעט נישט צו שטעלן אַ טריט... איז דאָס נאָך געווען ווייניק, פירט אונדז אַ באַן־מענטש ווײַזן דעם נײַעם וואַגאָן. מ׳האָט איצט געמוזט אויף די פּלייצעס אַלץ אַריבערטראָגן. מיר האָבן זיך געשלעפּט אַ האַלבע נאַכט איבער די ליניעס. מילא, כ׳האָב געשוויגן, אָבער מײַן ווײַב וויינט און טענהט: ס׳איז אַלץ צוליב אירע בעבעכעס... צו וואָס האָט זי עס באַדאַרפט שלעפּן?...

אַז מיר זענען שוין צוריק געלעגן אויף רותס גרויסער סאָפע אין נײַעם וואַגאָן און די נערוון האָבן שוין בײַ אַלעמען זיך באַרויִקט, איז די שטימונג ווידער געוואָרן אַ הייטערע.

ס׳האָבן זיך איַינגעקריצט אין זכרון טשעקאָווע עפּיזאָדן, וואָס האָבן פּאַסירט אויפן וועג ביז דער פּוילישער גרענעץ, צווישן גראָדנע און ביאַ־ליסטאָק. געגוג צו זאָגן, אַז אָט די שטרעקע וואָס האָט אַמאָל גענומען 3־4 שעה האָבן מיר זיך געשלעפּט אייניקע טעג... מ׳איז מער געשטאַנען אויף זײַטיקע ליניעס ווי געפאָרן... אַלע וויַילע פלעגט מען צונעמען דעם לאָקאָמאָטיוו...

וואָס מער מ׳האָט זיך דערנענטערט צו דער גרענעץ, האָט אין האַרצן גענומען קלאַפּן שטאַרקער. מאַלע וואָס ס׳מאַכט זיך. מ׳קען דען וויסן וואָס די „באַפרייַער" קענען דיך מזכה זײַן אין דער לעצטער מינוט? אַז מיר זענען שוין געווען אויף דער פּוילישער טעריטאָריע האָט מען טיפער אָפּ־געאָטעמט.. ס׳איז אָבער געווען נישט מער ווי אַן אילוזיע. — די זעלבע איוואַנעס אין פּוילישע מונדירן זענען געווען די באַלעבאַטים פון נײַעם „דעמאָקראַטישן" פּוילן.

# עשאַלאָנען, עשאַלאָנען...

נאָך אַ פּאָר טעג און נעכט פון שלעפּן זיך מיטן עשאַלאָן, זענען מיר אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. דער עשאַלאָן איז געבליבן שטיין. ווידער האָט מען צוגענומען דעם לאָקאָמאָטיוו... איז מען אַרויסגעקראָכן פון די וואַגאָנען, אפשר טרעפן אַ באַקאַנטן. אויף די אַנדערע ליניעס שטייען נאָך עשאַלאָנען מיט רעפּאַטריאַנטן. עס איז אַ געדראַנג. דערוווײַטערן זיך פון אונדזער עשאַלאָן קען מען נישט, טאָמער גייט ער פּלוצעם אַוועק. דרייט מען זיך אַרום דערווײַל.

מיט אַ מאָל קומט אָן נעבן אונדזער ליניע נאָך אַן עשאַלאָן און בלײַבט שטיין. עס קומען פון אים אַרויס ייִדן און... מײַנע מיטפאָרער, שמעון און ראָזע גאַרבעראָוויטש, כאַפּן זיך אַרום מיט זייערע פרײַנד פון פּאַרטיזאַנקע, זייער עשאַלאָן גייט קיין לאָדזש, אָבער אונדזערער גייט דאָך קיין לובלין. עס דויערט נישט לאַנג און שמעון זאָגט צו מיר:

— לייזער, לאָמיר פאָרן מיט זיי קיין לאָדזש. אָט וועלן מיר אַריבערטראָגן די זאַכן אין זייער וואַגאָן, ווו עס איז דאָ פּלאַץ פאַר אונדז אַלעמען. זיי האָבן שוין פּלענער און ווייסן שוין פון אַלץ... מען פאָרט קיין דאַנציג, קיין דײַטשלאַנד, מען ברענגט פון דאָרט מאַשינען מיט זאַכן... און מען מאַכט געלט...

כ׳בין געבליבן געפּלעפט פון שמעונס משונהדיקן פאָרשלאָג.

מײַן ענטפער שמעונען איז געווען קורץ: — מײַן פוס וועט נישט באַטרעטן דאָס בלוטיקע עמלק־לאַנד און מיך אינטערעסירט נאָר איין זאַך: ווי ווײַט מעגלעך שנעל זיך אָפּצוטראָגן באַצײַטנס פון פּוילן...

מיר האָבן זיך צעשיידט. ס׳האָט אונדז ביידן פאַרדראָסן די צעשיידונג. (מיט אַ יאָר שפּעטער האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן אין איטאַליע, אָבער שוין בײַ פרייל עכערע אומשטענדן).

איך בין געבליבן מיט מײַן רותן אַליין אין דעם האַלבן וואַגאָן מיט דער סאָפע און מיר וועלן פאָרן, הייסט עס, דעם ווײַטערדיקן וועג ביז לובלין „ראָשקאָשנע”... אַזוי האָבן מיר געטראַכט. עס איז אָבער געווען אַנדערש.

מיר שטייען אַזוי נעבן אונדזער וואַגאָן און אָבסערווירן די מיטפּאָרנ־דיקע. מיט אַ מאָל דערזע איך מײַן קאָמאַנדיר טוביה בעלסקי מיט זײַנע צוויי ברידער — זוסיע מיטן ייִנגערן אַרטשיק, מיט זייערע פרויען. האָט מען זיך צערעדט. ווײַזט זיך אַרויס, אַז זיי מוזן צוליב אַ סיבה אַוועק פון זייער עשאַלאָן, וואָס איז אָנגעקומען פון לידע און זיי זוכן ווו זיך אַרײַנ־צוכאַפּן.

מיט עטלעכע מינוט שפּעטער האָבן זיי שוין געהאַט זייער ווינקל אין אונדזער וואַגאָן. דאָס איז געווען די ערשטע באַגעגעניש מיט זיי זינט אונדזער צעשיידונג אין נאַוואָגרודעק, נאָך דעם ווי טוביה בעלסקי האָט פונאַנדערגעלאָזן זײַנע פּאַרטיזאַנער. מען האָט זיך ווידער געשלעפּט צוואַ־מען דורך טעג און נעכט און אויפן צענטן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין לובלין.

ווי באַקאַנט, איז אין לובלין פאָרמירט געוואָרן די ערשטע רעגירונג פון דער נײַער פּוילישער „פאָלקס־דעמאָקראַטישער“ מלוכה. ווען מיר זענען אַהין אָנגעקומען, זענען שוין אַ טייל מיניסטעריומס געווען אַריבער־געטראָגן קיין וואַרשע.

אויפן וואָקזאַל איז שוין געווען טעטיק דער רעפּאַטריאַציע־קאָמיטעט, וועלכער האָט אויפן אָרט זיך פאַרנומען מיטן פונאַנדערשיקן די רעפּאַ־טריאַנטן איבערן גאַנצן לאַנד. לובלין, גופא, און אַרום, איז געווען פאַרפולט. האָט מען דאַן אָנגעהויבן אַריבערשיקן די פּליטים אין די געוועזענע דײַטשע געביטן און די פּאָליאַקן זענען אַהין געפאָרן מיט חשק. דאָרט האָט די דײַטשע באַפעלקערונג, נאָך זייער אַנטלויפן קיין דײַטשלאַנד, איבערגעלאָזט די דירות מיט דער גאַנצער באַלעבאַטישקייט און די רעפּאַטריאַנטן האָבן באַלד פאַרנומען די דירות און איבערגענומען אַלץ וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען...

פּאַקטיש איז לובלין געווען דער זאַמלפּונקט פון די ייִדן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט אין פּוילן און אויך דער צענטער פון די רעפּאַטריאירטע ייִדן פון ראַטנפאַרבאַנד, וועלכע האָבן אין די טויזנטער געשטראָמט קיין פּוילן, כּדי פון דאָרט זיך ציִען אין דער פרײַער וועלט.

מיר האָבן זיך אָריענטירט, אַז עס איז גלײַכער פאַרלאָזן דעם פּלאַץ און נישט האָבן צו טאָן מיטן רעפּאַטריאַציע־קאָמיטעט. מען האָט באַדאַרפט גלײַך פּטור ווערן פון די פּעק. כ׳האָב איבערגעלאָזט מײַן פרוי בײַ די זאַכן און בין אַוועק אין שטאָט, קודם געפינען אַ פּלאַץ ווו איבערצושלאָפן די ערשטע נאַכט. עס האָט זיך מיר אײַנגעגעבן פאַר גוט באַצאָלט, צו קריגן

ביי אַ פוילישער אלמנה, אַ ווינקל אין איר דירה. אַ פערד און וואָגן איז אויך באַלד געוואָרן. איך האָב געבראַכט צו פירן אויפן הויף די בעבעכעס און אין אונדזער ווינקל אַריינגענומען בלויז די ווייכע זאַכן. אַ פּאָר שעה שפּעטער, זענען מיר שוין געווען פּטור פון אַלץ און געבליבן איז אונדז נאָר דאָס, וואָס מען האָט געקענט אַרייַנגעמען אין רוקזעק.

צו מאָרגנס האָב איך זיך דערוווּסט, אַז עס איז דאָ אַ ייִדישער הילפס־קאָמיטעט און בין אַהין אַוועק זיך דערוויסן פּרטים. צו ערשט איז געווען צו קריגן אַ דאַך איבערן קאָפּ און זייַן מיט ייִדן צוזאַמען. פון דאַנען האָט דאָס אונדז דערפירט צו דער פּליטים־געבייַדע אויף נאַרוטאָוויטשאַ־גאַס, ווו ס׳האָבן זיך צייַטווייַליק אויפגעהאַלטן ייִדישע פּליטים.

עס איז מיר לייַכטער געוואָרן אויף דער נשמה, ווען איך האָב דאָרט געפונען מייַנע באַקאַנטע פון ווילנע. זיי האָבן באַלד געמאַכט פרייַ אַ ווינקל אין זייער צימער אויף דער פּאָדלאָגע און נאָך דעם זעלבן טאָג האָבן מיר זיך צוגעטוליעט צו זיי און געוואָרן היימיש. ווען מען האָט עס געאַרט די שמוציקע ווענט, אָן טירן און צעבראָכענע שויבן; פון סופיט האָט גע־רונען דער צעגאַנגענער שניי און אַלס צוגאָב, קלעטערן אויף צעבראָכענע טרעפּ אויפן 4טן שטאָק. אָבער וואָס פּאַר אַ ווערט האָט אַזאַ „קלייניקייט" לגבי דעם, אַז מיר זענען צווישן היימישע.

דעם צווייטן טאָג, האָב איך זיך באַלד אָנגעהויבן נאָכפרעגן וועגן אַ פאַרבינדונג צו „ציָען" ווייַטער... מייַנע שכנים לאָזן מיר וויסן, אַז זיי טראַכטן אויך דערפון און מען וועט שוין איצט מאַכן פּלענער צוזאַמען. דערווייַל אָבער דאַרף מען גיין זען די טויטן־פאַבריק מאַידאַנעק, זיך מתייחד זייַן מיט די ביינער פון אונדזערע פאַרברענטע שוועסטער און ברידער.

# מאַידאַנעק —
# די גרויסע מתים־פאַבריק

דעם אמת געזאָגט, ביז מיר זענען צוגעקומען צו דער מתים־פאַבריק מאַידאַנעק, בין איך נאָך אַלץ געווען אונטערן טיפן אײַנדרוק פון „פאָנאַר". די גאַנצע צײַט נאָך מײַן ערשטן באַזוך אין פאָנאַר, בין איך געווען איבער־צײַגט, אַז קיין גרעסערער הריגה־אָרט ווי „פאָנאַר" איז אין ערגעץ נישטאָ. און דאָ, פּלוצעם, האָט זיך פאַר אונדז אַנפּלעקט אַן עמק־הבכא, אַ ריזיקער שטח, וווּ ס׳האָבן געפונען דעם טויט מער ווי אַ פערטל מיליאָן ייִדן. און אָט וואָס מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער ריזיקער מאָרד־מאַשין מאַי־דאַנעק:

מאַידאַנעק איז נאָך אָשוויענטשים געווען דער צווייטער גרעסטער טויטן־לאַגער אין פּוילן. קיין מאַידאַנעק, וואָס געפינט זיך אין גאַנצן עט־לעכע קילאָמעטער פון לובלין, אויף רעכטס פון כעלעמער שאָסיי, זענען דעפּאָרטירט געוואָרן מענטשן פון 27 מלוכות.

דער מאַידאַנעק־לאַגער האָט אָנגעהויבן „פונקציאָנירן" שוין דעם 16טן פעברואַר 1942, צו ערשט אַלס לאַגער פאַר סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע מ׳האָט אויסגענוצט ביים אויפשטעלן דעם ריזיקן לאַגער־קאָמפּלעקס. פון דעם ערשטן טראַנספּאָרט פון 5 טויזנט קריגס־געפאַנגענע, וועלכע זע־נען געבראַכט געוואָרן קיין מאַידאַנעק, איז שוין אין יוני 1942 פון זיי קיין זכר נישט געבליבן.

אין דער ערשטער פאַזע איז מאַידאַנעק געווען אויסגערעכנט אויף 40 טויזנט אַרעסטאַנטן, שפּעטער האָבן די היטלעריסטן דעם לאַגער אויס־געברייטערט און ער האָט שוין אַרײַנגענומען 50 טויזנט מענטשן. אין דער העלפט 1942, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אַהער די ערשטע טראַנספּאָרטן מיט פּאָליטישע אַרעסטירטע, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. אין דער צײַט האָט מען אָנגעהויבן ברענ־

גען אַהער גרויסע גרופּעס ייִדן פון לובלינער געטאָ און אויך ייִדן פון די געטאָס אַרום לובלין. אין משך פון זומער 1942 האָט מען קיין מאַידאַ־נעק געבראַכט 18 טויזנט קרבנות פון סלאָוואַקיע און טשעכאָסלאָוואַקיי.

נאָכן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן די נאַ־ציס געבראַכט קיין מאַידאַנעק איבער 50 טויזנט ייִדן פון וואַרשע און נאָכן דערשטיקן דעם העלדישן אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ אין אויגוסט 1943, האָבן די דײַטשן אַהער געבראַכט די רעשטלעך פון ביאַליסטאָקער געטאָ.

דער גרויסער פאַרניכטונגס־לאַגער איז געווען פאַרטיילט אויף 5 פעל־דער: יעדעס פעלד איז געווען אַ לאַגער פאַר זיך. יעדער לאַגער איז געווען אָפּגעטיילט פון צווייטן מיט שטעכלדראָט, דורך וועלכן ס׳איז אַדורכגע־לאָזט געוואָרן אַן עלעקטרישער שטראָם.

פיר זענען געווען מענער־לאַגערן, דער פינפטער — אַ פרויען־לאַגער. די לעבנס־באַדינגונגען אין פרויען־לאַגער האָבן זיך נישט קיין סך אונטער־שיידט פון די באַדינגונגען אין מענער־לאַגער. צוזאַמען מיט די פרויען האָט מען געבראַכט אין לאַגער זייערע קליינע קינדער. זיי זענען געווען מיט די מוטערס אויף איין פעלד, אָבער אָפּגעצוימט מיט אַ הויכער מויער.

מאַידאַנעק איז גאָר גיך און אָפיציעל אָנערקענט געוואָרן אַלס פאַרניכ־טונגס־לאַגער. עס האָבן זיך געטומען מערן די מאַסן־עקזעקוציעס פון די אַרעסטירטע.

מיטן אָנקומען פון די ייִדישע טראַנספּאָרטן פון מערב און דרום־אייראָפּע, זענען די דאָזיקע ייִדן גלײַך געשיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן. דער גרעסטער און שוידערלעכסטער מאַסן־מאָרד איז דורכגעפירט געוואָרן אין טאָג פון 3טן נאָוועמבער 1943. נעבן די שײַטער־הויפנס זענען אין דעם טאָג פאַרברענט געוואָרן איבער 18.000 ייִדן, צום מערסטן פון וואַרשעווער געטאָ.

אָט ווי עס באַשרײַבט די דאָזיקע שחיטה דער קאָמוניקאַט פון דער פּויליש - סאָוועטישער ספּעציעלער קאָמיסיע צו פאָרשן די היטלעריסטישע פאַרברעכנס אין מאַידאַנעק, אויפן סמך פון עדות־דערקלערונגען, באַלד נאָכן באַפרײַען דעם לאַגער מאַידאַנעק:

„...דרײַ טעג פאַר דער מאַסן־עקזעקוציע האָט מען אויפן שטח פון לאַגער, הינטער דער קרעמאַטאָריע, אויסגעגראָבן גרויסע גריבער. די צעשיסונגען האָבן זיך אָנגעהויבן באַגינען און פאַרענדיקט שפּעט אין

אָוונט. די עס־עס־לײַט האָבן געפּירט די קרבנות נאַקעטערהייט, גרופּעס־ווײַז, צו 50 און 100 פּערזאָן. מען האָט זיי געצוווּנגען צו לייגן זיך מיטן פּנים צו דער ערד און געשאָסן אין זיי פון אויטאָמאַטן. אויף די טויטע האָט מען געלייגט אַ נײַע פּאַרטיע מענטשן — און אַזוי כּסדר, ביז די גריבער זענען פאַרפולט געוואָרן. דערנאָך האָט מען די טויטע באַשאָטן מיט אַ דינער שיכט ערד. אין צוויי, דרײַ טעג אַרום, האָט מען די טויטע אַרויסגעוואָרפן פון די גריבער און פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס".

לויט ווי ס'האָבן איבערגעגעבן עדות פאַר דער אויבן־דערמאָנטער קאָמיסיע, האָט די עקזעקוציע איבער די ייִדן זיך אָנגעהויבן בײַ דער באַגלייטונג פון שטראַוס וואַלס „אויפן בלויען שטילן דונאַי". אויפן פינפטן פעלד איז פאָרגעקומען אָט דער גרויזאַמער שוידערלעכער מאָרד. די דאָזיקע עקזעקוציע האָט געדויערט פון 6 פרי ביז 8 אָוונט. אויף אַ גרויסן מהלך פון מאַידאַנעק האָבן זיך געהערט די יללות פון די קרבנות.

אין הסכּם מיט זייער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק פון מענטשן־מאָרד, זענען די היטלעריסטן אויפן באַפעל פון הימלערן צוגעטראָטן אויפצובויען אין מאַידאַנעק 7 גאַז־קאַמערן. די קערפּערס פון די פאַרגאַזטע קרבנות זענען דערנאָך געברענט געוואָרן טאָג און נאַכט אָן אויפהער, אין פינף קרעמאַטאָריע־אויוונס. די „פּראָדוקטיוויקייט" האָט באַטראָפן — טויזנט הרוגים אין מעת־לעת. ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די קרעמאַטאָריעס באַווײַזן נישט אויסצופירן שנעל דאָס ברענען די קערפּערס, האָט מען די פאַרגאַזטע מענטשן פאַרברענט אונטערן פרײַען הימל. זיי זענען אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן אין טיפע גריבער, באַגאָסן געוואָרן מיט צינדשטאָף און געלאָזט מיטן פײַער...

די היטלעריסטישע רוצחים האָבן זיך נישט באַנוגנט מיטן פאַרטיליקן בלויז די קרבנות. איידער זיי האָבן די מענטשן געשיקט אין די גאַז־קאַמערן, זענען זיי באַרויבט געוואָרן. מ'האָט בײַ די קרבנות צוגענומען זייערע קליידער, וועש, ברילן, געלט, אַפילו קינדערשע שפּילצײַג, שיכעלעך א״אַ.

במשך פון דער העכער פיר־יאָריקער עקסיסטענץ פון דער שוידערלעכער טויטן־פאַבריק, זענען דאָ אומגעבראַכט געוואָרן בײַ אַ האַלבן מיליאָן מענטשן פון אַלע לענדער פון דער אָקופּירטער אייראָפּע.

צוויי טעג פאַרן באַפרײַען לובלין, האָבן זיך נאָך געפונען אין מאַידאַנעק קרוב 2 טויזנט אסירים. אַ העלפט האָט מען עוואַקואירט מיט לאַסט־

אויטאָס. די רעשט האָט מען געטריבן צו פוס. דאָס איז געווען אַן אמתער טויטן־מאַרש פון די אומגליקלעכע. די וואָס האָבן נישט געקענט גיין, זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. דער גאַנצער וועג פון דעם טויטן־מאַרש איז געווען אויסגעלייגט מיט טויטע קערפּערס.

בלויז אַ קליינע גרופּע, ווען די דײַטשע רוצחים האָבן נישט באַוויזן צו עוואַקוּאירן איז געבליבן אין מאַידאַנעק, ווען די סאָוועטישע סאָלדאַטן האָבן זיך אַהין אַרײַנגעריסן. די אַנטלאָפענע אין גרויס פּאַניק היטלעריסטן, האָבן נישט באַוויזן צו פאַרניכטן די לאַגער־אײַנריכטונגען צוזאַמען מיט די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס — די שטומע עדות פון דער שוידערלעכער טויט־פאַבריק.

אַ שטומער עדות פון רויב זענען אויך די אויסגעשטעלטע זאַכן אין מאַידאַנעק־מוזיי, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך דער באַפרײַונג. די באַזוכער זעען אין די אויסשטעלונגס־גאַבלאָטן, די פאַרבליבענע קעגנשטאַנדן, וואָס די לאַגערוואַך האָט שוין נישט באַוויזן אַרויסשיקן קיין בערלין: בערג מיט שיך, צווישן זיי קינדערשע שיכעלעך, צוזאַמען קרוב 300 טויזנט פּאָר; קליידער, טליתים, סידורים, מעסערלעך, פּילפעדערס, ציגנד־מאַשינקעלעך, בערשטלעך צו ציין און גרויסע זעק אָנגעפּולטע מיט לאַנגע פרויען־האָר... דערבײַ געפינען זיך קופּעס טשעמאָדאַנעס, אויף וועלכע עס זענען אויפגעשריבן די שטעט און לענדער פון דער אָקופּירטער אייראָפּע, פון וואַנען מען האָט די קרבנות אַהערגעבראַכט.

דער באַזוך אין מאַידאַנעק האָט אויף אונדז אַלעמען געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן אײַנדרוק. און ווען איך בין בײַם אַרויסגאַנג פון מוזיי צוגעגאַנגען צום אָפענעם באַזוכער־בוך און געוואָלט אַרײַנשרײַבן דעם ווייטיק פון מײַן האַרץ, האָב איך ממש, נישט געקענט אָנשרײַבן עטלעכע ווערטער. ערשט אויף מאָרגן בין איך ווידער געקומען אין מאַידאַנעק, בכדי צו אַרײַנשרײַבן אַלץ וואָס איך האָב דאַן געפילט... און פּונקט דעמאָלט, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט „פּאָנאַר", אַזוי האָבן אויך איצט מײַנע ליפּן געשעפּטשעט אַ שטומען קדיש נאָך די קדושים פון מאַידאַנעק.

נאָכן באַזוך אין מאַידאַנעק איז שוין בײַ אונדז געווען אַ פעסטער באַשלוס וואָס שנעלער צו אַנטלויפן פון אָט דעם פאַרשאָלטענעם לאַנד. נײַן חדשים איז אונדז אויסגעקומען צו לעבן אין ווילנע אין שאָטן פון פּאָנאַר. און אויב ס'האָט געטראָפן דער נס און מיר זענען בשלום אַוועק פון דאָרט, דאַרפן מיר אַרײַנפאַלן פּונקט אין דער פאַרשאָלטענער שטאָט פון מאַידאַנעק, וואָס איז שוידערלעכער פון פּאָנאַר. ווען מיר דאָ קענען איבערשלאָפן אַ רויִקע נאַכט?

# „פוילן פאַר פּאָליאַקן"

דערווײַל האָבן אָנגעהויבן ווירקן אַ ריי געשעענישן:

איך דערוויס זיך, אַז פישעלע העלערשטיין, אַ זעצער מיט וועמען כ'האָב אַ סך יאָרן געאַרבעט אין אַ ריי ווילנער דרוקערײַען, און מיט אים זיך באַטייליקט אין דער פאַרוואַלטונג פון ווילנער דרוקער־פאַראיין, איז געקומען פון רוסלאַנד. ער איז געווען אַ קורצע צײַט אין לובלין און גע־פינט זיך אין לאָדזש. ער זוכט יידישע זעצער ווי מיט ליכט... בלויז גע־ציילטע זעצער האָבן זיך בעת־מעשׂה געוויזן. פאַקטיש האָב איך אים גע־דאַרפט לאָזן וויסן, אַז איך בין געבליבן לעבן און געפין זיך אין לובלין. איך האָב אָבער באַשלאָסן נישט לאָזן אים וויסן וועגן זיך, ווײַל כ'בין געווען זיכער, אַז איך וואָלט געמוזט פאַרקאַטשען די אַרבל און העלפן בײַקומען די ערשטע שוועריקייטן צו שאַפן די יידישע אותיות און זיך שטעלן בײַם זאַץ־קאַסטן פון דער ערשטער געגרינדעטער יידישער צײַטונג...

איך באַקום פון מײַן גוטן פרײַנד, שמעון גאַרבערזאָוויטש, אַ בריוועלע פון לאָדזש, אין וועלכן ער לאָזט מיר וויסן, אַז איך זאָל תּיכּף קומען צו אים, ווײַל ער מוז מיר האָבן בײַ זײַן זײַט... ער „שאַרט גאָלד פולע הויפנס פון זײַן האַנדל פון דאַנציג און דײַטשלאַנד"... ער קען זיך אַליין נישט ספּראַווען מיט די „גאָלדענע געשעפטן"...

נאָכן איבערלייענען פאַר מײַן רותן דאָס בריוועלע, האָב איך עס צע־ריסן מיט איר הסכּמה און אַפילו אים נישט געענטפערט...

די רעפּאַטריאַציע פון די פוילישע יידן פון ראַטנפאַרבאַנד קיין פוילן האָט לגמרי נישט אַנטשפּראָכן דעם „ושבו בנים לגבולם", היות ווי די רעפּאַטריאירטע יידן האָבן זיך נישט אומגעקערט „אַהיים". פוילן איז פאַר זיי געווען בלויז אַ טראַנזיט־אָרט פון וואַנען זיי האָבן געצילט צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל, אָדער אין אַנדערע לענדער. חוץ דעם איז צווישן די רע־פּאַטריאירטע פוילישע יידן געווען אַ גרויסע צאָל אַפּשטאַמיקע פון מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע און אויך פון ווילנער געגנט — דאָס

הייסט, פון די געביטן, וועלכע זענען פאַרבליבן אויף דער סאָוועטישער זײַט. צו זיי דאַרף מען נאָך צוגעבן נישט קיין קליינע צאָל ליטווישע ייִדן, וועלכע ס׳איז געלונגען צו אַריבערשמוגלען מיט פאַלשע פאַפּירן די סאָוועטיש-פוילישע גרענעץ. אָט דער ריזיקער שטראָם רעפּאַטריאירטע ייִדן האָט פאַר זיך געזען בלויז איין ציל: וואָס קירצער פאַרבלײַבן אויף דער מיט ייִדיש בלוט אָנגעזאַפּטער פוילישער ערד.

שוין גלײַך בײַם איבערשנײַדן די גרענעץ־ליניע צווישן רוסלאַנד און פּוילן, האָבן די רעפּאַטריאירטע ייִדן דערפילט די שׂנאה פון די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געהאַט אַ לאַנגע טראַדיציע פון אַנטיסעמיטישע פאַרפאָלגונגען און זענען געווען צעפרעסן פון ייִדנהאַס.

די פּאָליאַקן האָבן געמיינט, אַז זיי זענען שוין פּטור געוואָרן פון די פאַרהאַסטע „זשידעס", און דאָ, פּלוצעם, שטראָמען צענדליקער עשאַלאָנען מיט „ניעדאָפּאַלקעס" (נישט פאַרברענטע), ווי מען האָט זיי דאַן גערופן אין פּוילן.

נישט זעלטן פלעגן די עשאַלאָנען מיט די אַדורכפאָרנדיקע ייִדן־רעפּאַטריאַנטן באַוואָרפן ווערן מיט שטיינער אויף די באַן־סטאַנציעס, באַגלייט מיט באַליידיקנדיקע אויסרופן אויפן אַדרעס פון די ייִדן. דאָס איז געווען אַ שטאַרק ווייטיקדיקער און ביז גאָר באַליידיקנדיקער „קבלת פּנים" פון די פּאָליאַקן, וואָס האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט.

די בנס ניצול־געוואָרענע פוילישע ייִדן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון פאַרשיידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן, מידע און אויסגעשעפּטע, הונגעריקע און באָרוועסע, מאַסנווײַז געשטראָמט אין פאַרשיידענע ריכטונגען מיט דער האָפענונג צו געפינען וועמען ס׳איז פון דער משפּחה, אַ קרוב, אַ פרײַנד. אָבער ווען זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן פּנים אל פּנים מיט די חרובע ייִדישע קהילות, איז שוין בײַ קיינעם קיין ספק נישט געווען, אַז קיין ניסים האָבן אין דעם פוילישן מדבר נישט פּאַסירט.

די ייִדן, וועלכע זענען אָנגעקומען פון רוסלאַנד האָבן שוין פון פאָרויס געהאַט באַשטימט זייערע ריכטונגען, צו וועלכע זיי האָבן געצילט צו דערגרייכן. זיי האָבן זיך געצויגן אין די גרעסערע צענטערס, וווּ די ייִדישע קאָנצענטראַציע איז געווען אַ גרעסערע און פון דאָרט האָבן זיי געהאָפט ווערט זײַן זיכערער און לײַכטער צו ציִען זיך אין דער ווײַטער וועלט. אָבער דער גרעסטער זאַמלפּונקט צו יענער צײַט, ווען איך בין אָנגעקומען אין פּוילן, איז געווען לובלין.

דאָ האָבן נישט זעלטן אויף די גאַסן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרײַסנדיקע סצענעס: מען דערוויסט זיך פּלוצעם, אַז אַ ברודער, צי אַ שוועסטער, אָדער אַן אַנדער קרוב, לעבט, אייניקע האָבן זיך דערוווסט גענויע פּרטים, ווי אַזוי די גאַנצע משפּחה איז אומגעבראַכט געוואָרן און די לעצטע האָפע־נונג — די לעצטע אילוזיע, אַז מ׳וועט נאָך עמעצן טרעפן — איז אויסגערונען. אַנדערע האָבן זיך דווקא דערוווסט, אַז נאָענטע פון דער משפּחה, וועמען ס׳איז געלונגען זיך ראַטעווען פון טויט אין צײַט פון דער מלחמה, זענען גאָר דערמאָרדעט געוואָרן שוין נאָך דער באַפרײַונג דורך די פּאָליאַקן.

די על־פּי־נס געראַטעוועטע ייִדן אין פּוילן האָבן זיך געפונען אין אַ שטענדיקער סכּנה: אין באַן, אין אויטאָ, אין גאַס, האָט מען אויף יעדן שריט און טריט געשפּירט די סכּנה פון די פּאָליאַקן. ס׳זענען דערגאַנגען דערשיטערנדיקע ידיעות וועגן איבערפאַלן אויף ייִדן אין פאַרשיידענע געגנטן פון פּוילן. מ׳האָט זיך דערוווסט גענויע פּרטים וועגן אַנטיסעמי־טישע כוליגאַנישע באַוואָפנטע באַנדעס, וואָס האָבן געלויערט אויף די וועגן און באַן־סטאַנציעס, אַרויסגעשלעפּט ייִדן פון די באַנען און אויף אַ ברוטאַלן אופן דערמאָרדעט. חוץ דעם האָבן די אַזוי גערופענע „ווײַסע״ פּאָלאַקן בײַ יעדער געלעגנהייט איבערגעחזרט דעם אַלטן פּוילישן אַנטיסעמיטישן פּיזמון: „פּוילן פאַר פּאָליאַקן — ייִדן, — קיין פּאַלעסטינע!״

אויך אין לובלין האָט געלויערט די סכּנה. אין די נעכט פלעגן זיך באַנדיטן אַרײַנרײַסן אין הײַזער וווּ ס׳האָבן זיך געפונען ייִדן און פלעגן דערמאָרדן אויף אַן אכזריותדיקן אופן. די פּוילישע זיכערהייטס־דינסט איז נאָך דאַן געווען צו שוואַך צו באַקעמפן די רוצחישע באַנדעס.

די ייִדן־מאָרדן זענען אויך געקומען אין רעזולטאַט פון דער השפּעה פון די אַנטיסעמיטישע פלוגבלעטלעך, וואָס די באַנדיטן האָבן פאַרשפּרייט אין שטאָט און אומגעגנט, אין וועלכע די פּאָליאַקן האָבן אָפן גערופן צו ליקווידירן די „ניעדאָפּאַלקעס״ אין יעדן אָרט און אין דער פאַסיקער צײַט.

אַ נוסח פון אַזאַ פלוגבלעטל געפינט זיך אין בוך פון יאַנאַס טורקאָוו „נאָך דער באַפרײַונג״ אויף די זײַטן 28־27 און איך ברענג דאָ לשם אילוסטראַציע אַן קירצונגען.

„דאָס שטרעבן צו באַזײַטיקן דעם ייִדישן עלעמענט פונעם לעבן פון די פעלקער, צווישן וועלכע דער גורל האָט זיי באַשטימט צו פאַרבלײַבן, איז אַ פּראָצעס, וואָס עקזיסטירט פונעם ערשטן מאָמענט אָן פון דער אַנטשטייונג פון דער ייִדן־פראַגע אין גלות.

„די מאַסן־פאַרפאָלגונגען פון ייִדן אין מיטל־אַלטער האָט זיי געצוווּנגען צו זוכן נײַע ווױנערטער. און דעמאָלט עפנט פאַר זיי אירע פרײַנדלעכע טויערן דאָס איינציקע לאַנד — פוילן, וואָס זאָגט זיי נישט אָפּ מענטשלעכע רעכט, נעמט זיי אויף, באַשיצט זיי און שאַפט פאַר זיי רויִקע לעבנסבאַדינגונגען און מעגלעכקייטן צו באַרײַכערן זיך!"

„קיין מאָל האָבן אָבער די ייִדן אין פוילן נישט געזוכט און נישט געפונען קיין געמיינזאַממע פּלאַטפאָרם מיטן פוילישן פאָלק. דער ייִד האָט קיין מאָל ערלעך נישט אָפּגעגעבן זײַנע כּוחות און מעגלעכקייטן צו דינען די, וואָס האָבן אים אַרײַנגענומען אין זייער היים; זיי האָבן כּסדר אונטערגעשטראָכן זייער עטנישע אַנדערשקייט און גײַסטיקע פרעמדקייט".

„דער טראַגישער פּעריאָד פון דער הײַנטיקער צײַט, פון די קוים פאַרשווּנדענע טעג איז נאָך איין מאָטיוו אונטערצושטרײַכן די דאָזיקע אַנדערשקייט. אַפילו אין מאָמענט פון זײַן אונטערגאַנג האָט ישראל נישט געענדערט זײַן דורותדיקע שטעלונג. שוין אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1939 — בײַם טײַך בוג — האָבן ייִדן אַרויסגעוויזן אַ פולשטענדיקן מאַנגל פון געמיינזאַמע אינטערעסן מיטן פוילישן פאָלק — פאַרקערט, זיי האָבן אונטערגעשטראָכן זייער אָפּגעזונדערטקייט, שטעלנדיק זיך אויף דער זײַט פון די דאָזיקע, וועלכע האָבן דעמאָלט פונאַנדערגעטיילט אונדזער לאַנד".

„צוזאַמען מיט אונדז — הגם צוליב גאַנץ אַנדערע מאָטיוון — זענען ייִדן פאַרפאָלגט געוואָרן און האָבן געליטן שווידערלעכע קלעפּ, וועלכע האָבן זיי אָפּגעווישט פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד. אין ערגעץ זענען אָבער די ייִדן נישט אומגעקומען פאַר פוילן. זיי זענען אומגעקומען פון דײַטשישער פאַראַכטונג צו זיי".

„ס'זענען קיין מאָל נישטאָ קיין רעזולטאַטן אָן סיבות וואָס פירן דערצו. די דורותדיקע נעמעזיס איז זיך נוקם און לאָזט נישט איבער קיין נישט־געדעקטע חשבונות".

„די ייִדן אין פוילן, וואָס זענען ניצול געוואָרן פון דעם קאַטאַקליזם, דאַרפן זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון, אַז דער אורטייל פון דער געשיכטע איז נאָך אין זייער פאַל נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן. פון זייער איצטיקער שטעלונג, פון זייער האַנדלונג, פון זייערע טאַטן וועט אַלץ זײַן אָפּהענגיק!"

„אויב זיי וועלן נישט אָפּטרעטן פון דעם וועג וואָס זיי האָבן, אומגליקלעכערהייט, ווידער אויסגעקליבן — דאָס דינען פרעמדע קעגן פּאָליאַקן — וועט זיי טרעפן אַ שווערע שטראָף!!! עס וועלן זיי דעמאָלט נישט העלפן

און נישט ראַטעווען זייערע געענדערטע פאַלשע נעמען, זייערע איַינגע־האַנדלטע פוילישע מעטריקעס. אַלע זענען זיי אונדז באַקאַנט, דורך פּאַליאַקן וועלן זיי אויסגעפינען און דעמאַסקירט ווערן.

זיי וועלן געשטעלט ווערן פאַרן מישפּט פונעם פּוילישן פאָלק!!!״

דאָס איז געווען אַ בולטער רמז, אַז די ייִדן דערוואַרט אין פּוילן איין זאַך — טויט!

די באַנדיטן האָבן זיך באַנוצט מיט פאַרשיידענע מיטלען, כּדי צו מאָרדן ייִדן. אין די מערסטע פאַלן פלעגן זיי גיין אַנגעטאָן אין פּוילישע מונדירן און ס׳איז שווער געווען צו אונטערשיידן צווישן אַ באַנדיט און אַ מיליטער־מאַן. די זיכערהייטס־אָרגאַנען האָבן געוווּסט, אַז אין לובלין זע־נען טעטיק פּוילישע טעראָריסטישע באַנדעס און צווישן זיי די צוויי גוט אָרגאַניזירטע באַנדעס א״ב „מיעטעק״ און „ראַבי״.

כּמעט אומעטום האָבן די פּוילישע באַנדיטן טעראָריזירט דאָס קליין הייפעלע שארית־הפּליטה, געדראָט מיט טויט, אין פאַל, אויב מען וועט נישט פאַרלאָזן פּוילן...

איין מאָל האָט מען געפונען אויף דער גאַס אין לובלין אַ דערמאָר־דעטן ייִד און אויף זיַין קערפּער האָבן די באַנדיטן איבערגעלאָזט אַ צעטל מיטן פאָלגנדיקן אינהאַלט:

„פאַר די עוולות וואָס איר, נידערטרעכטיקע ייִדן, זענען באַגאַנ־גען לגבי דעם פּוילישן פאָלק; פאַר מיטאַרבעטן מיט אַ פרעמדער אָנגעוואָרפענער אויף אונדז ברוטאַלער מאַכט, וואָס איז קעגן די אינטערעסן פון פּוילישן פאָלק — ביסטו, פאַרשאָלטענער ייִד, פאַר־מישפּט געוואָרן צום טויט״.

— אונטערגעשריבן: „יונג־פּוילן״.

(יאַנאַס טורקאָוו, דאָרטן, זיַיט 31)

איז פאַרשטענדלעך, וואָס ייִדן האָבן ביַים איַינמעלדן זיך אין די וווינונ־גען געביטן זייערע ייִדישע פאַמיליעס אויף פּוילישע. און איך געדענק, אַז אַ פּאָר טעג נאָך דעם ווי איך בין אָנגעקומען קיין לובלין, האָב איך געהערט אין דער ייִדישער ראַדיאָ־אוידיציע, ווי די פרוי פון יאָנאַס טור־קאָוו — די פאַר דער מלחמה אַזוי פּאָפּולערע שוישפּילערין דיאַנאַ בלומענ־פעלד — האָט איבערגעגעבן פאַר אויסלאַנד די נעמען פון די לעבן־געבלי־בענע ייִדן אין פּוילן.

מיר איז געלונגען זיך דערוויסן איר פּריוואַטן אַדרעס און איין מאָל אין אַ פרימאָרגן, האָב איך אָנגעקלונגען צו איר אין שטוב. די טיר האָט געעפנט טאַקע דיאַנאַ אַליין. כ׳האָב, נאַטירלעך, אָנגעהויבן צו איר רעדן ייִדיש, אָבער ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען זי האָט באַלד מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף איר מויל, אַז איך זאָל צו איר נישט רעדן און האָט מיך גלייַך פאַרבעטן אין איר צימער. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די באַלעבאַטים פון איר וווינונג זענען פּאָליאַקן און זיי וויסן נישט אַז זייערע לאָקאַטאָרן זענען ייִדן... אויף מיר האָט דאָס געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. מיט אַ געדריקטן געפיל האָב איך נאָך אונדזער געשפּרעך פאַרלאָזט איר דירה. ס׳איז מיר שוין געווען פאַרשטענדלעך פאַר וואָס אין דעם „דעמאָקראַטישן פאָלקס-פוילן" דאַרף מען צוליב זיכערקייט-טעמים פאַרשטעלן זיך פאַר קריסטן. שפּעטער שוין האָב איך אָפטער געטראָפן „ייִדישע קריסטן".

קעגן איבער דער דירה, אין וועלכער ס׳האָבן צייַטווייַליק געוווינט די ברידער בעלסקי, האָבן זיך אַרייַנגעריסן פּוילישע באַנדיטן, אָבער צום גליק האָבן זיי דאָרט קיינעם נישט געפונען. איך מיט מייַן פרוי רות האָבן אין דער נאַכט פון דעם אָנפאַל זיך געפונען פונקט אַנטקעגן יענעם הויז פון די בעלסקיס און אפשר דורך אַ נס זענען מיר דאַן ניצול געוואָרן פון טויט.

## ווי אַזוי „ציט" מען ווייטער?

מיר זענען ממש אַרײַנגעפאַלן אין אַ פּאַניק און אויסגעמיטן אַרויס־צוגיין אין גאַס אין די אָוונטן. אויפן ערשטן אָרט איז איצט געשטאַנען די פראַגע פון געפינען אַ פאַרבינדונג און „ציִען" ווײַטער. טאָמער האָט מען געראָטעוועט דעם קאָפּ בײַ די דײַטשע מערדער, שטייט אין קאָן אים צו פאַרלירן אין דער שטאָט פון מאַידאַנעק... די מעשׂה איז אָבער געווען וואָס כ׳האָב אויך דאָ געהאַט די ערשטע פּאָר וואָכן שוועריקייטן צו קריגן אַ פאַרבינדונג. אַלץ איז דאָ געווען אײַנגעהילט אין געהיימעניש, פּונקט ווי אין ווילנע...

להיפוך ווי אין ווילנע, ווו דער פּריוואַטער האַנדל איז אָנגעגאַנגען בלויז אויפן מאַרק און אין געציילטע קאָמיסיאָן־געשעפטן, זענען אין לובלין, אין די צענטראַלע גאַסן שוין געווען פּריוואַטע געשעפטן פול מיט סחורה, פאַרשטייט זיך, אַז די באַלעבאַטים זענען געווען פּאַליאַקן. ס׳זענען אָבער געווען אויך אַ צאָל ייִדן, וואָס האָבן פון דאָס נײַ פאַרלייגט אַ האַנדל. דער שוואַרצער מאַרק, האָט דאָ געבליט, פּונקט ווי מ׳וואָלט זיך נישט ווויסנדיק געמאַכט אין וואָס פאַר אַ ממשלה מ׳געפינט זיך... וואָס מיר האָט געחידושט איז געווען די רויִקייט פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען צו מאַכן געלט אין דער צײַט, ווען אויף יעדן שריט און טריט בושעווען די באַנ־דיטישע פּאַליאַקן און מאָרדן ייִדן.

מיר גייען דאָ אַרום צעשראָקענע און זוכן יעדע געלעגנהייט, צו אַנטלויפן פון דער פאַרשאָלטענער שטאָט, אַזוינע ייִדן ווילן נישט זען די סכּנה פון פאַרלירן דעם לעבן און נאָך דערצו מאַכן זיי זיך נישט וויסנדיק פון דעם פאַרנעפּלטן מאָרגן. מען האָט אָבער באַדאַרפט זײַן בלינד נישט צו זען, אַז די דאָזיקע „אידיליע" מיטן פּריוואַטן מסחר, וועט לאַנג נישט דויערן אין קאָמוניסטישן פּוילן.

כ׳האָב זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן וועגן אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די געהעריקע מענטשן. באַלד האָב איך שוין געוווּסט, אַז ס׳אַרבעטן שוין דאָ

די „בריחה"־מענטשן און אויך אונדזערע געוועזענע פּאַרטיזאַנער נעמען אַן אָנטייל אין דער „מצווה" פון אַרויסהעלפן צו „גיין" ווײַטער...

אין אונדזער מקום־מיקלט אויף נאַרוטאָוויטשאַ־גאַס איז אויך אָנגעגאַנגען אַ שטיקל „יאַריד" וועגן דעם ענין. קיינער האָט, אָבער, וועגן דעם אָפן נישט גערעדט. מען האָט זיך פּסדר געהאַלטן אין „שושקען". כאָטש אין דעם בנין זענען אויך געווען מײַנע באַקאַנטע פון בעלסקיס פּאַרטיזאַנער־מחנה, האָב איך בײַ זיי נישט געקענט קריגן דעם אַדרעס ווו די „מלאכים" זיצן. זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט... דערווײַל רוקן זיך די טעג.

נאָך צוויי וואָכן האָב איך געהאַט אַ קורצן שמועס מיט איינעם פון די „בריחה"־מענטשן, אַ געוו' פּאַרטיזאַן, און ער האָט מיר דערקלערט, אַז עס זענען דאָ פיל בעלנים צו „גיין", אַז מיר וועלן מוזן האָבן אַ ביסל געדולד. אין דער ערשטער ריי מוז מען איבערשיקן די יִינגערע, וועלכע זענען אין מיליטער־עלטער. שפּעטער אַ ביסל, וועט אויך קומען אונדזער ריי. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי האַנדלען ריכטיק. פאַר מיר איז איצט געוואָרן קלאָר, אַז מען דאַרף זוכן אַן אַנדער וועג.

צווישן בעלסקיס מענטשן אין דעם בנין האָט זיך געפונען אַ לידער פרוי, סימע באַסיסט מיט איר מאַן און צוויי דערוואַקסענע קינדער. די דאָזיקע סימע איז געווען די פּאַקטישע קעכין אין בעלסקיס פּאַרטיזאַנער־מחנה. אַרבעטנדיק צוזאַמען האָבן מיר זיך זייער באַפרײַנדעט. אין איינעם אַ פאַרנאַכט פאַרטרויט מיר סימע אַ סוד, אַז אויב איך וויל, קען איך מיט מײַן רותן זיך אָנשליסן אין דער גרופּע פון 15 מענטשן. דער פירער איז, אויך אַ לידער, אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן, וועמען כ'האָב גוט געקענט. ער ווייסט שוין דעם אויסגעטראָטענעם וועג און זי גיט אָן דעם פּרײַז וואָס דאָס דאַרף באַטרעפן. עס איז גראָד געווען אַ גאַנץ הויכע סומע לויט אונדזער קעשענע. כ'האָב באַלד זיך באַראַטן מיט מײַן פרוי און זי האָט אויך מסכּים געווען, אַז עס איז כּדאי אַפילו צו בלײַבן אין גאַנצן אָן געלט, אַבי נאָר מען זאָל גלײַך אַוועק פון דאַנען. מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע.

דרײַ טעג האָבן מיר געהאַט צײַט צוצוגרייטן זיך אין וועג אַרײַן. מען האָט זיך אַ נעם געטאָן פּטור צו ווערן פון איבעריקע זאַכן, איבערלאָזנדיק דעם סאַמע מינימום ס'זאָל זײַן וואָס לײַכטער צו שלעפּן אויף זיך דעם רוקזאַק. אַך, ווי שווער עס איז געווען רותן צו געזעגענען זיך מיט איר ווינטער־מאַנטל מיטן פוטערנעם קראַגן, וואָס די גוטע קריסטין האָט איר געהאַט צוריקגעגעבן!

מיט אַ שווער האַרץ האָט זי עס געמוזט אַוועקגעבן פּאַר שפּאָט ביליק, איך, דאַקעגן, האָב נישט געהאַט קיין עגמת־נפש צוליב דעם, מײַן רוקזאַק איז געווען האַלב ליידיק. האָט מען עס אויסגעפּילט מיט אירע זאַכן, וואָס זי האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן...

די דרײַ טעג וואַרטעניש איז געווען ממש אַן אָפּקומעניש. יעדן טאָג הערט מען וועגן דערהרגעטע ייִדן. אין אונדזער מקום־מיקלט האָבן זיך דאַן געפונען אייניקע הונדערט פּליטים. מיר זענען פּאַקטיש געווען שוצלאָז קעגן די באַנדיטן. די לעצטע דרײַ נעכט זענען מיר מער געווען וואַך ווי געשלאָפן...

צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים האָט אונדזער „באַגלייטער" געמוזט בלײַבן אינקאָגניטאָ... ער האָט אַלע אינפאָרמאַציעס איבערגעגעבן דורך סימע באַסיסט, און אַזוי אַרום איז זי געוואָרן אונדזער „טעלעגראַפן אַגענ־טור". אונדזער ענד־ציל איז געווען דאָס שטעטל קראָסנאָ, (מזרח־גאַליציע). מיר האָבן געדאַרפט דורכקרייצן האַלב פּוילן. קראָסנאָ איז געווען עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער גרענעץ. דאָרט, האָט סימע געזאָגט, וועלן מיר באַקומען ווײַטערדיקע אָנווײַזונגען.

סימע האָט פאַר מיר בסוד מגלה געווען דעם פּלאַן פון אונדזער אַוואַנ־טוריסטישער נסיעה, וואָס אונדזער „באַגלייטער" האָט עס פאַר איר גע־מאָלן:

— איר פאַרשטייט — האָט סימע אין מיר אַרײַנגעטענהט — מיר דאַרפן זיך נאָר אַריבערכאַפּן קיין טשעכאָסלאָוואַקיע. פון דאָרט וועלן מיר זיך פאַרנעמען קיין רומעניע, און ווי ווײַט איז דען ארץ־ישׂראל פון רומעניע ?...

ווי נאַיִוו סימע איז דאַן געווען! אָבער זי האָט באַוויזן אויך מיך אָנשטעקן מיט אַ היפּשע מאָס פון איר נאַיִוויטעט... טאַקע אַ דאַנק דער דאָזיקער נאַיִוויטעט, און דעם דראַנג זיך צו באַפרײַען פון „באַפרײַער", האָט מען זיך געלאָזט אויף אַן אומבאַקאַנטן וועג און מען איז געווען גרייט אויף אַלע שטרויכלונגען.

סימע האָט אין ארץ־ישׂראל געהאַט משפּחה, איז געווען נאַטירלעך, אַז איר ציל איז געווען צו פאַראייניקן זיך מיט איר משפּחה. מײַן האַרץ איז דאַך לכתּחילה געווען צו פאַרבינדן זיך מיט מײַן ברודער אין אַמע־ריקע. אויפן שוועל פון פאַרלאָזן לובלין האָט סימע מיט אַ מאָל געמאַכט אַן איבערקערעניש אין מײַן געדאַנקען־גאַנג און געהאָלפן בעסער פאַר־שטיין דעם ענדע־ציל פון אונדזערע וואַנדערונגען — נישט אַמעריקע,

נאָר אין ארץ־ישׂראל דאַרף זײַן אונדזער נײַע היים. וויבאַלד אונדזער ענדע־ציל איז ארץ־ישׂראל, איז אין זכּרון אויפגעקומען די וווּנדערלעכע געשעעניש מיט מײַן עלטער־זיידן און עלטער־באָבען, וועלכע זענען אין טיפן עלטער פון 104־105 יאָר עולה געווען פון ווילנע קיין ארץ־ישׂראל. איך בין מיט אַ מאָל באַהערשט געוואָרן מיט נאָסטאַלגיע צו ארץ־ישׂראל. זעענדיק אין אַלץ די השגחה פון דעם גורל איבער מיר, האָב איך אויך דאָ דערפילט, אַז מיר גייען אויפן ריכטיקן וועג. איך, דאָס אור־אייניקל, זאָל גיין אין די פוסטריט פון מײַנע אור־עלטערן... צו מײַן ווײַב זאָג איך: „זע, ווי פאַרבאָרגן עס זענען די וועגן פון דער השגחה. כ׳האָב געטראַכט וועגן אַמעריקע, און ס׳האָט זיך באַקומען, אַז אונדזער נײַע היים דאַרפן מיר אויפבויען אין ארץ־ישׂראל״...

אָבער רות איז נישט מיטגעריסן געוואָרן מיט מײַן נאַיִוון גלויבן. זי פלעגט פון מאָל צו מאָל אַרײַנוואַרפן אַ וואָרט: „סימע האָט דיר אַזוי ריכטיק צעגומען, אַז דו ביסט אַזש פאַרכאַפּט מיט נאָסטאַלגיע נאָך ארץ־ישׂראל. די מעשׂה איז אָבער, וואָס דו מיט סימען מאַכן דעם חשבון אָן באַלעבאָס... דערווײַל זענען מיר בײַם „רויטן בער״ אין די לאַפּעס און אויך דאָרט, אין רומעניע, זענען זיי די באַלעבאַטים״...

## משנה מקום — משנה מזל

ענדלעך האָבן מיר זיך דערוואָרט אויף דער געגאַרטער בשׂורה. ס׳איז געווען פונקט 3 וואָכן זינט מיר זענען אָנגעקומען קיין לובלין. פאַר טאָג האָט מען זיך איינציקווײַז געלאָזט גיין צו דער באַן. אַלץ איז צוגעגאַנגען אין אײַלעניש און אין געהיים. אויסער אונדזערע ווילנער באַקאַנטע, האָבן אין דעם צימער קיינער נישט געוווּסט פון אונדזער אַוועקגיין.

ערשט אין רומעניע האָב איך געמוזט אָנערקענען ווי גערעכט מײַן פרוי איז געווען מיט איר נישט הסכּמה צו די רייד פון סימען. מיר האָבן געמוזט פון דאָרט מאַכן דעם „השיבנו נאַזאַד״... טויזנטער פון דער שארית־הפליטה זענען געגאַנגען מיטן זעלבן אַוואַנטוריסטישן וועג און אַלע האָבן דורכגעמאַכט „קאַלטס און וואַרעמס״ ביז מ׳האָט דערלעבט צו האָבן הינטער זיך די „באַפרײַער״...

אַז מיר זענען אָנגעקומען מיט אונדזערע רוקזעק צו דער באַן, האָבן מיר שוין געוווּסט אַלע אינסטרוקציעס, וואָס דער „פֿירער" האָט געגעבן: קודם קענען מיר זיך נישט אין וואַגאָן... די באַנען זענען דאַן געגאַנגען קלאָגעדיק; אָן קיין פּאַרפּלאַן, די באַן גייט נישט אָפּ און קומט נישט לויטן גראַפֿיק... מ'איז נישט זיכער, צי מען וועט בכלל דערפֿאָרן ווו מען דאַרף. ס'האָט גענומען אַ וואָך צײַט ביז מיר האָבן זיך דערשלעפּט ביז קראָסנאָ. דורך דער צײַט איז אויסגעקומען איבערצונעכטיקן אין אַ שטעטל. (מער־סטנס האָט מען זיך געוואַלגערט אויף די באַן־סטאַנציעס). ערשט דאַן האָבן מיר געזען דעם חורבן פֿון די ייִדישע שטעטלעך. אויסגעליידיקט פֿון ייִדן, קוים געקענט געפֿינען אַ ייִד זיך נאָכצופֿרעגן אויף אַ נאַכטלעגער. אַזאַ שטאָט ווי ראָזוואַדאָוו, וואָס איז געווען אַן עיר ואם בישׂראל, וואָס האָט געשמט מיט אירע דינאַסטיעס רביים, תּורה און חסידות, אַ שטאָט מיט טויזנטער ייִדן און בני־תּורה, האָבן מיר געמוזט דורכגיין פֿיל גאַסן, ביז מיר האָבן געטראָפֿן אַ געראַטעוועטן ייִד. די גאַסן, ווו ס'האָט פֿריִער געבליט דער ייִדישער האַנדל, זענען די טירן און פֿענצטער פֿון די קראָמען פֿאַר־קלאַפּט מיט ברעטער און שטעכלדראָט, דאָס זעלבע שרעקלעכע בילד האָבן מיר געזען אומעטום, ווו אונדז איז אויסגעקומען אַראָפּצוגיין צוליב דעם, וואָס די באַן איז נישט געגאַנגען ווײַטער.

אויך אין קראָסנאָ, אויף אונדזער לעצטער סטאַנציע פֿאַר דער טשעכאָ־סלאָוואַקישער גרענעץ איז געווען נישט אַנדערש, מיטן אויסנאַם, וואָס דאָ האָבן זיך אָנגעזען מערער ייִדן. דאָס זענען אָבער געווען פּליטים, וואָס האָבן געשטראָמט אַהער פּונקט אַזוי ווי מיר.

נאָכן איבערשלאָפֿן אַ נאַכט אין אַ קריסטלעך הויז (פֿאַר גוט באַצאָלט), האָבן מיר שוין געוווּסט פֿון אַלץ, וואָס פֿאַר אַ וויכטיקע אַרבעט עס טוען דאָ די שליחים פֿון דער „בריחה". אַלץ איז אָנגעגאַנגען אין געהיים און־טערן נאָז פֿון דער סאָוועטישער און פּוילישער געהיים־דינסט. ס'האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז אונדזער „פֿירער", דער לידער יונגערמאַן, איז פֿאַרבונדן מיט יענע מענטשן און נאָך דעם ווי ער האָט אונדז דאָ אַהערגע־בראַכט איז זײַן „מיסיע" געווען געענדיקט... ער האָט אונדז געדאַרפֿט באַזאָרגן די בייטיקע „פּאַפּירן" און דער ווײַטערדיקער מאַרשרוט האָט שוין געהערט צו אונדז אַליין. און ביז מיר האָבן באַקומען דעם „גוטן פּאַפּיר" דורכצוגיין די גרענעץ האָט אויך געדויערט אייניקע טעג. מ'האָט אונדז געוואָרנט וואָס ווייניקער זיך ווײַזן אין גאַס, עס זאָל נישט אַרויס־רופֿן קיין פֿאַרדאַכט. זענען מיר טאַקע געזעסן אין שטוב, און פֿאַר די

קריסטלעכע אײַנוווינער האָט זיך דערווײַל געעפנט אַ קוואַל פון פּרנסה, באַזאָרגנדיק אונדז דרײַ מאָל אַ טאָג מיט עסן...

דער „דאָקומענט״ צו ווײַזן די גרענעץ־וואַך איז געווען אַ קאָלעקטי־ווער. פאַרשטייט זיך, פאַרזען מיט אַ שטעמפּל מיטן „סערפּ און האַמער״, געשריבן אין רוסיש, מיטן אונטערשריפט פון אַ „נאַטשאַלניק״. איצט האָט שוין יעדער געהאַט אַן אַנדער פאַמיליע און געדאַרפט זיך גוט אײַנחזרן נישט צו פאַרגעסן איר ביז דער גרענעץ־וואַך. ס׳איז אויך אונדז פאַרזאָגט געוואָרן צו פאַרניכטן אַלע דאָקומענטן, וואָס מיר האָבן געהאַט. פון איצט אָן זענען מיר „געוועזענע״ קאַצעטניקעס, באַפרײַטע פון די דײַטשע קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן און מיר פאָרן צו אונדזערע „פריִערדיקע״ היימען... גע־דענק איך, ווי כ׳האָב אַזוי געזשאַלעוועט צו פאַרניכטן מײַן „פּאַרטיזאַנסקע „ספראַווקע״, געוואָלט עס האַלטן אַלס אָנדענק. אָבער ריזיקירן האָט זיך נישט געוואָלט. ווער ווייסט, וואָס עס מאַכט זיך אויפן וועג ?...

# פייגעלע מילשטיין —
# דער „מלאך" פון דער „בריחה"

איינע פון די זייער העלדישע „מלאכים פון דער בריחה" אין רוסלאַנד און פוילן איז געווען די זייער ענערגישע יונגע ווילנער מיידל פייגעלע מילשטיין (איצט קופּערבערג, וווינט אין חולון).

אַ דערצויגענע אין ווילנער בית״ר, איז זי אַנטלאָפן מיט אַ גרופּע קעמפער אין וואַלד ערב דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ און האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס העלדישע פּאַרטיזאַנקע אין די רודניצקער וועלדער. נאָכן באַפרייַען ווילנע האָט זי אָנגעהויבן אַרבעטן אין מיליץ אין דער אָפּטיילונג פון פּאַספּאָרטן און אַדרעסן.

אין יענער צייַט האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבעררעגיסטראַציע פון דער באַפעלקערונג אין ווילנע און אין אירע הענט האָבן זיך געפונען שטעמפּלען און פיל נישט קיין אויסגעפילטע בלאַנקעטן. ווען ס׳האָט זיך געשאַפן אין ווילנע די „קאָאָרדינאַציע" פון דער „בריחה", אין וועלכער ס׳זענען אַרייַן פאָרשטייער פון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: בית״ר — חיים לאַזאַר; „השומר הצעיר" — אבא קאָוונער; „הנוער הציוני" — ניסן רעזניק; איז אויף איר אַרויפגעלייגט געוואָרן די פליכט אַרויסצוגנבֿענען אָפּגעשטעמפּלטע נישט קיין אויסגעפילטע פּאַספּאָרטן־אַנקעטעס און איבער־געבן זיי אין רשות פון דער „קאָאָרדינאַציע". אַ דאַנק די דאָזיקע אָפּגע־שטעמפּלטע דאָקומענטן האָבן פיל ייִדן געקענט „לעגאַל" אַרויספאָרן פון ווילנע קיין פוילן און פון דאָרט קיין רומעניע, אונגאַרן, איטאַליע. זי האָט זיך גיך אויסגעלערנט צו נאָכמאַכן אונטערשריפטן פון אירע נאַטשאַלניקעס און שפּעטער אויך אַליין נאָכגעמאַכט פון גומענע אָפּצאָסן פאַרשיידענע שטעמפּלען. שפּעטער האָט זי נאָכגעמאַכט שטעמפּלען פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן־קרייץ און פון די אַמבאַסאַדעס פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע און אַנדערע מדינות פון צענטראַל־אייראָפּע, וווּ נאָר די שארית־הפליטה האָט אָנגעשפּאַרט.

ווען ס׳האָט איר געדראָט אַ סכּנה אַרעסטירט צו ווערן, איז זי אַנטלאָפן קיין ראָוונע, אויסגעשריבן זיך אַליין אַ דאָקומענט אויפן נאָמען פון שׂרה זילבער און אַז איר אַרבעטס־פּלאַץ איז אין ראָוונע אויף דער באַן־סטאַנציע. נאָך דעם פאַרשמירן נאָך זיך אַלע שפּורן פון אַ פּייגעלע מילשטיין, האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייַב און לעבן אין דער אַרבעט פון דער „בריחה״. זי האָט אָנגעבונדן קאָנטאַקטן מיט די פירער פון דער „בריחה״ אין פאַרשיידענע פונקטן פון דער צענטראַלער „בריחה״־טראַסע: לידע, ראָוונע, קאָלאָמיי, סטאַניסלאַוואָוו, קראָקע, קראָסנע, טשערנאָוויץ. זי האָט אַליין באַזאָרגט מיט פאַלשע דאָקומענטן צענדליקער פון דער שארית־הפליטה און זיי געהאָלפן אַריבערפירן דורך דער סאָוועטישער גרענעץ קיין רומעניע.

צוליב אַ געוויסן נישט פאָרזיכטיקן שריט בעת אַ פּרווו אַריבערגיין די גרענעץ, איז זי אַרעסטירט געוואָרן דורך דער נ.ק.וו.ד. אין טשערנאָוויץ, צוזאַמען מיט אַ חבר פון דער „בריחה״ אַבראַשאַ יאַשקאָן. בעת דער אונטערזוכונג האָט מען ביי איר געפונען אַ רעוואָלווער, וואָס זי האָט נאָך אין וואַלד באַקומען אַלס מתנה פון איר פאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר פאַר אירע אַדורכגעפירטע געלונגענע אָפּעראַציעס. צוזאַמען מיטן רעוואָלווער האָט די נ.ק.וו.ד. אויך רעקוויזירט ביי איר אַ גאַנצן פּאַק פּוסטע אָפּגעשטעמפּלטע דאָקומענטן. אין משך פון 2 וואָכן האָט זי אַדורכגעמאַכט און איז אויסגע־שטאַנען די שווערסטע אויספאָרשונגען אין משך פון גאַנצע נעכט, אָבער זי האָט קיינעם נישט אַרויסגעגעבן: נישט די טוערס פון דער „בריחה״ און נישט די געהיימע אַדרעסן. איר חבר אַבראַשאַ האָט בעת די אויספאָרשונ־גען סימולירט משוגעת און צום סוף האָט אים די נ.ק.וו.ד. באַפרייט אַלס „נישט נאָרמאַלער״, וואָס „פאַרדרייט״ סתּם דעם קאָפּ פון דעם אויספאָר־שונגס־ריכטער און „פּטרט״ אים בלויז זיין טייערע צייט.

בעת די פאָרשונגען האָבן די נ.ק.וו.ד.־אויספאָרשער זיך איבערצייגט, אַז דעם פּאַספּאָרט וואָס זי האָט געהאַט, האָט זי אַליין פאַר זיך אויסגע־שריבן, פאַרגלייכנדיק איר אונטערשריפט מיט דעם אונטערשריפט אויף אירע דאָקומענטן. אירע אַלע תּירוצים האָבן די אויספאָרשער נישט גע־גלויבט און מ׳האָט איר באַשולדיקט, אַז זי איז גאָר אַ „דייטשישער שפּיאָן״, וואָס באַהאַלט זיך אויס הינטער דאָקומענטן אַלס ייִדיש מיידל.

דער נ.ק.וו.ד. איז נישט געלונגען צו דערוויסן זיך פון איר, וועגן איר פאַרגאַנגענהייט, וועגן איר אמתן נאָמען און פאַמיליע און אַז זי שטאַמט בכלל פון ווילנע. זי איז באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש, אין האַלטן ביי זיך געווער און אויסגעפילטע פאַלשע דאָקומענטן און אין אַ פּרווו פון

גנבענען די גרענעץ. די אויספאָרשונג־ריכטער האָבן איר אָפן געזאָגט, אַז זי וועט געשטעלט ווערן פאַרן מיליטערישן טריבונאַל און זיי האָבן נישט קיין ספק, אַז זי וועט באַקומען טויטשטראָף.

נאָך 2 וואָכן שווערע אויספאָרשונגען האָט איר אַ באַוואָפנטער ג.ק.וו.ד.־מאַן געפירט קיין ראַוונע, ווו ס'האָט געדאַרפט פאָרקומען דער פּראָצעס. אויסנוצנדיק אַ גינסטיקע געלעגנהייט, ווען די באַן האָט גערירט פון אָרט, איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פּלאַטפאָרם אויף וועלכער זי איז געזעסן און איז פאַרזונקען געוואָרן אין דעם טיפן שניי. דער וועכטער, נישט ריכטנדיק זיך אויף איר טאַט, האָט גלייַך, ווי זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון באַן, געעפנט אַ שטאַרקע שיסעריַי אין איר ריכטונג, אָבער צום גליק האָבן איר די קוילן נישט געטראָפן. די באַן האָט פאַרשנעלערט איר שנעלקייט און אַזוי אַרום האָט זי זיך געראַטעוועט. איר איז געלונגען צו דערשלעפּן זיך קיין ראַוונע, פון דאָרט האָט זי געכאַפּט אַ „טרעמפּ״ קיין טשערנאָוויץ, געטראָפן דאָרט אַ חבר פון דער „בריחה״ מיט וועלכן זי האָט זיך געטוישט מיט די פּעלצלעך און היטלעך, אָנגעקומען קיין סטאַניסלאַוואָוו אויף דעם פּונקט פון דער „בריחה״, זיך געמאַכט ווידער פרישע דאָקומענטן — „אויס״ מיט שׂרה זילבער. נאָך עטלעכע וואָכן איז איר געלונגען זיך אַריבערפּעקלען קיין פּוילן און האָט פאָרגעזעצט איר טעטיקייט אין דער „בריחה״ אין זשעשוו (ריישע) אַלס פאַרשטייערין פון בית״ר.

אין זשעשוו האָט זי ווידער פאַבריצירט פאַלשע דאָקומענטן, נאָכגעמאַכט דעם שטעמפּל פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן־קרייץ. די דאָקומענטן זענען געווען קאָלעקטיווע פאַר 30 ־ 20 מענטשן און מ'איז גרופּנוויַיז אַדורך בשלום דורך דער גרענעץ קיין רומעניע. הונדערטער מענטשן זענען אַזוי אַרום בשלום אַדורך די גרענעץ.

אויך איך האָב דאַן באַקומען אַזאַ דאָקומענט צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון דער שארית־הפליטה און אונדזער קאָלעקטיווער דאָקומענט איז געווען אַזוי פאַכמעניש און קונציק צוגעגרייט, אַז די סאָוועטישע גרענעץ־וואַך האָט נישט געהאַט קיין שום חשד, אַז אונדזערע דאָקומענטן זענען גאָר פאַלשע. איז ווער האָט זיך עס געקענט פאָרשטעלן, אַז אין דעם האָט „געשטעקט״ דאָס „גאָלדענע הענטל״ פון אונדזער העלדישער ווילנער מיידל פייגעלע מילשטיין.

איר וויַיטערדיקער וועג אין דער „בריחה״ האָט געפירט קיין איטאַליע. זי האָט זיך געפונען אין אַ גרופּע פון אצ״ל, וואָס האָט פּלאַנירט דעם אויפריַיס פון דער בריטישער אַמבאַסאַדע אין רוים, וואָס איז פאָרגעקומען

דעם 31.10.1946. זי האָט געהערט צו דער גרופּע וואָס האָט טאַקע אַדורכ־געפירט דעם אויפרייַס פון דעם בנין פון דער ענגלישער אַמבאַסאַדע אין רוים. כּמעט אַלע טעכנישע צוגרייטונגען זענען געמאַכט געוואָרן אין גראָ־טאַ־פעראַטאַ לעבן רוים. איך פלעג אָפט באַזוכן דעם קיבוץ אין גראָטאַ־פעראַטאַ אין שייכות מיט מייַן פּאָסטן אין דער אונר״אַ און איך האָב גאָר־נישט געוווּסט, אַז דאָרט געפינט זיך דער שטאָב פון אצ״ל אין איטאַליע, וועלכער האָט אויסגעפירט דעם אויפרייַס.

די גאַנצע איטאַליענישע פּרעסע איז דאַן אַרויס מיט גרויסע רעוועלאַ־ציעס וועגן דעם אויפרייַס פון דעם בנין פון דער ענגלישער אַמבאַסאַדע. אַלע צייַטונגען האָבן געבראַכט פאַרשיידענע פאָטאָגראַפיעס פון דעם צע־שטערטן בנין. אייניקע צייַטונגען האָבן אויסגעדריקט אַ סברה, אַז דאָס „שטיקל אַרבעט״ האָבן אויסגעפירט נישט קיין אַנדערע, ווי דער אצ״ל, אין וועמענס רייען ס׳האָט זיך דאַן געפונען אונדזער העלדישע ווילנער מיידל פייגעלע מילשטיין, וועלכע האָט צוגעלייגט איר האַנט אין דעם אויפ־רייַס פון דעם בנין פון דער ענגלישער אַמבאַסאַדע.

# רומעניע — אונדזער „היימלאַנד"...

פון איצט אָן, האָבן מיר געדאַרפט געדענקען, אַז מיר שטאַמען פון רומעניע און אַז מיר ווילן קומען קיין רומעניע צו „אונדזער" היימלאַנד... קיין שום אַנדערע שפּראַך קענען מיר נישט... און חס־וחלילה זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ רוסיש וואָרט... מיר איז אײַנגעפאַלן צו שפּילן די ראָל פון אַ „שטומען"... אויף רותן איז עס געפעלן דער אײַנפאַל.

אַז מיר זענען אָנגעקומען צו דער גרענעץ און דערזען די „וואַנקעס" מיטן סערפּ און האַמער אויף די היטעלעך, האָט פון דעסטוועגן אינעווייניק געגומען „שפּילן מוזיק"...

„סלעזאַי" — האָבן מיר דערהערט אַ באַפעל אין רוסיש. זענען מיר אַרויס פון די וואַגאַנען און איינער פון אונדזעריקע האָט דערלאַנגט זיי דעם פּאַפּיר אָן ווערטער... זיי לייענען פון פּאַפּיר און נאָך דעם הייבן זיי אָן אונדז שטעלן פראַגעס. און מיר שפּילן גוט אונדזערע ראָלן — מיר פאַר־שטייען נישט אַ וואָרט, וואָס זיי ווילן פון אונדז... שטעלט זיך פאָר די סצענע: די וואַנקעס רעדן צווישן זיך און מיר פאַרשטייען יעדעס וואָרט, ביז מיר האָבן דערלעבט צו זען דאָס „פּאַפּירל" צוריק, האָט פון דעסט־וועגן געטיאָכקעט אינעווייניק...

מיר זענען צוריק אין וואַגאָן און מיר שלעפּן זיך ווײַטער. די טשעכאָ־סלאָוואַקישע פּאַטרולן, וואָס זענען פּאַקטיש אויך געווען „וואַנקעס", האָבן אונדז שוין נישט רעווידירט. דורך נאַכט האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז דער ערשטער טשעכאָסלאָוואַקישער שטעטל אומאַנע. דאָ איז שוין געווען אַ יידישער פּליטים־קאָמיטעט, וואָס האָט באַזאָרגט די פּליטים מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ און עסן. נאַטירלעך, האָבן שוין דאָ געאַרבעט די „בריחה"־מענטשן. מיר האַלטן זיך צוזאַמען מיט אונדזער גרופּע, און מען כאַפּט אָפּ דעם אָטעם אַ פּאָר טעג און דערווײַל אַרומקוקן זיך, וואָס ווײַטער.

דערווײַל ווערט רות נישט געזונט. פאַר איר מיט איר שוואַכן געזונט איז דער ביז איצטיקער וועג געווען צו שווער. מיר האָבן דאָך נישט באַדאַרפט דורכמאַכן קיין גרויסע שטרעקעס צופוס. די גאַנצע צײַט געפאָרן, זאָל זײַן געשלעפּט זיך, אָבער געפאָרן. זי מוז פריִער קומען צו זיך און זיך גוט אויסרוען. כ'האָב שוין באַוויזן געוווירן צו ווערן, אַז דער ווײַטער־דיקער וועג איז נישט „אויסגעשפרייט" מיט רויזן...

דערווײַל גייען אַוועק גרופּעס און ס'קומען אָן אַנדערע און מײַן גרופּע קלײַבט זיך שוין אויך אַוועקצוגיין און איך קען צוליב רותס שוואַכקייט נישט מיטגיין.

נעבן אונדזער ווינקל ווערן פרײַ ערטער און אַ דרײַ יונגע פּאָרלעך פאַרנעמען זיי. מען באַקענט זיך. זיי שטאַמען פון וואַרשע, מיר האָבן גע־קראָגן חן אין זייערע אויגן און זיי זענען גרייט אונדז מיטצונעמען אין זייער קאָמפּאַניע. איך באַמערק, אַז די מענער זענען בראַווע חברה און איך ווייס, אַז ס'איז גוט מיט אַזעלכע אין אַ וועג. ברוך־השם, מײַן פרוי איז געקומען צו זיך, זיך אָפּגערוט אַ וואָך און אין אַ פרימאָרגן האָבן מיר זיך געלאָזט מיט זיי מיטגיין צום באַן. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען צו דער צווייטער גרעסערער שטאָט פון סלאָוואַקיע, קאָשיצע.

*

איבערגענעכטיקט אין אַ קהילה־בנין נעבן אַ שיינעם בית־הכּנסת. מיר נעמען זיך נאָכפרעגן בײַ יִידן פון אָרטיקן קאָמיטעט וועגן וואָס מיר דאַרפן. ניין, זיי ווייסן פון גאָרנישט. זע איך שוין באַלד, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ טעות, וואָס מיר האָבן זיך געלאָזט מיטגיין מיט די חברה. דאָרט, אין אומאַנע, האָבן מיר שוין געהאַט די פאַרבינדונג מיט די „בריחה"־מענטשן, צו וואָס האָבן מיר געדאַרפט גיין זוכן נײַע „גליקן"?...

די חברה האָבן דערזען אונדזער זאָרג, זאָגן זיי: דאגהט נישט, מיר וועלן טרעפן דעם וועג קיין רומעניע אָן יענע „לײַט". נו, וויבאַלד אַזוי, צו וואָס טאָקע זיך זאָרגן?

ס'גייען אַריבער אַ פּאָר טעג. מיר לאָזן איבער די ווײַבער אין צימער און מיר, די מענער, גייען אין גאַס טרעפן יִידן, זיך דערוויסן וועגן אונ־דזער ענין. געווען דאָרט, אין קאָשיצע, אַ קיך, וואָס האָט געגעבן מיטאָגן פאַר די נויטבאַדערפטיקע אָרטיקע יִידן. גאָרנישט האָבן מיר זיך דאָרט דערוווסט. גייען מיר צוריק און גייען פאַרבײַ די קאָמענדאַנטור. באַוואָפנ־

טע סאָוועטישע סאָלדאַטן שטייען ביי די אַריינגאַנגען. רופט זיך אָפּ איינער פון דער חברה: „איר ווייסט גאָר וואָס, לאָמיר אַריינגיין אַ פרעג טאָן, צי מיר קענען קריגן „פּראָפּוסקן״ (דערלויבענישן) צו פאָרן קיין רומעניע „זוכן אונדזערע משפחות״, וואָס האָבן מיר מורא, מיר זענען דאָך „לאַגער־ניקעס״...

גערעדט און געטאָן. מיר גייען אַריין אַלע פיר. מיר גיבן אַ קוק — אומעטום פול מיט „איוואַנעס״. אין די קאָרידאָרן ווידער באַוואָפנטע רויטע אַרמייער. ס׳האָט מיר גענומען קיצלען אינעווייניק און כ׳טראַכט בעת מעשה: לאָמיר שוין זיין צוריק אין דרויסן... אָבער די חברה גייען דרייסט צו צום אינפאָרמאַציע־טישל און מ׳ווייזט אָן אַ צימער, ווו אַריינצוגיין.

יאָ, פונקט געטראָפן ווו מיר דאַרפן. און איינער פון אונדזערע חברה לייגט אַוועק אַ פּזמון פאַר אַ מונדירטן מאַן מיט אַ רעוואָלווער ביים זייט, ווער מיר זענען און נאָך וואָס מיר זענען געקומען. רופט ער באַלד אַריין אַ ציווילן מאַן, אַ סלאָוואַק, און יענער פאַרבעט אונדז אין זיין צימער. און ער הייבט אונדז אָן אויסצופרעגן ווער מיר זענען און וואָס מיר ווילן. אויסגעהערט, פאַרשרייבט ער אויף אַ פּאַפּיר אונדזערע נעמען און פאַמי־ליעס און מיר גיבן אויך אָן אונדזערע ווייבערס נעמען. מיר אַנטשולדיקן זיך, וואָס מיר קענען נישט קיין סלאָוואַקיש, „ווייל מיר האָבן געוווינט אַלע יאָרן אין שטשעטשין, ווו ס׳האָבן געהערשט די פּאָליאַקן און דעריבער איז אונדזער שפּראַך פּויליש און יידיש״...

ער הייסט אונדז קומען 3 אַ זייגער און מיטברענגען בילדער אויך פון די ווייבער, און מיר וועלן באַקומען ביכעלעך, מיט וועלכע מיר וועלן זיך קענען באַוועגן איבער אַלע טעריטאָריעס, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן דורך די סאָוועטן... דאַנקען מיר אים האַרציק און לויפן מיט אימפּעט אָנזאָגן די ווייבער פון אונדזער „גליק״.

מיר האָבן געמיינט, אַז די ווייבער וועלן זיך אַרומכאַפּן מיט אונדז פון פרייד. ערשט אַלע פיר ווי איינע האָבן אַרויסגערוקט אַ טענה, אַז זיי האָבן מורא מיר זאָלן גיין אַהין נאָך אַ מאָל. ווער קען וויסן, וואָס די „איוואַ־נעס״ טראַכטן זיך?...

מיר האָבן זיך אויסגעלאַכט פון זייערע רייד און דריי אַ זייגער זענען מיר געקומען מיט די בילדער און ס׳האָט נישט געדויערט קיין האַלבע שעה האָט מען אונדז דערלאַנגט די ביכעלעך, אַז מיר מעגן אַריבערגיין די גרענעץ פון די „פאָלקס דעמאָקראַטישע רעפּובליקן״ און אַרומפאָרן אין משך פון דריי חדשים...

פון איצט אָן האָבן מיר זיך פאַרוואַנדלט אין הפקר־מענטשן. אָן אַ מאַפּע, אָן אַ שפּראַך, אָן אַ געניטן וועגווייַזער, ווי דאָס זענען געווען די „בריחה״־מענטשן, זענען מיר איצט מיט די ביכעלעך אין די הענט גע־גאַנגען איבער גרענעצן, וואָס זענען אַגב, דאַן נאָך נישט געווען הערמע־טיש געשלאָסענע, ווי מיט אַ צייַט שפּעטער, ביז מיר האָבן זיך דערשלעפּט קיין רומעניע און דערגרייכט בוקאַרעשט.

גאָר גיך איז בוקאַרעשט פאַרפלייצט געוואָרן מיט טויזנטער פּליטים. די שטאָט, מיט וועלכער די רומענער שטאָלצירן און רופן „קליין פּאַריז״, האָט טאַקע אימפּאָנירט מיט איר שיינקייט, ציכטיקייט און... מיט איר ייִדישקייט.

פאַר דער מלחמה איז אין בוקאַרעשט געווען אַ גרויסע גוט־אָרגאַני־זירטע ייִדישע קהילה מיט אַ גרויסער נעץ פון ייִדישע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אינסטיטוציעס. אין דער צייַט פון דער חורבן־תּקופה איז, פאַרשטייט זיך, אַלץ חרוב געוואָרן, אָבער ס׳האָבן זיך פאַרהעלטענישמע־סיק געראַטעוועט פיל ייִדן און צווישן זיי געוועזענע מנהיגים פונעם ייִדישן ישוב און אַלע האָבן געהאַט די אַמביציע צוריק אויפצובויען דער ייִדישער קהילה, אַפילו אין די געגעבענע נישט גינסטיקע באַדינגונגען.

## צווישן בעלסקיס פּאַרטיזאַנער

באַלד האָבן מיר זיך דערפרעגט ביי ייִדן צום ייִדישן קאָמיטעט. מיר קומען אַרויף אויפן הויף. אומעטום זענען אויסגעלייגט אויפן גראָז אונדזערע מענטשן מיט רוקזעק, מיט פּעקלעך. ממש נישטאָ ווו זיך אויסצושפּרייטן. ס׳איז מיר גלייך געוואָרן היימלעכער. צוריק מיט אונדזערע מענטשן. יאָ, אָט זענען דאָ חברה פון נאַרוטאָוויטשאַ אין לובלין, אויך אייניקע פון אונ־דזערע ווילנער פון אונדזער צימער. און באַלד הער איך ווי מ׳שרייט: „לייזער דער קוכער איז דאָ"... איך גיי צו, יאָ, אונדזערע פּאַרטיזאַנער פון בעלסקיס מחנה... מ׳איז צווישן אייגענע. באַלד האָבן מיר שוין אַלץ געוווסט, וואָס צו טאָן אין דער ערשטער ריי: אַרויפגיין זיך רעגיסטרירן, ס׳איז דאָ אַ קיך, מ׳גיט עסן און אויך געלט אויף הוצאות, נאָר מיטן באַדינג צו פאָרן אין אַן אַנדער שטאָט, נישט בלייבן אין בוקאַרעשט, ס׳איז אומעטום איבערפולט. די חברה פון מיין גרופּע זאָגן, זיי זענען מוחל דאָס געלט מיטן עסן, פון בוקאַרעשט רירן זיי זיך נישט און זיי לייגן מיר פאָר, אויב איך וויל גיין ווייטער מיט זיי, וועלן מיר קריגן אַ צימער אין אַ פּריוואַטער שטוב און מיר וועלן זיך אַרומקוקן וואָס ווייטער. מיך און רותן איז אויך געפעלן דער פּלאַן נישט אַוועקצוגיין פון צענטער אין בוקאַרעשט.

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָבן מיר שוין אַ גרויסאַרטיקן צימער אין אַ רייכער וווינונג ביי אַ רומעניש־קריסטלעכער אלמנה, וואָס האָט „אַפּנים" געוואַרט יעדן טאָג מ׳זאָל ביי איר אַוועקנעמען איר דירה. די ווייבער זענען אין זיבעטן הימל. אַ באָד־צימער, מ׳קען נוצן די קיך מיט די כלים. אַ נייַע הויט אויף זיי...

איך בין אויף מאָרגן אַרויפגעקומען אויפן הויף און עס דערציילט מייַנע באַקאַנטע, ווי מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט. זענען זיי אויפגעשפּרונ־גען. „ביסט אָקערשט געקומען און שוין באַוויזן אַזוינס אויפצוטאָן... מיר וואַלגערן זיך שוין דאָ אויפן הויף אַ וואָך, מיר ווילן אויך נישט אַוועק פון בוקאַרעשט און מיר קענען זיך קיין עצה נישט געבן... אָן געלט איז ביטער. מיר מוזן גיין ווו מען וועט אונדז שיקן"...

אַרויסגעוויזן האָט זיך שפּעטער, אַז אין די קלענערע שטעט איז גאָר געווען פאַר די פּליטים פיל בעסער צו לעבן ווי אין בוקאַרעשט. אומעטום זענען געווען טעטיק די „בריחה״־מענטשן און פון אומעטום האָט מען געהאַט מיט זיי דעם קאָנטאַקט צו גרייכן דעם אָנגעמערקטן ציל — צו אונדזער ייִדיש היימלאַנד. ווי באַקאַנט, האָט דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט״ דאַן פינאַנסירט די גאַנצע הילף פאַר די פּליטים.

אונדזערע ווײַבער ווילן דערווײַל נישט הערן פון רירן זיך ווײַטער. מען מוז זיך פריִער גוט אויסרוען. ווער ווייסט, וואָס ס׳שטייט נאָך פאַר פּאַר אַ וועג! מאַלע וואָס ס׳שטייען שיפן אין קאָנסטאַנץ און ארץ־ישׂראל איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. עפּעס, זאָגן זיי, האָבן זיי מורא, ס׳געפעלט זיי נישט די גאַנצע מעשׂה מיטן צונויפגעלאָף אַהער... זיי, די „איוואַנעס״, מיינט איר, זעען עס נישט, וואָס דאָ טוט זיך אַרום? זיי וועלן דען לאַנג, דיר נישט, מיר נישט, אַזוי זיך צוקוקן צום שטראָם פון אונדזערע ייִדן?... וואָס עס זאָל נישט זײַן, לאָמיר דערווײַל אַרײַנכאַפּן און זיך גוט אויסרוען...

אַפּנים, אַז זיי האָבן אַליין זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז זייערע השערות וועלן מקוים ווערן נאָך שנעלער ווי זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט...



איין טאָג דערוויס איך זיך, אַז אין אַ פאָרשטאָט פון בוקאַרעשט זיצן אַרום 800 פון אונדזערע מענטשן אין אַ קיבוץ. זיי האָבן שוין סערטיפיקאַטן און וואַרטן בלויז אויף אַ שיף אין קאָנסטאַנץ, וואָס זאָל זיי ברענגען קיין ארץ־ישׂראל.

ווי איך האָב דאָס דערהערט, בין איך באַלד מיט אימפּעט געלאָפן אַהין. יאָ, ס׳איז אמת. אָט טרעף איך דאָרט מײַן קאָמאַנדיר טוביה בעלסקי מיט זײַנע ברידער און זייערע ווײַבער און נאָך אַ סך פון אונדזערע פּאַרטיזאַנער. איך פאַל צו צו יעדן מיט אַ בקשה: זעט, טוט עפּעס פאַר מיר, אַז איך זאָל קענען מיט מײַן ווײַב גיין מיט אײַך צוזאַמען. און איך טענה: „ס׳טײַטש, איך בין דאָך געווען אײַער קוכער, געקאָכט פאַר אײַך עסן, זיך געבראָטן בײַם העלישן פײַער, און איצט וועט איר מיך דען איבערלאָזן דאָ?״...

באַרוּיִקן זיי מיך און זאָגן: „לייזער, זײַ נישט נאַיִוו, מיט די סערטיפיקאַטן זענען מיר נאָך אויך נישט זיכער, צי מיר וועלן אָנזען די שיף...

דו פאַרגעסט דען, אין וועמענס הענט מיר געפינען זיך ?... דו — זאָגט צו מיר טוביה בעלסקי — קענסט אַ מאָל אָן אַ סערטיפיקאַט דערגרייכן די ארץ־ישׂראל־ברעגן גיכער פון מיר״...

גייט אַוועק אַ וואָך און יעדן טאָג קום איך אויפן הויף פון קאָמיטעט און זע, ווי דער שטראָם מענטשן ווערט גרעסער. ס׳קומען צו וואָס מער באַקאַנטע, ווילנער און לידער און פון פאַרטיזאַנקע. מיט איין וואָרט, אַ „קיבוץ גלויות״...

איך באַמערק, אַז די דריַי חברה מייַנע שושקען זיך עפּעס כסדר צווישן זיך. זיי ווערן פאַרפאַלן אויף אַ גאַנצן טאָג אין גאַס. און באַלד האָב איך אויסגעפונען, אַז דערוויַיל האָבן זיי זיך גאָר אַריַינגעוואָרפן אין האַנדל...

איך פיל שוין אָבער, אַז איך מיט רותן וועלן זיך דאַרפן מיט זיי צעשיידן. איצט האָב איך שוין נישט קיין זאָרג. כ׳קען יעדע מינוט זיך צוטוליען צו מייַנע באַקאַנטע, וואָס זענען דאָ אומעטום לרוב.

גייען אַריבער אייניקע טעג און פלוצעם אַ טרעוואָגע. אויף די ווענט ווערט אויסגעקלעפּט אַ באַקאַנטמאַכונג, וואָס זאָגט, אַז די אַלע, וואָס זענען געקומען קיין רומעניע, נאָך דער דאַטע פון 22סטן יוני 1941, מוזן צוריק־פאָרן אין זייערע לענדער, וווּ זיי האָבן געוווינט פריִער...

ס׳איז געוואָרן ענג אין מוח. די וויַיבער פון מייַנע פאַרטנערן האָבן זיך אָנגעהויבן גלייַך דענערווירן. אַהאַ, וואָס האָבן מיר אייַך געזאָגט — האָבן זיי געטענהט — די סאָוועטן וועלן אונדז לאָזן גיין קיין ארץ־ישׂראל ?...

מאָדנע, רות און איך האָבן אויפגענומען די פאַראָרדענונג גראָד קאַלט־בלוטיק, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז קודם־כּל זענען דאָ פאַראַן טויזנ־טער פון אונדזערע מענטשן. איך בין געווען מער ווי איבערצייַגט, אַז די „בריחה״־לייַט וועלן זיך דאָ אויך אַן עצה געבן מיט אונדז ווי ביז אַהער.

מייַן השערה האָט זיך באַשטעטיקט מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער. ס׳האָט זיך באַלד אָנגעהויבן דער „השיבנו נאַזאַד״, אָבער נישט צו „מזרח״, נאָר צו „מערב״...

## „השיבנו נאַזאַד" צו מערב

ווען מייַנע מיטפּאַרער האָבן דערזען די באַקאַנטמאַכונג אין גאַס, האָבן זיי באַלד פאַרלאָרן דעם חשק צום מסחר און געקומען צו לויפן אין אונ־דזער צימער און אויסגערופן: „מ׳דאַרף שוין נעמען צוגרייטן די רוקזעק, נישטאָ וואָס צו וואַרטן".

מיר, די מענער, זענען אַוועק צום הויף פון קאָמיטעט געוווּיר ווערן נייַעס. ס׳האָט זיך שוין דאָרט געררודערט. איינער פרעגט בייַם צווייטן, וואָס וועט איצט זייַן? איינס ווייסן אַלע, אַז פון דאַנען מוז מען אַוועק, און וואָס פריִער, אַלץ בעסער.

מיט אייניקע טעג שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן דער גאַנג צו דער אונגאַרישער גרענעץ. מיר זענען אין אַ באַזונדער פּריווילעגירטער לאַגע. מיר האָבן דאָך אין קעשענע אונדזערע „צויבער־ביכלעך" פאַר וועמען די גרענעץ־וואַך האָט דרך־ארץ, טאָ צו וואָס דאַרפן מיר גיין זוכן פאַרבינדונ־גען מיט די „בריחה"־מענטשן, ווי די טויזנטער פּליטים האָבן דאָס באַלד געטראַכט צו טאָן. אין אַ פּאָר טעג ווערן מיר פאַרטיק מיט די צוגרייטונ־גען, מיטגענומען צידה־לדרך און די רומענישע באַלעבאָסטע אונדזערע, באַדויערט גאָר, וואָס מיר פאַרלאָזן איר דירה, איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז צוליב אונדז וועט מען איר נישט אַרויסוואַרפן פון איר גרויסער דירה. זי האָט געהאַט נאָך אַ סיבה מיר זאָלן נישט אַוועק. ס׳איז דאַן געווען אַ דוחק אין ברויט אין בוקאַרעשט. די בעקער האָבן געמעגט באַקן בלויז 3 טעג אין וואָך ברויט. די „באַפרייַער" האָבן געהאַלטן, אַז זיי זענען בילכער. זיי מוזן קודם באַזאָרגן דער רוסישער הונגעריקער באַפעלקערונג. אונדזערע חברה האָבן זיך גאַנץ גוט אַן עצה געגעבן צו קריגן בייַם בעקער אייניקע לעבלעך ברויט, וואָס האָט אויך געסטאַיעט פאַר דער רומענישער באַלעבאָסטע.

גייען מיר פאַר טאָג צום וואָקזאַל פאַרכאַפּן אַן אָרט אין אַ פּאַסאַזשיר־צוג. מיר דערזעען שוין פון וויַיטן אַ וואַנט פון מענטשן. דער גרויסער וואָקזאַל איז ממש באַלאַגערט פון פּאַסאַזשירן און מיליטער־לייַט, זענען מיר

אַוועק מיט אומוועגן און זיך אַרײַנבאַקומען אויפֿן פּעראָן. ערשט דאָרט איז געווען נאָך אַ גרעסערער געדרענג. און מיר דערוויסן זיך, אַז מענטשן ליגן שוין טעג און נעכט און קענען נישט אַרײַנבאַקומען זיך אין אַ וואַגאָן. מיר זענען געשטאַנען אַ האַלבן טאָג און זיך דערוואַרט ס׳זאָל אָנקומען אַ באַן. אַז דער צוג האָט זיך דערנענטערט האָט מען דערזען אַ משונהדיק בילד: — מענטשן אָנגעהאָנגען אויף די וואַגאָנען און האַלטן זיך אָן בײַ וואָס ס׳לאָזט זיך, אויך די דעכער זענען אָנגעפּיקעוועט. זעען מיר שוין, אַז די בראָך איז פֿאַרטיק. די היץ איז גרויס. די ווײַבער פֿאַלן פֿון די כּוחות און בעטן זיך גיין צוריק אין צימער זיך אויסרוען און קומען אויף מאָרגן.

דרײַ טעג זענען מיר אַזוי געגאַנגען צום באַן און אומזיסט געפּטרט די כּוחות. אויפֿן פֿערטן טאָג האָבן מיר דערטאַפּט אַ באַן־באַאַמטן, וואָס האָט געקענט רוסיש און פֿאַר אַ שיינעם „באַקשיש" האָט ער אונדז געהאָלפֿן זיך אַרײַנבאַקומען אין אַ פּאַסאַזשיר־וואַגאָן מיט אונדזערע רוקזעק, פֿאַר־זיכערנדיק, אַז דער צוג גייט דירעקט קיין אונגאַרן. ס׳איז אָבער געווען אַ בלאָף.

אַז מיר זענען שוין געווען אינעווייניק און ווי עס איז געשטאַנען צונויפֿגעקוועטשטע אין אַ ווינקל, זענען מיר געווען איבערגליקלעך, ווען די באַן האָט זיך גערירט. אַזוי נאָר, ווי מ׳איז אָפּגעפֿאָרן פֿון בוקאַרעשט, זענען אַרײַנגעקומען רויט־אַרמייער און געגעבן אַ באַפֿעל צו פֿאַרלאָזן דעם וואַגאָן. דער וואַגאָן איז באַשטימט נאָר פֿאַר מיליטער — האָבן זיי געשריִען. אונדזער גליק איז געווען, וואָס מיר האָבן מיט אונדזערע „צויבער־ביכע־לעך" בײַ די סאָלדאַטן געבעטן רחמנות, דערציילט אין רוסיש ווער מיר זענען, און זיי האָבן אונדז איבערגעלאָזט שטיין אין דעם ווינקל. אַלע ציווי־לע האָבן געמוזט אין גוואַלדיקן געדרענג אַריבערגיין אין אַנדערע וואַגאָ־נען...

אויס דאַנקבאַרקייט, האָבן מיר זיי אַוועקגעגעבן אַלע ציגאַרעטן, וואָס מ׳האָט מיטגענומען.

דער טראַנספּאָרט־וועזן אין רומעניע איז אין יענער צײַט געווען פֿיל ערגער, ווי אין פּוילן, וואָס איז אויך געווען גענוג קלאָגעדיק. אונדזער „גליק" צו פֿאָרן אין אַ פּאַסאַזשיר־צוג איז אָבער אַלץ איינס געווען גאָר קורץ. אויף דער סטאַנציע קלוזש האָבן מיר געמוזט פֿאַרלאָזן דעם וואַגאָן. ערשט דאָ האָבן מיר זיך דערוווּסט, וואָס ס׳האָט פּאַסירט אין אַנדערע וואַגאָנען. אין דער צײַט, ווען מיר זענען רויִק געשטאַנען מיט די רויט־אַרמייער, זענען אין אַנדערע וואַגאָנען די פּאַסאַזשירן באַרויבט געוואָרן...

מענטשן זענען געבליבן מיט דעם, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זיך. דאָס איז אָבער נאָך נישט געווען אַלץ. מען האָט דערציילט, אַז אַ סך מענטשן, וואָס זענען געזעסן אויפֿן דאַך פֿון די וואַגאָנען, זענען אויפֿן וועג אַראָפּגעפֿאַלן, אָדער אַראָפּגעשטופּט און געהרגעט געוואָרן... מיר האָבן גליקלעך אָפּגעשניטן און דאָס איז געווען אַ דאַנק דעם, וואָס די רויט־אַרמייער האָבן פֿאַרנומען דעם וואַגאָן. מיר האָבן זיך איבערצײַגט, אַז ס'האָט מער נישט קיין זין צו פֿאָרן אין אַ פּאַסאַזשיר־צוג.

די סאָוועטישע „באַפֿרײַער" האָבן באַלד פֿון אָנהויב אויסגענוצט דעם גאַנצן באַן־וועזן אַרויסצופֿירן פֿון רומעניע קודם־כּל אַלץ, וואָס די דײַטשע אָקופּאַנטן האָבן נישט באַוויזן מיטצונעמען. גלײַכצײַטיק האָבן זיי אַרויס־געפֿירט פֿון דער זאַטער רומעניע קאָלאָסאַלע זאַפּאַסן פֿון אַלע שפּײַז־פּראָדוקטן און אַפֿילו לעבעדיקע בהמות. אין רוסלאַנד איז דאַן געווען אַ גוואַלדיקער דוחק אין שפּײַז. די מלחמה איז דאָך נאָך אָנגעגאַנגען. די רומענישע באַפֿעלקערונג האָט באַלד דערפֿילט דעם טעם צו קויפֿן אַ לעבל שוואַרצן ברויט. אַ פֿאַראָרדענונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צו די בעקער, צו באַקן ברויט בלויז דרײַ מאָל אַ וואָך. אין די ברויטלאָזע טעג איז די הויפּט־שפּײַז געווען „מאַמעליגע" פֿון קוקורוזע.

אין דער צײַט, ווען מיר האָבן זיך גאַנצע טעג כּסדר געפּונען אויף די באַן־ליניעס, טשאַטעווענדיק זיך אַרײַנצוכאַפּן אין אַ פֿראַכט־וואַגאָן, האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט צו זען די אָנגעלאָדענע טראַנספּאָרטן, וועלכע פֿלעגן טאָג און נאַכט גיין קיין רוסלאַנד. עס פֿלעגט מיר דערמאָנען די ענלעכקייט אין ווילנע. נאָכן פֿונאַנדערפֿאַל פֿון פּוילן — האָבן די סאָוועטן, איידער זיי האָבן איבערגעגעבן ווילנע צו דער פֿאַשיסטישער ליטע, אַרויס־געפֿירט אַ ריי גרויסע פֿאַבריקן, צוזאַמען מיט אַלע זאַפּאַסן פֿון רוי־מאַטע־ריאַלן און פֿאַרטיקע סחורה. דאַן האָט מען עס נאָך געקענט פֿאַרשטיין — ס'איז אַן „עבירה" איבערצולאָזן צו אַ פֿאַשיסטישער מדינה ווערטפֿולע פֿאַבריקן... אָבער רומעניע איז דאָך לכתחילה געוואָרן אַ קאָמוניסטישע מדינה און במילא אַ ברידערלעכע מדינה פֿון סאָוועט־רוסאַלנד... אָבער דער „גרויסער ברודער" האָט זיך באַגאַנגען אין רומעניע נישט אַנדערש, ווי ס'איז זיך באַגאַנגען דער דײַטשער אָקופּאַנט... און אפשר אויך דערפֿאַר די שׂנאה פֿון די רומענער צום ראַטנפֿאַרבאַנד.



נאָך קלוזש האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיטן שפּרינגען איבער פּראַכט־צוגן... טייל מאָל האָבן מיר זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ פּראַכט־צוג, וואָס האָט אונדז אַוועקגעפירט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג און ווען מיר האָבן זיך געכאַפּט פון דורכפאַל, האָט מען באַדאַרפט פון דאָס נײַ פאָרן צוריק. דער גרעסטער רחמנות איז געווען אויף מײַן פרוי. מיט אירע שוואַכע כּוחות האָט זי זיך נעבעך געסטאַרעט נאָכצוהאַלטן דאָס שפּרינגעניש איבער די רעלסן און וואַגאָנען. אין זכּרון זענען בײַ מיר פאַרבליבן אַ שיין ביסל טשעקאַווע עפּיזאָדן און קוריאָזן פון יענער אַוואַנטוריסטישער נסיעה פון רומעניע ביז אונגאַרן. מיר האָבן לכתּחילה פּאָרויסגעזען צו מאַכן די רײַזע אין אַ טאָג און עס האָט בײַ אונדז גענומען אַ גאַנצע וואָך.

ערשט ווען מיר זענען אויסגעשעפּטע פון די כּוחות אָנגעקומען אין בודאַפּעשט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די כּלומרשטע „צויבער־ביכעלעך", וואָס מיר האָבן באַטראַכט פאַר אַזאַ גרויסע „מציאה" און האָבן אונדז טאַקע געהאָלפן לײַכט דורכצוגיין גרענעצן, איז אין לעצטן סך־הכּל געווען פאַר אונדז אַ שטיק צרה... ווען נישט די ביכעלעך, וואָלטן מיר געפונען דעם וועג אויפן זעלבן אופן ווי דאָס האָבן געפונען די טויזנטער פון דער שארית־הפּליטה. וואָס אַן אמת, זענען אונדזערע פּאַרטנערן געווען גאַנץ ווילע חברה און זיי האָבן אונדז נישט איין מאָל אַרויסגעהאָלפן אויפן וועג, אין שווערע סיטואַציעס. אָבער ווען מיר האָבן אין בודאַפּעשט דערזען די גרויסע צאָל פּליטים פון רומעניע, וואָס זענען אַהער געקומען פריִער פון אונדז אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן פון די „בריחה"־מענטשן, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו רותן, אַז אויף ווײַטער וועלן מיר גיין נאָר מיט אָרגאַניזירטע גרופּעס פון די „בריחה"־מענטשן. מיר האָבן געהאַט אַ גוטע לעקציע ביז איצט...

# אין דעם פּליטים־צענטער פון בודאַפּעשט

אַזוי ווי מיר זענען נאָר אַרויס פון דער באַן־סטאַנציע אויף דער גאַס, האָבן מיר שוין פאַרשפּאָרט צו פרעגן, וווהין צו גיין. מיר האָבן באַלד דער־קענט אונדזערע מענטשן מיט די רוקזעק. מיר האָבן זיך פּאַראייניקט און געגאַנגען צוזאַמען אַ גענוג לאַנגע שטרעקע. מיר זענען צוגעקומען צו אַ גרויסן הויף מיט געמויערטע געבײַדעס. דאָ איז עס.

נאָך איידער מיר האָבן זיך דערפרעגט צו דער ביוראָ פון קאָמיטעט איז אונדז געוואָרן שווער אויפן האַרצן פון דעם בילד, וואָס מיר האָבן דערזען. דער גרויסער הויף איז געווען פול מיט פּליטים, אַזוי אויך אין אַלע בנינים. אַלע צימערן זענען פול געפּאַקט. געשרייען טראָגן זיך פון אַלע ווינקלען. אַ געמיש פון שפּראַכן: אונגאַריש, פּויליש, רומעניש, אָבער יידיש האָט דאָמינירט.

מײַנע „פּאַרטנערן" זאָגן באַלד: „מיר וועלן דאָ אַ טאָג נישט פאַר־בלײַבן". מײַן שׂכל זאָגט מיר אָבער, אַז אָט דאָ איז מײַן אָרט מיט אַלע־מען צוזאַמען. געגנוג מיט די אַוואַנטורעס... מיר האָבן זיך האַרציק גע־זעגנט מיט די דרײַ פּאַרלעך און זיי געווונטשן הצלחה.

געטראָפן אַ ביוראָ און פאַררעגיסטרירט זיך און מיר גייען זוכן אַ ווינקל אין אַ צימער ווו צוצוטוליען זיך. אומעטום זעט מען באַקאַנטע פון די געטאָס און פון וואַלד. איך עפן אַ טיר פון אַ צימער און — ס'איז אונדז געוואָרן ליכטיק אין די אויגן — פּופּקאָ פון לידע מיט זײַן ווײַב פאַר־נעמען אַ גאַנצן צימער. זיי האָבן אונדז שוין נישט אַרויסגעלאָזט. מײַן רות איז אין זיבעטן הימל! אַ מזל! פּונקט איז די טיר געווען אַ רגע אָפן. דאַרף איך גראָד אַן עפן טאָן... אויך זיי, די פּופּקאָס, זענען מיט אַ טאָג פריִער געקומען מיטן שטראָם פון בוקאַרעשט, ווו מיר האָבן זיך אָפּט געזען. זיי זענען צופרידן מיט אונדזער אַרײַנקומען. אָט וועט מען זיך האַלטן איצט צוזאַמען.

גיי איך שוין מיט פּופּקאָן אַראָפּ אין קיך קריגן עפּעס צו עסן פאַר אונדז אַלעמען. אַ קילאָמעטער לאַנגע רייע, אַ טומל, אַ הור־האָ. מיט אַ מאָל

היסטערישע געשרייען פון ווײַבער, באַגלייט מיט געשלעגן. אַ קנויל מענטשן מיט אויפגעהויבענע הענט און ס'פֿאַלן קלעפּ... גייען מיר אַרויס פון דער רייע און קומען מיט ליידיקן אין צימער אַרײַן. אויס עסן...

ווי מיר ווייסן שוין הײַנט, האָבן די טראַנספּאָרטן פון די אונגאַרישע ייִדן צו די גאַז־קאַמערן זיך אָנגעהויבן אין 1944, בעת מיליאָנען ייִדן פון פּוילן און אַנדערע לענדער זענען שוין געווען פאַרגאַזט און פאַרברענט. אין אוישוויץ האָבן די אונגאַרישע ייִדן צו זייער שטויננונג דערזען, אַז אייניקע פּוילישע ייִדן זענען „קאַפּאָס", וואָס זענען געווען אכזריותדיק. ווי אַזוי האָבן זיי געזאָלט פון אָנהויב ווייסן, אַז אָט די אומגליקלעכע ברידער זייערע ווערן דורך די דײַטשע הענקער דערצו געצוווּנגען. און ווען זיי האָבן שפּעטער אויף דער אייגענער הויט זיך אין דעם איבערצײַגט, האָט אָבער דער האַס צום פּוילישן ייִד געדייעט ווײַטער ביַי זיי. (נישט וויניק אונגאַרישע ייִדן פון די טראַנספּאָרטן האָבן דערנאָך געמוזט פאַרבײַטן די געוו' „קאַפּאָס", ווען די תּלינים האָבן געשיקט אין די גאַז־קאַמערן).

דער ווילדער אויפברויז אין דער קיך איז געווען די סיבה, וואָס אַ פּרוי האָט דערקענט אין ריי שטיין אַ ייִדיש־פּוילישע פּרוי, וואָס איז געווען אַ „קאַפּאָ" אין אוישוויץ. אַז מיר האָבן דערהערט אירע היסטערישע געשרייען — האָט אונדז אויפגעשוידערט. איך מיט פּופּקאָן, האָבן נאָך דעם „אינצידענט" זיך געוואַקלט צו גיין אין קיך. מ'האָט דאָך אָבער האַדאַרפט עסן, פּלעגן מיר אַראָפּגיין די לעצטע, ווען קיין ריי איז שוין נישט געווען...

מיר האָבן געפילט, אַז מיר וועלן דאָ נישט קענען זײַן אין אַזאַ אַטמאָספער, זענען מיר אַרויף צום פאַרוואַלטער און אים געזאָגט, אַז אונדזערע פּרויען זענען נישט קיין געזונטע, וואָס קענען נישט פאַרטראָגן דעם טומל דאָ, און געבעטן אונדז צו באַווייליקן אַ פּלאַץ אויסערן לאַגער.

מיר האָבן גראַד אָנגעטראָפן אויף אַ סימפּאַטישן מענטש און ער האָט באַפרידיקט אונדזער בקשה, צוטיילנדיק אונדז באַזונדערע צימערן אין אַן עלעגאַנטן האָטעל, וואָס איז געווען אונטערן רשות פון „דזשאָינט". די דערלויבעניש איז געווען אויף צוויי וואָכן. בינו לבינו איז צוליב דעם דאָזיקן אינצידענט פאַר אונדז אַרויסגעקומען אַ גלענצנדע געלעגנהייט אויסצורוען די ביינער נאָך דער אָקערשטער אַוואַנטורע אונדזערער אויפן וועג פון רומעניע.

אַז איך מיט מײַן פּרוי האָבן דערזען דורכן פענצטער פון אונדזער צימער די פּאַנאָראַמע פון דער צווייטער העלפט בודאַפּעשט, קעגנאיבער דעם טײַך דונאַי, האָבן מיר זיך נישט געקענט אָפּחידושן פון דער שיינ־

קייט. דורך די צוויי וואָכן איז מײַן פרוי געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. ס'איז געווען פאַר איר ממש אַ רעטונג און זי האָט אָנגעזאַמלט פרישע כּוחות צו לאָזן זיך אין וועג אַרײַן.

אין משך פון צוויי וואָכן פון אונדזער וווינען אין דעם עלעגאַנטן האָטעל אויפן חשבון פון „דזשאָינט", האָב איך נישט גערוט, כּדי צו פאַרבינדן זיך אויפן חשבון פון „דזשאָינט", האָב איך נישט גערוט. כּדי צו פאַרבינדן זיך מיט די מענטשן פון דער „בריחה". צו יענער צײַט איז די דאָזיקע מיסיע געווען אונטער דער אויפזיכט פון די דאָן צוויי באַקאַנטע שליחים: „מרדכי דער הויכער" און „מרדכי דער נידעריקער". מיך האָט דערפירט צו מרדכי דעם הויכן (ראָזמאַן). זײַן נאָמען איז דאַן געווען דער צויבער בײַ דער שארית־הפליטה, ווײַל קוים איז מען צו אים געקומען, האָט מען שוין מער נישט געדאַרפט זאָרגן וועגן קיין זאַך. אַזוי גיך, ווי ס'האָבן זיך געענדיקט אונדזערע צוויי וואָכן אין האָטעל, זענען מיר באַלד איבערגעגאַנגען אין רשות פון „מרדכי דעם הויכן", וואָס האָט געהאַט צו זײַן דיספּאָזיציע אַ גרויסע דירה לעבן דעם פּליטים־צענטער, ווו עס פלעגן פאָרמירט ווערן גרופּעס צו לאָזן זיך אין וועג אַרײַן. מיר זענען געווען אין דעם פּונקט אייניקע טעג און מיר זענען צוגעטיילט געוואָרן צו אַ גרופּע פון 20 - 30 מענער און פרויען.

# דער סערפּ און האַמער און די זייגערלעך

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, האָט זיך אונדזער גרופּע געלאָזט גיין צו דער באַן. איצט זענען מיר שוין געווען אונטער דער באַגלייטונג פון אַן „אָנפירער". מײַן „צויבער־ביכעלע" האָט שוין מער נישט געהאַט קיין ווערט. דער מאַרשרוט איז איצט געווען קיין עסטרײַך, וואָס איז צו יענער צײַט געווען אָקופּירט דורך די סאָוועטן און ענגלענדער. אַזוי אַרום וועלן מיר, הייסט עס, אויך אין עסטרײַך נאָך זען די „איוואַנעס" מיטן סערפּ און האַמער. — דער באַגלייטער האָט אונדז באַרויִקט, זאָגנדיק, אַז קלאַנגען גייען אַרום, אַז גאַנץ עסטרײַך וועט איבערנעמען ענגלאַנד און די רוסן וועלן אַוועקגיין...

די דאָזיקע ווערטער פון אונדזער באַגלייטער, געדענק איך, האָב איך אויפגענומען מיט אַ באַזונדערער צופרידנקייט און געבעטן גאָט, אַז דער קלאַנג זאָל זײַן אמת. אַזוי אַרום וועלן מיר נישט דאַרפן לאַנג זײַן אויף דער בלוטיקער עסטרײַכישער ערד און נישט מער אָנזען די מערדערישע עסטרײַכער, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן נאָך ערגער פון די דײַטשע באַרבאַרן. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז די אונגאַריש־עסטרײַכישע גרענעץ וועלן מיר דאַרפן „שוואַרצן", איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן פאַרן אַרויספאָרן פון בודאַפּעשט מיטצונעמען אַן איבעריק זייגערל, ווײַל די „וואַנקעס" האָבן זייער ליב זייגערלעך... זאָל מען נישט דאַרפן זיך מיט דעם באַנוצן... אָבער מאַלע וואָס ס׳מאַכט זיך...

איז אַזוי אויסגעפאַלן, אַז מ׳האָט זיך יאָ מיט דעם באַדאַרפט באַנוצן... משמעות, אַז אונדזער באַגלייטער איז שוין געווען געניט דורך זײַן דערפאַרונג. נישט איין גרופּע האָט ער שוין געהאַט אַריבערגעפירט. כ׳געדענק בלויז, אַז אויף דער עסטרײַכישער זײַט האָב איך מײַן אייגן זייגערל, וואָס כ׳האָב מיר געקויפט אין רומעניע, שוין אויך נישט געהאַט. כ׳האָב געדאַנקט גאָט, וואָס איך בין אָפּגעקומען מיט דעם. אַנדערע האָבן אָפּגעשניטן נאָך ערגער. ווי די היישעריקן, זענען זיי באַפאַלן די רוקזעק און זיך אַליין

געגומען עפּעס אַ „מתּנה"... קיינער האָט נישט געמאַכט פון דעם קיין „צימעס", מ'האָט זיך געריכט אויף אָט דער „באַגעגעניש"...

איבערגעקומען די „באַגעגעניש" מיט די סאָוועטישע גרענעץ־היטער, האָט מען גענומען „שטעלן פּיס" אויפן עסטרײַכישן באָדן. עס איז אויסגעקומען צו גיין אַ לאַנגן מהלך, ביז מען איז צוגעקומען צו אַ באַן־סטאַנציע, פון וואַנען מיר זענען געפאָרן ווי די „פּריצים" אין אַ פּאַסאַזשיר־וואַגאָן ביז גראַץ. ס'האָט אונדז פאַרוווּנדערט די פּלאַנמעסיקייט פון באַן־וועזן. די באַלעבאַטים זענען דאָך דאָ אויך געווען די סאָוועטן, אָבער ס'אַראַ אונטערשייד פון דעם, וואָס מיר האָבן געזען אין רומעניע און אונגאַרן. מיר האָבן צווישן זיך גערעדט: — אַ פּײַער נעמט זיי, די דײַטשן, אַ פאָלק פון מערדער און פאַרכאַפּער, אָבער אָרדענונג קענען זיי האַלטן בײַ זיך אין לאַנד...

אונדזער באַגלייטער האָט אונדז פון באַן־סטאַנציע צוגעפירט צו אַן עלעגאַנטן האָטעל, וועלכער איז דאַן געווען אָפּגעדונגען פון דער „בריחה"־לייטונג. אָט דאָ איז דאַן געווען דער צענטער פון דער שארית־הפליטה־באַוועגונג צו דער מערבֿ־גרענעץ. אין גראַץ האָבן דאָ געבאַלעבאַטעוועט, אי די ענגלענדער, אי די סאָוועטן; און דאָ זענען די קלאַנגען שוין געווען פעסטערע, אַז די ענגלענדער נעמען איבער גראַץ און די רוסן וועלן אַוועקגיין.

נאָכן רעגיסטרירן אונדז, האָבן מיר באַקומען אַ באַזונדערן צימער פּאַר זיך און דרײַ טאַלאָנען צו עסן אין עס־צימער. אַז מײַן פרוי האָט דערזען דעם צימער מיט די בעטגעוואַנט אין די בעטן, האָבן זיך אירע אויגן געעפנט. פון מידקייט האָט מען די ערשטע זאַך זיך אַרײַנגעוואָרפן אין די בעטן, געכאַפּט יענעם „דרימל" און שוין פאַרשפּאָרט צו עסן...

אַז מיר זענען צום ערשטן מאָל אַראָפּ אין דעם לוקסוסדיקן גרויסן עסזאַל און דערזען די עלעגאַנטע סערווירטע טישן, מיט די גלאַנציקע געשיר און זילבער באַשטעק, האָבן מיר געמיינט, אַז מען וועט דאָ אונדז באַלד סערווירן יענעם מאָלצײַט. די אויסגעפּוצטע קעלנערס האָבן זיך אַרום אונדז אַרומגעדרייט מיט איבלדיקער העפלעכקייט. הונגעריק איז מען טאַקע געווען, האָט מען מיט נייגער געוואַרט אויף דער סעודה. די אַנטוישונג איז אָבער געקומען גאָר גיך... אין יענער צײַט האָבן די עסטרײַכער אַליין נישט געהאַט אַ ביסן ברויט...

בײַ יעדן איינעם פון אונדזערע מענטשן איז געווען פיל וויכטיקער דאָס אויסרוען זיך דורך די געציילטע טעג, איידער מען לאָזט זיך צו דער

לעצטער גרענעץ, ווי אַן איבעריקער פּענעץ ברויט... די „בריחה"־לייטונג האָט אַלץ געטאָן לויט אירע מעגלעכקייטן, אַז מ'זאָל וואָס פריִער פון דאַנען אַוועקגיין. טאָג־טעגלעך זענען אַרויסגעגאַנגען גרופּעס און פרישע גרופּעס פלעגן קומען. אונדז איז אויסגעקומען זיך אויסצורוען 3 טעג. דורך דער צײַט, פלעג איך מיט מײַן ווײַב כּמעט נישט אַרויס פון צימער. דער באַגער איז געווען זיך אָנצושעפּן מיט וואָס מער כּוחות. ס'האָט זיך נישט געגלוסט גיין אין גאַס אָנקוקן די מערדערישע פּנימער פון די עסטרײַכער. מיר זענען ביז גאָר געווען צופרידן, ווען אויפן דריטן טאָג האָבן מיר געקראָגן דעם סיגנאַל צו זײַן גרייט אַרויסצומאַרשירן.

מיר האָבן געוווסט, אַז אונדזער מאַרשרוט וועט זײַן איטאַליע, וווּ מ'האָט געהאָפט געפינען אַ מקום־מנוחה, אָבער כּדי צו דערגרייכן איטאַליע האָט מען זיך נאָך געדאַרפט גוט אָנמאַטערן. אַלע זענען, אָבער, געווען גרייט אַדורכצומאַכן די אַלע שוועריקייטן, וואָס וועלן זיך טרעפן אויף די וועגן, אַבי דערגרייכן דאָס לאַנד, פון וואַנען מען האָט געהאָפט וואָס גיכער צו דערשלאָגן זיך קיין ארץ־ישׂראל.

# איבער בערג און גרענעצן

איצט האָבן מיר געהאַט אַ פרישן באַגלייטער, וועלכער האָט שוין נישט איין גרופּע געפירט. באַלד פון האָטעל האָט זיך אונדזער מאַרש אָנגע־הויבן צופוס איבער די טיראָלער בערג, וואָס הייבן זיך אָן באַלד ביים אַרויסגיין פון גראָז. טראָץ דעם אָנגעשעפּטן כּוח איז מען גיך געוואָרן מיד צו קלעטערן איבער די בערג.

ס׳איז אויסגעקומען פאַרבייצוגיין דאָרפישע ווירטשאַפטן און פאָל־וואַרקן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג מיט זייער ציכטיקייט און שיינקייט. אָט דאָ איז כּמעט נישט געווען קענטיק קיין שפּור פון דער מלחמה. די פעלדער זענען געווען פאַרזייט מיט תּבֿואות און גרינצייג, ווי עס וואָלט גאָר קיין מלחמה נישט געווען. מיט יעדן קילאָמעטער, וואָס מיר האָבן זיך דערווייטערט פון דער פאַרשאָלטענער עסטרייכישער ערד, האָב איך געהאַט אַ געפיל פון דערלייכטערונג אויפן געמיט.

דאָס קלעטערן איבער די בערג מיט די רוקזעק אויף די פּלייצעס, איז אָנגעקומען גאָר נישט לייכט. צייטנווייז האָב איך געפילט ווי מיין רוקזאַק וואָלט געווען אַ טייל פון מיינע בגדים, וואָס כ׳האָב געטראָגן... ביים מאַרשירן אויף די בערג האָבן נישט אויסגעפעלט קיין קוריאָזן. עס זענען געווען מיט אונדזער גרופּע אַ צאָל פרויען, ביי וועלכע די כּוחות זענען געוואָרן באַלד אויסגעשעפּט. די מאַנסבילן האָבן זיך באַמיט אַרויס־צוהעלפן אין שווערע סיטואַציעס די שוואַכערע פרויען. מיט מיין רותן האָבן קיין צרות נישט געפעלט. פאַר איר שוואַכן געזונט איז דאָס קלעטערן איבער די בערג געווען ממש אַ קאַטאַסטראָפע. בלויז מיטן כּוח פון אימפּעט האָט זי נאָכגעהאַלטן דעם מאַרש...

אין דעם לעצטן דאָרף האָט מען זיך אָפּגערוט אַ שטיקל צייט. דאָס איז געווען דער לעצטער פּונקט נישט ווייט פון גרענעץ. דאָ האָט אונדז

איבערגענומען אַ צווייטער באַגלייטער פון די „בריחה״־מענטשן. די דאָזיקע חברה האָט שוין געוווּסט דעם וועג און זענען שוין געווען געניט ווי אַזוי צו „האַנדלען״ מיט די „איוואַנעס״ פון דער גרענעץ־וואַך. די באַגלייטער האָבן געראָטן איבערצולאָזן אַ טייל זאַכן פון די רוקזעק ס׳זאָל זײַן לײַכטער צו גיין, אין פאַל ס׳זאָל אויסקומען צו לויפן... דערבײַ איז נאָך אַ מאָל דערמאָנט געוואָרן, אַז די, וואָס האָבן זייגערלעך, זאָלן זײַן גרייט עס אָפּצו־געבן אויב מ׳וועט דאַרפן...

נאָך ביז הײַנט, געדענק איך דאָס פּאַרכאַפּנדיקע בילד פון שפּרײַזן מיט שנעלע טריט דורך די געדיכטע קוסטעס אויף דער גרענעץ. מ׳האָט אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם און נישט אַרויסגערעדט אַ וואָרט. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. באַלד האָבן מיר דערזען די גרינע היטעלעך פון די „איוואַ־נעס״. די דאָזיקע גרענעץ איז געווען געדיכט באַזעצט מיט פּאַטרולן און ס׳איז אוממעגלעך געווען זיי אויסצומײַדן... דער באַגלייטער האָט אונדז פון פאָרויס פאַרזיכערט, אַז מיר האָבן זיך נישט וואָס צו שרעקן, ווײַל זיי זענען אַלע „בלאַט״...

אַזוי איז טאַקע געווען. עס איז געווען אַן אויסטערליש בילד ווי די „וואַנקעס״ זענען ווי היישעריקן באַפאַלן די רוקזעק און זיך געראַיעט אין זיי.

„טשאַסי יעסט״... (האָסט אַ זייגערל), אַך, מײַן גאָט, וואָס פאַר אַ ליבע זיי האָבן עס געהאַט צו זייגערלעך... (אויך אין וואַלד האָבן די רוסישע פּאַרטיזאַנער ממש קראַפּירט פאַר אַ זייגערל). יענע „איוואַנעס״, וועמענס גורל עס איז געווען צו זײַן די „היטער״ פון דער עסטרײַכיש־איטאַליעני־שער גרענעץ, האָבן שוין דער באַבעס ירושה נישט דערלייגט אין יענעם פּעריאָד, ווען עס האָט זיך געצויגן דער שטראָם פון דער שארית־הפליטה צום פענצטער פון דער פרײַער וועלט... אין מײַן פרויס רוקזאַק האָט איין איוואַן אויך באַוויזן צו מאַכן אַ שטיקל „טאַלק״...

קיינער האָט פון דעם נישט געמאַכט קיין וועזן. מען האָט געדאַנקט גאָט, אַז מ׳האָט געקענט פאַר אַזאַ קלייניקייט אויסגעלייזט ווערן פון „סאָ־ציאַליסטישן גן־עדן״...

*

אונדזער באַגלייטער האָט אונדז געזאָגט, אַז איצט זענען מיר הינטער דער סאָוועטישער זאָנע און מיר זענען אויסער יעדער געפאַר. מיר דאַרפן, אָבער, נאָך דורכמאַכן אַ היפּשע שטרעקע צופוס, ביז אַ געוויסן פונקט, ווו מיר וועלן זיך אָפּרוען און וואַרטן ביז אַ ווייַטערדיקער אַנטוויקלונג. דער וועג האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זייַן בערגיק. פאַר מיר גופא איז עס געווען אַ שפּילערייַ. איך בין שוין געווען גוט צוגעוווינט צו גיין צענדליקער קילאָמעטער דורך בערג און טאָלן נאָך פון דער פּאַרטיזאַנקע, אָבער מייַן ווייַב האָט נעבעך געקרעכצט, אַז זי האָט דערזען פאַר זיך אַ הויכן באַרג... איצט האָבן מיר זיך שוין נישט געדאַרפט שרעקן אָפּצושטיין פון דער גרופּע, ווייַל עס האָבן זיך געצויגן כּסדר אונדזערע מענטשן און אַזוי אַרום זענען מיר כּסדר מיטגעגאַנגען מיט אַן אַנדער גרופּע.

לײדער איז בײַ מיר נישט פאַרנאָטירט דער נאָמען פון פונקט, ווו מיר האָבן זיך אייניקע טעג געהאַט אָפּגעשטעלט. סײַ לויט די געלעגערס, וואָס מיר האָבן דאָרט געקראָגן און סײַ לויט די עסנס וואָס מען האָט אונדז געגעבן מיט דער פולער האַנט, איז געווען גוט קענטיק די מערב־אַטמאָס־פער. אַלץ איז, פאַרשטייט זיך, געווען אָרגאַניזירט פון דער „בריחה"־אָנפירונג, און איז געווען פינאַנסירט פון די „דזשאָינט"־פאָנדן.

איבערגענעכטיקט די ערשטע נאַכט אונטער אַ מערבדיקן הימל, איז מען עטוואָס געקומען צו זיך פון דער לעצטער דערפאַרונג מיט די „איוואַ־נעס" אויף דער גרענעץ. נאָכן פרישטיק, האָט מען זיך אויסגעלייגט אויף דער גרויסער, גרינער לאָנקע און טיפער אײַנגעזאַפּט די פרישע לופט. דאָ האָבן זיך שוין געהאַט צונויפגעזאַמלט אייניקע הונדערט מענער און פרויען פון דער שארית־הפּליטה. אַ טייל זענען שוין דאָ געווען אַ קנאַפּע וואָך צײַט. מ׳איז באַלד געוואָרן היימיש. די אייגציקע טעמע אין די שמועסן איז געווען: „וואָס וועט זײַן ווײַטער?"

מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז אויף דעם פּלאַץ דערוואַרט אונדז אַ באַ־געגעניש מיט די זעלנער פון דער ארץ־ישׂראלדיקער „בריגאַדע“. פאַר אונדזער לעצטער גרופּע איז דאָך דאָס געווען די ערשטע פרייד. איך האָב געשלונגען די רייד פון די דערציילער, ווי די פאַרגאַנגענע נאַכט פאַר אונד־דזער קומען אַהער, זענען זיי דאָ געקומען מיט זייערע מיליטערישע לאַסט־אויטאָס, אין וועלכע מ׳האָט אָנגעפּאַקט אונדזערע מענטשן. איצט וואַרט מען זיי זאָלן קומען ווידער.

די שׂמחה איז געווען גרויס. צוזאַמען דערמיט איז געוואַקסן די נייגע־ריקייט, וואָס שנעלער זיך צו באַגעגענען מיט די בחורים פון ארץ־ישׂראל. נעכטן נאָך, איז געהאַנגען איבער אונדזערע קעפּ זאָרג פון אַרויסקריגן זיך פון סאָוועטישן „גן־עדן“... און היינט, אַ לויטערער הימל איבער אונדז מיט אַזאַ אומגעריכטן סורפּריז, ווי די באַגעגעניש מיט די זעלנער פון דער יידישער „בריגאַדע“, וועגן וועלכער מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל דער־וווסט, אַז אין דער ענגלישער אַרמיי דינען בחורים און מיידלעך פון ישוב ווי אַ באַזונדערע „בריגאַדע“...

דאָרט איז געווען אַן אידעאַלער פּלאַץ פאַר אַ גוטן אָפּרו. אַרום האָט אַלץ געגרינט. ס׳איז געווען אַ מחיה צו ליגן אין שאָטן פון די ביימער. עסן האָט מען געקראָגן צו זאַט, אָבער דאָס אומגעדולד איז געוואַקסן מיט יעדער שעה, ס׳זאָל זיך דערנענטערן אונדזער ריי מיטגענומען צו ווערן אין די אויטאָס, און מיט שפּאַנונג האָבן מיר יעדע נאַכט געוואַרט אויף די ליבע געסט. און ענדלעך, נאָך אייניקע טעג אָפּרוען זיך, האָבן מיר זיך דערוואַרט אויף אונדזער ריי.

# אויף דער באַזע פון דער ייִדישער בריגאַדע

פיל יאָרן זענען שוין אַפּגעלאָפן זינט יענער נאַכט, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען די בחורים פון ישוב מיטן מגן־דוד אויף זייערע זעל־נערישע מונדירן. נאָך היינט איז פריש אין מיין זכרון יענער רושם, וואָס זיי האָבן געמאַכט אויף אַלעמען, ווען מיר האָבן זיי אַרומגערינגלט און אַ טייל האָבן צו אונדז גערעדט אין ייִדיש מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, טרייסטנדיק אונדז און פאַרזיכערנדיק, אַז דער גאַנצער ארץ־ישׂראלדיקער ישוב וואַרט אויף אונדז...

אַלץ איז צוגעגאַנגען אין געאײַל. די האַלבע טוץ לאַסט־אויטאָס זענען באַלד אָנגעפּילט געוואָרן. זיי זענען געווען באַדעקט מיט ברעזענטן. מיר האָבן נאָך דאַן נישט געוווּסט, אַז דאָס אַלץ ווערט געטאָן הינטער די פּלייצעס פון דער ענגלישער קאָמאַנדשאַפט. ווען זיי האָבן זיך שפּעטער געכאַפּט, אַז די ייִדישע „בריגאַדע" איז פאַרמישט אין אַריבערברענגען די שארית־הפליטה אין איטאַליע, האָט מען דער „בריגאַדע" אַריבערגע־שיקט קיין בעלגיע. צוליב דעם, זענען אויסגעוואַקסן גרויסע שוועריקייטן פאַר די שפּעטערדיקע גרופּעס, וועלכע האָבן געמוזט „שפּרייזן" איבער די הויכע אַלפּן־בערג, כּדי צוצוקומען צו די ערשטע ישובים פון צפון־איטאַליע. ווען מיר האָבן דורך אַ גאַנצער נאַכט זיך געגליטשט איבער די שאָסייען, האָבן מיר גאָרנישט געוווּסט, אַז מיר שנײַדן דורך די אַלפּן־בערג און נאָך ווייניקער האָבן מיר געוווּסט, וואָס פאַר אַ מזל מיר האָבן...

פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען אויף דער באַזע. באַלד זענען מיר איבערגענומען געוואָרן פון חיילים, וואָס האָבן אונדז אײַנגעאָרדנט אין איינעם פון די גרויסע מיליטערישע באַראַקן. ס'איז אונדז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, ווען מיר האָבן דערזען די ציכטיקע בעטן מיט די אַלע נויטיקע זאַכן דערבײַ, געגוי ווי ס'האָט יעדער חייל. דער ערשטער אײַנ־דרוק פון דער וואַרעמער אויפנאַמע האָט מיך, ממש, צענומען און צו וואָס לייקענען — ס'האָט זיך אויך אַראָפּגעקײַקלט אַ טרער... ווי אַזוי האָט מען נישט געקאָנט זײַן עמאָציאָנירט, ווען דו זעסט, וואָס דאָ טוט זיך אַרום

דיר, וואָס פאַר אַ וואַרעמקייט עס פליסט אויף דיר פון יעדן חייל ביזן העכערן ראַנג פון דער „בריגאַדע”.

מיר זענען געווען באַזאָרגט מיט אַלעם פאַרטיקן, געניי ווי די חיילים מיט מאַלצײַטן און אַנדערע נויטווענדיקייטן. אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין וועש און בגד, האָט מען פון מחסן צוגעטיילט וואָס נישט איז. די באַזע האָט זיך געפונען אויף אַ גרויסן שטח, וואָס האָט זיך געבאָדן אין גרינס און ביימער אַרומגערינגלט פון די אַלפּן־בערג. גענוג געווען אויף איין מאָמענט אַ טראַכט צו טאָן פון דעם קאַשמאַרנעם נעכטן אויף יענער זײַט, האָט מען זיך דאָ געפילט, ווי מיר וואָלטן, פּלוצעם, אַרײַנגעפאַלן אין אַ גן־עדן אויף דער ערד...

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם ערשטן פרײַטיק־צו־נאַכטס אויף דער לאַנקע פון דער באַזע. נאָך קבלת־שבת און מעריב, האָבן מיר דאָס ערשטע מאָל הנאה געהאַט פון אַן עכטן שבתדיקן מאָלצײַט, מיטן קידוש־ווײַן. מיר האָבן זיך אויסגעמישט מיט די הונדערטער חיילים און אויסגעזעצט זיך אין אַ ברייטן קרײַז. צו ערשט האָט גערעדט צו אונדז אַ הויכגעשטעלטער מיליטער־מאַן פון דער „בריגאַדע”. זײַן לענגערע רעדע האָט ער געהאַלטן אין מאַמע־לשון. ער האָט פאַר אונדז געשילדערט דאָס לעבן אין ארץ־ישׂראל. דער גאַנצער ישוב וואַרט אויף אונדז, מיר דאַרפן נאָר האָבן אַ ביסל געדולד און מיר וועלן זיך בקרוב באַהעפטן מיטן ישוב. אַזעלכע רייד זענען דאַן געווען פאַר די ניסים־ייִדן, ווי באַלזאַם אויף דער צערודערטער נשמה.

דערנאָך איז פאַרגעקומען אַ פּראָגראַם פון געזאַנג און מוזיק. עס זענען אַרויסגעטראָטן סאָלאָ חיילים און חיילות מיט לידער און געזאַנג בציבור. און נאָך דעם האָט מען זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ האָרא־טאַנץ. דאָס געזאַנג האָט פאַרהילכט דעם גאַנצן אַרום. ס'איז דאַן געווען אַזוי גוט אויפן האַרצן און ס'האָט זיך געוואָלט, ס'זאָל זיך אַזוי ציִען כאָטש אַ גאַנצע נאַכט... מײַן מזל איז געווען צו טרעפן צווישן די חיילים אַ ווילנער, וועמען כ'האָב גע־קענט פון דער היים, וואָס איז עולה געווען אַ קורצע צײַט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיר פלעגן שוין אָפט שמועסן פאַר דער צײַט פון אונדזער קורצן זײַן מיט דער בריגאַדע. דערמאָנט זיך מיר, אַז פון מײַנע שמועסן מיט דעם ווילנער, האָב איך געקראָגן נאָך אַ שטאַרקערן דראַנג צו ארץ־ישׂראל. אָט דאָס, וואָס איך האָב דורכגעלעבט אויף יענעם עונג־שבת, האָט נאָך מער געווירקט אויף מיר צו זײַן פאַרבונדן מיט מײַנע גע־דאַנקען נאָר מיט ארץ־ישׂראל, ווו מיר וועלן זיך שאַפן די נײַע היים.

מען האָט אונדז געהאַלטן אויף דער באַזע אַ קאַרגע וואָך. ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז זיי האָבן נישט געקענט האַלטן דאָ צו לאַנג, ווײַל ערשטנס, איז דאָן נאָך געגאַנגען דער שטראָם פון עסטרײַך און מ׳האָט געמוזט מאַכן פּלאַץ פאַר די פרישע גרופּעס. דערצו איז געווען נאָך אַ סיבה צו האַלטן נישט לאַנג, וואָס מיר האָבן זיך דערוווּסט פאַרן אַוועקנעמען אונדז.

אָט דאָס אַלץ, וואָס די „בריגאַדע״ האָט געטאָן פאַר די פּליטים איז דאָך געווען קעגן דער פּאָליטיק פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט אין איטאַליע... ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „בריגאַדע״־לייטונג האָט אַ גאַנץ היפּשן פּראָצענט פון אירע אייגענע הצטרכותן אַוועקגעגעבן פאַר דער שארית־הפליטה און אַלץ, וואָס מ׳האָט אונדז געגעבן איז געווען אָפּגעשפּאָרט פון זיך...

באַשערט איז אונדז געווען דעם לעצטן טאָג אויפגעטרייסלט צו ווערן פון אַן אומגליק אויף דער באַזע. דער טראַגישער פאַל האָט פּאַסירט מיט צוויי חיילים, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן אין שליחות לטובת דער שארית־הפליטה. צוליב דער פינצטערניש אין דער נאַכט, האָט זיך זייער דזשיפּ אַראָפּגעגליטשט פון אַ הויכן באַרג אין אַ טיפן טאָל אַרײַן. פאַרטאָג האָט מען זייערע טויטע קערפּערס געפונען. זייער טראַגישער טויט האָט אַרויסגערופן אַ טיפן ווייטיק.

# אונטער די פליגלען פון „אונראַ"

נאָך אַ קאַרגער וואָך אָפּרוען זיך אויף דער באַזע פון דער „בריגאַדע", איז געקומען די צײַט צו געזעגענען זיך מיט אונדזערע ליבע גאַסטגעבער. נאָך האַלבער נאַכט, האָט מען אונדז אַרײַנגעזעצט אין די פֿאַרמאַכטע אויטאָס און מיר האָבן זיך ווײַטער געגליטשט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. כאָטש מ׳האָט אונדז גאָרנישט געזאָגט, ווו מ׳פירט אונדז, האָבן מיר מיט אונדזער אינטויִציע פאַרשטאַנען, אַז מיט אונדזער איצטיקער רײַזע ענדיקט זיך די הייליקע מיסיע פון דער ייִדישער „בריגאַדע", און ווי באַלד דאָס ווערט געטאָן דורך נאַכט, איז אַ סימן, אַז אונדזער פאָרן דאַרף זײַן פאַרבאָרגן פאַר דער ענגלישער מיליטער־מאַכט... נאָך איידער ס׳איז געוואָרן טאָג, האָבן זיך די אויטאָס אָפּגעשטעלט. אַ חייל איז אַרויס פון קאַבינע, אונדז געזאָגט, אַז מיר זענען אויפן אָרט און אַזוי גיך, ווי דער לעצטער איז אַראָפּ פון דער מאַשין, זענען זיי תיכף פאַרשוווּנדן...

צוליב דער פינצטערניש, האָבן מיר נישט געוווּסט, ווו צו שטעלן אַ טראָט, איז מען געבליבן זיצן אויף די רוקזעק און געוואַרט ביז פאַרטאָג. ס׳איז אונדז געוואָרן ענג אין מוח פון דעם בילד, וואָס מיר האָבן דערזען אַרום זיך. אויף דעם גרויסן פּלאַץ, אונטערן אָפענעם הימל, האָבן זיך אויף דער נאַקעטער ערד געוואַלגערט פיל הונדערטער מיט זייערע רוקזעק און פּעקלעך. אַנדערע זענען שוין דאָ געבראַכט געוואָרן מיט אַ נאַכט אָדער צוויי פריִער... אין איין ווײַלע, איז פאַרשוווּנדן די גן־עדן־אידיליע פון אונדזערע לעצטע טעג מיט די חיילים.

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט מען זיך איינע די אַנדערע געפרעגט

— נישטאָ צו וועמען צו ווענדן זיך, פּונקט ווי מיר וואָלטן מיט אַ מאָל אַראָפּגעפאַלן פון הימל...

אַריבער די ערשטע שעהען אין ביטערניש, האָט זיך דער הימל איבער אונדז אָנגעהויבן אויסלײַטערן... ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן ווײַזן מענער און פרויען אין אַמעריקאַנער מיליטערישע אוניפאָרמען און זיי האָבן זיך פאַר

אונדז פאָרגעשטעלט אַלס פאָרשטייער פון „דזשאָינט”. איינער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס ראַבינער (טשאַפּליין) פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. יעדער איינער פון זיי האָט זיך באַמיט אונדז צו באַרויִקן, אַז מיר וועלן חלילה נישט זײַן שוצלאָז. פון די אַלע אויפקלערונגען האָט זיך אויסקריס־טאַליזירט, אַז פון איצט אָן וועלן מיר געהערן צו דער אַמעריקאַנער הילפס־אָרגאַניזאַציע פאַר מלחמה־פליטים, וואָס רופט זיך „אונראַ”, וואָס וועט אונדז באַזאָרגן מיט אַלעם נויטיקן. ס'איז נאָר אַ פראַגע פון אַ טאָג־צוויי, ווײַל די „אונראַ” איז נאָך אין סטאַדיע פון אָרגאַניזירן דעם אַפּאַראַט.

דער גרויסער פּלאַץ האָט זיך געפונען כּמעט אין צענטער פון דער גרויסער איטאַליענישער שטאָט באָלאָניאַ. פאַר די 2 טעג, וואָס אונדז איז אויסגעקומען זיך צו וואַלגערן אויפן פּלאַץ, האָבן מיר זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט איטאַליענער אויף די דערבײַיִקע גאַסן, און באַוווּנ־דערט די אַרכיטעקטור פון די הײַזער. פון דאַנען האָבן שוין אונדז מאַשינען פון „אונראַ” געבראַכט אין דער קלענערער שטאָט מאָדענאַ, וואָס איז געלעגן צופוסנס פון די אַלפּן־בערג, ווו די „אונראַ” האָט געעפנט אַ צײַטווײַליקן פליטים־לאַגער.

ווען די אויטאָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ פאַרמאַכטן טויער, וואָס איז געווען באַוואַכט פון איטאַליענישע מיליטער־פּאָליציי און מ'האָט אונדז געהייסן אַראָפּגיין, האָבן מיר זיך לכתחילה דערשראָקן. — וואָס איז דאָס? מיר וועלן זײַן פאַרשפּאַרט אונטער אַ וואַך? באַלד זענען דורכן טויער אַרויסגעלאָפן חברה און אונדז באַרויִקט, מיר זאָלן זיך נישט שרעקן, מיר וועלן קענען אַרויסגיין פון דאַנען, ווען מיר וועלן נאָר וועלן.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַר מוסאָליניס צײַטן איז דאָ געווען די מיליטערישע אַקאַדעמיע אויסצובילדן אָפיצירן. אַ לאַבירינט פון צענדלי־קער גרעסערע און קלענערע מאַסיווע געבײַדעס האָבן זיי מיט זיך פאָרגע־שטעלט אַ שטאָט פאַר זיך. האָט מען אָנגעהויבן קלעטערן איבער די טרעפּ פון איין געבײַדע צו דער צווייטער און געפינען אַ ווינקל פאַר מיר מיט מײַן ווײַב. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אַלע קלענערע צימערן זענען שוין געווען איבערפולט. געלעגן איז מען אויסגעצויגן אויף דער שטיינער־נער פּאָדלאָגע. די גליקלעכע יחידים זענען געלעגן אויף שטרויזעק. די באַשפּײַזונג האָט שוין, אָבער, געאַרבעט מיטן גאַנצן פאַרנעם, מיט אַ גרוי־סער קיך, וואָס האָט אויסגעטיילט 3 מאָלצײַטן אַ טאָג.

מיר האָבן זיך צוגעטוליעט צו אַ קרײַזל אויף דער פּאָדלאָגע אין דעם גרויסן זאַל, וואָסהאָט, אַפּנים, געדינט פאַר פאַרווײַלונגען פאַר מוסאָליניס

קאַדעטן. מ׳איז באַלד געוואָרן היימיש איינע מיט די אַנדערע. אין אָט דעם גרויסן זאַל אַליין, זענען געווען אַרום 300 פּליטים, וועלכע האָבן גערעדט אויף פאַרשידענע שפּראַכן. די טומלדיקסטע גרופּע זענען געווען די גריכישע ייִדן. טאָג און נאַכט האָבן זיי גערוישט ווי דער סמבטיון... זיי האָבן צוגע־שטעלט געננוג שטאָף צום לאַכן, אַ פריילעכע כאַליאַסטרע געווען. איין טאָג האָבן דריי בחורים זייערע, איינס־צוויי, חתונה געהאַט... זייערע כּלות זענען געווען פון באַזונדערע לענדער, קיינע נישט פון גריכנלאַנד.

די חופּה פון אַלע דריי פּאָרלעך איז פאָרגעקומען אין אָרטיקן בית־הכּנסת און דער אַמעריקאַנער ראַביי האָט זיי געגעבן חופּה וקידושין, ס׳איז דאָן, באמת, געווען אַן אַטראַקציע.

איינגעמאָשטשעט זיך און אָפּגערוט אַ ביסל, בין איך מיט אַ פּאָר חברה פון קרייזל אַרויס אין שטאָט. געבליבן איז נאָך ביי מיר פאַרשטעקט אַ פּאָר גאָלדענע מטבעות, האָט מען צוזאַמען געוואָלט אויפזוכן אַ באַנק עס אויסצובייטן אויף לירעס. אויך די אַנדערע האָבן עפּעס געוואָלט אויס־טוישן אויף לירעס. ס׳האָט זיך געוואָלט עפּעס קויפן פון נאַשוואַרג... צו אונדזער פאַרוווּנדערונג דערקענען מיר אויף די פּנימער פון פאַרבייגייער ענלעכקייט צו ייִדן. שטעלן מיר אָפּ אַ מאַן און רעדן צו אים ייִדיש און פרעגן זיך אויף אַ באַנק.

— „נאָ קאַפּיש״... פרעגן מיר אַ צווייטן — „נאָ קאַפּיש״... ביי אַ דריטן דאָס זעלבע. מיינען מיר, אַז אָט די „ייִדן״ קענען נישט קיין ייִדיש... דערוויייל ווערט אַרום אונדז אַ רעדל. די מענטשן ווילן אונדז העלפן, אָבער ווייסן נישט וואָס מיר ווילן. גראָד האָט זיך געיאַוועט אַזאַ, וואָס האָט גע־קענט אַ ביסל דייטש, און ער האָט אונדז שוין אַרויסגעהאָלפן...

ס׳האָט אונדז דענערווירט די פּאָר וואָכן פון אונדזער וואַלגערן זיך אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע אין אָט אַזאַ סמבטיון.

די ערשטע טעג זענען מיר נאָך געווען אונטערן איינדרוק פון דער וואַרעמער אויפנאַמע אויף דער באַזע פון די חיילים און פון די ווערטער פונעם עלטסטן אויפן עונג־שבת, אַז מיר וועלן זיך בקרוב פאַראייניקן מיטן ארץ־ישׂראלדיקן ישוב און ס׳וועט נעמען אָט באַלד אַ סוף צו אונדזערע וואַנדערונגען... ווי נאַיִוו מיר זענען דעמאָלט געווען! אָבער די ווייטערדיקע טעג, האָבן מיר שוין באַוויזן עפּעס וואָס צו דערוויסן זיך פון אונדזער אילוזיע צו פאַראייניקן זיך מיטן ארץ־ישׂראל־ישוב.

הינטער דער פאַרמאַכטער טיר פון אַ צימער זענען אָנגעגאַנגען הייסע דיסקוסיעס. מאחורי הפּרגוד האָט מען דערציילט, אַז עס געפינען זיך שוין

דאָ שליחים פון ארץ־ישׂראל און אַז די דינגענישן אויף די געהיימע באַראַ־טונגען גייט אַרום דעם „שליסל" וועגן דער מעגלעכער עליה. חברה דרייען זיך אַ גאַנצן טאָג אַרום איבער די לאַנגע באַלקאָנען בײַ דער מזכּירות. בין איך אויך דאָרט געווען. מיט אַ מאָל דערזע איך שטייענדיק אברהמלע ווײַנער, מיט וועמען איך בין געווען גוט באַפרײַנדעט אין טוביה בעלסקיס מחנה. ער איז געווען דער שטאַב־סעקרעטאַר, וועמען אַלע אין דער מחנה האָבן אָפּגעשאַצט פאַר זײַן איבערגעגעבנקייט צו זײַנע פליכטן. אברהמעלע — האָב איך געוווּסט, איז אין זײַן היימשטעטל געווען אַקטיוו אין דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי און אין „החלוץ". אָט דאָ זע איך, איז ער גאָר פון די הויפּט־מאַכער אין מזכּירות. וואָס דאַרף איך מער, אפשר דורך אים אַ שטיקל פּראָטעקציע פאַר אונדזער זאַך?

— אברהמעלע, אפשר קענסטו עפּעס טאָן פאַר מיר מיט מײַן ווײַב, מיר זאָלן זײַן קאַנדידאַטן פאַר עליה — פרעג איך אים און דערמאָן אים פון אונדזער פרײַנדשאַפט אין וואַלד. בײַ אברהמלען איז אָבער איצט אַ „רענדל" אַ וואָרט... ער איז באַלד נישט געוואָרן, און מער האָב איך אים שוין נישט געפרעגט. כ'האָב אים גוט פאַרשטאַנען אָן ווערטער — ס'זענען דאָ בילכערע פון מיר... און מסתּמא איז גלײַכער אַז מ'רעדט וואָס ווייניקער פון די זאַכן...

די מזכּירות האָט געעפנט העברעיִשע קורסן פאַר אָנפאַנגער און אַוואַנ־סירטע. ס'האָבן זיך אויפן אָרט געפונען לערערינס צווישן דער שארית־הפליטה. איצט איז דער חשק דערצו געווען גאָר גרויס אין אָנבליק פון דער מעגלעכער עליה.

די לימודים זענען פאָרגעקומען אין דעם גרויסן אודיטאָריום, ווו מוסאָליניס קאַדעטן האָבן פריִער געלערנט.

אַ צרה איז געווען די ערשטע טעג מיט דער באַגרענעצטער פרײַהייט אויסערן לאַגער. ס'איז געשטאַנען אַ באַוואַכטע וואַך פון איטאַליענישער פּאָליציי. ס'זענען צוליב דעם אַרויסגעקומען קאָנפליקטן מיט דער וואַך, וואָס האָט געהאַט אַ באַפעל נישט אַרויסצולאָזן. אין אַ געוויסן פרימאָרגן איז ספּאָנטאַן פאָרמירט געוואָרן אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע קעגן דער „אונראַ"־אָנפירונג פון לאַגער. קיינער איז נישט צוגעגאַנגען נעמען דאָס עסן פון קיך. נאָך אַ האַלבן טאָג פון הונגער־שטרײַק, איז אַראָפּגענומען געוואָרן די באַוואַכטע וואַך און מ'האָט זיך געקענט באַוועגן פרײַ אויסערן לאַגער.

# דער ערשטער פּליטים־לאַגער

איידער מ׳האָט באַוויזן זיך רעכט אַרומצוקוקן האָט מען אָנגעהויבן אַריבערפירן מענטשן ביסלעכווייַז אין אַנדערע ערטער איבערן גאַנצן לאַנד. איבער גאַנץ צפון־איטאַליע איז דאַן די באַן־באַוועגונג געווען טויט. די דייַטשן האָבן, אַנטלויפנדיק פון איטאַליע, חרוב געמאַכט דעם גאַנצן טראַנס־פּאָרט־וועזן, אויפרייַסנדיק די בריקן און באַן־קנופּן, האָט די „אונראַ״ זיך באַנוצט מיט די אַמעריקאַנער משׂא־אויטאָס אַריבערצופירן די פּליטים.

מיט 2 וואָכן שפּעטער, נאָכן קומען אַהער, איז געקומען אונדזער ריי פּטור צו ווערן פון צייַטווייַליקן אויפהאַלט. אויף אונדזער גורל איז אויס־געפאַלן געשיקט צו ווערן נענטער צום דרום־טייל פון לאַנד. די אויטאָס האָבן אונדז געבראַכט אויף אַ באַרג, צופוסנס פון אַדריאַטישן ים, ווו מיר האָבן שוין געפונען צוגעגרייטע ברעזענטענע בייַדלעך מיט אַלע אַנדערע אייַנריכטונגען פאַר אַ קיך און וואַש־צימערן. מיר זענען באַאייַנדרוקט גע־וואָרן פון דעם וואָס מיר האָבן דאָ געטראָפן.

נאָך די טומלדיקע 2 וואָכן ליגן אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע, האָט דאָס אייַנאָרדענען זיך זאַלבע אַכט אין אַ בייַדל אויסגעקוקט צו זייַן פאַר אונדז אַ „גן־עדן״... אַזוי נאָר ווי מ׳האָט פאַרנומען אַ ווינקל אין בייַדל, איז מען שוין אַראָפּגעלאָפן צום ים כאַפּן אַ שווים. דער עולם האָט זיך מחיה געווען. מיר וועלן דאָך, הייסט עס, דאָ פראַווען „דאַטשע״ דעם גאַנצן זומער... וואָס קען זייַן בעסער?

די ערשטע פּאָר טעג איז דער אַפּעטיט געווען גענוג גרויס צוליב דער ים־לופט. האָט מען זיך צוגעכאַפּט צו די מאָלצייַטן, וואָס די רייַכע אַמעריקע האָט צוגעגרייט. גאָר שנעל האָט מען גענומען „קרימען מיט דער נאָז״... ס׳איז געוואָרן צוגעגעסן די קיך־עסנס: יעדן טאָג לאָקשן־זופּ. אַ דאַנק אונדזער קומען אַהער, איז געקומען אַ מזל־ברכה אויף די דערבייַ־איקע אָרעמע איטאַליענער. מיר האָבן דערזען בייַ זיי אַזאַ דחקות, וואָס האָט דערמאָנט דאָס בילד אין געטאָ. אַ צייַט פאַרן אויסטיילן די דרייַ

מאַלצײַטן דורכן טאָג, פלעגן שוין וואַרטן מאַמעס מיט קינדער מיט עמערס. מיר פלעגן זיי אָנפילן מיט געדיכטן זופּ און פליייש-פּאָרציעס. פאַר די דאָזיקע איטאַליענער איז עס געווען אַ רעטונג. מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אין יענער צײַט האָט איטאַליע געליטן פון אַ מאַנגל אין שפּײַז און די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט אַלץ געטאָן צו לינדערן דעם דוחק אין שפּײַז פאַר דער באַפעלקערונג.

אַזוי אַרום האָבן מיר, די שארית־הפליטה, זיך פּלוצלונג פאַרוואַנדלט אין בעלי־צדקה אויפן חשבון פון דעם רײַכן „אַמעריקאַנער פעטער"... ווי דאַנקבאַר זיי זענען אונדז געווען פאַר אָנפילן זייערע קאַשיקעס מיט ווײַסער חלה, וואָס איז, במילא, פאַר די מערסטע געווען צו פיל... די באַפעלקערונג פלעגט דאַן קריגן צוגעטיילט שפּײַז אויף קאַרטן בצימצום.

✶

אַ פּאָר עפּיזאָדן פון יענעם פליטים־לאַגער בײַם אַדריאַטישן ים: מיר האָבן זיך געפונען צווישן צוויי מיליטערישע מחנות. לינקס איז געווען אַ לאַגער פון אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, אויסשליסלעך נעגערס. רעכטס איז געווען אַ לאַגער פון אינדישע און אויסטראַלישע סאָלדאַטן. פון אָנהויב האָבן מיר זיך געחידושט, וואָס צווישן די נעגערישע זעלנער זעט מען כמעט נישט קיין ווײַסע, חוץ פון העכערן ראַנג. מיר האָבן נאָך דאַן נישט געוווּסט, אַז אויך אין דער אַרמיי הערשט אַ געוויסע סעגרעגאַציע... פאַר אונדז זענען, אָבער, די נעגערישע זעלנער געווען אַן אמתע אַטראַקציע.

אַזוי נאָר ווי ס'פלעגט צופאַלן אָוונט, האָבן די נעגערשע זעלנער אַראָפּגעוואָרפן זייערע מונדירן און אַרויפגעצויגן זייער נײַטיוו־הלבשה און זיך גענומען צו זייערע קאָלירטע פּויקן און אַנדערע פאָלקס־מוזיק־אינסטרומענטן. ביז שפּעט בײַנאַכט פלעגן מיר אָבסערווירן זייערע אייגנאַרטיקע טענץ, באַגלייט מיט הייזעריקן געזאַנג... אונדזערע פרויען האָבן געהאַט אַ באַזונדער מזל. די נעגערס פלעגן זיי צוטראָגן שאָקאָלאַד און אַנדערע זיסקייטן.

סך־הכל 2 קילאָמעטער איז געווען די פּאָרטשטאָט אַנקאָנאַ. אָט דאָ זענען מיר געווען פולשטענדיק פרײַ און מיר האָבן געמעגט זיך באַוועגן, ווו נאָר ס'האָט זיך אונדז געגלוסט. האָט מען אָנגעהויבן אָפּט באַזוכן אַנקאָנאַ און דעם אַרום און זיך באַקענען מיט אירע מערקווערדיקייטן. כ'האָב דאָרט אײַנגעהאַנדלט אַן איטאַליעניש־רוסישן ווערטערבוך און גענומען אײַנקנעלן די איטאַליענישע שפּראַך אויף צו קענען, כאָטש, פיל

ווינציק זיך פֿאַרשטענדיקן. מיר האָבן זיך גאָר גיך איבערצײַגט, אַז ס'פֿעלן נישט בײַ די איטאַליענער אַלערליי שווינדלער, איבערהויפּט אויפֿן מאַרק... אין אַנקאָנאַ איז געווען אַ גאַרניזאָן פֿון דעם פּוילישן גענעראַל אַנדערס, וואָס האָט זײַן אַרמיי געבראַכט פֿון רוסלאַנד דורך איראַן און ארץ־ישׂראל, וועלכע האָט געקעמפֿט בײַ דער זײַט פֿון די ענגלענדער און אַמעריקאַנער קעגן די דײַטשן אין איטאַליע.

אין אָט דעם נײַעם לאַגער האָב איך צום ערשטן מאָל געקראָגן די געלעגנהייט אָנצוטאַפּן אַז „מען גייט"... ס'איז געווען גוט פֿאַרקאָנספּירירט. מיר האָבן נאָך דאַן, פֿאַרשטייט זיך, נישט געקענט וויסן אָט דאָס, וואָס כ'האָב זיך דערוווּסט שפּעטער אין רוים, ווען כ'האָב שוין אַליין געאַרבעט אויף אַ שטעלע אין „אונראַ"־צענטער און געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט די קיבוצים און הכשרה־פּונקטן. נעמלעך, אַז מיט אונדז זענען געווען שליחים פֿון ישוב אַלס „פּליטים"...

ס'האָבן אָנגעהויבן פֿאַרשווינדן מענטשן פֿון לאַגער. פֿון אָנהויב האָב איך געמיינט, אַז זיי זענען ערגעץ צוגעפֿאָרן און וועלן זיך צוריקקערן. איין נאַכט האָב איך דערהערט הינטער אונדזער בײַדל אַ שושקערײַ. כ'האָב נישט געלייגט קיין אַכט דערויף און ווײַטער אײַנגעשלאָפֿן. אין דער פֿרי זענען מיר, אַז דער שטילער בחור אין ווינקל פֿון אונדזער בײַדל איז פֿאַר־שווונדן צוזאַמען מיט זײַן רוקזאַק... אין דער פֿרי איז די נײַעס געגאַנגען פֿון מויל צו מויל, אַז דורך נאַכט האָבן די „בריחה"־מענטשן מיטגענומען אַ גרופּע, דערהויפּט יוגנטלעכע, צו דער עליה ב'. די פֿאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט אויף אַזוי ווײַט, אַז ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז נישט ווײַט פֿון אונדזער ים־ברעג האָט זיי אַ מעפּילים־שיף אַרויפֿגענומען...

מיך האָט אַזוי אינטריגירט צו דערשנאַפּן אָט די בחורים, אַז כ'האָב אייניקע נעכט זיך געפּונען אין דרויסן און אַרומגעגאַנגען איבערן לאַגער... ס'איז מיר אָבער נישט געלונגען זיך עפּעס צו דערוויסן...

ס'גייט אַריבער אַ פּאָר וואָכן נאָך יענער מעשׂה און מײַן ווײַב רוימט מיר אײַן אַ סוד, אַז לויט ווי זי פֿילט, דאַכט זיך איר, אַז זי איז אין אַנדערע אומשטענדן...

וואָס וועט איצט זײַן? מיר הענגען דאָך אין דער לופֿטן... פֿון יענעם טאָג אָן, זענען שוין אונדזערע ביידנס מוחות געווען פֿאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש. זי האָט מיך בפֿירוש געמאָלדן, אַז אין די אומשטענדן וועט זי בשום־אופֿן נישט אײַנגיין צו גיין מיט דער עליה ב'. ס'איז נישט פֿאַר אירע כּוחות.



דאָס שוואַנגערן פון מײַן פרוי האָט אָפּגערוקט אין אַ זײַט דעם געדאַנק צו גיין אויף אַן אומלעגאַלער נסיעה קיין ארץ־ישראל. עס איז געוואָרן פּאַר אונדז קלאָר, אַז מיר וועלן שוין אַזוי גיך פון איטאַליע נישט קאָנען אַוועקגיין. עס איז געווען אין מיטן זומער און פאַר מײַן ווײַבס אָפּגעפּרוירענע פיס, ליגנדיק אין אַ קאַלטן שײַער אין איר באַהעלטעניש, אין דאָרף לעבן ניעמענטשין, איז די הייסע זון געווען די בעסטע רפואה... פלעגט זי טאַקע ליגן שעהענווײַז אונטערן שאָטן פון אַ בוים און די פיס לאָזן באַקן פון דער זון.

באַמערקנדיק אויף מײַן פּנים די זאָרג צוליב דער געענדערטער לאַגע, פלעגט זי אין מיר אַרײַנטענהן:

— גיב נאָר אַ טראַכט ווי גוט עס איז אונדז איצט. זע ווי אַלץ האָט זיך אַזוי גוט אויפגעלייגט. פון אַזאַ זומער־אָפּרו ווי מיר האָבן דאָ אין דער זוניקער איטאַליע, וואָלטן מיר דאָך אַ מאָל אין דער היים געקענט בלויז חלומען. איצט האָבן מיר עס אַלץ אומזיסט... נישטאָ זיך וואָס צו אײַלן מיטן שטראָם, דו וועסט גאָרנישט פאַרזאַמען אין ארץ־ישראל... לאָמיר זיך פריִער באַפרײַען פון דעם „פעקל", וועט מען נאָך דעם זען וואָס צו טאָן... כ'האָב גיך אײַנגעזען אירע לאָגישע רייד און שלום געמאַכט מיט דער געשאַפענער לאַגע. אַ ברירה האָב איך געהאַט?...

אין דער אמתן האָבן מיר דאָך טאַקע געדאַרפט זײַן פרײַ פון זאָרג. מיר זענען אונטער דער אויפזיכט פון דער „אונראַ". פון צײַט צו צײַט קומען אַהער די טייערע בחורים פון אונדזער שארית־הפליטה, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך אַ שליחות פון דער „בריחה"־באַוועגונג צו באַזאָרגן די איבערגאַנג־לאַגערן מיט לייען־מאַטעריאַל. אין אָנהויב האָט דער „מרכז אירגון הפליטים" צוזאַמענגעשטעלט זײַן קערפּערשאַפט אין מילאַנאָ, צפון־איטאַליע; די ערשטע אויפגאַבע זײַנע איז געווען צו שאַפן אַ בולעטין פאַר דער שארית־הפליטה. קיין דרוק מיט ייִדישע אותיות איז נאָך דאַן נישט געווען, האָט מען די נײַעס און ידיעות פאַר די פּליטים געדרוקט אויף אַ שטענצל. די דאָזיקע אידעאַליסטישע יונגעלײַט פלעגן אויף זייערע פּלייצעס מיט שווערע טראַנספּאָרט־מיטלען צו אונדז ברענגען די בולעטינען אויף ייִדיש און עברית און מיר פלעגן שלינגען יעדע שורה פון די באַגרענעצטע ידיעות פונעם ארץ־ישראלדיקן ישוב און פון אונדזער שארית־

הפליטה אין אַנדערע לאַגערן אין איטאַליע. כּדאַי צו דערמאָנען כאָטש איינעם פון יענע טײַערע בחורים וועמען איך געדענק. דאָס איז מײַן ווילנער בן־עיר, ניסן רעזניק, וועלכער וווינט איצט אין רמת־גן.

*

לאַנגזאַם האָבן זיך געצויגן די וואָכן און חדשים פון לאַנגווײַליקן זיך, פון גאָרנישט טאָן. ס'האָבן זיך אונטערגערוקט די ימים־נוראים. אונדזער געזינדל אין לאַגער איז באַשטאַנען פון קנאַפּע 300 מענער און פרויען. עס האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געפעלט בײַ אונדז קיין פרומע ייִדן, וועלכע פלעגן יעדן טאָג און שבת דאַווענען מיט אַ מנין אונטערן פרײַען הימל. אַזוי איז אויך געווען ימים־נוראים. אין אַ ווינקל, צווישןביימער, האָט מען צונויפגעשלעפּט פון ערגעץ אייניקע בענק, וואָס איז געווען קנאַפּ פאַר אַלע מתפּללים. האָט מען זיך געביטן מיט די זיץ־ערטער.

ליידער האָט זיך נישט אײַנגעגעבן נאָך פיל באַמיִונגען צו קריגן אַ ספר־תּורה, כאָטש אויף די ימים־נוראים. אין דער סביבה איז אויך נישט געווען קיין ייִדישער ישוב. עס האָט זיך געפונען צווישן אונדז אַ בעל־שחרית און אַ בעל־מוסף. אָט אויף יענעם באַרג, צופוסנס בײַם אַדריאַטישן ים, האָבן 300 ניסים־ייִדן אין די ערשטע ימים־נוראים נאָכן באַפרײַען זיך פון די „באַפרײַער", אויסגעשריִען מוצאי יום־כּיפּור הויך אויפן קול: „לשנה הבאה בירושלים"!

מיר האָבן שוין פריִער געוווּסט, אַז אין אַ רייע שטעטלעך אין עק פון איטאַליע האָט די „אונראַ" אויפגעשטעלט פּליטים־לאַגערן און אַז פריִער צי שפּעטער, וועט מען אונדז פון דאַנען אויך שיקן אַהין. די „אונראַ"־אַדמיניסטראַציע האָט באַשלאָסן די פּליטים צו האַלטן ווײַט פון צענטער, ווו ס'איז געווען ענג באַפעלקערט. דאָקעגן אין דרום איז געווען שיטער. דאָס איז געווען נאַטירלעך, ווי באַלד מיר זענען אויף זייער „קעסט", האָבן זיי די דעה...

ס'זענען געווען פאַלן, וואָס ס'האָבן זיך באַלד געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן גענומען זייער גורל אין אייגענע הענט און פאַרשוווּנדן פון לאַגער. נישט וועלנדיק פאָרן אין אַ העק, האָבן זיי אָנגעטאָן דעם רוקזאַק און אַוועק זוכן „גליקן" אין צענטער פון איטאַליע. געווען זענען דאָס מערסטנס יחידים, יונגע בחורים, דערצו נישט קיין סך. מען האָט זיי מקנא געווען און איך גופא אויך. מיר האָבן דאָך נאָך פריִער געטראַכט וועגן רוים, ווו

ס׳האָט זיך שוין געהאַט איבערגעטראָגן פון מילאַנאָ דער „מרכז אירגון הפליטים” און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ יידיש קולטור־געזעל־שאַפטלעך לעבן. איך האָב געהאַט גרויס חשק נאָכצוטאָן די בחורים, אָבער מייַן ווייַב איז געווען ביי דער מיינונג, אַז מיר דאַרפן פריִער פאָרן מיט אַלעמען און אויסגעפינען ווי אַזוי ס׳וועט אויסזען דאָס לעבן אין יענעם לאַגער. בפרט אין איר צושטאַנד, איז נישט כּדאַי צו נעמען קיין ריזיקע אויף אייגענער האַנט.

אַ וואָך שפּעטער איז אָנגעזאָגט געוואָרן צו זייַן גרייט צום טראַנס־פּאָרט. להיפּוך צו צפון־איטאַליע, ווו דאָס גאַנצע באַן־וועזן איז לאַנגע חדשים נאָך אַלץ געווען נישט טעטיק צוליב די אויפגעריסענע בריקן — האָבן די באַנען אין דרום פונקציאָנירט נאָרמאַל, אַפילו ביז רוים. מ׳האָט אונדז אויסגעטיילט טרוקענע פּראָוויאַנט אויפן וועג און מ׳האָט אונדז מיט אויטאָס געבראַכט צום פּראַכטצוג.

# סאַנטאַ צעזאַריאַ

אויף דער מאַפּע קוקט איטאַליע אויס ווי אַ שטיוול. אַ לאַנגער פּאַס אין מיטן צווישן אַדריאַטישן און מיטללענדישן ים. אונדז האָט מען גע־בראַכט צום סאַמע דרום. דאָס שטעטל האָט געהייסן סאַנטאַ צעזאַריאַ. פאַר דער מלחמה איז דער פּלאַץ געווען באַרימט אַלס קוראָרט מיט אירע נאַטירלעכע שוועבל־בעדער. אַהער פלעגן דורכן זומער קומען טוריסטן אויך פון אויסלאַנד און די באַפעלקערונג האָט זיך מפרנס געווען אַ דאַנק די שוועבל־בעדער פון די טוריסטן. צוליב דער מלחמה זענען אַלע האָטעלן און גאַסט־הייַזער געבליבן שטיין ליידיק און די באַפעלקערונג האָט געלעבט אין דחקות. האָט די „אונראַ”־אַדמיניסטראַציע אָפּגעדונגען אַ צאָל הייַזער און באַזעצט דאָרט די פּליטים. דערביי איז געווען נאָך אַ שטעטל, סאַנטאַ מאַריאַ, ווו מ׳האָט באַזעצט די יידישע פּליטים. אַלע אַנדערע פונקטן אין דער געגנט זענען שוין געווען אַלגעמיינע לאַגערן.

מיר האָבן שוין דאָ געפונען אַ ישוב פון אַ פּאָר טויזנט יידן, מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זענען שוין דאָ געקומען מיט חדשים פריִער. געווען שוין באַזונדערע קיבוצים מיט אַ קאָלעקטיוון סדר־לעבן. פון די

דאָזיקע קיבוצים האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן די ווערבירונג מיט דער עליה ב׳.

ס׳איז שוין דאָ געווען אַ קהילה אונטערוועגס, 2 באַזונדערע קיכן — אַ כּשרע און נישט כּשרע. אַ בית־המדרש מיט אַלע תּשמישי־קדושה. לכתּחילה האָט עס אונדז אויסגעוויזן, אַז מיר האָבן געטראָפן מיט דעם פּלאַץ. צוגעטוליעט זיך צו אַ פּאָרל, וואָס האָט פאַרנומען אַ גרויסן צימער מיט 2 פענצטער מיט אַן אויסקוק צום ים. זיי זענען געווען צופרידן מיט אונדזער אַריַינקומען. ס׳וועט זיַין פריילעכער... זיי זענען נאָך געלעגן אויף דער ערד אַפילו אָן אַ שטרויזאַק ביַי די ליידיקע ווענט, נישט געווען אַפילו אַ בענקל און אַ טישל. האָט מען זיך צוזאַמען אַ נעם געטאָן צו „אָרגאַניזירן״ שטרויזעק מיט אַ טישל און בענקל און געגומען זיך איַינלעבן אין די נייַע באַדינגונגען און, פאַרשטייט זיך, פאַרשריבן אין דער כּשרער קיך. אָט האָבן מיר אַ דאַך איבערן קאָפּ און לויט די אומשטענדן האָט מען באַדאַרפט זיַין צופרידן. אַזוי איז טאַקע געווען. אָבער בלויז די ערשטע וואָך. נאָך דעם האָט די אידיליע ביַי אונדז אויסגעקוקט גאַנץ אַנדערש. אָט דאָ האָבן מיר דערזען ביַי דער איטאַליענישער באַפעלקערונג אַזאַ שרייַענדיקע אָרעמקייט און דחקות, וואָס האָט נאָך אַריבערגעשטיגן דאָס, וואָס מיר האָבן געזען אין פריִערדיקן לאַגער ביַי אַנקאָנאַ.

ס׳איז אַוועק איין וואָך, אַ צווייטע, דאָס לאַנגוויַילן זיך האָט אָנגעהויבן צו דערעסן סיַי מיר און סיַי מיַין רות. אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך געווען וואַרעם בייַטאָג, האָט מען געקענט פאַרברענגען אויף דער פרישער לופט אויף די פעלדזן ביַים ים און קוקן אין דער וויַיטנס ווי וויַיט דאָס אויג האָט געכאַפּט. ווען עס איז נישט געווען קיין טוי אויפן ים, האָט מען גע־קענט מיטן נאַקעטן אויג אויפכאַפּן דעם אַלבאַנישן ברעג.

אַהער איז נאָך נישט געהאַט דערגאַנגען פון רוים קיין ייִדיש געדרוקט וואָרט צו לייענען. כּדי צו ראַטעווען זיך פון לאַנגוויַיליקייט, האָב איך אָנ־געהויבן פאַרצייכענען וועגן מיַינע איבערלעבונגען אין געטאָ און וואַלד. די דאָזיקע פראַגע איז ביַי מיר געווען אָנגעוויטיקט באַלד נאָכן צוריקקומען אין דער חרובער ווילנע. דאָ איז דעריבער אונטערגעקומען די פּאַסיקסטע ציַיט דערצו. פלעג איך באַלד נאָך פרישטיק אַוועקגיין צו די פעלדזן ביַים ים אין אַ ווינקל און זיך אַריַינגעטאָן אין מיַינע זכרונות. דער זכּרון האָט מיך גוט געדינט, פלעג איך זיך קוים אַרומקוקן, איז שוין אַוועק דער האַלבער טאָג און די זיַיטלעך האָבן זיך געמערט. מיט אַ מאָל האָט זיך געשאַפן אַ פּראָבלעם מיט מיַין וויַיבס געזונט.

די טעג זענען שוין געווען קורצע און די לאַנגע אָוונטן זענען גאָר געוואָרן אַן אָנשיקעניש. אין דרויסן איז געווען קאַלט און ווינטיק. קיין וואַרעמע בגדים האָבן מיר דאָך נישט געהאַט, האָט מען געמוזט זיצן צווישן די קאַלטע פיר ווענט אין צימער, אָדער זיך לייגן פרי שלאָפן... דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה, ערגער איז געווען, וואָס מײַן ווײַבס אָפּגעפרוירענע פיס, וואָס האָבן זיך דורכן זומער געהאַט גאָר גוט צוגעהיילט, האָבן אָנגעהויבן צו באַאומרויִקן...

די פײַכטע לופט פון ים מיטן ווינט, וואָס פלעגט אַרײַנבלאָזן דורך די פענצטער, האָבן איר פאַרשאַפט גרויסע ווייטיקן. נישט געווען קיין אַנדער עצה, ווי אַוועקצוגיין פון דאַנען. מיר זענען דאָך אָבער צוגעטשעפעט צו דער „אונראַ". דאָס ביסל געלט האָט שוין געהאַלטן בײַם ענדיקן זיך, האָט מײַן ווײַב נישט געהאַט קיין אַנדער מיטל ווי אַזוי צו קריגן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין רוים צו אַ דאָקטער.

דער פּלאַן איז געווען — זי זאָל אין רוים זיך אַרומקוקן און זען, אַז אויב ס'וועט זיך לאָזן עפּעס מאַכן, וועל איך נאָך דעם קומען מיטביידע רוקזעק... מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער בין איך שוין געקומען צו איר אין דעם פּליטים-לאַגער אין אַ פאָרשטאָט אין רוים, ווו זי האָט באַוויזן זיך אײַנצוואָרדענען.

# אין פּליטים־לאַגער „טשינעטשיטאַ"

דער פּליטים־לאַגער וווּ מײַן פרוי האָט געקראָגן אַ מקום־מיקלט האָט געהייסן „טשינעטשיטאַ", אַ פאַרשטאָט פון רוים. פאַר דער מלחמה איז דאָרט געווען די איטאַליענישע האָליוווד. דערפאַר האָט דאָס געהייסן „טשינע־טשיטאַ", וואָס באַטײַט פילם־שטאָט. אויף דעם גרויסן פּלאַץ זענען די אָן אַ שיר סטודיעס, גרויסע און קלענערע, געשטאַנען ליידיק. איידער ס'וועט צוריק רעסטאַווריִרט ווערן די פילם־פּראָדוקציע, האָט דערווײַל די „אונ־ראַ" דאָרט לאָקירט די מלחמה־פּליטים. אַ האַלבע שטאָט איז געווען פאַר די איטאַליענישע פּליטים און די צווייטע העלפט פאַר די אַנגעלאָפענע פּליטים פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן. ס'איז געווען אַ טראַנזיט־לאַגער, פון דאַנען פלעגט מען נאָך עטלעכע טעג איבערשיקן אין די לאַגערן קיין דרום־איטאַליע. געווען בלויז איין מיטל צו בלײַבן סטאַביל און דאָס איז אַרײַנ־צוכאַפּן זיך ערגעץ־וווּ אַרבעטן... האָט מײַן ווײַב זיך אַרײַנגעכאַפּט אַרבעטן אין קיך און נאָך געדאַרפט אַנווענדן פּראָטעקציע דערצו...

אַז איך בין אָנגעקומען מיט די רוקזעק און געוויר געוואָרן פון איר „גליק", האָב איך זיך צו ערשט פונאַנדערגעלאַכט. אָבער נאָך דעם האָב איך געמוזט אָנערקענען איר גוטע אָריענטאַציע. קיין וועג צוריק איז שוין נישט געווען און די ערשטע זאַך האָט מען געמוזט זיך פאַרזיכערן מיט אַ נאַכטלעגער אין רוים. מיר זענען שוין געבליבן אָן געלט. נאָך דעם וועט מען זיך שוין ווי עס איז אָן עצה געבן.

אַז איך האָב אָבער דערזען דעם ווינקל וווּ מען וועט דערווײַל דאַרפן וווינען, איז מיר געוואָרן אומעטיק אויפן האַרצן. ס'איז געווען די זעלבע באַדינגונגען ווי אין דעם ערשטן לאַגער אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע אין צפון־איטאַליע... מער נישט, וואָס דאָ איז יעדער ווינקל מיט צוויי בעטלעך און שטרויזעק געווען איבערגעצאַמט מיט גרויע ברעזענטן, וואָס האָט מיט זיך געזאָלט פאַרשטעלן די אילוזיע פון אַ „צימער"...

נאָכן איבערנעכטיקן די ערשטע נאַכט בין איך באַלד אין דער פרי מיטן

טראַמוויִ צוגעפאָרן קיין רוים. איך האָב שוין געוווּסט, אַז אין „דעלאַסעם״ טרעפט מען אונדזערע מענטשן. עס איז געווען אַ ביוראָ פון דער ייִדישער קהילה. אויף דעם אַדרעס פלעגן די פליטים בעטן זייערע קרובים שיקן בריוו. פלעגט דאָרט כּסדר זײַן פול מיט אונדזער שארית־הפליטה. כ׳האָב דאָרט געטראָפן אַ סך באַקאַנטע פון פאַרטיזאַנקע און מײַנע בני־עיר. כ׳האָב באַלד דערפילט, אַז דאָ אין רוים, וועל איך פריִער, צי שפּעטער, זיך צו עפּעס דערשלאָגן.

איידער איך האָב אָנגעהויבן אָנבינדן קאָנטאַקטן און געפינען עפּעס אַ פּאַסיקע אַרבעט, האָב איך געהאַלטן, אַז עס איז אַ פּאַסיקע צײַט פאַר־צוזעצן צו פאַרשרײַבן מײַנע איבערלעבונגען פון די געטאָס און וואַלד. צו יענער צײַט האָב איך שוין געהאַט אַ פּאָר צענדליק זײַטלעך פאַרשרי־בענע וועגן דעם נישט ווײַטן עבר נאָך אין סאַנטאַ־צעזאַריאַ־לאַגער. איך האָב דערבײַ געהאַט אַן אינטויִציע, אַז איך דאַרף אויסניצן די צײַט, כּל־זמן רות קען נאָך זיצן אין קיך און שיילן קאַרטאָפל. דעריבער איז דאָ געווען דער פּאַסיקער אָרט און אויך די פּאַסיקע צײַט צו שרײַבן מײַנע זכרונות.

אַ פּאָר טעג שפּעטער נאָכן אָנקומען אין טשינעטשיטאַ־לאַגער, האָב איך אין קיך גענומען אַ פּאָר ליידיקע הילצערנע קעסטלעך און פון זיי גע־מאַכט אַ טישל און אַ בענקל, און אונטערן שאָטן פון אַ פּאַלמע האָב איך זיך געזעצט פאַרשרײַבן אַלץ וואָס איז נאָך געווען פריש אין זכרון. די פאַרשריבענע זײַטלעך זענען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און אין זיי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די פינצטערע תּקופה פון די געטאָס און פון דער פאַר־טיזאַנקע.

איך האָב זיך נישט באַוויזן ווי געהעריק אַרומקוקן, ווי עס זענען פאַרבײַגעלאָפן 8 וואָכן און דער סך־הכּל: איבער 300 אָנגעשריבענע זײַטן. דאַן האָב איך נאָך, נאַטירלעך, נישט געהאַט קיין פאָרשטעלונג, אַז די פאַר־שריבענע זײַטלעך וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן אין אַ צײַטונג, אָדער אין אַ בוך.

## דער פּוח פון „שמענדריקיזם"

די ווױן־באַדינגונגען אין דעם טשינעטשיטאַ־לאַגער זענען געווען ענלעך ווי אין אונדזער ערשטן טראַנזיט־לאַגער אין צפון־איטאַליע, אין דער שטאָט מאָדענאַ. דאָרט, אין צפון־איטאַליע, זענען געווען, אָבער, בלויז ייִדן, קײן קינדער זענען נאָך דאָן נישט געווען. דאָ זענען שוין געווען פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן און משפּחות מיט קלײנע קינדער און דער טומל פון זײ האָט געלעכערט דעם קאָפּ... נאָך דעם ווי מיר האָבן שוין פאַרזוכט פון אַ שטילן צימער אין סאַנטאַ־צעזאַריאַ, האָט דער בײַט געהאַט יענעם נאָכטעם... קײן וועג צוריק אַהין איז שױן, אָבער, נישט געווען.

די ערשטע זאָרג איז געווען — צו קריגן עפּעס אַן אַרבעט פאַר מיר. קודם־כּל באַפרײַען רותן פון אַרבעטן אין קיך. קײן געלט האָבן מיר שוין כּמעט נישט געהאַט. דאָס עסן פון קיך איז געווען סײַ צו קנאַפּ און פיל ערגער ווי מיר האָבן געהאַט אין סאַנטאַ־צעזאַריאַ. קײן כּשרע קיך איז לכתּחילה נישט געווען, שפּעטער יאָ.

וואָס שײך אַרבעט: דער „מרכּז אירגון הפּליטים" האָט שוין געהאַט אַן אײגענע דרוק, ווו מ'האָט געזעצט די פּליטים־צײַטונג „בדרך", וועל איך גײן צוריק צו מײַן פאַך און וועל שוין פאַרדינען פאַר אונדזער באַדערפעניש.

איך קום אַרויף אין דער זעצערײַ, וואָס איז נאָך דאַן געווען אין אײן צימער מיט דער רעדאַקציע. די דרײַ ביאַליסטאָקער זעצער נעמען מיך אָבער אויף קאַלט. ס'קלעקט קוים אַרבעט פאַר זײ. אַז ס'וועט צוקומען נאָך אַרבעט — זאָגן זײ צו מיר, וועלן זײ מיר אַרײַננעמען אין זײער קאָלעקטיוו...

איך פלעג יעדן טאָג אַרויפקומען זיך אַרומדרײען דאָרט און דערווײַל זיך נעענטער באַקענט מיט די זעצער און מיט דעם רעדאַקטאָר בערל כּהן, ער איז געווען גוט באַקאַנט אין קאָוונע ווי אַ געניטער זשורנאַליסט און מיטרעדאַקטאָר אין דער קאָוונער ייִדישער פּרעסע. אָבער וואָס קומט אַרויס,

קיין אַרבעט איז פֿאַר מיר נישטאָ. גלאַט אַרויפֿגיין אַלע טאָג און פֿלאָנטערן זיך אַרום זיי, ווערט מיר אומבאַקוועם, אָבער איך חלש ממש נאָך אָט דער סביבה ביי די בלייענע ייִדישע אותיות, עס איז דאָך מיין וועלט, אין וועל־כער כ׳האָב זיך אויסגעלעבט אַלע יאָרן ביזן בלוטיקן מבול. פֿאַלט מיר איין אַ געדאַנק — אויב כ׳קען דערווייל נישט שטיין ביים זאַץ־קאַסטן, טאָ לאָמיר גאָר נעמען די פֿעדער אין האַנט. כ׳האָב דאָך במילא נישט וואָס צו טאָן, און אין לאַגער קען מען שעפּן שטאָף מיט פֿולע הויפֿנס...

ברענג איך דעם רעדאַקטאָר אַ גרעסערע נאָטיץ פֿון דעם פּליטים־לעבן אין לאַגער. אָפּגעדרוקט מיט קירצונגען, זאָגט מיר ב. כּהן, כ׳זאָל ברענגען ווייטער, אָבער קירצערע, מען מוז שפּאָרן פּלאַץ... גיי וויים, אַז אָט די נאָטיצן, וואָס איך האָב באַטראַכט ווי אַ מיטל צו פֿאַרטרייבן די לאַנגווייליקייט, וועלן גאָר שפּעטער זיין פֿאַר מיר אַ מקור פֿון פּרנסה.

אין דעם לאַגער, פּונקט ווי אויף מיין גאַנצן וועג פֿון מיינע וואַנדע־רונגען איבער די פּליטים־לאַגערן, פּלעגן מיך שאָקירן די שמענדריקעס, וואָס שעמען זיך צו רעדן מאַמע־לשון. איצט, אַז מיר זענען שוין פּטור געוואָרן פֿון די פּאָליאַקן און אונגאַרן, וועלכע האָבן געהאַט אַ האַנט אין אויסמאָרדן אונדזערע ברידער און שוועסטער, צו וואָס זיך באַנוצן מיט דער שפּראַך זייערער? נישט איין מאָל פּלעג איך רעאַגירן מיט אַ פֿאָרוואורף צו אַזעלכע, וואָס האָבן דווקא געקענט אַ גוטן ייִדיש, אָבער צווישן זיך האָבן זיי גערעדט גוייִש.

פֿאַלט מיר איין אַ געדאַנק: פֿאַר וואָס נישט אַרויפֿברענגען דעם דאָ־זיקן איבל אויף די שפּאַלטן פֿון „בדרך״, וואָס ווערט דאָך געלייענט פֿון אַלע פּליטים? (די צייטונג פּלעגט צעטיילט ווערן אומזיסט. דער באַלעבאָס איז דאָך געווען דער „פּעטער דזשאָינט״). כ׳האָב אָנגעשריבן אַ קורצן אַרטיקל אונטערן קעפּל „שמענדריקעס״ און שאַרף קריטיקירט די שמענ־דריקעס. דער קורצער אַרטיקל האָט אַרויסגערופֿן אַ גרויסן אָפּקלאַנג.

אין מיין „טשינעטשיטאַ״־לאַגער האָב איך מיט אַ מאָל געקראָגן אָנזען... פֿריִער האָט מיר קיינער נישט געקענט, אַחוץ געציילטע פֿון מיינע געוועזענע חברים־פּאַרטיזאַנער. איצט האָט מען מיך אָנגעהויבן טראָגן דעם „גוט־מאָרגן״ אַנטקעגן... אָבער קיין פּרנסה דערפֿון האָב איך נישט.

דער „מרכּז אירגון הפּליטים״ האָט מיט דער פֿולער הילף פֿון „דזשאָינט״ איינגעאָרדנט אין רוים אַ רעסטאָראַן, כּדי די צוגערייזטע פּליטים זאָלן פֿאַר אַ מינימום אָפּצאָל האָבן אַ כּשרן מיטאָג. דער פֿאַרוואַלטער פֿון רעס־טאָראַן איז געוואָרן מיינער אַ בן־עיר, ליימע בעקענשטיין, מיר זענען גע־

ווען באַקאַנט נאָך אין ווילנע. דער דאָזיקער רעסטאָראַן איז באַלד געוואָרן אַ טרעפפּונקט פון דער שארית־הפליטה. אין די שעהען פון מיטאָג־עסן איז די גאַס געווען שוואַרץ פון דעם גרויסן געזעמל, אָט דאָ איז אויך געוואָרן די „שוואַרצע״ בירזשע און דער האַנדל מיט וואַלוטע האָט געבליט און חברה האָבן דערוויַיל געהאַט פּרנסה אויך פון געשמוגלטע שווייצאַרישע זייגערלעך. אויך איך פלעג כּמעט יעדן טאָג אַריַינקומען אין רעסטאָראַן. ס׳האָט געלוינט צו קומען אַהער צוליבן מיטאָג אַליין. פאַר אַ פּאָר לירעס האָט מען געקראָגן אַ גוטן כּשרן מיטאָג און דערביַי געקענט זיצן ביַים טישל מיט באַקאַנטע און דערוויסן זיך נייַעס פון אונדזער וועלטל. פאַר דער קורצער צייַט נאָך מיַין אָנקומען אין רוים, האָב איך שוין דאָרט געהאַט אַ סך באַקאַנטשאַפט.

אין דעם טאָג ווען עס איז געווען געדרוקט דער אַרטיקל „שמענדריקיזם״, בין איך גראָד געקומען שפּעטער ווי אַלע מאָל. בעקענשטיין שטעקט מיר אַריַין די האַנט מיט אַ צופרידענעם שמייכל — „גוט, איר האָט אַריַינגעטראָפן אין פּינטל... אַלע רעדן דאָך וועגן איַיך״... פון די וויַיטערדיקע טישלעך דערגייט צו מיר אַ געמורמל — „ענגעלשטערן איז דאָ״... אַרום מיַין טישל איז באַלד געוואָרן געדיכט און דער געשפּרעך איז שוין געגאַנגען אַרום אָט דעם איבל פון „שמענדריקיזם״.

ס׳איז כּדאי צו אונטערשטרייַכן, אַז די ליטווישע ייִדן זענען געווען אָן אויסנאַם אין איטאַליע, זיי האָבן גערעדט ווי פריִער אין זייער היים — מאַמע־לשון — ייִדיש. בלויז אַ קליינער טייל פון די ליטווישע ייִדן — די אינטעליגענטן — האָבן פון צייַט צו צייַט גערעדט רוסיש.

ווען איך האָב שוין געהאַלטן ביַים אַוועקגיין, געוואָלט אַרויפכאַפּן זיך אין דער זעצעריַי אַ מונטער טאָן די חברים זעצער, אַ טראַכט צו טאָן פון צולאָזן מיר צום זאַץ־קאַסטן, קומט צו מיר צו אַ ייִד. שטעלט זיך פאָר, זיַין נאָמען איז נייוווידל, אַ קאָוונער. ס׳האָט אים הנאה געטאָן צו לייענען מיַין אַרטיקל אין „בדרך״. אים גופא שאָקירט, ווען ער הערט ווי אונדזערע פּליטים רעדן צווישן זיך פּויליש, אונגאַריש, ס׳גרילצט אין די אויערן. באַלד פרעגט ער מיך וואָס איך טו און פון וואָס איך לעב.

דערציילט איך אים מיַין לאַגע. כ׳האָב נישט וואָס צו טאָן און זוך עפּעס אָן אַרבעט צו פאַרדינען. אויסגעהערט, רופט ער זיך אָפּ:

— אפשר וואָלט איר געוואָלט אָננעמען אַ שטעלע אין דער „אונרראַ״? איר וואָלט געהאַט חודשלעכע שׂכירות מיט אַ פּעקל פּראָדוקטן דערצו. איז גיט איַיער הסכּמה, דאָס איבעריקע לאָזט איבער פאַר מיר. איך וועל איַיך

העלפן דערצו... און ער דערציילט מיר, אַז ער פֿאַרנעמט אַ בכּבֿודיקן פּאָסטן אין דעם פּראָדוקטן־צענטער, וועלכער באַדינט די פּליטים און די קיבוצים אַרום רוים. ער איז זייער באַפֿרײַנדעט מיטן דירעקטאָר.

כ׳בין שוין אין דרוק נישט אַרויף און געלאָפֿן אָנזאָגן די בשׂורה מײַן פֿרוי. איך זאָג איר: — זעסט, מען דאַרף נישט דאגהנען, זאָל זײַן וועלכע אַרבעט עס איז, אַבי צו פֿאַרדינען.

איך בין שוין באַצײַטנס אויף מאָרגן געקומען צום „אונראַ״־בנין, וואָס איז געווען אין צענטער פֿון רוים. נייווידל שטעלט מיך פֿאַר פֿאַרן דירעקטאָר, וואָס איז אויך געווען אַ פּליט פֿון טשעכיע, פֿון באַרוף אַן אינזשעניער. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם פּראָדוקטן־סקלאַד האָבן געאַרבעט אייניקע ייִדישע פּליטים פֿון טשינעטשיטאַ־לאַגער. באַלד האָב איך שוין געטראָגן אויף זיך אַ בלויען אָנצוג און צוגעטיילט געוואָרן צו אַן אַרבעט בײַם פֿונאַנדערוועגן פּראָדוקטן, פֿון וועלכע עס פֿלעגן צוגעגרייט ווערן די פּעקלעך פֿאַר די פּליטים, וואָס האָבן געוווינט פּריוואַט אין רוים. פֿון די לאַגער־חברים האָב איך שוין באַלד געוווּסט, אַז כ׳האָב גוט געטראָפֿן. אויסער דעם, וואָס דאָס אַרבעטן דאָ האָט געשיצט דאָס אויפֿהאַלטן זיך אין טשינעטשיטאַ, האָט די „אונראַ״ געהאַט אַ באַזונדערן רעסטאָראַן פֿאַר אַלע אירע אָנגעשטעלטע אין אַ געהויבענעם פּלאַץ, וואָס איז אַמאָל געווען באַרימט אין רוים, „קאַזינאָ דע לאַ ראָזאַ״, אין דעם פּאַרק פֿון ווילאַ באָרגעזע. ממש פֿאַר גראָשנס, האָט מען געקראָגן אַ מיטאָג פֿון זעקס געריכטן.

אין דער „קאַזינאָ״ האָב איך אַ צײַט געהאַט יענעם „סורפּריז״. ס׳איז איין מאָל אַראָפּגעקומען דער באַלעבאָס פֿון „אונראַ״, דער שפּעטערדיקער גובערנאַטאָר פֿון ניו־יאָרק, לאַגוואַרדיאַ. ווי אַן איטאַליענער, האָט זיך מיט אים געטאָן אויף טיש און אויף בענק. ער האָט גענומען אַ טאַץ, זיך געשטעלט אין דער ריי צוגלײַך מיט אַלע באַאַמטע און פּונקט האָט ער זיך געזעצט עסן בײַ מײַן טיש מיט די אַנדערע חברים פֿון טשינעטשיטאַ... די פּרעסע־פֿאָטאָגראַפֿן האָבן געראָדערט אויף אַלע כּלים און אויף מאָרגן האָט אונדזער טיש אַראָפּגעשײַנט אין אַלע צײַטונגען און אין די קינאָס האָט מען אויך געוויזן אַ סעריע בילדער.

מיט אַ צײַט שפּעטער האָט מיר מײַן ברודער געשריבן פֿון אַמעריקע, אַז זיי האָבן געזען אין קינאָ דעם באַזוך פֿון לאַגוואַרדיאַ אין רוים, ווי אויך דאָס בילד ווי איך עס ספּאַגעטי בײַ דער זײַט פֿון לאַגוואַרדיאַן...

# „גליקן" פון אַ פּליט

ווען מײַן פּאָסטן אין דער „אונראַ". די סביבה דאָרט איז מיר די ערשטע טעג נישט געווען צום האַרצן. די מערסטע מיטאַרבעטער זענען געווען עסטרײַכישע און טשעכישע ייִדן, די דײַטשע שפּראַך האָט דאָ דאָמי־נירט, אַחוץ די געציילטע פון אונדזער ליטווישן שבט, וואָס האָבן גערעדט מאַמע־לשון. ס'האָט מיך געצויגן צום זאַץ־קאַסטן און צו דער סביבה דאָרט. אָבער אַזוי נאָר ווי כ'האָב געקראָגן די ערשטע שׂכירות מיטן אמתן פּעקל פּראָדוקטן, האָט דער גאַנצער אַרום מיט אַ מאָל אויסגעזען בײַ מיר אַנדערש. ווײַזט אויס, אַז דער קאָונער ייִד, נייווידל, מיט וועמען כ'האָב זיך באַלד נאָענט באַפרײַנדעט, האָט פאַרוואָרפן פאַר מיר אַ גוט וואָרט פאַרן דירעק־טאָר, ווײַל כ'האָב גאָר גיך אַוואַנסירט אין דער אַרבעט־פאַרטיילונג...

צו ערשט האָט מען מיר אָנגעטרויט די קאַווע־פאַרטיילונג, וואָס איז דאַן געווען דער טײַערסטער פּראָדוקט. מײַנע חברים פון לאַגער פלעגן זאָגן:

„זע נאָר, דו ביסט אָקערשט אָנגעקומען, און דו שטייסט שוין בײַ דער קאַווע"...

באַלד דערנאָך האָט מען מיך אויך צוגעשטעלט פון צײַט צו צײַט בײַם אַרויסגעבן די פּעקלעך צו די פּריוואַטע פּליטים, ווען עס האָט זיך געשאַפן אַ גרויסע ריי. דאָס איז געווען אַ באַווײַז, אַז דער צוטרוי צו מיר מצד דעם דירעקטאָר וואַקסט... און עס האָט נישט לאַנג גענומען, ווי מען האָט מיר אָנגעטרויט דעם אָפּטייל פון קאָנטאַקט מיט די קיבוצים. פון אָט דער פונקציע האָב איך ממש געשעפּט הויפנס מיט נחת...

עפּעס וועגן אָט דער פונקציע.

אַרום רוים און אין שטאָט גופא, זענען געווען עטלעכע צענדליק קיבוצים און הכשרה־פּונקטן. יעדער קיבוץ האָט געהאַט זײַן טאָג אין חודש צו קומען אין „אונראַ"־צענטער אָפּנעמען די פּראָדוקטן פאַר אַלע קיבוץ־

ימטגלידער. פאַר דעם, פלעגט געשיקט ווערן איין באַאַמטער מיט די קאַר־טאָטעקעס, וואָס יעדער קיבוץ־מיטגליד האָט באַדאַרפט אונטערשרײַבן. די דאָזיקע פונקציע האָט אויסגעפירט אַ טשעכישער יונגערמאַן.

אַז מען האָט מיך צום ערשטן מאָל געשיקט מיטן „אונרא״־דזשיפ מיט די קאַרטאָטעקעס אין קיבוץ פון שטעטל גראַטאַ פּאַראַטאַ נעבן רוים, האָב איך דאָרט געהאַט דעם ערשטן סורפּריז. אַ מיידל, נאָענט די צוואַנ־ציקער, קומט צו אונטערשרײַבן איר קאַרטע און רופט אויס: „פעטער לייזער!״ און כאַפּט מיך אַרום... ס׳איז געווען אַ פּלימעניצע פון מײַן שוואָ־גער דוד בליין. איינע געבליבן לעבן פון איר גרויסער משפחה. זי האָט שוין אַ בחור, מיט וועמען זי גייט חתונה האָבן אין ארץ־ישׂראל. מאָרגן בײַנאַכט, זאָגט זי מיר, גייט דער גאַנצער קיבוץ מיט דער עליה ב׳... אָפּגעפּאַרטיקט מיט די קאַרטאָטעקעס, האָט זי מיר דערציילט פון אַלץ און אַלעמען.

אַ דאַנק אָט דעם צופאַל, בין איך אויף מאָרגן בײַנאַכט געווען צום ערשטן מאָל אַן עדות פון דער זעלטענער איבערלעבונג פון אַרויספאָרן אַ פאַר הונדערט ניסים־יידן צו אַ מעפּילים־שיף, וואָס האָט געוואַרט ערגעץ פאַראַנקערט אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל פון איטאַליע...

אין זכרון זענען פאַרבליבן אײַנגעקריצט הערלעכע מאָמענטן אין שײַכות מיט אָט דער מיסיע פון באַדינען די קיבוצים. נישט איין מאָל האָט געטראָפן, ווען כ׳פלעג קומען מיט די קאַרטאָטעקעס און ס׳איז נישט געווען וועמען צו געבן אונטערשרײַבן... דער גאַנצער קיבוץ איז שוין גע־ווען אויסגעליידיקט און נײַע האָבן דערוואַרט צו פאַרנעמען די ערטער. אין אַזאַ פאַל האָט די מזכּירות שוין געהאַט אַן עצה... די קאַרטאָטעקעס האָב איך צוריקגעבראַכט אונטערגעשריבענע... איך האָב געהאַט אַן אינטוי־ציע, אַז דער דירעקטאָר האָט זיך פאַרשטאַנען אויף אָט די „מאַניפּולאַציעס״ מיט די אונטערשריפטן... נישט איין מאָל האָב איך באַמערקט פון ווײַטן ווי ער האַלט אין האַנט אַ קאַרטאָטעקע און באַטראַכט זי. ער האָט אַרויס־געוויזן פיל סימפּאַטיע צו דער קיבוצישער באַוועגונג און זיך אָפּגערופן זייער וואַרעם וועגן דער הייליקער אַרבעט אַרום דער עליה ב׳.

מיט מײַן שטעלע אין דער „אונרא״ האָב איך, הייסט עס, געטראָפן. אַ דאַנק מײַן אַרבעטן דאָרט, האָב איך באַלד געקראָגן אַ באַזונדערן צימער אין דעם שענערן בנין, ווו עס פלעגן אַמאָל אין די צימערן רוען די פילם־שטערנס, בײַם דרייען אַ פילם. אַ ליכטיקער צימער מיט אַ גרויסן פענצטער בײַ אַ פאַלמע. מיר האָבן זיך באַלד אײַנגעשאַפט אַן עלעקטריש אייוועלע מיט געשיר צום קאָכן און מער נישט באַדאַרפט אָנקומען צו די לאַגער־

עסנס, וואָס איז במילא געווען פון קנאַפּן ווערט. לויט ווי איך געדענק, האָט עס באַטראָפן 1200 קאַלאָריעס. פון מײַנע שׂכירות, פלוס דאָס פּעקל פּראָדוקטן אַלע חודש, וואָס כ׳האָב באַקומען פון סקלאַד, זענען מיר מער ווייניקער אויסגעקומען.

ווי עס איז צו זען, האָט זיך אַלץ אַזוי גוט אויסגעלייגט, אַז בעסערס האָבן מיר זיך נישט געוווּנטשן. דער איינציקער עול אויפן קאָפּ איז גע־לעגן מײַן ווײַבס אַריבערקומען דעם קימפּעט, ווײַל זי האָט זיך קיין מאָל נישט געפילט צו גוט און דאָס האָט איר באַאומרויִקט.

ווי באַלד ס׳איז נאָך געווען צײַט, האָב איך געוואָלט אַרײַנכאַפּן פאַר־צוזעצן צו פאַרשרײַבן מײַנע זכרונות פון געטאָ און וואַלד, וועלכע כ׳האָב אָנגעהויבן אין סאַנטאַ־צעזאַריאַ־לאַגער. אָט דאָס איז בײַ מיר געווען איצט דער הויפּט־אינטערעס. אַלץ צו וואָס כ׳האָב געשטרעבט, איז — איך זאָל עס האָבן בײַ זיך פאַרשריבן אַזוי לאַנג ווי די אַלע איבערלעבונגען זענען נאָך פריש אין זכּרון.

געענדיקט מיט די אַלע פאַרצייכענונגען, האָב איך צוריק גענומען שטילן דעם הונגער מיטן ייִדישן געדרוקטן וואָרט. צו יענער צײַט האָט שוין דער „מרכּז אירגון הפּליטים״ געהאַט אַ ביבליאָטעק מיט ייִדישע און העברעיִשע לייען־ביכער און צײַטונגען. איך פלעג ממש אַרײַנשלינגען אין זיך יעדן וואָרט, יעדע שורה פון די צײַטונגען און פון די ביכער. ס׳האָט זיך געוואָלט קאָמפּענסירן פאַר די אַלע יאָרן, וואָס כ׳האָב נישט געזען קיין ייִדישן אות פאַר די אויגן.

גלײַכצײַטיק האָב איך צוריק באַנײַט מײַנע נאָטיצן אין „בדרך״ פון דעם פּליטים־לעבן אין טשינעטשיטאַ־לאַגער. כ׳בין ווידער געוואָרן אַן אָפּטער אַרײַנגייער אין רעדאַקציע און דרוקערײַ, וועלכע האָט זיך שוין איצט געפונען אין דער געדונגענער 3־שטאָקיקער געבײַדע פון „מרכּז אירגון הפּליטים״. פאַר דער צײַט איז צוגעקומען נאָך אַ מיטאַרבעטער אין רעדאַקציע, מײַנער אַ בן־עיר, מיט וועמען כ׳האָב זיך נאָך געקענט פון ווילנע. די חברים זעצער האָבן זיך, אָבער, נאָך אַלץ נישט געאײַלט אַרײַנ־צונעמען מיר אין זייער קאָלעקטיוו, טראָץ דעם וואָס כ׳בין געווען גרייט אַוועקצוגיין פון „אונראַ״־פּאָסטן, ווו כ׳האָב זיך שוין געהאַט אַקלימאַטי־זירט אין דער דאָרטיקער סביבה. אַזוי שטאַרק האָט מיך געצויגן צום זאַץ־קאַסטן מיטן גאַנצן אַרום, וואָס כ׳האָב באַטראַכט פאַר מײַן וועלט...

אין אַ געוויסן טאָג, בין איך אײַנגעלאַדן געוואָרן אַרויפצוקומען אין „דזשאָינט״, וואָס האָט זיך געפונען אין איינער פון די פּאַראַדנע גאַסן פון

רוים. ס׳האָט מיך געוווּנדערט, פון וואַנען זיי ווייסן פון מיר. כ׳בין נאָך דאָרט קיין מאָל נישט געווען, נישט געהאַט נאָך וואָס דאָרט צו גיין. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מײַנע נאָטיצן פון טשינעטשיטאַ אין „בדרך״ זענען דאָס געווען דער גורם...

דער „דזשאָינט״ האָט דאַן געזוכט אַ פּאַסיקן מענטשן פאַר זייער פאַרטרעטער אין דעם לאַגער, איז דער גורל געפאַלן אויף מיר, ווי באַלד איך ווין אין טשינעטשיטאַ...

הכלל, די קאָווענער באַאַמטין לייגט מיר פאָר צו ווערן דער „דזשאָינט״־פאַרטרעטער. נאָך דעם, ווי זי האָט מיר אויפגעקלערט די פונקציע פון אַמט, האָב איך זיך נישט געאײַלט דאָס אָנצונעמען. צו וואָס בײַטן מײַן פּאָסטן, ווען ס׳איז במילא דער זעלבער געהאַלט? זי האָט, אָבער, נישט אָפּגעלאָזט און מיך ווידער גערופן, איבערגעבנדיק אַז זי האָט גערעדט מיטן דירעקטאָר וועגן מיר און ער איז מסכים איך זאָל ווײַטער אַרבעטן אין „אונראַ״ און די „דזשאָינט״־ענינים וועל איך קענען דערליידיקן אין אָוונט.

ווי באַלד אַזוי, בין איך מסכים געווען. לכתחילה האָט מיר אויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע אַרבעט וועט מיך אין אַ געוויסער מאָס אויך באַפרידיקן נישט נאָר מאַטעריעל, נאָר אויך פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט. כ׳האָב גאָר שנעל אײַנגעזען, אַז כ׳האָב געמאַכט אַ טעות און געזוכט אַ וועג פון דעם זיך צו באַפרײַען. חוץ, וואָס די אַרבעט גופא, איז נישט געווען קיין דאַנקבאַרע, איז דאָס געווען אַ צו גרויסער עול אויף מײַן קאָפּ. מ׳האָט באַדאַרפט האָבן אַן אײַזערנעם געדולד און שטאַלענע נערוון אויסצוהערן די שווערע הערצער פון די מענטשן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די חורבן־תקופה. די אַרבעט האָט אײַנגעשלונגען דעם גאַנצן האַלבן טאָג ביז שפּעט בײַנאַכט, אַפילו, ווען כ׳האָב באַדאַרפט מאַכן די חודשלעכע באַריכטן פאַר מײַן באַלעבאָסטע. נאָכן אָפּאַרבעטן 4 חדשים האָב איך געזאָגט: גענוג, מוחל דעם צוגאָב־געהאַלט. כאָטש דאַן איז עס גראָד צוניץ געקומען.

ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין פּיקאַנטע און קאָמישע קוריאָזן פאַר דער צײַט פון מײַן אַרבעטן אין „דזשאָינט״. עס פלעגן אַדורכגיין פאַרבײַ מײַן טיש פאַרשיידענע טיפּן פּליטים, אַ טייל פון זיי האָבן נישט געקענט קיין וואָרט יידיש, אָבער זיי זענען געווען יידן. מערסטנטייל זענען זיי געווען פון אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקײַ, אָדער פון גריכנלאַנד. אַז איך האָב געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז זיי זענען נישט קיין יידן, האָב איך זיי געבעטן צו זאָגן „קריאת־שמע״ פון סידור, וואָס איז געלעגן בײַ מיר אויפן טיש, און נישט איינער איז רויט געוואָרן פון חרפה, אָנדײַטנדיק אַז ער איז נישט

באַהאַוונט אין די קליינע אותיות, איך האָב דאַן פאַרשטאַנען, אַז נישט די „בקיאות" אין סידור אַנטשפּרעכט די אָנגעהעריקייט צום ייִדישן פאָלק.

*

מײַנע קאָמפּעטענצן אַלס באַפולמעכטיקער פון דעם „דזשאָינט" אין דעם טשיגעטשיטאַ־לאַגער זענען געווען גאַנץ ברייטע און פאַרשיידנאַרטיקע.

איבערנעמענדיק דעם פּאָסטן פון דעם פריִערדיקן באַאַמטן, האָב איך באַלד גענומען אײַנפירן אַ שטיקל סדר אין דער אַרבעט, היות ווי דער פריִערדיקער „וועלפער" האָט נישט אין אַ קליינער מאָס פאַרנאַכלעסיקט זײַנע פליכטן און בײַ אים איז געווען אַ גרויסע אומאָרדענונג. איך האָב דעריבער באַלד בײַם צוטרעטן צו מײַנע פליכטן אויפגעעפנט אין איינע פון די בנינים פון דעם לאַגער אַ קליינע ביוראָ און האָב דאָרט אויפגענומען מײַנע אינטערעסאַנטן אין באַשטימטע שעהן.

צו מיר פלעגן אַרײַנקומען מענטשן, וועלכע האָבן זיך געניײטיקט אין פאַרשיידענע הילף און באַזונדערס קראַנקע און עלנטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געניייטיקט אין פאַרשיידענע מעדיצינישע תרופות, וועלכע זיי האָבן פון אונר"אַ נישט באַקומען.

איך פלעג יעדן חודש אויסטיילן געלט־שטיצע פאַר פליטים־יחידים, וועלכע האָבן זיך באַזונדערס געניטיקט. דער ייִדישער פּליט האָט טאַקע אין דעם פליטים־לאַגער געהאַט אַ מער־ווייניקער פאַרזאָרגטע עקסיסטענץ ווי אַ געלעגער צום שלאָפן און עסן, אָבער דער „דזשאָינט" האָט אויך געוואָלט פאַרלײַכטערן די באַדינגונגען פונעם פּליט און האָט אים צוגע־טיילט אַ צוגאָב פאַר זײַנע פערזענלעכע באַדערפעניש, ד"ה אויסגאַבן אַן וועלכע אַ מענטש קען זיך נישט באַגיין אין טאָג־טעגלעכן לעבן, און דער „דזשאָינט" האָט נישט געקאַרגט קיין רעסורסן אויך אויף דעם צוועק.

איך האָב געזאָרגט, אַז אויף די מסיבות פון קבלת־שבת זאָלן נישט פעלן אויף די טישן פאַרשיידענע ממתקים. אויף דעם האָט דער „דזשאָינט" באַשטימט אַ ספּעציעלן פאָנד.

בכלל פלעגן זיך ווענדן צו מיר פליטים מיט פאַרשיידענע ענינים און נישט זעלטן אויך אינטימע פערזענלעכע אָנגעוויטיקטע פּראָבלעמען. איך האָב מיט געדולד יעדערן געדאַרפט אויסהערן און אויף וויפל דאָס איז מעגלעך געווען האָב איך אויך געפּרוווט געפינען אַ לייזונג אין די ראַמען פון מײַנע מעגלעכקייטן.

אזוי צום ביישפּיל האָב איך אויך איינגעאָרדנט אַ גרופּע יוגנטלעכע, אַז זיי זאָלן קענען פאָרזעצן זייער אויסבילדונג אויפן געביט פון קלאַסישער מוזיק, קונסט, קלאַסישן געזאַנג. אויך די אויסגאָבן האָט דער „דזשאָינט" געדעקט.

דער טשינעטשיטאַ פּליטים־לאַגער איז פּאַקטיש געווען אַ טראַנזיט־לאַגער פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון פּליטים, וועלכע האָבן זיך געפונען צו יענער צייט אין איטאַליע. אַ פרישׁ ייִדיש פאַרהייראַטע פּאָרל אין לאַגער האָט פון „דזשאָינט" באַקומען אַ גרעסערע סומע געלט אַלס מתנה, וואָס האָט באַטראָפן 2000 ליר. ווען אַזאַ פּאָרל פלעגט מיר ברענגען אַ בריוו פון רב מיט דער כתובה, פלעג איך זיי אויסצאָלן די סומע געלט באַגלייט מיט אַ ברייטן „מזל טוב"־ווונטש. ס'האָבן נישט געפעלט אויך אַזוינע פּליטים, וועלכע האָבן געפאָדערט פון מיר גרעסערע שטיצע, מער ווי איך האָב געהאַט דאָס רעכט זיי צו געבן, איבערהויפּט זענען דאָס געווען פּליטים מיט אַ שוואַכן געזונט־צושטאַנד. נישט זעלטן פלעגט מיר אויסקומען אויסצוהערן פאַרשיידענע טענות ומענות באַגלייט מיט זידלערייען... אָבער טראָץ מיינע אַלע באַמיִונגען אַנטקעגן צו קומען די גערעכטע טענות פון די „שרייערס", איז אוממעגלעך געווען אַלעמען צופרידנשטעלן. ס'האָבן אויך נישט געפעלט פאַלן פון מיסברויכן מצד אייניקע פּליטים.

איין מאָל קומט צו מיר אַריין אַ פּאָרל מיט אַ בריוו פון רב מיט אַ שיינער אָנגעשריבענער כתובה. ס'הייסט, אַז דאָס „פרישע" פּאָרל האָט ערשט מיט אַ טאָג פריִער חתונה געהאַט אין גרויסן טעמפּל אין רוים. קיין ייִדיש, פאַרשטייט זיך, האָט דאָס פּאָרל נישט געקענט, אָבער פאַר מיר איז די כתובה געווען אַן אסמכתא אויסצוצאָלן זיי די באַשטימטע סומע געלט, וואָס עס קומט אַ ניי פּאָרל.

אויסגעצאָלט זיי דאָס געלט, דערוויס איך זיך גאָר, אַז די פרישׁ געבאַקענע מאַן און ווייב זענען גאָר קיין ייִדן נישט... ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן די גוייִם מיט דער „כתובה" געהאַט שותּפים צו דעם געלט, וואָס זיי האָבן פון מיר באַקומען אויסגעצאָלט. זייערע שותּפים זענען, פאַרשטייט זיך, געווען ייִדן, וועלכע זענען געשטאַנען אַלס עדות צוזאַמען מיטן פּאָרל אונטער דער חופּה און זיי זענען דאָס געווען די, וועלכע האָבן אַוועקגעשטעלט זייערע חתימות אויף דער כתובה. סיי דאָס פּאָרל און סיי די „עדות" זענען גיך „נעלם" געוואָרן פון דעם לאַגער.

אין יענער צייט האָט זיך גראָד אונטערגערוקט פאַר מיר אַ גוטע געלעגנהייט צו באַפרייען זיך פון דעם פּאָסטן אין „דזשאָינט" און אין „אונראַ".

דער „דזשאָינט" האָט אײַנגעפירט געוויסע ענדערונגען אין זײַן הילפס־טעטיקייט אין די לאַגערן פון דער שארית־הפליטה אין איטאַליע און דער „דזשאָינט" האָט געפאָדערט פון מיר, אַז איך זאָל אויפגעבן מײַן אַרבעט אין „אונראַ" און איך זאָל זיך בלויז פאַרנעמען מיט מײַן פּאָסטן אַלס „וועלפער". איך האָב אויף דעם נישט מסכּים געווען און איך האָב בכלל זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פּאָסטן און איך האָב געפילט, ווי איך וואָלט זיך באַפרײַט פון אַ שווערער משׂא...

די גאַנצע צײַט אַרבעטנדיק אויף 2 פּאָסטנס אין „אונראַ" און אין „דזשאָינט" האָב איך נישט באַקומען קיין באַפרידיקונג אין דער אַרבעט. ס'האָט מיך געצויגן צו מײַן פריִערדיקער פּראָפעסיע אַלס זעצער. איך האָב אויסגעקוקט אויף אַ פּאַסיקער געלעגנהייט, ווען איך וועל סוף־כּל־סוף זיך ווידער אָוועקשטעלן בײַם זאַצקאַסטן בײַ די בלײַענע אותיות און אַזאַ געלעגנהייט איז טאַקע אונטערגעקומען.

אין יענער צײַט האָט דער „מרכּז אירגון הפּליטים" אַרויסגעגעבן די יידישע צײַטונג „בדרך", וואָס האָט זיך געדרוקט אין דער אייגענער גע־גרינדעטער דרוקערײַ, וווּ ס'האָבן זיך געדרוקט אויך אַנדערע ייִדישע און העברעיִשע אויסגאַבעס. די זעצער האָבן דאָרט געאַרבעט ווי אַ קאָלעקטיוו און האָבן נישט שלעכט פאַרדינט, אָבער ווי איך האָב שוין פריִער דער־מאָנט, איז פאַר מיר דאָרט קיין פּלאַץ נישט געווען, אָבער גאַנץ אומגע־ריכט פאַר מיר האָט זיך געמאַכט אַ וואַקאַנסיע. ס'איז אָוועקגעפאָרן אַ זעצער פון „בדרך" קיין אויסטראַליע און דאַן האָט מען זיך געווענדעט צו מיר איך זאָל אָנהייבן אַרבעטן אַלס זעצער אין דער צײַטונג. איך האָב, פאַרשטייט זיך, מיט צופרידנהייט אויפגענומען די פּראָפּאָזיציע און איך בין באַלד אַרײַנגענומען געוואָרן אין זעצער־קאָלעקטיוו פון „בדרך". איך האָב פרײַער אָפּגעאָטעמט. איך האָב ווידער זיך געפונען צווישן מײַנע פאַך־קאָלעגן און מיט גרויס דורשט האָב איך געזעצט אויפן פּאַפּיר די ייִדישע געדרוקטע אותיות.

# הילף פון „דזשאָינט" פאַר די פליטים

בכלל איז די טעטיקייט פון „דזשאָינט" פאַר די פליטים געווען אַן אומגעהויער גרויסע און זייער נוציקע.

כּמעט איינצײַטיק מיטן אַרויסציִען זיך פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אויפֿן אַפּענינישן האַלב־אינדזל, האָט דער „דזשאָינט" אָנגעהויבן אין אַ גרויסן מאַסשטאַב זײַן הילפס־טעטיקייט אין דרום־איטאַליע. גלײַך נאָכן באַפרײַען צפון־איטאַליע אין יאָר 1945, האָט דער „דזשאָינט" אַריבערגע־טראָגן זײַן טעטיקייט אויך קיין מילאַנאָ.

די ערשטע הילף האָט דער „דזשאָינט" געגעבן די טויזנטער ייִדן, וועלכע זענען באַפרײַט געוואָרן פון די קאָנצענטראַציע־ און אינטערניר־לאַגערן. גלײַך נאָך דער באַפרײַונג פון איטאַליע האָבן אָנגעהויבן אָנצו־קומען מאַסנווײַז ייִדן פון דײַטשלאַנד און עסטרײַך, זיי באַזאָרגן מיט אַלעם נויטיקן — דאָס איז געווען די ערשטע אַרבעט און זאָרג פון „דזשאָינט".

אין אַלגעמיין האָט די הילפס־טעטיקייט פון „דזשאָינט" אַרומגענומען אַן ערך 30,000 איטאַליענישע ייִדן און 20,000 ייִדישע פליטים פון פאַר־שיידענע לענדער. וואָס איז נוגע די איטאַליענישע ייִדן, האָט דער „דזשאָינט" זיך באַמיט צו געבן זיי אַ מעגלעכקייט זיך צוריקקערן צו אַ נאָרמאַלער עקסיסטענץ. די הילפס־אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין ענגן קאָנטאַקט מיטן פאַרבאַנד פון די ייִדישע קהילות אין איטאַליע, ווי אויך מיט די באַזונדערע קהילות, אָדער געזעלשאַפטן.

דער „דזשאָינט" האָט אונטערשטיצט די שולן, סינאַגאָגעס, קינדער־גערטנער, קאָלאָניעס, תּלמוד־תּורהס, ווי בכלל אַלע רעליגיעזע, אָדער פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. בכלל האָט דער „דזשאָינט" באַטראַכט די קינדער־פאַרזאָרגונג אַלס איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס. ס׳זענען געעפנט געוואָרן קינדערהיימען אין סעלווינאָ, אַווילאַנאָ און מאָנטע־מאַריאָ (אין רוים). אַ קינדערהיים פאַר רעליגיעזע קינדער האָט דער „דזשאָינט" געעפנט אין פלאָרענץ. אין די דאָזיקע 4 קינדערהיימען האָבן זיך דאַן גע־

פונען, לויט די באַריכטן פון יענער צײַט, אַרום 600 קינדער. אויסער דעם האָבן 870 קינדער געוואָסן אין די הכשרה־קיבוצים פון דער ספּעציעלער קינדער־הילף פון „דזשאָינט״ און 1215 קינדער פון די פּליטים־לאַגערן אין איטאַליע.

אויסער די הכשרות און לאַגערן האָבן געוואָסן פון דער הילף פון „דזשאָינט״ אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן נישט געקענט, צוליב באַגרינדעטע טעמים, זיך געפינען אין די פּליטים־לאַגערן. זיי האָבן באַקומען אינדי־ווידועלע הילף אין פאָרם פון פּעקלעך שפּײַז און געלט און אויך מלבושים.

אַ גרויסע הילף פאַר די, וועלכע האָבן זיך נישט געפונען אין די פּליטים־לאַגערן, זענען געווען די כּשרע קיכן אין מילאַנאָ און אין רוים, וועלכע זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן דורכן „דזשאָינט״.

8 אַמבולאַטאָריעס פון „דזשאָינט״ אין וועלכע עס זענען געווען באַ־שעפטיקט מערערע ספּעציאַליסטן, האָבן זיך געפונען אין די שטעט: אָסטיאַ, לאַדיספּאָלי, גראָטאַ פעראַטאַ, קאַסטעל גאַנדאָלפאָ, באַרי און גרונאַ. אַ ספּעציעלע אַכט איז אומעטום געלייגט געוואָרן אויף דער מעדיצינישער אויפזיכט איבער די קינדער און שוואַנגערע פרויען.

דער „דזשאָינט״ האָט געגרינדעט און האָט אָנגעפירט מיט עטלעכע קראַנקן־סאַנאַטאָריעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַראַנאָ און אין רוים. דער „דזשאָינט״ האָט אויך געשטיצט דאָס יידישע שפּיטאָל אין רוים. אין משך פון זײַן טעטיקייט האָט דער „דזשאָינט״ גענומען אונטער דער מע־דיצינישער אויפזיכט אַלע פּליטים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין איטאַ־ליע. כּמעט אַלע פּליטים זענען געימפט געוואָרן קעגן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

גרויס אויפמערקזאַמקייט האָט דער „דזשאָינט״ געווידמעט דער קול־טור־אַרבעט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין איטאַליע. אין די לאַגערן, קיבוצים אין שטעט זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן מערערע שולן. די קולטור־אַרבעט איז בכלל דורכגעפירט געוואָרן דורכן „מרכז אירגון הפליטים״, וועלכער האָט באַקומען פאַר דעם צוועק ספּעציעלע מיטלען פון „דזשאָינט״.

דער יוגנט איז געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט זיך צו בילדן, אָדער זיך לערנען וועלכע נישט איז פאַך. די סטודענטן האָבן באַקומען פון „דזשאָינט״ סטיפּענדיעס. גרויסע אונטערשטיצונג האָבן אויך באַקומען די אַבסאָל־ווענטן פון אוניווערסיטעטן, וועלכע האָבן אַ דאַנק דעם געהאַט אַ מעגלעכ־קייט צו דערגענצן ספּעציאַליזאַציע־סטודיעס.

דער עמיגראַציע־אָפּטייל פון „דזשאָינט״ האָט געהאָלפן פליטים אויס־צוּוואַנדערן פון איטאַליע אין די לענדער, אין וועלכע זיי האָבן געהאַט די דעה זיך צו באַזעצן. אין „דזשאָינט״ האָט דער עמיגראַנט באַקומען די נויטיקע אינפאָרמאַציעס און הילף בײַם דערלײדיקן די פאַרשיידענע פאָר־מאַליטעטן. פאַקטיש איז פון דעם טאָג, ווען דער פליט האָט אָנגעהויבן צו דערלײדיקן די ענינים פון עמיגראַציע, ביזן אָנקומען אויפן אָרט, האָט ער זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון דעם עמיגראַציע־אָפּטייל פון „דזשאינט״. מען שאַצט, אַז די אַלגעמיינע צאָל פליטים, וועלכע האָבן זײַט דעם סוף פון דער מלחמה עמיגרירט פון איטאַליע מיט דער הילף פון „דזשאָינט״, האָט באַטראָפן קרוב 2000 פערזאָן.

# „מפעל הבטחון" אין איטאַליע

לויט דער איניציאַטיוו פון „ועד המרכזי למפעל הבטחון" אין איטאַליע איז דעם 19טן יאַנואַר 1948 פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון געזעלשאַפט־לעכע טוערס, וועלכע איז געווען געווידמעט דער פראַגע פון דורכפירן אַ גרויסע געלט־אַקציע פאַרן „מפעל הבטחון" צווישן די פליטים אין רוים.

אויף דער באַראַטונג איז דאַן אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט דורכ־צופירן דעם „מפעל הבטחון" אין רוים אין באַשטאַנד פון: ד"ר סעדליס — פאָרזיצער פון קאָמיטעט. מיטגלידער: קאַנטאָר, בורגין און לעוויט. אין אָרט אין קאָמיטעט איז רעזערווירט געוואָרן פאַר אַ פאָרשטייער פון די יוגאָסלאַווישע ייִדן.

אין דער „דזשאָינט"־געבײַדע איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ געמיינ־זאַמע זיצונג פון די אָנגעשטעלטע קאָמיטעטן פון „דזשאָינט", „אָרט" און „מרכז אירגון הפליטים", בכדי צו דורכפירן דעם „מפעל הבטחון" צווישן די אָנגעשטעלטע פון די דרײַ אינסטיטוציעס.

אין גאַנצן לאַנד איז די פּראָקלאַמירונג פון „מפעל הבטחון" אויפגע־נומען געוואָרן מיט גרויס וואַרעמקייט פון די אַלע ייִדישע פליטים אין די לאַגערן, קיבוצים און שטעט. אומעטום זענען געגרינדעט געוואָרן קאָמי־טעטן און ס'זענען געמאַכט געוואָרן צוגרייטונגען צום כּינוס פון די ייִדישע קהילות און ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון די ייִדן אין איטאַליע.

דער כּינוס איז פאָרגעקומען דעם 25סטן יאַנואַר 1948 אין מילאַנאָ, און אויף אים איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אַקציע דורכצופירן דעם „מפעל הבטחון" צווישן די איטאַליענישע ייִדן. אויף דעם כּינוס איז געווען אויך פאַרטראַטן דער פאָרשטייער פון דער ייִדישער אַגענץ ד"ר נכון.

אויך אין דעם לאַגער טשינעטשיטאַ איז פאָרגעקומען אַ פײַערלעכע פאַרזאַמלונג, געווידמעט דער פּראָקלאַמירונג פון „מפעל הבטחון".

איך האָב געעפנט די פאַרזאַמלונג און דערציילט וועגן די צילן און וויכטיקייט פון דער אַקציע. אויף דער פאַרזאַמלונג איז צוערשט אָפּגעגעבן געוואָרן כּבוד די העלדישע קעמפערס, וועלכע זענען געפאַלן אין פאַרטיי־דיקונגס־קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון דער ייִדישער מדינה.

דער אָנפירער פון חינוך און קולטור־אָפּטייל ביים „מרכז ארגון הפּלי־טים״, א. ירושלמי, האָט געהאַלטן אַ זייער אינטערעסאַנטן רעפעראַט און האָט אַרויסגעבראַכט פאַרשיידענע וויכטיקע עפּיזאָדן אין דער ייִדישער געשיכטע, ווו ייִדן זענען גערודפט געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן און פאַרשיידענע לענדער אין משך פון זייער לאַנגן גלות־וועג. א. ירושלמי האָט אונטערגעשטראָכן, אַז יעדער ייִד דאַרף היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ דעם ארץ־ישׂראלדיקן ישוב, און וועלכן דאָס לעבן האָט נישט קיין אינטערעס און יעדער ייִד דאַרף העלפן און שטיצן מיט וואָס נאָר מען קען דעם ארץ־ישׂראלדיקן ישוב, וועלכער שטייט אין אַ ביטערן געראַנגל מיט די אונטער־געהעצטע אַראַבער, וועלכע האָבן זיך געשטעלט פאַרן ציל צו אומברענגען דאָס הייפעלע ייִדן אין ארץ־ישׂראל.

דער לייטער פון דער קונסט־אָפּטיילונג שמואל עפּשטיין האָט אין זיין אינטערעסאַנטער רעדע געשילדערט אונדזער נאָענטן עבר, ווען גאַנץ מזרח־אייראָפּע איז געווען אַרומגעכאַפּט מיט אַ העלישן פייער, אין וועלכן עס זענען פאַרברענט געוואָרן אַ דריטל פון ייִדישן פאָלק — דאָס בעסטע וואָס יעדערער האָט פאַרמאָגט איז אָפּגעווישט געוואָרן דורך די נאַצישע קאַניבאַלן און זייערע מיטהעלפער. ער האָט דאַן אויסגעדריקט דעם ווונטש, אַז עס איז נאָענט דער טאָג, ווען די אַלע ייִדישע פּליטים, וועלכע זענען צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע לענדער אין אייראָפּע, וועלן געפינען דעם וועג און וועלן קומען קיין ארץ־ישׂראל און צולייגן אַן אַקסל צום בוי און געראַנגל פון ארץ־ישׂראלדיקן ישוב.

נאָך די אַלע רעדעס האָט דער גאַנצער פּליטים־ציבור אין טשינע־טשיטאַ זיך באַשטייערט מיט אַ גרויסער געלט־אַקציע לטובת „מפעל הבטחון״. עס איז אויך פאָרגעקומען אַ גרויסער קאָנצערט, אויסגעפירט דורך די מיטגלידער פון דעם „אמנות״־אַנסאַמבל.

# ערשטער פסח אין דער פרייער וועלט

דורך די 5 פינצטערע יאָרן, זינט כ׳בין אַרויסגעריסן געוואָרן פון מייַן היים — האָב איך אין מייַן נע־ונד, טייל מאָל, נישט געוווּסט פון קיין פסח. דעם לעצטן פסח אין וואַלד, נאָענט פון דער באַפרייַונג אין 1944, האָב איך יאָ פאַרזוכט אַ שטיקל מצה. דער קאָמאַנדיר טוביה בעלסקי האָט געלאָזן באַקן אַ ביסל מצה פאַר די רעליגיעזע ייִדן.

אַריבער אַ קנאַפּער יאָר נאָכן אָנקומען אין איטאַליע און אָט האָט זיך אונטערגערוקט פסח. דער „דזשאָינט" האָט באַצייַטנס באַזאָרגט די שארית־הפליטה אין טשינעטשיטאַ מיט מצות און ווייַן ווי אויך אַנדערע פסחדיקע שפּייַז. אָבער קיין אַלגעמיינעם סדר פאַר אַלע אין לאַגער, האָט זיך נישט געלאָזט דורכפירן. מיט וואָכן פריִער, האָבן אונדזערע שכנים געפּלאַנט צו מאַכן אַ שותפותדיקן סדר מיט וועמען איך האָב געאַרבעט אין „אונרא". (אין דעם פּליטים־רעסטאָראַן פון „דזשאָינט" אין רוים איז יאָ אייַנגעאָרדנט געוואָרן אַ קאָלעקטיווער סדר).

דער קאָוונער ייִד נייוווידל האָט זיך אַרייַנגעוואָרפן מיטן פולן ברען און אימפּעט צו אָרגאַניזירן אַ קאָלעקטיוון סדר. ער האָט זיך געקענט מיט אַלע הויכע באַאַמטע פון דער „אונרא" און פון „דזשאָינט" און ס׳איז אים געלונגען אין אַ קורצער צייַט צו באַזאָרגן דעם געהעריקן פּערסאָנאַל, געקראָגן אומזיסט דעם הערלעכן זאַל פון „קאַזינאָ דע לאַ ראָזאַ". דער „דזשאָינט" האָט צוגעשטעלט די נויטיקע פּסחדיקע פּראָדוקטן מיט מצות און ווייַנען און געוויס האָט נישט געפעלט קיין כשרע פליישׁ און הינער. מיט איין וואָרט, ס׳איז געפּראַוועט געוואָרן אַ סדר „כיד המלך"...

אין דעם סדר האָבן זיך באַטייליקט כמעט אַלע ייִדישע באַאַמטע פון „אונרא" און פון „דזשאָינט" מיט די פרויען, ווי אויך אייַנגעלאַדענע נישט־ייִדישע הויכע „אונרא"־באַאַמטע, צוזאַמען אין אַ צאָל פון העכער 200 פּערזאָן. צו דער פייַערלעכקייט פון יענעם ערשטן סדר פון נאָך דער באַ־פרייַונג האָט צוגעטראָגן מייַן בן־עיר, דער לעצטער ווילנער שטאָט־חזן

יוסף אײדעלסאָן, אַ גערעַטעוועטער פון אױשוויץ, וועלכער האָט באַשײַנט די פּסח־נאַכט מיט זײַן נוסח פון אָפּריכטן דעם סדר. דער אײַנדרוק פון סדר איז בײַ מיר געבליבן אומפאַרגעסלעך.

מיר קומען שפּעט בײַנאַכט אין טשינעטשיטאַ, קוים באַוויזן אַרויפצו־גײן און אויפשליסן די טיר פון אונדזער צימער און — מײַן פרוי קריגט




לייזער ענגעלשטערן און זיין זון דודל, ביים טויער פון לאַגער „טשינעטשיטאַ" אין רוים (1948)

געבורט־ווייען... זי שרײַט צו מיר: „לייזער, לייזער, לויף שוין און רוף דעם דאָקטאָר"... שכנים זענען שוין געשלאָפן. אויף אירע געשרייען, זענען זיי אַרײַן צו אונדז און געבליבן מיט איר פאַר דער צייט, וואָס איך בין געלאָפן נאָכן דאָקטאָר. אַרויסגעשלעפּט אים פון זײַן בעט, אַ שלאָפנדיקן, און ער האָט באַלד באַזאָרגט דעם אַמבולאַנס מיטן שאָפער פון לאַגער. בשלום געבראַכט איר אין שפּיטאָל בײַם רוימער אוניווערסיטעט. מיט אַ

שעה שפּעטער בין איך פון דאָס ביי געוואָרן אַ טאַטע פון אַ ייִנגעלע...
מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן דוד.

און אַזוי איז געווען מײַן זונס גורל געבוירן צו ווערן אין דער היס־טאָרישער שטאָט רוים און די ערשטע דרײַ יאָר פון זײַן קינדהייט זיך האָדעווען אין אַ פּליטים־לאַגער...



זון דודל אין „טשינעטשיטאַ"-לאַגער (רוים, 1945)

# דודל

ביי רותן איז עס געווען דאָס ערשטע קינד. איז די פרייד געווען גענוג גרויס. די ערשטע פרייד פון מוטערשאַפט. באַשערט אָבער געווען איבער־צולעבן אַ פּאָר טעג שפּעטער גרויס עגמת־נפש צוליב מורא, אַז די פרייד זאָל פאַרשטערט ווערן.

אין יענער צייט, אָקערשט נאָך דער מלחמה, האָט די באַדינונג אין יענעם שפּיטאָל שטאַרק אונטערגעהונקען. די שטערבלעכקייט פון די ניי־



רות ענגעלשטערן און זון דודל אין לאַגער
„טשינעטשיטאַ" אין רוים (1947)

געבוירענע קינדער איז געווען זייער אַ הויכע. די איטאַליענישע געוויגע־רינס פלעגן ציטערן, ממש, פון שרעק, טאָמער פּאַסירט חלילה וואָס מיטן קינד.

אונדזער זונעלע איז געבוירן געוואָרן מיט בלאָנדע האָר, און גראָד זייער אַ שיינער. האָבן די איטאַליענערינס אָנגעהויבן אים אַרומטראָגן איבער די צימערן און באַוווּנדערן. איטאַליענערינס האָבן זייער זעלטן בלאָנדע קינדער. זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג אַרומגעשפּילט מיט אים, ביז זיי



**פאַרוואַלטונג פון ווילנער פאַרבאַנד אין איטאַליע**
ערשטע שורה, פון רעכטס צו לינקס: ל. בעקענשטיין, ד״ר א. סעדליס (פאָרזיצער), פּרוי לוסקי, ליבערמאַן. צווייטע שורה: ראַבינאָוויטש, רובין, לייזער ענגעלשטערן

האָבן אים באַלד „פאַרטיק" געמאַכט... מיט אירע שוואַכע כּוחות האָט די מאַמע אויפגערודערט די גאַנצע אָפּטיילונג דאָקטוירים. זי האָט שוין גע־האַט באַהערשט גוט איטאַליעניש, אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז דאָס קינד איז פאַרביי. אַז כ׳בין פון דער אַרבעט געקומען אין שפּיטאָל, טראָגט מיר אַ קראַנקן־שוועסטער אונטער אין קאָרידאָר אַ בשׂורה: אויס קינד!

כ׳בין אַרייַנגעפאַלן נישט טויט נישט לעבעדיק און געטראָפן רותן באַגאָסן מיט טרערן: — לויף שנעל און ברענג ד״ר סעדליסן — דאָס קינד איז אין געפאַר — האָט זי כליפּענדיק אויסגעשריגן. אַ גליק איז געווען, וואָס ד״ר סעדליס האָט געוווינט נישט וויַיט. אַ האַלבע שעה שפּעטער, האָב איך אים געבראַכט. ער האָט מיטגענומען וואָס מען דאַרף און ער האָט געראַטעוועט דאָס לעבן פון אונדזער קינד.

דער זעלבער ד״ר סעדליס ע״ה, וועלכער האָט זיך אין ווילנע געדעכנט פֿאַרן בעסטן גינעקאָלאָג, איז געווען ביים געבורט פֿון מיינע צוויי מיידע־לעך, וועמענס גורל ס׳איז געווען צו זיין צווישן דעם מיליאָן פֿאַרשניטענע יידישע קינדערלעך. און אַזוי האָט באַדאַרפֿט פֿאַסירן, אַז דער זעלבער דאָקטאָר זאָל זיין דער רעטער פֿון מיין זון דוד.

ביי דער געלעגנהייט דאַרף מען דערמאָנען ד״ר סעדליסעס געזעל־שאַפֿטלעכע טעטיקייט לטובת די ווילנער פּליטים אין רוים. אַזוי נאָר ווי ער איז אין 1945 מיטן פּליטים־שטראָם אָנגעקומען אין איטאַליע, האָט ער גענומען די איניציאַטיוו צו שאַפֿן אַ ווילנער פֿאַרבאַנד. קורץ נאָך מיין אַריבערפֿאָרן קיין רוים, איז פֿאָרגעקומען די גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג אין זיין דירה און איך בין אויך צוגעצויגן געוואָרן צו די אַקטיווע מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג, וואָס איז באַשטאַנען פֿון 8 פּערזאָן.

אין איטאַליע זענען מיטן פּליטים־שטראָם געקומען אַ פּאָר הונדערט יידן פֿון ווילנע און אומגעגענט און די מערסטע האָבן זיך געניטיקט אין מאַטע־ריעלער הילף. אַ דאַנק ד״ר סעדליסעס רעפּוטאַציע אין ווילנע, האָבן די ווילנער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק אויף זיין ווענדונג, פֿון צייט צו צייט, צוגעשיקט געלט־שטיצע. אַ דאַנק דעם, האָט מען געקענט נאָכקומען די פֿיל בקשות פֿון די נויטבאַדערפֿטיקע פֿאַר פֿאַרשידענע פֿאָרמען פֿון הילף.

דער פֿאַרבאַנד פֿלעגט יעדן יאָר, זינט זיין פֿיר־יאָריקער עקסיסטענץ, דורכפֿירן אין דער גרויסער סינאַגאָגע ביים טייך טיבער, אַ יזכור־אקאַ־דעמיע צום יאָרצייט נאָכן פֿאַרשניטענעם ווילנער יידנטום. אין דעם טאָג פֿלעגט מען זיך צונויפֿקומען פֿון אַלע לאַגערן און קיבוצים פֿון גאַנץ איטאַליע. דער פּאָרזיצער פֿון פֿאַרבאַנד איז געווען ד״ר א. סעדליס און די סעקרעטאַרין רחל עליזעראָוויטש, די פֿרוי פֿונעם חזן פֿון דער קהילה אין דער חרובער ווילנע, וואָס איז איצט חזן אין דער גרעסטער סינאַגאָגע אין לואיוויל, שטאַט קענטאָקי, פֿאַראייניקטע שטאַטן.

פּונקט ווי אַמאָל אין ווילנע איז ד״ר סעדליס אַלס גינעקאָלאָג גיך פּאָפּולער געוואָרן אויך אין רוים, נישט נאָר ביי די ווילנער פּרויען.

אונדזער אימיגראַציע קיין אַמעריקע, איז גראָד אויסגעפֿאַלן אין איין צייט מיט אים און זיינע צוויי זין. מיר זענען צוזאַמען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אויף דער זעלבער שיף, סוף 1949. די גאַנצע צייט ביז צו זיין פּטירה אין די פֿופֿציקער יאָרן, האָבן מיר אָנגעהאַלטן די קאָנטאַקטן מיט אים און יעדעס מאָל פֿלעגט ער זיך נאָכפֿרעגן אויף זיין געראַטעוועטן דודל.

# דער „מרכז אירגון הפליטים" אין איטאַליע

נאָך דער באַפרייַונג און צום סוף פון דער גרויזאַמער מלחמה אין מאַי 1945, ווען די אַנטרונענע פון די ברען־אויוונס, די קעמפּער פון די געטאָס, וועלדער און פּראַנטן, ווי אויך די עוואַקויִרטע ייִדן פון רוסלאַנד, וואָס זענען געקומען קיין פּוילן, האָבן אָנגעהויבן שטראָמען צו די איטאַ־ליענישע ברעגן מיט דער האָפענונג, אַז דער ים וועט נישט זייַן פאַר זיי קיין גרענעץ, איז געוואָרן שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז דער דאָזיקער גרויסער ציבור, פאַרשידנאַרטיק אין שפּראַך, קולטורעלע ירושה, טעמפּעראַמענט און וועלט־אַנשויונג וועט קענען צונויפגעשמעלצט ווערן אין איין מאָנאָ־ליטער מאַסע. אַז אָט די מאַסע וועט קענען אויסטיילן פון זיך אַ פירער־שאַפט, וועלכע זאָל זייַן דער אויסדרוק פון אירע פּייַנען און ווונטשן — אַ פירערשאַפט, וועלכע וועט זייַן פעיִק צו לייזן די פיל אָנגעווייטיקטע פּראָ־בלעמען פון דער דאָזיקער פּילצאָליקער פּליטים־מאַסע

דער גרעסטער טייל פון דער ייִדישער אינטעליגענץ איז געוואָרן אויס־געשאָכטן פון דעם היטלעריסטישן דייַטשלאַנד און זייַנע בלוטיקע מיט־העלפערס. דער גרעסטער טייל פון דער ייִדישער אָנפירערשאַפט איז אומ־געקומען אין די געטאָס, לאַגערן, אין וואַלד בעת די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן. דאָס רעשטל, וואָס איז פאַרבליבן איז געוואָרן צעשרויפט און צעבראָכן, און ווי אַזוי, האָט זיך דאָן אויסגעדאַכט, קען אַ מענטש אָנפירן מיט אַ ציבור, אָדער זיך צוהערן צו די צרות פון אַ פּרט, ווען אין זייַן האַרצן קאָכט דער לעצטער אויסגעשריי פון זייַן אייגענער טראַגיש־אומגעבראַכטער משפּחה, און פאַר זייַנע אויגן שטייט נאָך דאָס בילד פון די גרויזאַמע מאַסן־שחיטות און ברודער־קברים, ווו צוזאַמען מיט אַלע ייִדן, זענען אויסגעשאָכטן זייַנע נאָענטסטע און טייַערסטע. און ווער האָט דאַן נישט געהאַט פאַרלוירן אַ טאַטן, אַ מוטער, ברידער, שוועסטער, קינדער און קרובים? צי איז דאַן ביי יעדן איינעם לעבן־געבליבענעם, ווו ער האָט זיך נאָר געפונען, נישט געשטאַנען טרערן אין די אויגן, ווען אין יענעם מאַי־טאָג 1945, האָבן די גלאָקן פון שלום אָנגעזאָגט דעם נצחון איבער דער בלוטדורשטיקער



**דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידישע פליטים אין איטאַליע**

ערשטע ריי (זיצנדיק) פון רעכטס צו לינקס: חיים לאַזאַר, ד״ר אַמשטשיבאָווסקי, ניסן רעזניקי, צבי בריק, אַדוו׳ לעאָן גאַרפינקעל, ד״ר לעאָן בערענשטיין, יצחק פּאַבריצקי, לייזער לידאָווסקי. צווייטע ריי, פון רעכטס צו לינקס: מלך צוקערקאָפּ, ביזענפעלער, ד״ר לעאָן ברוק, דוד באַראַווסקי, אברהם א. לאַנדאַו, עדווין לוסטיג, שמואל עפּשטיין, ד״ר רובינשטיין, משה קאַגאַנאָוויטש, מרדכי אַלטער און בערל כהן. דריטע ריי, פון רעכטס צו לינקס: יעקב ראַבינאָוויטש, יצחק קויפמאַן

היטלער־דײַטשלאַנד — איז דאָך דאָס געווען דער אויסגעבענקטער נצחון, וועלכן עס האָבן, לײדער, נישט דערלעבט אַ דריטל פון ייִדישן פאָלק.

איטאַליע אַלס אַ לאַנד, וואָס ליגט אין דער קרובהשאַפט פון ארץ־ישׂראל, איז געווען אַ שטאַרקע צוציִונגס־קראַפט פאַר די ייִדישע פּליטים, היות, ווי דער רוב פון זיי האָט געטרוימט צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל, וווּ זיי האָבן געהאַט נאָענטע קרובים און באַקאַנטע.

דאָס איז געווען אַ קורצע צײַט נאָכן גרויסן נצחון איבערן היטלעריס־טישן פאַשיזם און די פאַרבינדעטע לענדער אין דער צווייטער וועלט־מלחמה קעגן דײַטשלאַנד, האָבן זיך נאָך נישט באַפרײַט צו די ענינים פון אָרגאַניזירן די על־פּי־נס געראַטעוועטע ייִדן. קיין שום גרענעץ איז פאַר די ייִדישע פּליטים אָפיציעל נישט געעפנט געוואָרן, כּדי זיי דערמעגלעכן דאָס איבערוואַנדערן אין די לענדער, וואָס ליגן אויפן ברעג פון מיטללענ־דישן ים. נאָך מער, די ענגלישע מאַנדאַטאָרישע מאַכט אין ארץ־ישׂראל האָט נישט געעפנט די טויערן פון לאַנד פאַר דער שארית־הפליטה. פאַר־קערט — זי האָט פאַרגעזעצט דאָס באַגרענעצן דעם עליה־שטראָם פון די פּליטים.

דאָס פעלן פון אַן איניציאַטיוו און דאגה מצד די רעגירונגען פון די פאַרבינדעטע מלוכות צו אָרגאַניזירן אַ פּלאַנמעסיקע און רעגולערע עליה קיין ארץ־ישׂראל, האָט געצווונגען די ספּעציעלע פאָרשטייערשאַפט פון ארץ־ישׂראלדיקן ישוב — די שליחים — איבערצוגיין אויף אומלעגאַלער טעטיקייט, בכדי צו אויספירן די הייליקע מיסיע און מיט מעגלעכע און אוממעגלעכע וועגן אַרײַנברענגען די טויזנטער פּליטים קיין ארץ־ישׂראל.

אויך די קאָמאַנדשאַפט פון דער ייִדישער בריגאַדע האָט נישט באַקו־מען קיין אָפיציעלע באַפולמעכטיקונג צו פירן אַ נאָרמאַלע רעטונגס־אַקציע פאַר די ייִדישע פּליטים. בכן, האָבן די ייִדישע חיילים פון דער ייִדישער בריגאַדע געפירט דעם עליה־שטראָם האַלב אומאָפיציעל, מיט דער שטילער הסכּמה פון די נישט ייִדישע אָפיצירן.

די חיילים פון דער ייִדישער בריגאַדע האָבן מיטן עצם באַווײַזן זיך אין זייער מיליטערישן אוניפאָרם, אויף וועלכער זיי האָבן שטאָלץ געטראָגן דעם מגן־דוד־צייכן, באַלד אַרויסגערופן בײַ דעם ערשטן קאָנטאַקט מיט די פּליטים גרויס ענטוזיאַזם און ליבשאַפט. אויך נישט ווייניק חיילים פון דער ייִדישער בריגאַדע, האָבן זיך צופעליק געטראָפן מיט קרובים און

באַקאַנטע. ס'האָבן נישט געפעלט, נאַטירלעך, קיין האַרצרײַסנדיקע סצענעס בעת די דאָזיקע באַגעגענישן מיט קרובים, וועלכע מ'האָט געהאַלטן פאַר אומגעקומענע אין די געטאָס, אָדער לאַגערן.

די חיילים פון דער ייִדישער בריגאַדע זענען פאַקטיש געווען די ערשטע, וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד פון דער אָרגאַניזירטער שליחות אין איטאַליע. דאָס איז נישט געווען אַ שליחות פון איינצלנע מענטשן אָדער גרופּעס (כאָטש אַזוינע האָבן אויך נישט געפעלט), ס'האָט זיך פאַקטיש אָרגאַניזירט אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס האָט זיך אַ נאָמען גע־געבן „המרכז לגולה", וועלכער האָט פּלאַנירט און אָרגאַניזירט די רעטונגס־טעטיקייט פון די ייִדישע פּליטים.

דער „המרכז לגולה" אין איטאַליע איז פאַקטיש געווען פאַראַנטוואָרט־לעך פאַרן אַרײַנברענגען און רעגולירונג פון דעם פּליטים־שטראָם קיין איטאַליע מיט לעגאַלע און אומלעגאַלע וועגן, און גלײַכצײַטיק געזאָרגט וועגן זייער אַבסאָרבציע אין דעם לאַנד. דער „המרכז לגולה" האָט געטאָן אַלץ, בכדי אָרגאַניזירן און שאַפן נאָרמאַלע עקסיסטענץ־באַדינגונגען פאַר די פּליטים אין איטאַליע, אַלס אַ לאַנד פון אַ צײַטווײַליקן זיץ־פּלאַץ און דורכ־גאַנגס־אָרט אויף זייער וועג קיין ארץ־ישראל, אָדער אין אַנדערע לענדער.

אין משך פון אַ קורצער צײַט האָט זיך אַנטוויקלט אין איטאַליע אַ נעץ פון אונטערנעמונגען פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער. ס'האָבן זיך גע־גרינדעט נאָרמאַלע שולן, פאַך־שולן, קורסן פון קוואַליפיקאַציע און איבער־קוואַליפיקאַציע פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס. ס'איז אויסגעוואַקסן אַ גרוי־סע נעץ פון קינדער־גערטנער, קולטור־אינסטיטוציעס, ביבליאָטעקן, ספּאָרט־קלובן אאַז"וו.

די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו אַבסאָרבירן די פּליטים און זייער באַ־שפּײַזונג איז געלעגן אין די הענט פון „אונראַ".

יעדער נײַער שטראָם פון פּליטים אין איטאַליע האָט געמוזט גיך אַבסאָרבירט ווערן און ,במילא, האָט זיך געפאָדערט גוטע אָרגאַניזאַטאָרישע און גוט צוגעפּאַסטע כּוחות, וועלכע האָבן געפירט זייער טעטיקייט אין די געשאַפענע מעגלעכע באַדינגונגען.

די חלוצישע קיבוצים, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אויף דער ערד פון איטאַליע, האָט דערגרייכט די צאָל 45. אין דער צאָל, זענען געווען 4 קיבוצים פון געוועזענע פּאַרטיזאַנער.

די חלוצישע קיבוצים זענען געווען בשותפותדיקע לויט זייער חלו־ציש־ציוניסטישער קרובהשאַפט און זענען געווען אידעיִש נאָענט איינער צום צווייטן. דער חברים־באַשטאַנד פון די קיבוצים איז געווען צונויפגע־שטעלט לויט זייער אָרגאַניזאַציאָנעלער און פּאַרטייאישער אָנגעהעריקייט פון פאַר דער מלחמה. די דאָזיקע קיבוצים האָבן געפירט אַ באַזונדערע עקאָנאָמישע ווירטשאַפט און אויך אַ ברייט פאַרצווייַגטע קולטורעלע טעטי־קייט. די קיבוצים זענען אויך געווען די צענטראַלע פונקטן, פון וואַנען ס'זענען אַרויסגעפאָרן די פּליטים קיין ארץ־ישׂראל מיט דער עליה ב׳.

אָנהויב 1946 איז פאָרגעקומען אין רוים דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די אויסגעוויילטע דעלעגאַטן פון די פּליטים און אויף דעם צוזאַמענפאָר איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צענטראַלע אינסטאַנץ פון די פּליטים, וואָס האָט זיך אָנגערופן „מרכז אירגון הפליטים", וואָס האָט איבערגענומען אַלע אינסטיטוציעס פון „המרכז לגולה" אונטער זייַן אָנפירונג.

בראש פון „מרכז אירגון הפליטים" זענען אויסגעוויילט געוואָרן ליט־ווישע ייִדן — באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן פון פאַרמלחמהדיקן ליטווישן ייִדנטום. אַלס ערשטער פאָרזיצער פון דעם „מרכז אירגון הפליטים" איז אויסגעוויילט געוואָרן דער באַקאַנטער קאָוונער אַדוואָקאַט און פּאָפּו־לערער ציוניסטישער עסקן, ד"ר ל. גאָרפינקעל. נאָך זייַן עולה זייַן קיין ארץ־ישׂראל, האָט זייַן פּלאַץ פאַרנומען מייַן ווילנער בן־עיר, דער יונגער און זייער וויטאַלער ד"ר לעאָ בערנשטיין. ער איז פאַרבליבן אַלס פאָרזי־צער פון דעם „מרכז" ביז זייַן עליה קיין ישׂראל סוף 1948.

בראש פון חינוך־וועזן איז אויך געשטאַנען אַ ליטווישער ייִד, דער באַקאַנטער שאַוולער העברעיִשער מחנך ד"ר אברהם ירושלמי.

אין די פּאָליטישע רעזאָלוציעס, וואָס די דעלעגאַטן האָבן אָנגענומען אויף דעם ערשטן צוזאַמענפאָר, איז געווען אַ רוף צו די מדינות פון דער גאָרער וועלט און ספּעציעל צו די פאַראייניקטע־נאַציעס מיט דער קאַטע־גאָרישער פאָדערונג: „לאָזט אונדז קומען קיין ארץ־ישׂראל, דאָס לאַנד וואָס וויל און איז פּאַסיק אויפצונעמען די רעשטלעך לעבן־געבליבענע פון די געטאָאָס און לאַגערן. נאָכן נצחון איבערן פאַשיזם־נאַציזם, — האָט זיך גע־רעדט אין דעם רוף, — דאַרף דער ייִדישער אומה געגעבן ווערן דאָס רעכט צו לעבן אין איר אייגן לאַנד, ווי אַלע אַנדערע פעלקער".

טעלעגראַמעס מיט דעם אינהאַלט זענען דעמאָלט איבערגעשיקט געװאָרן צום פּרעזידענט טרומאַן, צום ענגלישן פּרעמיער־מיניסטער עטלי, און יאָסיף סטאַלין. די װעלט האָט, אָבער, װייניק אַכט געלייגט אויף דעם דאָזיקן פּלאַמיקן אַפּעל.

איך, פּערזענלעך, בין געװען דירעקט פאַרבונדן מיט די װיכטיקע אָנפירנדיקע טוער פון „מרכז" און דאָס זענען געװען:

בערל כּהן, רעדאַקטאָר פון דער פּליטים־צײַטונג „בדרך", געװ׳ רעדאַקטאָר פון „אונדזער װאָרט" אין קאָװנע, (איצט אין ניו־יאָרק).

משה קאַגאַנאָװיטש, לייטער פון דער היסטאָרישער אָפּטיילונג בײַם פּאַרטיזאַנער־פאַרבאַנד פּח"ח און רעדאַקטאָר פון פּאַרטיזאַנער־זשורנאַל „פּאַרן פּאָלק", מחבר פון װיכטיקע ביכער װעגן אָנטייל פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין דער אַלגעמיינער פּאַרטיזאַנער־באַװעגונג.

שמואל עפּשטיין, געװעזענער תּלמיד פון באַרימטן טעאַטער־רעזשיסער מאַקס ריינהאַרדט. ער האָט אָנגעפירט מיט דער קונסט־אָפּטיילונג. אונטער זײַן לייטונג האָט דער קינסטלערישער אַנסאַמבל באַזוכט די לאַגערן און די קיבוצים אין גאַנץ איטאַליע. ער האָט אָרגאַניזירט קאָנצערטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען און אויך רעפעראַטן אויף פאַרשיידענע טעמעס. (קאַגאַנאָװיטש און עפּשטיין געפינען זיך אין ישׂראל און זענען טעטיק אין קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן).

חוץ די אויבן אויסגערעכנטע געזעלשאַפטלעכע טוער האָבן, נאַטירלעך, נישט געפעלט אויך אַנדערע פעיִקע אָרגאַניזאַטאָרישע כּוחות, װעלכע האָבן געהאַט אַ רײַכן עבר אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. דאָס זענען געװען איבערגעגעבענע מנהיגים, װאָס האָבן מיט לײַב און לעבן זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער הייליקער אַרבעט צו העלפן די פּליטים און בײַגעשטײַערט צום דערפאָלג פון דעם „מרכז אירגון הפּליטים" אין זײַן טאָג־טעגלעכער טעטיקייט.

דער „מרכז אירגון הפּליטים" האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קהילה אונטערװעגס. איטאַליע איז נאָך דער באַפרײַונג געװאָרן דער צענטראַלער פּונקט פון דער עליה ב׳ און ביז דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישׂראל זענען אין איטאַליע דורכגעגאַנגען איבער 50 טויזנט ניסים־ייִדן. דעם גאַנצן בודזשעט פון „אירגון" האָט געדעקט דער „דזשאָינט".

ביז גאָר פּאָפּולער איז בײַ דער שארית־הפּליטה געװען דער קינסטלערישער אַנסאַמבל, װאָס איז באַשטאַנען פון איבער אַ צענדליק פּליטים: מוזיקער, זינגער און זינגערינס, װאָס האָט באַדינט די לאַגערן און קיבוצים

איבער גאַנץ איטאַליע און איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דעם „דזשאָינט“. דער דאָזיקער קינסטלער־קאָלעקטיוו האָט געהאַט זיין זיץ־אָרט אין קאַסטעל־גאַנדאָלפאָ, אַ פּרעכטיק שטעטל נישט ווײַט פון רוים, ווו דער פּויפּסט האָט זײַן זומער־רעזידענץ.

דער קינסטלערישער אַנסאַמבל פלעגט מיט זײַנע קאָנצערטן אין די לאַגערן אַרײַנברענגען אַ טראָפּן פרייד אין די פאַראומערטע הערצער פון דער שארית־הפליטה, וועלכע פלעגן מיט אומגעדולד וואַרטן אויף זייער ריי. דער טאָג פון זײַן אַראָפּקומען אין לאַגער איז ממש געווען אַ יום־טוב. ס׳געדענקט זיך די קאָנצערטן אין טשינעטשיטאַ־לאַגער, ווו דער אַנסאַמבל פלעגט אָפט אַראָפּקומען, טאַקע אַ דאַנק מײַן פרײַנדשאַפט מיט זײַן לייטער, שמואל עפשטיין. דאָ איז אויך געווען אַ צוגעפּאַסטע גרויסע בינע, אין דעם גרויסן טעאַטער־זאַל אין איינעם פון די פריִערדיקע פילם־סטודיעס, וואָס פלעגט אַרײַננעמען אַרום טויזנט צוהערער, און פלעגט אַלע מאָל אויסגעפילט ווערן ביזן לעצטן פּלאַץ. דער עולם פלעגט זיך מחיה זײַן מיט זייער שפּילן און זינגען ייִדישע און ישׂראַלדיקע לידער. זיגא בינשטאָק, דער קינסטלערישער לייטער און האַרציקער זינגער, פלעגט אויך מהנה זײַן דעם נישט ייִדישן צוהערער מיט רוסישע ראָמאַנסן אונטער זײַן אייגע־נער באַגלייטונג אויפן אַקאָרדעאָן, וואָס פלעגט אַרויסרופן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן. אין דעם קאָלעקטיוו זענען אין אָנהויב געווען אייניקע ווילנער, צווישן זיי, דער לעצטער ווילנער שטאָט־חזן, יוסף איידעלסאָן, פון וועמעס ליטורגישער נגינה און לירישער שטימע פלעגן די ליבהאָבער פון חזנות שעפּן מתיקות. ער איז הײַנט חזן אין אַ גרויסן און רײַכן בית־הכּנסת אין ברוקלין.

## דערציִונגס־וועזן ביי דער שארית־הפליטה

די חינוך־אָפּטיילונג איז געווען דער סאַמע וויכטיקסטער צווייַג בייַם „אירגון". אין די פּליטים־לאַגערן, קיבוצים און הכשרה־פּונקטן האָבן גע־וואַרט אויף זייער עליה טויזנטער קינדער אין פאַרשיידענעם עלטער, זיי האָבן דערווייַל געמוזט קריגן עלעמענטאַרע בילדונג. איז די דאָזיקע אויפ־גאַבע אָנגעטרויט געוואָרן ד״ר ירושלמי און ער האָט באַוויזן מיט זייַנע געהילפן צו אָרגאַניזירן אומעטום בתי־ספר מיט דער געהעריקער צאָל לערער. אין רוים גופא איז געעפנט געוואָרן אַ גימנאַזיע פאַר די פּליטים־קינדער. אַ דאַנק דער גימנאַזיע, האָבן די קינדער באַלד נאָך זייער עליה געקענט אָן שוועריקייטן, פאָרזעצן זייער לערנען אין אַ גימנאַזיע פון לאַנד, נישט פאַרלירנדיק קיין צייט, ווייַל אין דער גימנאַזיע זענען אַ צאָל לערער געשיקט געוואָרן פון ישׂראלדיקן ישוב.

די חינוך־אָפּטיילונג האָט אין די מעגלעכע ראַמען געזאָרגט, אַז אין די לאַגערן זאָלן אויך זייַן העברעיִשע קורסן פאַר דערוואַקסענע. דאָס פּראָ־בלעם איז דאָ, אָבער, געווען מיט אַ לערער־פּערסאָנאַל. פאָרמעל איז געווען אַ בית־ספר און אַ העברעיִשער קורס, אָבער מיט לערער איז געווען צרות, זיי האָבן שטענדיק געפעלט...

דער דערציִונגס־וועזן איז געפירט געוואָרן בעיקר אין ארץ־ישׂראל־דיקן גייַסט אונטער דער אָנפירונג פון קוואַליפיצירטע פּעדאַגאָגישע קאַ־דרען. וואָס אָנבאַלאַנגט די דערציִונג אין די הכשרה־קיבוצים, זענען זיי געלעגן אויסשליסלעך אין די הענט פון די אָנפירנדיקע חברים פון „החלוץ" צווישן די פּליטים.

אַ חוץ די אויבן אויסגערעכנטע בולטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיטן קולטורעל־געזעלשאַפטלעכן לעבן צווישן די פּליטים אין איטאַליע, דאַרף מען אויך צוגעבן די פאָלגנדיקע פּערזענלעכקייטן:

י. קאָבּרינסקי — הויפּט־אינספּעקטאָר פון די ייִדישע שולן, וועל־

כער האָט סיסטעמאַטיש אינספעקטירט די שולן און געזאָרגט פאַר אַדורכ־פירן די לערן־פּראָגראַמען אין די שולן, כּדי זיי זאָלן זײַן אויף דעם גע־העריקן פּעדאַגאָגישן ניוואָ.

ש. ק י ר ש נ ב ו י ם — פּרעזידיום־מיטגליד פון „אירגון" און פאָרזי־צער פון דער קולטור־קאָמיסיע.

טויזנטער קינדער און יוגנטלעכע האָבן געלעבט און געלערנט אין די לאַגערן פון איטאַליע. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ גוט דערציִעריש־קוואַ־ליפיצירטער כּוח, כּדי ער זאָל קענען דערציִען די יוגנטלעכע און קינדער, זיי לערנען און אויך אויסלערנען זיי פאַכן.

אין איטאַליע האָט צו יענער צײַט פונקציאָנירט אַ נעץ פון אָנפאַנגס־שולן, זומער־לאַגערן, מוזיק־שולן און אַ 80 הכשרה־פּונקטן ווו מ'האָט צוגעגרייט די יוגנטלעכע צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. דאָס איז געווען אַ ברייט פאַרצווײַגטע בילדונגס־נעץ, ווו ס'האָט זיך געפירט אַן אינטענסיווע אַרבעט, אונטער דער אָנפירונג פון קוואַליפיצירטע פּעדאַגאָגן און אינסטרוק־טאָרן, איבערהויפּט געשיקטע פון ארץ־ישׂראל. איבעריק צוצוגעבן, אַז די קולטור־אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין חלוציש־ציוניסטישן גײַסט, היות ווי דער גרעסטער טייל פון די פּליטים זענען צוגעגרייט געוואָרן צו עולה זײַן קיין ארץ־ישׂראל.

דאָס איז געווען אַ געבענטשטע אַרבעט, וועלכע האָט געברענגט אירע פּרוכטן.

די זומער־קאָלאָניעס פאַר די קינדער פון שול־עלטער זענען געווען אַ ברכה סײַ פאַר די קינדער און סײַ פאַר די עלטערן. די קולטור־ און דערציִונגס־אָפּטייל האָט אויף דעם געביט צו פאַרצייכענען גרויסע דער־פאָלגן. די זומער־חדשים זענען אויסגענוצט געוואָרן פאַר ספּאָרט, גימנאַס־טיק, פאַרשיידענע שפּילן אונטערן פרײַען הימל, דאָס האָט אין אַ גרויסער מאָס פאַרבעסערט דעם געזונט־צושטאַנד פון די קינדער און יוגנטלעכע. געניטע פּעדאַגאָגן האָבן אָנגעפירט מיט די זומער־קאָלאָניעס.

2 צענטראַלע אינסטאַנצן האָבן פינאַנסירט און אויסגעהאַלטן די זומער־קאָלאָניעס, דאָס איז געווען די צענטראַלע אָנפירונג פון „אירא" אין איטאַ־ליע. זי האָט אויסגעטיילט אַ באַדײַטנדיקע צאָל שפּײַז־פּאַקעטן און אויך מלבושים פאַר די קינדער.

די צווייטע און ביז גאָר וויכטיקסטע אינסטיטוציע, וועלכע האָט פינאַנ־סירט און געטראָגן די לאַסט פון באַשפּײַזן און אויסהאַלטן די זומער־קאָלאָ־ניעס איז געווען דער „דזשאָינט", וועלכער האָט צו דעם צוועק פינאַנ־

סירט אַ סומע פון איבער 5 מיליאָן איטאַליענישע לירעטעס. די סומע האָט געקלעקט צו דעקן די הוצאות פון די זומער־קאָלאָניעס.

די גרויסע קוואַנטומס שפּייז, וואָס די אינטענדאַנטן פלעגן איינקויפן פאַר די קינדער איז געווען פון בעסטן קוואַליטעט. אַלץ איז געווען בשפע. די קינדער האָבן זיך געפונען אונטער דער סיסטעמאַטישער אויפזיכט פון דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן געזאָרגט פאַר דער אַלגעמיינער און אינדיווידועלער היגיענע.

אין משך פון דער צייַט וועלכע די קינדער האָבן זיך געפונען אין די זומער־קאָלאָניעס, האָבן זיי גענאָסן פון פאַרשיידענע אויספלוגן אין די שענסטע פלעצער פון איטאַליע. צו דעם צוועק איז צוגעשטעלט געוואָרן אַן אַנטשפּרעכנדיקער טראַנספּאָרט אין רשות פון דער לייטונג פון די זומער־קאָלאָניעס.

אַ חוץ די שפּילן, גימנאַסטיק, אויספלוגן א״אַ, פלעגט מען מיט די קינ־דער אַדורכפירן שמועסן אויף פאַרשיידענע אינטערעסאַנטע טעמעס. די סאַמע פּאָפּולערע טעמאַטיק פאַר די קינדער איז, בלי ספק, געווען די ארץ־ישׂראל־טעמאַטיק. די שליחים — פּעדאַגאָגן פון ארץ־ישׂראל — האָבן גע־זאָרגט צוגרייטן אַ פּאַסיקן עלעמענט פאַר די באַדערפעענישן פון לאַנד.

מען דאַרף אויך דערמאָנען די ביז גאָר וויכטיקע טעטיקייט פון דער רעליגיעזער אָפּטיילונג פון דעם „מרכז אירגון הפליטים", בראש פון וועל־כער ס׳איז געשטאַנען אַ פּוילישער ייִד, טענענבוים.

די רעליגיעזע אָפּטיילונג בייַם „אירגון" האָט באַזאָרגט דער שארית־הפליטה מיט תשמישי קדושה. די דאָזיקע אַרטיקלען פלעגן דאָס רוב געשיקט ווערן פון די פּאַראייניקטע שטאַטן און טיילווייַז אויך פון ארץ־ישׂראל. ס׳דערמאָנט זיך מיר די „שפע", וואָס איז געווען אין דעם קעלער פון בנין אויף טליתים, תפילין, סידורים און אַנדערע תשמישי קדושה. זעלטן ווער ס׳האָט מיטגעבראַכט אַהער עפּעס וואָס פון דעם מין. טאָ וואָס איז דער חידוש פון דער „פּראָספּעריטי" ביי די רעליגיעזע ? יאָ פרום, נישט פרום, אַלע האָבן געלעכצט צו קריגן אַ טלית און תפילין, איבערהויפּט, ווען ס׳האָבן זיך אונטערגערוקט די ימים־נוראים — איז אין דעם קעלער געווען יענער „יאַריד"... די פּריווילעגירסטע צו קריגן אַ טלית ותפילין זענען געווען די, וואָס האָבן זיך געקליבן חתונה האָבן. אַזעלכע האָט טענענבוים, דער ממונה איבער דעם, געטראָגן מיט שמחה אַנטקעגן און זיך געווונטשן צו האָבן וואָס מער אַזעלכע „קונים"... פאַר דעם האָט אויך באַצאָלט דער „דזשאָינט".

וועגן דער עליה־אָפּטיילונג בײַם „אירגון״.

אויף יענעם שטאָק איז גאַנצע טעג, ביז שפּעט אין אָוונט געווען „לעבעדיק״. אַהער פלעגט מען קומען פון גאַנץ איטאַליע אין די אינטע־רעסן פון עליה. פּאַקטיש איז דער „מרכז לגולה״ געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער עליה ב׳, ער איז אָבער געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן „מרכז אירגון הפליטים״. אַהער פלעגן כּסדר קומען און אַוועקגיין שליחים פון ארץ־ישׂראל, צווישן וועלכע כ׳האָב איין מאָל דאָרט געזען, משה שרת און דעם פאַרשטאָרבענעם נשׂיא, זלמן שזר, ווי אויך אַ גאַנצע רײ פּערזענ־לעכקייטן פון די צפון־ און דרום־אַמעריקאַנער לענדער.

כּדי צו האָבן אַ באַגריף פון דעם דעמאָלטיקן פאַרנעם אַרום דער עליה ב׳, וועט זײַן גענוג צו דערמאָנען דעם ציפער פון די אַזוי גערופענע „אומ־לעגאַלע״ שיפן, וועלכע זענען אָפּגעשוווּמען פון די איטאַליענישע ברעגן אויף זייער וועג צו ארץ־ישׂראל, פון וועלכע אַ טייל פון זיי האָבן געמוזט אַנקערן אין ציפּערן. פון זומער 1945 ביז 1948, ווען ס׳איז אַנטשטאַנען די ייִדישע מדינה און מ׳האָט שוין געקענט פרײַ עולה זײַן, זענען פון די איטאַליענישע פּאָרטן אָפּגעשוווּמען 31 מעפּילים־שיפן.

אַ דאַנק דאָס אײַנשאַפן זיך אַן אייגענע דרוקערײַ, איז מעגלעך גע־וואָרן אַזאַ ברייטע קולטור־טעטיקייט בײַם „אירגון״. חוץ דעם „בדרך״, זענען דאָרט געזעצט געוואָרן: די פערטל־יאָר שריפט „אין גאַנג״, „דער פּאַרטיזאַן״ און דער מפא״י־אָרגאַן, וואָס פלעגן דערשײַנען רעגולער אַנ־הייב חודש, אויסער אַ גאַנצע רײ איינמאָליקע אויסגאַבן אין ייִדיש און העברעיִש, ווי אויך אַלע אַנדערע דרוק־אַרבעטן פאַר דעם „אירגון״.

# די פּאַרטיזאַנער צווישן די פּליטים

די געוועזענע פּאַרטיזאַנער און געטאָ־קעמפּער זענען געווען אַ באַזונ־דער עלעמענט אין דעם פאַרשידנאַרטיקן און פילפאַרביקן צוזאַמענשטעל פון די פּליטים. זיי האָבן אויך אַריינגעבלאָזן אַן אַנדער גייסט און אַנדער אַרט־לעבן צווישן די פּליטים. אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון די פּאַר־טיזאַנער און געטאָ־קעמפּער איז געווען, וואָס זיי האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו אינטעגרירן זיך אין ד. פּ.־לאַגערן. זיי האָט געשטערט די פּסיכאָלאָגישע העמונג צו דעם באַגריף „לאַגער" (אַפילו אין די היטלער־צייטן זענען זיי געווען די, וועלכע זענען די ערשטע אַנטלאָפן פון פאַר־שיידענע אַרבעטס־לאַגערן אין וואַלד).

איז נישט קיין חידוש, וואָס זיי האָבן געפאָדערט אַ באַזונדערן סטאַטוס און אויפמערקזאַמקייט צו זיך. אַלס קעמפערישער עלעמענט, וועלכער האָט אַקטיוו, מיט געווער אין האַנט געקעמפט קעגן נאַציזם און צוגעהאָלפן זיין מפּלה.

זיי האָבן זיך באַצויגן מיט אַ געוויסן ביטול צו די געוועזענע לאַגער־ניקעס פון היטלעריסטישן סטיל און באַזונדערס האָבן זיי געהאַסט און אויך געררודפט די געוו׳ יודנראַט־מענטשן, אָן אַן אונטערשייד פון דער פונקציע וואָס זיי האָבן אויסגעפירט אין יודנראַט.

דאָס האָט בלי ספק געשאַפן אַ נישט געזונטע אַטמאָספער; קריגערייען, זידלערייען און כּיוצא מזה. זיי זענען אָבער אויך געווען דער וויטאַלער עלעמענט פון אידעיִשן שטאַנדפּונקט. זיי האָבן זיך זעלבסט נישט געזען אַלס אַזעלכע, וועלכע האָבן אויפגעגעבן דעם קאַמף, פאַרקערט: זיי האָבן געחלומט און פּלאַנירט צו אויספירן נקמה־אַקטן איבער געוועזענע נאַציס און זייערע מיטהעלפער. צו דעם צוועק האָבן זיי פּלאַנירט אויפצושטעלן ספּעציעלע קיבוצים פון פּאַרטיזאַנער און געוועזענע געטאָ־קעמפער, ווו חוץ דער נאָרמאַלער טעטיקייט פון אַ קיבוץ, האָבן זיי זיך אויך פאַר־נומען מיט ספּעציפישע אויפגאַבן, צוגעפּאַסטע צו דער צייט און באַדינ־גונגען.

צווישן אָט דעם וויטאַלן און פּאָזיטיוון עלעמענט, איז ס׳רוב געווען

אַ ציוניסטיש־חלוצישער עלעמענט, וועלכער האָט אין זיך געזען צוקונפֿ־טיקע פּאָטענציעלע קעמפֿער און בויער פֿון דער ייִדישער מדינה, נעמענ־דיק אין באַטראַכט זייער מיליטערישע אויסשולונג און דערפֿאַרונג.

אין איטאַליע איז ביַי דעם פֿראָנט־קעמפֿער־פֿאַרבאַנד אין רוים (פֿ.ח.ח.) געווען טעטיק דער היסטאָרישער אָפּטייל פֿון פֿ.ח.ח. ער איז געגרינדעט גע־וואָרן נאָך אין לאָדזש אין 1945. דער ציל פֿון דעם היסטאָרישן אָפּטייל איז געווען: זאַמלען און באַאַרבעטן מאַטעריאַלן, גביית־עדות וועגן ייִדישן אָנטייל אין דער אַלגעמיינער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. מיטן היסטאָרישן אָפּטייל האָט אָנגעפֿירט דער געוועזענער פּאַרטיזאַן און זשורנאַליסט משה קאַגאַנאָוויטש. פֿאַר דער גאַנצער ציַיט איז אַנטוויקלט געוואָרן אַ ברייטע טעטיקייט. עס זענען געזאַמלט געוואָרן דאָקומענטן און עס איז צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק היסטאָרישע מאָנאָגראַפֿיעס וועגן באַזונדערע פּעריאָדן פֿון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

איינער פֿון די מעטאָדן פֿון דער אַרבעט פֿון היסטאָרישן אָפּטייל פֿון פֿ.ח.ח. זענען געווען די אַ״ג פּאַרטיזאַנער־סעמינאַרן, און פֿון דערינערונגען, קעגנזיַיטיקע דערגענצונגען און שמועסן. מ׳האָט רעסטאַורירט און באַאַרבעט פֿאַרשיידענע עפּיזאָדן און פֿאַקטן פֿון פּאַרטיזאַנער־קאַמף.

אין די טעקעס פֿון היסטאָרישן אָפּטייל האָבן זיך געפֿונען זייער וויכטי־קע און אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן. עס איז דאָרט געווען מאַטעריאַלן וועגן אַ גרויסער צאָל פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן און ייִדישע ראָטעס פֿון אַלגעמיינע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן, הויפּטזעכלעך פֿון וויַיסרוסלאַנד. עס האָבן זיך געפֿונען אויך מאַטעריאַלן וועגן די אַ״ג „משפּחה־לאַגערן״, וועלכע האָבן גע־שפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין דער געשיכטע פֿון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. עס זענען געזאַמלט געוואָרן מאַטעריאַלן וועגן באַזונדערע פּאַרטיזאַ־נער־פֿירערס, באַזונדערע שלאַכטן, מינירונגען, דעווערסיע־אַקטן אד״ג.

דער היסטאָרישער אָפּטייל ביַים פֿ.ח.ח. האָט צוגעגרייט צום דרוק אַ גרעסערע מאָנאָגראַפֿיע פֿון מ. קאַגאַנאָוויטש א״ב „דער ייִדישער אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין סאָוועט־רוסלאַנד״. ה׳ קאַגאַנאָוויטש איז אַליין אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן פֿון די גראָדנער וועלדער. דער נאַציאָ־נאַלער אַרבעטער־פֿאַרבאַנד אין אַמעריקע האָט צוגעזאָגט אַרויסצוגעבן דאָס בוך אין ייִדיש און ענגליש. דער ערשטער באַנד איז געזעצט געוואָרן אין דער דרוקעריַי פֿון „אירגון״. איך האָב שוין דאַן געהאָט געאַרבעט ביַים זאַץ־קאַסטן און איך געדענק ווי כ׳פֿלעג ממש שלינגען די שורות ביַים זעצן דאָס בוך.

עס איז אויך צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק אַ יזכּור־בוך פון די געפאַלענע פּאַרטיזאַנער־העלדן און געשיכטעס פון באַזונדערע געגנטן: „די נאַטשער פּושטשע״, „ליפּעטשאַנסקע״, „נאַליבאָקער פּושטשע״, ווי אויך פון די פאַרשיידענע אָטריאַדן פון פּאָליעסער־וואָלינער געגנטן. עס זענען באַאַרבעט געוואָרן ביאָגראַפיעס פון 600 געפאַלענע פּאַרטיזאַנער.

דער היסטאָרישער אָפּטייל האָט געהאַט אין זײַן רשות אַ סיסטעמאַטישע זאַמלונג פון דאָקומענטן און פאָטאָגראַפיעס. גרויס מי און אַרבעט איז אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין קאָלעקציאָנירן דעם היסטאָרישן מאַטעריאַל.

אַ טייל פון די מאַטעריעלע מיטלען, וועלכע זענען געווען נויטיק צו פירן די געבענטשטע אַרבעט פון דעם היסטאָרישן אָפּטייל, איז פינאַנסירט געוואָרן דורכן „דזשאָינט״.

אין איטאַליע זענען געווען 4 פּאַרטיזאַנער־קיבוצים. כ׳בין געווען בײַ זיי כּמעט אַ בן־בית. כ׳פלעג קומען צו זיי בײַ יעדער געלעגנהייט און אָנטייל גענומען אין זייערע עונג־שבתים און שׂמחות. און שׂמחות זענען



**אין אַ קיבוץ פון געזענע פּאַרטיזאַנער אין איטאַליע (1947)**
ערשטע שורה, אין מיטן — לייזער ענגעלשטערן

געוועזן גאָר אָפּט, חתונות און בריתן... דאָרט איז דאָך אויך געוועזן מײַן וועלט; מיט די מענטשן בין איך דאָך געוועזן קנאַפּע 2 יאָר אין די וועלדער, דורכגעמאַכט צוזאַמען „קאַלט און וואָרעם", זענען זיי מיר געוועזן ווי אייגענע און ס׳פּלעגט מיר כּסדר ציִען אַהין. איין קיבוץ, וואָס איז באַשטאַנען כּמעט אויסשליסלעך פון בעלסקיס פּאַרטיזאַנער, האָט מיך שטאַרק צוגערעדט אָנשליסן זיך אַלס חבר פון קיבוץ.

— „לייזער — האָבן זיי געטענהט — נעם דײַן ווײַב און קינד און קום צו אונדז — מיר ווילן דיר האָבן פאַר אונדזערס אַ מיטגליד, מיר נויטיקן זיך אין אַזאַ ווי דו".

איך האָב געהאַט מײַן סיבה נישט צו גיין אין קיבוץ. די זעלבע מיינונג האָט אויך געהאַט מײַן פרוי רות, כאָטש די באַדינגונגען פון אויסלעבן זיך דאָרט, זענען געווען אַ סך בעסערע ווי אין טשינעטשיטאַ־לאַגער. כ׳האָב געהאַלטן, ווי באַלד מיר זענען שוין נישט פאַסיק פאַר עליה, דאַרפן מיר זיך געפינען אין לאַגער. דער קיבוץ פאַרפליכטעט דאָך צו עליה... אַרויסגעוויזן האָט זיך שפּעטער, אַז כ׳בין געווען גענוג נאַיִוו אַזוי צו טראַכטן.

איין קיבוץ האָט זיך געפונען אין רוים גופא. אַ צווייטער אין אַ פאָרשטאָט פון רוים, אין אַ פּרעכטיקער גרויסער ווילע מיט גרינס און ביימער אַרום איר, די חברה האָבן זיך דאָרט צעלייגט ווי ביים טאַטן אין ווײַנגאָרטן... דער דריטער קיבוץ האָט זיך אויסגעקליבן אַן אָרט בײַם ים. 20 קילאָמעטער פון רוים געפינט זיך דאָס באַרימטע רעזאָרט־שטעטל אָסטיאַ. בײַ דער זײַט פון די לוקסוס־האָטעלן און אַ שפּאַן פון דער פּרעכטיק, קילאָמעטער־לאַנגער פּליאַזשע, האָבן זיי געהאַט פאַר זיך אַ 3־שטאָקיקן בנין מיט צענדליקער צימערן. דער פערטער קיבוץ איז געווען אַ סך ווײַטער פון רוים, אויך בײַם ים, די שטאָט האָט געהייסן אַנציאָ, דאָרט האָט די אַמעריקאַנער אַרמיי געהאַט אַרויסגעזעצט אַ דעסאַנט מיט טויזנטער סאָלדאַטן.

טראָץ דעם, וואָס דער לעצטער קיבוץ האָט זיך געפונען אַ היפּשן מרחק פון רוים, פלעג איך אָפּט קומען אַהין פאַר דעם גאַנצן סוף וואָך. דאָ האָבן זיך צונויפגענומען אַ צאָל פון די קאַמפּס־פּעיִקע בעלסקיס פּאַרטיזאַנער. כּמעט אַלע האָבן שוין געהאַט ווײַבער און אונטערוועגס זענען שוין געבוירן געוואָרן קינדער און אָפּט פלעגן זײַן בריתן און אַנדערע שׂמחות. פאַרברענגענדיק אַ סוף־וואָך אין דעם קיבוץ האָט געהערט צו מײַנע בעסטע פאַרגעניגנס און כ׳פלעג שעפּן פיל נחת פון די קינדערלעך, וואָס אין וואַלד האָבן מיר זיי געטראָגן אויף די קעפּ, ווען מיר האָבן זיך געטונקט אין

די זומפּן בעת דער לעצטער גרויסער אָבלאַווע אין די נאַליבאָקער וויל־דערנישן. ס׳פלעגט צוקומען פיל געזונט פון בלויזן קוקן אויף אָט די שיינענדיקע קינדער, ווען מ׳האָט אַרויסגעריסן פון די בלוטיקע דייטשע הענט. דאָ האָבן זיך אויך געפונען די אַבראַמאָוויטשעס מיט זייער מיידעלע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין וואַלד אין מיין זעמליאַנקע, פּונקט אַנטקעגן מיין געלעגער ביי דער שיין פון אַ קינעלע... ווען כ׳פלעג קוקן אויפן קינד, פלעגט פאַר מיינע אויגן שוועבן דאָס בילד פון וואַלד. היינט איז שוין דאָס דאָזיקע וואַלדקינד אַליין אַ מאַמע פון קינדער.

ס׳דערמאָנט זיך מיר די אַטראַקציע מיט דער טעאַטער־פאָרשטעלונג אין דעם אַנציאָ־קיבוץ. יענעם שבת זענען אַראָפּגעקומען אַ היפּשע צאָל געסט פון רוים, אַלע בעלסקיס מענטשן. כ׳האָב דאַן געהאַט אַ פריידיקע איבערלעבונג פון זען די נעכטיקע חברים, וואָס האָבן מינירט די נאַצישע באַנען און די ראַזוויעדטשיקעס, וועלכע כ׳האָב געזען אין וואַלד רייטנ־דיק ווי צוגעזאָדענע צו זייערע פערד, האָבן זיך דאָ פאַרוואַנדלט אין „אַרטיסטן״... מ׳קען זיך קוים פאָרשטעלן דעם פאַרגעניגן וואָס מ׳האָט געהאַט צו פאַרברענגען אַ טאָג צווישן אָט די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ חלק אין דערשלאָגן די נאַצישע מערדער און זייערע מיטהעלפער.

## די שליחים אין די לאַגערן

די ארץ־ישׂראל־שליחים האָבן געאַרבעט אין די „אונראַ״־לאַגערן אין איטאַליע, אָבער נישט אַלע האָבן געוווּסט וועגן זייער טעטיקייט און די באַדינגונגען פון זייער אַרבעט. ס׳איז דעריבער כּדאי, אַז ס׳זאָל עפּעס דערציילט ווערן וועגן דעם.

די שליחים האָבן געבילדעט אַ באַזונדערע גרופּע אין „אונר״א״, די אַזוי גערופענע „פּאַלעסטיין־טיים״. די גרופּע האָט זיך אונטערשיידט פון אַלגעמיינעם פּערסאָנאַל מיט דעם, וואָס זי איז געווען אַ פריוויליקע — זי האָט נישט באַקומען קיין געהאַלט, אירע מענטשן זענען אויסגעהאַלטן גע־וואָרן נאָר מיט עסן און דירה. יעדער פון די שליחים איז מאָביליזירט גע־וואָרן אויף אַ יאָר אַרבעט, פיל פון זיי האָבן די אַרבעט פאַרלענגערט דורך אַ פאַראָרדענונג פון ארץ־ישׂראל.

די שליחים, נעמענדיק אויף זיך די פליכט צו אַרבעטן אין די לאַגערן, האָבן געוווּסט די שווערע אויפגאַבע, וואָס שטייט זיי פאָר, אָבער זיי זענען געגאַנגען אין שליחות פון ישוב, כּדי צו קומען אין קאָנטאַקט מיט דער שארית־הפליטה, מונטערן זי און מיטהעלפן דורכמאַכן דעם וועג צום ענדציל.

ס'זענען געווען פאַרשיידענע באַאַמטע אין אונר"אַ, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרשיידענע אַרבעטן, ווי אַרויסגעבן פּראָדוקטן, קליידער, באַזאָרגן מיט דירות א"אַ. זייער אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן בעסער אָדער ערגער, אָפּהענגיק פון די פעיִקייטן פון דער באַטרעפנדיקער פּערזאָן. אָבער דערציִען, מונטערן, לערנען און אויפקלערן די פּליטים, דאָס האָבן די באַאַמטע נישט געקאָנט טאָן, ווי פעיִק זיי זאָלן נישט זײַן. דעריבער איז געווען אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, סײַ פאַר אונר"אַ און סײַ פאַר די שליחים, אַז זיי, די א"י־שליחים, דאַרפן איבערנעמען אויף זיך דאָס, וואָס אַנדערע וועלן עס נישט קענען מאַכן.

די שליחים האָבן געוווּסט, אַז פאַר די פּליטים איז דאָס נויטיקסטע: א) באַשעפטיקונג, ב) פאַך־בילדונג, ג) קינדער־דערציִונג, ד) קולטור פאַר דערוואַקסענע. און די שליחים זענען עס געווען די, וועלכע האָבן אָנגעהויבן גרינדן און אָנפירן וואַרשטאַטן, פאַך־קורסן, קינדער־שולן, קינדער־גערטנער און קינדער־קלובן, געעפנט ביבליאָטעקן, לייען־זאַלן, אָנגעפירט מיט עונג־שבתים און טעאַטער־פאָרשטעלונגען, געגעבן פאָרטראַגן און זיך באַמיט צו הייבן דעם ניוואָ פון פאַרשיידענע קולטורעלע פאַראַנטשטאַלטונגען. די שליחים זענען עס געווען די, וועלכע האָבן געבילדעט אין יעדן לאַגער די קאַדרען פאַר פאַרשיידענע קולטורעלע אימפּרעזעס פון די ייִדישע פּליטים אין איטאַליע.

די שליחים האָבן זיך גאָר באַזונדער אָפּגעגעבן מיט די קינדער. זייער ווייניק קינדער זענען געווען אין די איטאַליענישע לאַגערן. מ'האָט געעפנט ספּעציעלע קיכן פאַר קינדער, ספּעציעל עסן באַקומען, ספּעציעלע צוגאָב־מאָלצײַטן פאַרשאַפט, כּדי פאַרפעסטיקן אונדזערע ליבע, טײַערע קינדער.

נישט שטענדיק האָבן זיך די שליחים אָנגעטראָפן אויף פאַרשטענדעניש. די קליינע עגאָיִסטישע אויסרעכענונג פון די עלטערן, וואָס איז אַפילו צײַטנווײַז געווען קעגן די אינטערעסן פון זייערע קינדער, האָט געבראַכט צו אומגעוווּנטשענע אַרויסטרעטונגען.

די שליחים, וועלכע האָבן פרײַוויליק פאַרלאָזן זייערע היימען און פאַ־

מיליעס, געגאַנגען אין די לאַגערן און גענומען אויף זיך די שווערע, צײַטב־ווײַז די זייער אומדאַנקבאַרע פליכט, זענען געווען איבערצײַגט, אַז זייער אַרבעט איז נישט אומזיסט, זיי זענען געווען איבערצײַגט, אַז דער גרעס־טער טייל פון די פליטים שאַצט ווי געהעריק אָפּ זייערע באַמיִונגען, די באַמיִונגען צו וועקן און אײַנפלאַנצן די אָנערקענונג און האָפענונג, אַז ס׳וועט צו דעם אַלעמען קומען אַ סוף, אַז ס׳וועט דאָך קומען אַ בעסערע צוקונפט, אַז „עוד לא אבדה תקוותנו״.

# די עליה ב׳ פון איטאַליע קיין ארץ־ישׂראל

אויב די יסודותדיקע שטרעבונג פון דער שארית־הפליטה נאָכן חורבן, איז געווען צו פאַרלאָזן די שטעט און שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין מאַסן־קברים, איז די צווייטע שטרעבונג פון דעם גרעסטן טייל פון די געראַטעוועטע ייִדן געווען אַ סוף צו מאַכן צו די וואַנדערונגען און מיט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע וועגן זיך דערקלײַבן צו די ברעגן פון ארץ־ישׂראל.

אָבער די טויערן פון לאַנד זענען געווען געשלאָסן און די ענגלישע מאַנדאַטאָרן־מאַכט האָט אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען, בכדי צו שטערן די גרויסע מאַסע פליטים צו אָנקומען אין לאַנד.

זײַענדיק טרײַ איר קאָלאָניאַלער פּאָליטיק נישט צו דערלאָזן דעם וווקס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישׂראל; אַפשוואַכן דעם עקאָנאָמישן פּאָטענציאַל פון דעם ייִשוב און גלײַכצײַטיק נישט צו רייצן די אַראַבער, האָט ענגלאַנד אויסגעפּרעסט אַ שטאַרקן דרוק אויף איר אַדמיניסטראַטיווער מאַנדאַטאָרישער אינסטאַנץ בכדי צו שטערן און אויך האַמעווען דעם דראַנג פון די ייִדישע פליטים אַנצוקומען אין לאַנד. צו אָט דעם צוועק האָט ענגלאַנד געשטעלט אין מיליטערישער גרייטקייט איר יבשה־אַרמיי, דעם מיטללענדישן ים־פלאָט און דעם געהיימען דינסט, בכדי וואָס ענגער און פעסטער צו פאַרציִען דאָס שטריקל אַרום דעם האַלדז פון דער ייִדישער סטיכיע, וועלכע האָט געריסן טויערן און ווענט און זיך געלאָזט אין אַ סכנותדיקן וועג אויף קליינע אומבאַשיצטע שיפלעך אין דעם צעשטורעמטן ים אויף אַן אומלעגאַלן וועג קיין ארץ־ישׂראל.

איטאַליע איז דאַן געווען דער עיקרדיקער זאַמלפונקט פון דער שארית־הפליטה, וועלכע האָט פון דעם לאַנד געוואָלט זיך לאָזן אויף אַן אומלעגאַלן וועג קיין ארץ־ישׂראל. אין יענער צײַט האָט מיט דער עליה ב׳ אָנגעפירט דער „המוסד לעליה״, וועלכער האָט געהאַט אין איטאַליע אַ גוט־אָרגאַניזירטן אַפּאַראַט, וואָס איז באַשטאַנען בעיקר פון שליחים פון ארץ־ישׂראל־

דיקן יישוב פון אַלע פּאַליטיש־געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען. דער דאָזיקער גוט־אָרגאַניזירטער אַפּאַראַט האָט פּאַקטיש אָנגעפירט מיט דער „בריחה" אין איטאַליע. געווען זענען דאָס איבערגעגעבענע טוער פון דער „הגנה", געוועזענע מיליטער־לייט, וואָס האָבן געדינט אין ספּעציעלע פאָרמאַציעס אין דער ענגלישער אַרמיי און בעיקר געוועזענע חיילים פון דער ייִדישער בריגאַדע. דאָס זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן מיט גרויס מסירת־נפש אויסגעפירט די דאָזיקע הייליקע שליחות.

די אייגנשאַפטן פון איטאַליע אַלס אַ לאַנד מיט אַנטוויקלטע פּאָרטן, איז געווען זייער פּאַסיק פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון דער אומלעגאַלער עליה. חוץ דעם דאַרף מען צוגעבן די פּאָזיטיווע הילף פון די איטאַליענער, וועלכע זענען אין תּוך גענומען געווען פריינדלעך געשטימט צו די ייִדן, טראָץ דער לאַנג־יאָריקער פאַשיסטישער הערשאַפט אין דעם לאַנד. די איטאַליענישע פּאָליציי און די גרענעץ־וואַך, האָבן אין רוב פאַלן זיך געמאַכט נישט זעענדיק, ווי אַזוי עס שטראָמען מאַסן ייִדן צו די פּאָרטן, זעצן זיך אויף קליינע שיפלעך און שווימען אָפּ אין דער ריכטונג צו ארץ־ישראל.

די „בריחה"־מענטשן האָבן גוט אויסגענוצט די סימפּאַטיע פון אַ באַדייטנדן טייל איטאַליענער צו די ייִדישע פּליטים אין דער געהיימער מלחמה מיט די שפּיאָנען פון דעם ענגלישן אויסשפּיר־דינסט, וועלכע האָבן פאַרפלייצט איטאַליע און געשטערט דעם גאַנג פון דער אומלעגאַלער עליה.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער רוב פּליטים האָבן נאָך נישט פאַרגעסן דעם טראַגישן נאָענטן עבר, די כּסדרדיקע סכּנות, ווען דער טויט האָט געלויערט אויף יעדן שריט און טריט, האָט אָט דער פאַרשיידנאַרטיקער — לויט זיין צוזאַמענשטעל פּילפּאַרביקער פּליטים־עלעמענט — ווידער מסכּים געווען צו לאָזן זיך אויף פרישע סכּנות, וואָס זענען געווען אַ פּועל־יוצא פון לאָזן זיך אויף אַן אומלעגאַלן וועג דורכן מיטללענדישן ים קיין ארץ־ישראל.

אָט די קאַטעגאָריע ניסים־ייִדן, וועלכע האָבן געהאַט אַ ביטערן נסיון פון גנבענען גרענעצן ביזן אָנקומען קיין איטאַליע, האָבן זייער סענסיטיוו רעאַגירט אויף יעדן פּרוּוו צו שטערן זיי צו דערגרייכן זייער ענדציל: קומען קיין ארץ־ישראל, צו אַ ייִדישן אָרגאַניזירטן יישוב, וועלכער איז ביכולת צו קעגנשטעלן זיך יעדע סכּנה און באַהעפטן זיך מיט קרובים, חברים און פריינד. חוץ דעם האָבן די ניסים־ייִדן זיך געוואָלט וואָס פריִער דערווייטערן פון אייראָפּע, פון דער אייראָפּע, וועלכע איז אין גרעסטן

טייל געווען צעפרעסן פון יידן־שנאה. זיי האָבן נאָך אַלץ נישט געקענט מסכּים זײַן מיטן געדאַנק, אַז די נאַצישע חיה איז דערשטיקט און צעריסן. אָבער די שארית־הפליטה האָט געוואָלט וואָס שנעלער דערווײַטערן זיך פון די פּלעצער, ווו ס׳האָט אין משך פון די מלחמה־יאָרן געפּלאַטערט די היטלעריסטישע פאָן מיטן האָקנקרייץ.

דער ייִנגערער עלעמענט פון דער שארית־הפליטה האָט זיך געריסן קיין ארץ־ישׂראל, בכדי צוצולייגן אַן אַקסל אין דעם ווידעראויפבוי פון יידישן לאַנד, אַרײַנטרעטן אין די רייען פון די מיליטערישע פאָרמאַציעס פון ייִדישן ייִשוב און העלפן אים פאַרטיידיקן פון די אָנפאַלן פון די צע־ווילדעוועטע רוצחישע אַראַבישע באַנדעס.

איז נישט קיין ווונדער, וואָס די שליחים פון ארץ־ישׂראל האָבן גע־טראָפן די פּליטים־מאַסע אין איטאַליע גרייט צו אַלע שוועריקייטן. נאָר אין אַזאַ גינסטיקן קלימאַט, האָט מען געקענט אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע עליה. די „בריחה״־מענטשן האָבן סיסטעמאַטיש געשמועסט מיט די מענטשן און געוואָרנט פאַר נישט פאָרויסזעענדיקע פאַלן און שוועריקייטן, וואָס וועלן, בלי ספק, זײַן אויפן שווערן וועג.

יעדע וועגדונג און פאָדערונג מצד די אָנפירנדע טוער פון דער עליה ב׳, האָט כּמעט שטענדיק געפונען אַ וואַרעמען אָפּרוף און גרייטקייט מצד די פּליטים. פון דאַנען איז אויך פאַרשטענדלעך די רעטעניש, וואָס אַזאַ גרויסער ציבור האָט געקענט אײַנהאַלטן דעם סוד פון אַן אומלעגאַלן „לך־לך״ און מ׳האָט נישט געהערט פון פיל פאַלן, ווען אין רעזולטאַט פון אַ נישט פאָרזיכטיקער האַנדלונג, זאָלן די אַגענטן פון ענגלישן אויס־שפּיר־דינסט אַרויף אויף די שפּורן פון די, וועלכע האָבן זיך געלאָזן אויף אַן אומלעגאַלן וועג קיין ארץ־ישׂראל.

די דאָזיקע פּליטים־מאַסע, טראָץ דעם וואָס זי איז געווען אויסגעמאַ־טערט פון די לאַנגע מאַרשרוטן, שלעפּן אויף זיך פּעקלעך און קליינע קינדער, האָבן זיך ווירדיק געהאַלטן און גובר געווען די אַלע שוועריקייטן.

זייער שטאַרקער ווילן צו פאָרן צו זייער היימלאַנד האָט אויך, אין אַ געוויסער מאָס, דיקטירט די שטעלונג פון דער איטאַליענישער פּאָליציי און גרענעץ־וואַך לגבי די יידן, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן בײַם פּרוּוון אַריבערגיין די גרענעץ. די גרענעץ־וואַך האָט זיך נישט אַנטשלאָסן אויס־צופירן די שטרענגע פאָרשריפטן, וואָס האָט זיי פאַרפליכטעט, זעענדיק דעם שטאַרקן דראַנג פון די ייִדישע פּליטים צו קומען צו אַ זיכערן ברעג.

צו ערשט איז דער אומלעגאַלער שטראָם פון דער עליה ב׳ געווען קליין. אין דער צײַט פון אויגוסט 1945 ביזן סוף פון דעם יאָר האָבן פאַרלאָזן 1.036 פליטים איטאַליע אויפן וועג קיין ארץ־ישׂראל מיט דער הילף פון די שיפן פון דעם „מוסד". צום סוף פון יאָר 1945 איז לויט אָנגעגעבענע קוועלן געווען מער ווי 20.000 פליטים אין איטאַליע. און טראָץ דעם בריטישן דרוק, האָבן די זעלנער פון דער ייִדישער בריגאַדע איבערגעוואָרפן מיט דער עליה ב׳. 1200 פליטים, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין איטאַליע אויף אַן אומלעגאַלן וועג, און האָבן געוואַרט אויף זייער ריי אָפּצושווימען קיין ארץ־ישׂראל.

בכדי איבערצוגעבן וועגן דעם אויסערגעוויינטלעכן דראַנג און מסירת־נפש פון די ייִדישע פליטים אָנצוקומען קיין ארץ־ישׂראל, איז כּדאי צו איבערגעבן אייניקע פּרטים וועגן דעם קאַמף וואָס עס האָבן געפירט די מעפּילים אויף די שיפלעך, וועלכע זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אין דעם איטאַליענישן פּאָרט לאַ־ספּעציאַ.

און אָט וואָס די צײַטונגען האָבן מיטגעטיילט אין יענער צײַט וועגן דעם געראַנגל פון די אומלעגאַלע עולים:

1200 ייִדן, וועלכע זענען אָנגעקומען אויף אַן אומלעגאַלן אופן קיין איטליע, זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אין פּאָרט לאַ־ספּעציאַ, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם צפון־מערבדיקן טייל פון איטאַליע. דאָס איז געווען דעם 4טן אַפּריל 1946, ווען די אומלעגאַלע עולים האָבן געדאַרפט אָפּשווימען אויף דרײַ קליינע שיפלעך קיין ארץ־ישׂראל. די מעפּילים זענען אָנגעקומען אין פּאָרט אויף 37 מיליטערישע משׂא־אויטאָס, און זענען באַלד פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער גרענעץ־וואַך.

אויף דאָס שיפל „פּידי" האָבן זיך געפונען ייִדן געראַטעוועטע פון די טויט־לאַגערן אוישוויץ, מאַוטהאַוזען, דאַכאַו. ווען די ענגלישע מאַטראָסן זענען אַרויף אויף דער שיף און האָבן מיט גוואַלד זיי געפּרוּווט צווינגען צו איבערפירן זיי אין אַ לאַגער טשיאַוואַרי, וועלכער געפינט זיך עטלעכע קילאָמעטער פון לאַ־ספּעציאַ, האָבן די מעפּילים זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אַראָפּצוגיין פון שיף. די פליטים האָבן זיך ווי צונויפגעפרעסט צוזאַמען, ווי איין מאָנאָליטישע מאַסע. זעענדיק די אַנטשלאָסנקייט פון די ייִדן זיך קעגנשטעלן פאַר יעדן פּרײַז דעם אַרעסט, האָבן די ענגלישע מאַטראָסן פאַרלאָזן די שיף.

אין אַ טעלעגראַמע, וואָס די פאַרהאַלטענע פון „פּידי" האָבן אַרויסגעשיקט צו די מנהיגים פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין רוים —

האָבן די מעפּילים געוואָרנט, אַז: „מיר וועלן דערטרינקען די שיף און אַלע וועלן מיר אַראָפּגיין צום אָפּרונט, ווײַל מיר זענען שוין דערגאַנגען צום לעצטן עטאַפּ פון יאוש און פאַרביטערונג".

די מעפּילים האָבן געבעטן אין דער טעלעגראַמע, אַז די ציוניסטישע מנהיגים זאָלן זיך ווענדן צום פּרעמיער פון ענגלאַנד און צום פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז די ענגלישע מאַכט זאָל געבן די דער־לויבעניש אַרײַנצולאָזן די פאַרהאַלטענע אויף דער שיף „פידי" קיין ארץ־ישׂראל, ווײַל: „זי איז נאָר דאָס איינציקע לאַנד פון דער ייִדישער גאולה".

און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע פּרשה פון אונטערהאַנדלונגען צווישן די פאַרשטייער פון די מעפּילים און די ענגלישע אָפיצירן, וועלכע האָבן געוואָלט פון מאָל צו מאָל „אײַנרעדן" די ייִדן — זיי זאָלן מסכּים זײַן אַראָפּצוגיין פון שיף, אָבער דעם 8טן אַפּריל האָבן די מעפּילים מודיע געווען די בריטישע אָפיצירן, אַז מער וועלן זיי נישט פירן קיין אונטער־האַנדלונגען. די מעפּילים זענען מסכּים נאָר צו איין זאַך: אַז אַ בריטישער אָפיציר זאָל אַרויפגיין אויף דער שיף מיט אַ דערלויבעניש צו אָפּשווימען קיין חיפה, און אויב דאָס וועט זיי אָפּגעזאָגט ווערן, וועלן אַלע אָן אויס־נאַם אויף דער שיף „פידי" דערקלערן אַ הונגער־שטרייק.

לויט די אינפאָרמאַציעס פון די צײַטונגען אין יענער צײַט, האָט די אָנפירונג פון „פידי" באַפרײַט פון דעם הונגער־שטרייק אַלע קינדער און אַ 100 שוואַנגערנדיקע פרויען (פון 340 פרויען אויף דער שיף). די מעפּי־לים זענען געווען אַנטשלאָסן צו פאַרזעצן דעם הונגער־שטרייק אויפן דעק פון דער שיף ביז זיי וועט דערלויבט ווערן אָפּצושווימען פון איטאַליענישן פּאָרט לאַ־ספּעציאַ קיין ארץ־ישׂראל. אויף דער שיף איז אויפגעהאָנגען געוואָרן די ציוניסטישע פאָן בײַ דער זײַט פון דער איטאַליענישער פאָן.

די פּליטים אויף דער שיף האָבן מיט זייער פעסטער האַלטונג אַרויס־גערופן אַ כוואַליע פון סימפּאַטיע פון די איטאַליענער. פיל פון די איטאַ־ליענישע צײַטונגען און באַזונדער פון צפון־איטאַליע האָבן אָפּגעדרוקט אַרטיקלען פול מיט סימפּאַטיע צו די פּליטים אויף דער שיף. פאַרשטייער פון איינציקע פּאַרטייען זענען אַפילו אַרויף אויף דער שיף און האָבן אויסגעדריקט זייער סאָלידאַריטעט צו די שטרײַקנדיקע פון „פידי".

די איטאַליענישע פּאָליציי, וואָס האָט פאַרכאַפּט די פּליטים־שיף האָט זיך געפונען אין אַ נישט אָנגענעמער לאַגע. די פּאָליציי האָט געטענהט, אַז זי האָט גאָרנישט קעגן די פּליטים אויף דער שיף. זי האָט בלויז געזוכט אַן איטאַליענישע פאַשיסטישע כנופיה, וועלכע האָט געוואָלט אַנטלויפן

פון איטאַליע קיין שפּאַניע. אָבער אַלע האָבן געוווּסט, אַז די איטאַליענישע גרענעץ־וואַך האָט פאַרהאַלטן די שיף מיט די פּליטים אונטערן דרוק פון דער ענגלישער מאַכט, וועלכע האָט גוט געוווּסט אַז דאָס איז נישט קיין „איטאַליענישע פאַשיסטישע כּנופיה, וועלכע וויל אַנטלויפן קיין שפּאַניע".

די פּליטים אויף דער שיף האָבן אַראָפּגענומען פון די מאַשינען וויכטיקע טיילן, כּדי מען זאָל די שיף נישט קענען איבערפירן אין אַ צווייטן פּאָרט, אויסער ארץ־ישׂראל.

די שטאָלצע און ווירדיקע האַלטונג פון די פּליטים האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן און שטאַרקער רעאַקציע פון ארץ־ישׂראלדיקן יישוב. די אָנפירער פון דעם ועד־הלאומי האָבן אין צייכן פון סאָלידאַריטעט מיט די שטרײַקנדיקע פון „פידי", אויך פּראָקלאַמירט אַ הונגער־שטרײַק.

אין דעם באַשלוס פון די מנהיגים פון ועד־הלאומי, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעם 14טן אַפּריל 1946 איז געזאָגט געוואָרן, אַז אויב די פּליטים אויף דער שיף „פידי", וועלכע געפינען זיך שוין עטלעכע טעג אין אַ הונגער־שטרײַק וועלן נישט דערלויבט ווערן אָפּצושווימען פון איטאַליע קיין ארץ־ישׂראל, דערקלערן 15 אָנפירער פון ועד־הלאומי אויך אַ הונגער־שטרײַק. און צוזאַמען מיט זיי וועלן אַלע ייִדן פון 13 יאָר אָן, צושטיין צום הונגער־שטרײַק פון די מנהיגים פונעם יישוב אויף איין טאָג. דעם 14.4.1946 — אין דעם טאָג וועלן אָפּגעשטעלט ווערן אַלע אַרבעטן און אַלע געשעפטן וועלן ווערן געשלאָסן ביז 6 פאַרנאַכט. אַלע פאַרווײַלונגס־פּלעצער וועלן אויך געשלאָסן ווערן.

דער באַשלוס פון די אָנפירער פון ועד־הלאומי האָט דאָן געהאַט אַ צווייענדיקע באַדײַטונג:

אויסדריקן די סאָלידאַריטעט פון דעם גאַנצן יישוב אין ארץ־ישׂראל, נישט נאָר מיט די שטרײַקנדיקע אויף דער שיף „פידי" אין לאַ־ספּעציאַ, נייערט אויסדריקן די סאָלידאַריטעט פון יישוב מיט דער גאַנצער שארית־הפּליטה, וועלכע געפינט זיך אין די לאַגערן פון אייראָפּע, און אויך אַפּעלירן צום געוויסן פון דער וועלט וועגן די רעכט פון די פּליטים צו עולה זײַן קיין ארץ־ישׂראל.

דעם 15טן אַפּריל 1946 האָבן די ייִדישע צײַטונגען אין איטאַליע מודיע געווען, אַז אַלע פּליטים אין די לאַגערן פון איטאַליע שטייען צו צום הונגער־שטרײַק אין צייכן פון סאָלידאַריטעט צו די שטרײַקנדע אין לאַ־ספּעציאַ.

אונטערן דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג איז אויף „פידי״ אַרויף פּראָפעסאָר האַראָלד לאַסקי און האָט צוגעזאָגט די מעפּילים, אַז ער נעמט אַליין אויף זיך די מיסיע צו אינטערוועניִרן מיטן ענגלישן אויסערן־מיניסטער בעווין, וועגן דערלויבן די מעפּילים אָפּשווימען קיין חיפה. אויפן סמך פון דעם דאָזיקן צוזאָג האָבן די פּליטים אויף „פידי״ איבער־געריסן דעם שטרײַק ביז דעם 19טן אַפּריל.

אין רעזולטאַט פון די אונטערהאַנדלונגען, וואָס די פירער פון דער סוכנות האָבן געפירט מיט דעם ענגלישן קאָלאָניע־מיניסטער אין לאָנדאָן, האָט די ענגלישע רעגירונג סוף כּל סוף מסכּים געווען, נעמענדיק אין באַ־טראַכט די ספּעציפישע לאַגע פון די פּליטים אויף דער שיף „פידי״ אין פּאָרט לאַ־ספּעציאַ, צו געבן זיי אַ דערלויבעניש אָפּצושווימען קיין ארץ־ישׂראל אויפן חשבון פון די צאָל סערטיפיקאַטן, וואָס די סוכנות וועט באַקומען פון דער ענגלישער מאַנדאַטאָרן־מאַכט.

דער הונגער־שטרייק פון די מנהיגים פון יישוב איז איבערגעריסן געוואָרן נאָך 100 שעה שטרײַקן.

דעם 9טן מאַי 1946 האָט מען מודיע געווען, אַז 1014 מעפּילים האָבן נעכטן (דעם 8טן מאַי), אָפּגעשווומען קיין ארץ־ישׂראל מיט די שיפן „דוב הוז״ און „אליהו גולומב״ פון פּאָרט לאַ־ספּעציאַ. אין די לאַגערן פון די פּליטים אין איטאַליע האָט מען פיל גערעדט, אַז די פּליטים אויף די שיפן „דב הוז״ און „אליהו גולומב״ זענען באַגלייט געוואָרן פון פיל ייִדן און נישט־ייִדן. די אײַנוווינער פון פּאָרט לאַ־ספּעציאַ האָבן צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון דער איטאַליענישער מאַכט, אָפן דעמאָנסטרירט זייער סימפּאַטיע מיט די פּליטים און האַרציק מיט זיי זיך געזעגנט.

וואָס מער און מער שיפן מיט פּליטים האָבן אָפּגעשווומען פון די איטאַליענישע פּאָרטן, הגם דאָס איז שוין געווען אַ היפּשע צײַט נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה און אין איטאַליע האָט זיך נישט אַרויסגעזען די באַלדיקע סכּנה פון ווידעראויפלעבן דעם פאַשיזם. הגם די שארית־הפליטה אין איטאַליע איז פאַקטיש פיזיש נישט געווען באַדראָט, האָט פון דעסטוועגן יעדער געראַטעוועטער ייִד געוואָלט אויסניצן די גינסטיקע געלעגנהייט און געזעגענען זיך מיט די פרײַנדלעכע איטאַליענער. פאַר יעדן פּליט איז עס געווען אַ ווענדפּונקט נאָכן אַרויסרײַסן זיך פון די גרענעצן פון סאָוועט־רוסלאַנד, צו פאַרווירקלעכן דעם טרוים אין משך פון לאַנגע יאָרן: זײַן צוזאַמען מיט נאָענטע קרובים און באַקאַנטע אין ארץ־ישׂראל, אַמעריקע און אַנדערע לענדער פון דער פרײַער וועלט.

דער סדר פון אַרויפגיין אויף אַן אומלעגאַלער שיף איז געווען באַ־שטימט לויט גרופּעס — צוגעפּאַסטע לויט זייער פּיזישן צוזאַמענשטעל. יעדערער האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אויף זײַן ריי, און מיט קליינע אויסנאַמען האָט מען נישט נאָטירט פאַלן פון טענות צו די, וועלכע זענען אַרויף די ערשטע אויף דער שיף און האָבן זיך שוין אָפּגעריסן פון ברעג. בײַ אַלעמען איז געווען דער דראַנג : „נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג״.

די אומלעגאַלע עליה האָט געבראַכט אַ גרויסן נוצן דעם קליינעם ארץ־ישׂראלדיקן יִשוב, היות ווי דאָס איז געווען אַ גרויסער צופלוס פון אַ גוטן מענטשן־פּאָטענציאַל.

די שליחים פון ארץ־ישׂראל האָבן נישט וויניק מי אַרײַנגעלייגט צו דערציִען די יוגנט אין די לענדער, ווו ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט די שארית־הפּליטה, צוצוגרייטן אַ פּאַסיקן עלעמענט פאַר די קיבוצים, מושבים, פאַר דער ווירטשאַפט פון לאַנד און אויך פאַר דער זיכערקייט.

אין די דאָזיקע אומשטענדן איז נישט געווען קיין גרויסע דיספּראָ־פּאָרץ צווישן דעם ציל און די צוגרייטונגס־עטאַפּן צו זײַן פאַרווירקלעכונג.

אָבער די פּליטים האָבן געלעבט אַן באַשטימטע תּקנות, און דאָס לעבן אַליין האָט דיקטירט די מעטאָדן פון זעלבסטפאַרווירקלעכונג פון דעם ציל. בלויז ווען די גרופּעס פון דער אומלעגאַלער עליה זענען אַרויפגעטראָטן אויף דעם ארץ־ישׂראלדיקן באָדן, איז אָפּגעשאַפן געוואָרן די מחיצה צווישן פּליט און תּושב פון לאַנד.

די געשיכטע פון דער אומלעגאַלער עליה איז געקומען צום סוף מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישׂראל דעם 15טן מאַי 1948. די עליה ב׳ האָט אין איר לעצטער תּקופה אַרומגענומען גרויסע מאַסן, וועלכע האָבן געגנבעט גרענעצן פון לענדער, אין וועלכע דער גורל האָט זיי פאַרוואָרפן אין דער צײַט פון דער מלחמה. נאָכן פאַרענדיקן פון דער מלחמה איז די אומלעגאַלע עליה געווען דער עיקרדיקער וועג פון דעם פּליט קיין ארץ־ישׂראל, היות ווי די טויערן פון דעם לאַנד זענען געווען פאַר אים פאַרשלאָסן.

אין דער צײַט פון דער אומלעגאַלער עליה פון אייראָפּע איז דער קאָנטאַקט פון דער שארית־הפּליטה מיטן ארץ־ישׂראלדיקן יִשוב געווען זייער ענג. די שליחים פון ארץ־ישׂראלדיקן יִשוב האָבן דערגרייכט די סאַמע פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך אין אייראָפּע, ווו ס׳האָבן זיך נאָר גע־פונען די שארית־הפּליטה.

יעדער שליח, וואָס האָט געלייסטעט און צוגעלייגט אַ האַנט צו דער הייליקער אַרבעט פון העלפן אַראָפּברענגען די שארית־הפּליטה אין לאַנד,

האָט עס געטאָן פון אַן אינערלעכן דראַנג פון אויספירן אַ הייליקע שליחות. פון דאַנען אויך די זעלבסטבאַפרידיקונג פון זען די פרוכטן פון אַן אָפּגע־טאָנענער אַרבעט לטובת דער שארית־הפליטה און דעם ייִדישן ייִשוב אין לאַנד.

אין משך פון דעם פעריאָד אויגוסט 1945 — מאַי 1948 זענען אָפּגע־שוווּמען פון איטאַליע 31 אומלעגאַלע שיפן מיט מעפּילים, וועלכע זענען בשלום אָנגעקומען אין לאַנד. און דאָס זענען די נעמען פון די שיפן:

דליה, נתונה, פיטרו־אלברטינה, צ׳ארלס ווינגייט, חנה סנש, אנציו סירני, בונים ולוחמים, אליהו גולומב, דוב הוז, ארבע חרויות, ברכה פולד, פלמ״ח, כ״ג, כתריאל יפה, שבתי לוזינסקי, שאר ישוב, אף על פי כן, קדימה, קוממיות, לא תפחידונו, שלשים וחמישה, אומות מאוחדות, ירושלים הנצורה, יחי עם, טירת צבי, משמר העמק, נרקיס, המורד, נירית, חבצלת, ההר.

## מאַניפעסטאַציע אין רוים
## לכּבוד מדינת ישׂראל

די דאָזיקע געשעעניש איז פֿאָרגעקומען אין רוים עטלעכע טעג נאָך דער פּראָקלאַמירונג פֿון מדינת ישׂראל, און כאָטש עס איז שוין אָפּגעלאָפֿן אַ היפּשע ביסל יאָרן, איז נאָך אַלץ פֿריש אין מיין זכּרון דאָס אויסער־געוויינלעכע בילד פֿון יענער ריזיקער און איינדרוקספֿולער מאַניפעסטאַציע אין איטאַליע אין מאַי 1948.

פֿאַר מיינע אויגן קומט איצט פֿון דאָס ניי די דעמאָלטיקע ספּאָנטאַנע פֿרייד, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דער שארית־הפּליטה צוזאַמען מיט די איינגעזעסענע ייִדן פֿון איטאַליע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ווידערגעבורט פֿון דער ייִדישער מדינה.

טראָץ דעם וואָס די צייטונגען און דער ראַדיאָ האָבן מיטגעטיילט, אַז די נייע געבוירענע מדינה איז אין דער זעלבער נאַכט, פֿרייטיק, דעם 14טן מאַי, שוין אַטאַקירט געוואָרן פֿון אַלע שכנותדיקע אַראַבישע לענ־דער און ייִדיש בלוט האָט זיך שוין געגאָסן אויף אַלע פֿראָנט־אָפּשניטן, האָט דאָך דער מרכּז ארגון הפּליטים אין רוים, באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ מאַסן־מאַניפעסטאַציע צוזאַמען מיט דער ייִדישער קהילה אין רוים. די דאָזיקע מאַניפעסטאַציע איז דורכגעפֿירט געוואָרן אין דעם אַלטערטימלעכן קוואַרטאַל, וואָס רופֿט זיך „פֿאָרום ראָמאַנאָ", ווו ס'געפֿינען זיך די רויִנען פֿון דעם אַלטן רוים און צווישן זיי דער גאַנץ פֿאַרבליבענער טיטוס־טויער.

די מאַניפעסטאַציע האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַן אויסערגעוויינ־לעך קאָלירפֿול בילד, טויזנטער ייִדן פֿון דער שארית־הפּליטה, צוזאַמען מיט די איטאַליענישע ייִדן מיט זייערע מנהיגים, האָבן אין געפֿלאָכטענע רייען, אונטער אַ ים פֿון ווייסבלויע פֿענער און טראַנספּאַרענטן, מיט אַן אַ שיעור מגן־דודס מאַרשירט צום טיטוס־טויער. אויף אַלעמענס פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן אַ שטראַלנדיקע פֿרייד און דער גאַנצער אַרום האָט אָפּגעהילכט מיט אַ געזאַנג פֿון העברעיִשע, ייִדישע און איטאַליענישע



**ביים טיטוס-טויער אין רוים נאָך דער עטאַבלירונג פון מדינת ישראל**

**(17.5.1948)**

צווייטע שורה, ערשטער לינקס: לייזער ענגעלשטערן. אויבערשטע שורה, דריטער לינקס: הויפּט-רב פון איטאַליע הרב פּראַטאָ

לידער. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלטע רוים, דאָס זיצאָרט פון וואַטיקאַן, האָט אין איר לאַנגער געשיכטע נישט געזען קיין ענטוזיאַסטישע מאַניפעס־טאַציע ווי די איצטיקע לכּבֿוד מדינת ישׂראל.

יעדער איינער פון די פאַרזאַמלטע האָט געפילט, אַז ער איז אַן עדות פון אַ גרויסער היסטאָרישער פּאַסירונג. עס זענען ניט געווען נייטיק קיין אויסערלעכע עפעקטן, כּדי צו פאַרגרעסערן די פייערלעכקייט און ערנסט־קייט פון דער שטימונג. דאָס איז געקומען פון זיך אַליין. דאָס האַרץ איז ביי יעדן געווען איבערפולט מיט דאַנקבאַרקייט און גליק, וואָס ער איז זוכה געווען צו דער שעה, וואָס ער איז אַליין אַן עדות און ער זעט ווי זיינע פאַרבאָרגענע חלומות ווערן ווירקלעכקייט. אָבער מיר זענען געווען איבערפולט מיט זאָרג און ציטער: וועט די יונגע מדינה קענען אויסשטיין די פּילצאָליקע אַטאַקעס פון די גוט־באַוואָפנטע אַראַבישע אַרמייען, וועט זי קענען פאַרזיכערן איר קיום? וועט ווידער די וועלט זיך צוקוקן מיט גלייכגילטיקייט ווי עס ראַנגלט זיך דער קליינער ארץ־ישׂראלדיקער ישוב?

מיר, די שארית־הפּליטה, האָבן געוויטיקט פאַר יעדן געפאַלענעם זעלנער פון דער יידישער אַרמיי, אָבער מיר האָבן געוווּסט די אַנטשלאָסנ־קייט פון די פאַרטיידיקער פון דער יונגער יידישער מדינה. מיר זענען געווען זיכער אין זייער נצחון.

דער רוף פון די מנהיגים פון ארץ־ישׂראלדיקן ישוב צו די יידן פון דער וועלט צו העלפן פאַרטיידיקן דאָס לאַנד, האָט געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג. פיל יידן פון פאַרשיידענע קאָנטינענטן און פון דער שארית־הפּליטה האָבן זיך געריסן צו די ברעגן פון לאַנד, כּדי אַריינצוטרעטן אין די רייען פון צה"ל און העלפן אָפּשלאָגן די אַטאַקעס פון די אַראַבישע אַרמייען. איינס זענען מיר געווען זיכער: אין ארץ־ישׂראל וועט נישט זיין קיין המשך פון חורבן־אייראָפּע.

ענדלעך, נאָך צוויי טויזנט יאָר אין פּיינלעכן וואַרטן, איז געקומען די צייט פאַרן יידישן פאָלק. די לעגענדע איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. מיר זענען דאָן, שטייענדיק ביי דעם טיטוס־טויער, געווען אַדורכגעשטראָלט מיט דער שיין פון אַן אויפגעגאַנגענער גאולה־זוּנג. אַלע זענען מיר גע־שטאַנען ביים טיטוס־טויער, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טרי־בונע און אויף איר זענען אין משך פון שעהן אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס די פאָרשטייער פון „מרכּז ארגון הפּליטים" אין איטאַליע, בראש מיטן פאָר־זיצער ד"ר לעאָ בערנשטיין און פאָרשטייערס פון דער יידישער קהילה אין רוים.

אָבער דעם שטאַרקסטן אייַנדרוק האָט, בלי ספק, געמאַכט אויף אונדז אַלעמען דאָס דערשייַנען אויף דער טריבונע פון דעם הויפּט־רב פון די איטאַליענישע ייִדן, הרב דוד פּראַטאָ, ז״ל, וועלכער איז געווען אָנגעטאָן אין זייַנע טראַדיציאָנעלע בגדים מיטן טלית.

אַ גערירטער האָט ער גערעדט מיט התלהבות אין עברית און איטאַ־ליעניש צום עולם. זייַן רעדע איז פיל מאָל איבערגעריסן געוואָרן מיט לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן. זייַן אייַנדרוקספולע רעדע האָט דער רב פּראַטאָ פאַרענדיקט מיט דעם „שהחיינו...״

מיר זענען דאַן געשטאַנען אָנגעלאָדענע מיט גורל־מחשבות די גאַנ־צע צייַט פון דעם פאַרלויף פון דער פייַערלעכער מאַניפעסטאַציע און זע־נען געווען דאַנקבאַר דעם גורל, וואָס מיר זענען דורך אונדזערע פייַער־נסיונות באַשענקט געוואָרן מיט אַן אייגענער ייִדישער מדינה.

אתחלתא דגאולה — אַזוי האָבן מיר דאַן פאַרשטאַנען, שטייענדיק ביי אויסגעזען אונדזער לעבן נאָך דעם היטלער־חורבן, ווען עס וואָלט ניט דעם טיטוס־טויער. און צי דען קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי וואָלט אויפגעקומען די ייִדישע מדינה?

# די שארית־הפליטה אין מדינת ישׂראל

די שארית־הפליטה האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין קאַמף פאַר דער אַנטשטייונג פון מדינת ישׂראל. די ריזיקע מאַסע פּליטים, וואָס האָט זיך געפונען אין האַרצן פון אייראָפּע אין פאַרשיידענע די.פּי.־לאַגערן, איז געווען אַ שטאַרקער גורם און אפשר אַ דעציזירנדער פאַקטאָר, כּדי צו משפּיע זײַן אויף די פאָרשטייער פון די פאַראייניקטע נאַציעס אָנצונעמען דעם היסטאָרישן באַשלוס צו שאַפן אַ ייִדישע מדינה אין ארץ־ישׂראל.

אין יענעם נאָכמלחמהדיקן פּעריאָד האָבן וועגן דער שווערער לאַגע פון די ייִדישע פּליטים געשריבן די צענטראַלע צײַטונגען פון פיל לענדער. דער פּרעזידענט טרומאַן, דערוויסנדיק זיך וועגן דער שווערער לאַגע פון די פּליטים אין די לאַגערן, האָט אַרויסגעשיקט אַ ספּעציעלע מיסיע אויף דעם פּראָפעסאָר ג. האַריסאָן, וועלכער האָט אין שליחות פונעם אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטעריום אַרויסגעפאָרן קיין אייראָפּע, כּדי פּערזענלעך זיך באַקענען מיט די באַדינגונגען פון די ייִדישע פּליטים אין די לאַגערן אין אייראָפּע. אין דעם באַזוך האָט אים דאַן באַגלייט דער דירעקטאָר פון „דזשאָינט" ד"ר יוסף שוואַרץ און דער הויפּט־רב פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, וועלכע האָט סטאַציאָנירט אין דײַטשלאַנד, הרב אברהם קלאַוזנער.

אין די געשפּרעכן וואָס פּראָפ' האַריסאָן מיט זײַנע באַגלייטער האָבן געפירט מיט די פּליטים אין די לאַגערן, האָבן די ייִדן אויסגעדריקט זייער פאַרלאַנג וואָס שנעלער צו באַפרײַען זיך פון די לאַגערן און עולה זײַן קיין ארץ־ישׂראל. אויך אַנדערע פאַרשיידענע אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיעס, וועלכע האָבן באַזוכט די פּליטים־לאַגערן אין אייראָפּע, זענען געקומען צו דער איבערצייגונג וווהין דאַרף מען קערן דעם שטראָם פון דער שארית־הפליטה.

אין זײַן באַריכט צום פּרעזידענט טרומאַן, נאָך זײַן באַזוך אין די פּליטים־לאַגערן אין אייראָפּע, האָט פּראָפעסאָר האַריסאָן שאַרף קריטיקירט די שטעלונג פון דער ענגלישער לייבאָר־רעגירונג, וועלכע האָט ביזן לעצטן

מאָמענט, איידער ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די ייִדישע מדינה, פאַרגע־זעצט איר פּאָליטיק פון פאַרקלענערן די צאָל אַרויסגעגעבענע סערטיפיקאַטן אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּן פון „ווייַסן בוך" פון יאָר 1939.

דער ארץ־ישׂראלדיקער ישוב האָט שאַרף רעאַגירט אויף די דאָזיקע באַגרענעצונגען און אין אייראָפּע האָט די „בריחה" געטאָן אַלץ בכדי מיט אַלע מעגלעכע און נישט מעגלעכע וועגן צו אַראָפּברענגען די שארית־הפליטה קיין ארץ־ישׂראל.

און ענדלעך איז געקומען דער היסטאָרישער באַשלוס וועגן דער עטאַ־בלירונג פון מדינת ישׂראל. ווי אַ בליץ האָט זיך צעטראָגן דאַן די פרייילעכע בשׂורה צווישן דער שארית־הפליטה. אַלע האָבן מיר געיובלט, ס'איז דאָ אַן אייגענער אַדרעס און די שיפן מיט די ייִדישע פּליטים וועלן אַנקערן אין אַ ייִדישן אייגענעם האַפן. אַ סוף צום ענגלישן מאַנדאַט און אַ סוף צו די סערטיפיקאַטן. יעדער ייִד האָט איצט די רעכט צו עולה זיין פרייַ קיין ארץ־ישׂראל. קיינער וועט איצט נישט קענען שטערן דעם שטראָם פון די געראַטעוועטע האַלאָוועשקעס צו דעם אייגענעם לאַנד.

די שארית־הפליטה האָט מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דער ייִדישער מדינה באַקומען אַ טיילווייַזע מאָראַלישע סאַטיספאַקציע פאַר די פּיַין און יסורים, אַדורכגעמאַכטע אין דער חורבן־צייַט.

און אָט שטייען מיר איצט, די ניט דערברענטע האַלאָוועשקעס, ביַי דעם זעלבן טיטוס־טויער, ווו טיטוס הרשע האָט געפייַערט זייַן נצחון איבער דער באַזיגטער ירושלים און אַלס צייכן פון זייַן זיג האָט ער באַ־פוילן צו אויסגראַווירן אויף דעם שטיינערנעם טויער אַ בילד פון געפאַנ־גענע ייִדן, ווי זיי טראָגן די מנורה מיט די כּלים פונעם בית־המקדש און דאָרט זעט מען די אויסגעקריצטע ווערטער, „יודעאַ קאַפּטאַ" (געפאַנגענע יהודה). איצט שטייען דאָ אויף דעם פּלאַץ ייִדן פון אַ ווייַטערדיקן דור, וועלכע זענען געווען עדות פונעם גרעסטן חורבן פון ייִדישן פאָלק אין משך פון זייַן לאַנגער 2000 יאָריקער עקזיסטענץ. דאָ זענען געשטאַנען דאַן געוועזענע געטאָ־קעמפער, פּאַרטיזאַנער און באַפרייַטע זעלנער, וועלכע האָבן געהאָלפן צו דערשלאָגן די נאַצישע בעסטיע און פיל באַפרייַטע פון די טויט־לאַגערן און מיר האָבן געהאַט דאַן דעם זכות צו פייַערן, טאַקע ביַי דעם טיטוס־טויער, דעם נצח־ישׂראל.

באַלד נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישׂראל איז דער שווערפּונקט פון דער ארץ־ישׂראלדיקער פאָרשטייערשאַפט אַריבער צו אָרגאַניזירן אויף דער גיך הילף פאַר דער אָנגעגריפענער יונגער מדינה.

אין פיל פונקטן פון איטאַליע זענען אָרגאַניזירט געוואָרן קורסן פון אינטענסיווע מיליטערישע איבונגען. דאָס לאַנד האָט געפּאָדערט אַלץ מער און מער אויסגעשולטע זעלנער, וועלכע מ׳זאָל קענען גלייך נאָכן אָנקומען אין לאַנד, שיקן אויף די פראָנטן.

די שליחים פון „החלוץ" האָבן פיל געהאָלפן די ספּעציעלע שליחים פון דער „הגנה" צוגרייטן די צוקונפטיקע זעלנער פון צה״ל. דער ענטוזיאַזם צווישן די יונגע בחורים, וועלכע האָבן זיך געריסן צום קאַמף בכדי פאַר־טיידיקן דאָס לאַנד, איז געווען גרויס. די פּליטים האָבן אָנגעהויבן אַ גרויסע געלט־אַקציע פאַר דעם אָנגעגריפענעם ישוב אין ארץ־ישׂראל. גאַנצע מחנות פּליטים האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע שפּייַז־צוטיילונגען און זאַכן לטובת דעם ישוב.

דאָס איטאַליענישע ייִדנטום האָט זיך צום צווייטן מאָל אויפגעוועקט אין די סכּנותדיקע טעג פון דער יונגער מדינה. דאָס ערשטע מאָל האָט דאָס פּאַסירט ווען אויף דער איטאַליענישער ערד איז צום ערשטן מאָל אַרויפ־געטראָטן דער ייִדישער זעלנער פון דער ייִדישער בריגאַדע און טראָץ דעם, וואָס די חיילים פון דער בריגאַדע האָבן נישט געהאַט קיין געמיינזאַמע שפּראַך מיט די איטאַליענישע ייִדן, האָבן ביידע צדדים געפילט אַ וואַרעמע דערנענטערונג און פרייַנדשאַפט איינער צום צווייטן.

מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דער ייִדישער מדינה האָט זיך דאָס איטאַ־ליענישע ייִדנטום נאָך מער דערנענטערט צו די פּליטים פון מזרח־אייראָפּע. אַלע האָבן געפילט דעם בשותּפותדיקן גורל און די זאָרג פאַר דעם ארץ־ישׂראלדיקן ישוב.

לויט דער איניציאַטיוו פון די אָרטיקע ייִדישע קהילות האָט דאָס איטאַליענישע ייִדנטום געשפּענדט פיל גרעסערע סומעס, ווי דאָס ייִדנטום פון גרעסערע לענדער אין אייראָפּע.

די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס פון דער שארית־הפליטה אין איטאַליע און די אָרטיקע ייִדישע קהילות צוזאַמען מיט די חלוצים האָבן אָרגאַניזירט אַן אַקציע, בכדי צו קויפן עטלעכע עראָפּלאַנען פאַר צה״ל.

אין משך פון אַ יאָר, נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה, זענען פון איטאַליע אַרויסגעפאָרן די גאַנצע שארית־הפליטה. דאָס רוב איז עולה געווען קיין ישׂראל.

אין אָנדענק פון די היסטאָרישע טעג ערב דער מדינה איז דער בנין ווו ס׳האָבן זיך פריִער געפונען פאַרשיידענע פאָרשטייערשאַפטן פון ארץ־ישׂראל, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם אָפיציעלן בנין פון דער דיפּלאָמאַ־

טישער פאַרשטייערשאַפט פון ישׂראל אין איטאַליע, און דער הויפּט פון דער ארץ־ישׂראלדיקער פאַרשטייערשאַפט, אריה אורון, אין רוים, איז נאָמינירט געוואָרן דורך דער ישׂראלדיקער רעגירונג אַלס אָפיציעלער דיפּלאָמאַטי־שער פאַרשטייער אין איטאַליע.

## „אף־על־פּי״

עס איז גוט באַוווסט די רעאַקציע פון דער ענגלישער מאַנדאַטאָרן־מאַכט לגבי די אומלעגאַלע עולים, וועלכע פלעגן געכאַפּט ווערן אַראָפּ־גייענדיק פון די אומלעגאַלע שיפן אויפן ברעג פון ארץ־ישׂראלדיקן ים. די עולים פלעגן מיט כּוח פאַרשפּאַרט ווערן אין דעם צוואַנגס־לאַגער אין עתלית. אין יוני־יולי 1946 זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישׂראל איינע נאָך די אַנדערע, שיפן מיט 6000 „אומלעגאַלע״ עולים, וועלכע האָבן פאַרפולט די באַראַקן פון דעם לאַגער עתלית.

דעם 12טן אויגוסט האָבן די ענגלענדער געלאָזט וויסן, אַז אויף להבא וועלן די אומלעגאַלע עולים מער נישט פאַרשפּאַרט ווערן אין אַ לאַגער, נאָר זיי וועלן אַריבערגעפירט ווערן אין די לאַגערן אין ציפּערן, אָדער אין אַן אַנדער אָרט און זיי וועלן דאָרט פאַרבלייַבן אין די לאַגערן, ביז עס וועט אָנגענומען ווערן אַ באַשלוס וואָס מיט זיי צו טאָן. דאָס איז פאַקטיש געווען אַ וואָרענונג, בכדי צו אָפּשרעקן די צוקונפטיקע אומלעגאַלע עולים צו קומען קיין ארץ־ישׂראל. אָבער דער „סטראַשונאַק״ פון די ענגלענדער האָט גאָרנישט משפּיע געווען אויף די אַלע פּליטים, וועלכע האָבן זיך גע־ריסן קיין ארץ־ישׂראל. די שיפן מיט די „אומלעגאַלע״ עולים האָבן ווייַטער פאָרגעזעצט דעם וועג דורכן ים, טראָץ דער שאַרפער וואָרענונג פון די ענגלענדער, און טראָץ דעם וואָס עס איז באַוווסט געווען, אַז די „אומלע־גאַלע״ שיפן ווערן פאַרהאַלטן און די עולים ווערן פאַרשפּאַרט אין ספּע־ציעלע לאַגערן, אין וועלכע „מען לעקט נישט קיין האָניק״. די בריטישע קריגס־שיפן פלעגן כאַפּן די אומלעגאַלע שיפן אין מיטן ים, ברענגען זיי קיין ארץ־ישׂראל אין חיפה׳ער פּאָרט און פון חיפה פלעגן זיי אָפּגעפירט ווערן מיט צוואַנג קיין ציפּערן.

די צייַטונגען אין יענער צייַט האָבן ברייט צעטראָגן די ידיעות וועגן די אכזריותדיקע טאַטן פון די ענגלישע זעלנער לגבי די אומלעגאַלע עולים.

די וועלט האָט זיך אויך דערוווּסט וועגן די קאַמפּן, וואָס די פּליטים האָבן געפירט אויף די שיפן מיט די ענגלענדער און זיך קעגנגעשטעלט דעם גירוש פון ארץ־ישראל קיין ציפּערן. די ענגלישע סאָלדאַטן, וועלכע זענען אַרויפגעגאַנגען אויף די שיפן זענען באַגעגנט געוואָרן מיט אַ האָגל פון פּוסטע קאָנסערוון־פּושקעס און אויך זיך געשלאָגן מיט די ענגלישע זעל־נער אין משך פון שעהן. ווען די ענגלענדער האָבן זיך אָבער איבערצײַגט, אַז דאָס פאַרשפּאַרן די „אומלעגאַלע" עולים וואָס קומען קיין ארץ־ישראל אין די לאַגערן אין עתלית און אין ציפּערן האָט נישט אָפּגעשוואַכט דעם גאַנג פון דער „אומלעגאַלער" עליה, נאָר פאַרקערט, זי איז פאַרשטאַרקט געוואָרן, האָבן די ענגלענדער אָנגעווענדעט אַ נײַע טאַקטיק, און נעמלעך: זיי האָבן געפּרוּווט די „אומלעגאַלע" שיפן צוריקשיקן צו די פּאָרטן, פון וואַנען זיי זענען אַרויסגעשוווּמען.



**אַ פראַגמענט פון „דזשאָינט"-סדר אין „קאַזינאָ דעלאַ ראָזאַ"**
פון רעכטס צו לינקס: לייזער ענגעלשטערן, אין צענטער: דער ווילנער שטאָט-חזן יוסף אידעלסאָן ביים אָפּריכטן דעם סדר

## „עקזאָדוס"

די וועלט איז אויפגעטרייסלט געוואָרן מיט דעם גוואַלד־טאַט פון די ענגלענדער לגבי די 4.554 עולים, וועלכע זענען געשווומען קיין ארץ־ישׂראל מיט דער שיף „עקזאָדוס" ־ 1947 (יציאת אירופה תש"ז).

דעם 17טן יוליל 1947, 10 אַזייגער אין אָוונט האָט זיך אין דער עפיר צעטראָגן אַ דיַיטלעכע און קלאָרע שטים, דאָס האָט דער אומבאַקאַנטער ספיקער פון דער אומלעגאַלער שיף „עקזאָדוס ־ 1947" זיך געווענדעט צו דער וועלט מיט די פאָלגנדע ווערטער:

„האזינו לאניית מעפּילים" — הערט די מעפּילים־שיף „עקזאָדוס ־ 1947", — די שיף פון דער יִדישער הגנה, וואָס דערנענטערט זיך צו די ברעגן פון ארץ־ישׂראל. אויפן דעק פון דער שיף געפינען זיך 4.554 מעפּילים. מיר געפינען זיך אויף אַ מהלך פון אַ 100 קילאָמעטער פון דער יבשה און פון מינוט צו מינוט דערנענטערן מיר זיך צום געגאַרטן ברעג".

די וויַיטע און דאָך אַזוי האַרציק נאָענטע שטים האָט איבערגעגעבן דעם גאַנצן בראשית פון „עקזאָדוס ־ 1947".

די שיף איז אין פעברואַר 1947 אָפּגעשוווּמען פון באַלטימאָר קיין איראָפּע. אַ גאַנצן חודש האָט געדויערט ביז מען האָט געמאַכט די נייטיקע הכנות צום אָפּשווימען. פון דער ערשטער מינוט וואָס די שיף האָט זיך באַוויזן בײַ די איראָפּעיִשע ברעגן, האָבן די ענגלענדער אָנגענומען די געהעריקע מיטלען, כּדי נישט דערלאָזן, אַז „עקזאָדוס ־ 47" זאָל באַקומען ברענשטאָף. דעם 24סטן אַפּריל איז די שיף אָנגעקומען קיין איטאַליע. די איטליענישע קריגסשיפן האָבן גלײַך באַקומען די אויפגאַבע די שיף צו באַוואַכן און שטערן איר שווימען.

דעם 13טן יוני איז „עקזאָדוס" אָנגעקומען קיין פראַנקרײַך און אויך דאָ האָבן די ענגלישע זעלנער געפּרוווּט נישט דערלאָזן די שיף־מאַנשאַפט

צו באַקומען ברענשטאָף און פּראָוויאַנט פאַר די מעפּילים. נישט געקוקט, אָבער, אויף אַלע שטערונגען איז געלונגען אין משך פון אַ פּאָר שעה אַרויפצוברענגען אויף דער שיף די נויטיקע ברענשטאָף און פּראָוויאַנט.

5 מינוט פאַרן אָפּשווימען פון דער שיף האָבן די ענגלענדער אויפגעפאָדערט די פראַנצויזישע מאַכט נישט צו דערלאָזן דעם אָפּגאַנג פון „עקזאָדוס", און געפאָדערט אַז אַלע מעפּילים פון דער שיף זאָלן אַראָפּגיין אויפן ברעג. אָבער סײַ די פראַנצויזן און סײַ די מעפּילים האָבן נישט אָנגענומען די ענגלישע פאָדערונגען און דעם 11טן יולי, 6 אַ זייגער אין דער פרי איז „עקזאָדוס" מיט זײַנע איבער 4.500 מעפּילים, אָפּגעשווומען אין דער ריכטונג צו ארץ־ישׂראל.

אויף מאָרגן האָבן זיך איבער „עקזאָדוס" באַוויזן ענגלישע באָמבאַרדירער און צו דער שיף האָבן זיך דערנענטערט אַן ענגלישע אויסשפּיר־שיף און אַ צעשטערער און שפּעטער איז די שיף באַגלייט געוואָרן די גאַנצע צײַט פון 5 ענגלישע קריגסשיפן.

ווײַטער האָט דער ספּיקער פון „עקזאָדוס" איבערגעחזרט די ווערטער, אַז:

„קיין שום פאַרפאָלגונגען און קיין שום שטערונגען וועלן נישט אָפּהאַלטן דעם שטראָם פון דער העפּלה, טויזנטער אַנדערע וועלן נאָך אונדז צושטיין צו דעם שטראָם"...

דער ספּיקער פון „עקזאָדוס" האָט זיך געווענדעט אין נאָמען פון די מעפּילים פון דער שיף צו דער אונ"אָ־קאָמיסיע, וואָס האָט אין יענער צײַט זיך געפונען אין ארץ־ישׂראל און אײַנגעלאַדן די קאָמיסיע־מיטגלידער אַרויפצוקומען אויף „עקזאָדוס", כּדי באַשײַמפּערלעך זיך איבערצײַגן אין דער ענגלישער אכזריות און אַז די ענגלישע זעלנער ווילן מיט כּוח צוריקברענגען די עולים אין די לאַגערן, פון וועלכע זיי האָבן זיך באַפרײַט.

די ווענדונג פון דעם ספּיקער פון „עקזאָדוס" איז איבערגעגעבן געוואָרן אויף ענגליש און פראַנצויזיש, באַגלייט צום סוף מיט דעם פּאַרטיזאַנער־ליד און די „התקווה".

אויפן צווייטן טאָג, דעם 18טן יולי, 3 פאַר טאָג, ווען „עקזאָדוס" האָט זיך נאָך געפונען עטלעכע און צוואַנציק מײַל פון די ארץ־ישׂראלדיקע ברעגן, פאַר דער גרענעץ פון די טעריטאָריעלע וואַסערן, האָט איינע פון די ענגלישע קריגסשיפן געעפנט אַ פײַער אויף „עקזאָדוס" און באַשאָסן די שיף. אין טומל איז 16 מאַטראָסן פון ענגלישן פלאָט געלונגען זיך אַרויפכאַפּן אויף „עקזאָדוס". אין דעם מאָמענט זענען שוין געווען אויף דער

שיף ביי אַ 110 שווער און לייַכט פאַרווונדעטע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביסענער קאַמף צווישן די מעפּילים און די ענגלישע מאַטראָסן. די מעפּילים איז געלונגען צו אַנטוואָפענען די מאַטראָסן און דערביי האָבן 3 פון די מעפּילים באַצאָלט מיטן לעבן: דער שיפס־קאַפּיטאַן וויליאַם בערנ־שטיין, דער 15־יאָריקער ייִנגל הירש יאַקובאָוויטש און מרדכי באַמשטיין.

דעם זעלבן טאָג 4 נאָך מיטאָג האָט „עקזאָדוס" אָנגעהויבן זיך דערנענ־טערן צום חיפה'ער האַפן. צוויי ענגלישע צעשטערער־שיפן האָבן זיך דער־נענטערט צו „עקזאָדוס" און די מאַטראָסן פון די קריגסשיפן האָבן ווידער באַנייַט דעם פּרווו אַרויפצוגיין אויף דער שיף, אָבער די מעפּילים האָבן זיך ענערגיש אַנטקעגנגעשטעלט און די ענגלישע מאַטראָסן זענען ווידער באַגעגנט געוואָרן מיט אַ האָגל פון קאָנסערוון־פּושקעס און אַנדערע חפצים. די ענגלענדער האָבן ווידער געעפנט אַ פייַער, פון וועלכן ס'זענען פאַר־ווונדעט געוואָרן אַ היפּשע צאָל מעפּילים, ערשט נאָך דעם, ווי די ענגלענ־דער האָבן געלאָזט אין גאַנג טרערן־באָמבעס, איז זיי געלונגען צו צעברעכן דעם ייִדישן ווידערשטאַנד און צו באַהערשן „עקזאָדוס".

די ענגלענדער האָבן מיט כּוח און רוגזה אָנגעהויבן אַריבערפירן די מעפּילים פון „עקזאָדוס" אויף די ענגלישע שיפן און ביי די צוזאַמענשטויסן זענען ווידער פאַרווונדעט געוואָרן איבער 40 מעפּילים און פון דער שיף־מאַנשאַפט. צוויי פון די פאַרווונדעטע זענען שפּעטער געשטאָרבן פון די ווונדן.

די לוויה פון די „עקזאָדוס"־קעמפער, וואָס איז פאָרגעקומען אין תּל־אביב, זונטיק, דעם 20סטן יולי, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גראַנ־דיעזער פאָלקס־מאַניפעסטאַציע, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט צענד־ליקער טויזנטער ייִדן. אין דער צייַט פון דער לוויה איז אָפּגעשטעלט גע־וואָרן די גאַנצע באַוועגונג, ס'זענען פאַרמאַכט געוואָרן אַלע געשעפטן. גע־שטרייַקט האָט די ייִדישע חיפה. אויף די גרויסע פּלאַקאַטן, וואָס זענען געטראָגן געוואָרן בעת דער לוויה איז געווען אויפגעשריבן: „דאָס פאַר־גאָסענע בלוט וועט פאַלן אויף די קעפּ פון די ענגלענדער", „קרבנות וועלן אונדז נישט אָפּשרעקן", „קיין שום קראַפט איז נישט מסוגל אָפּצושטעלן די העפּלה", א"א.

דעם 21סטן יולי שפּעט נאָך מיטאָג איז באַקאַנט געוואָרן דער באַשלוס פון דער ענגלישער מאַנדאַטאָרן־מאַכט, אַז „עקזאָדוס" מיט די מעפּילים ווערן אָפּגעשיקט אין דער באַגלייטונג פון ענגלישע קריגסשיפן אין דער ריכטונג צו דייַטשלאַנד — דאָס לאַנד פון די פּליטים־לאַגערן.



די צײַטונג „בדרך" האָט מיטגעטיילט, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פּראָקלאַמירטן פּראָטעסט-טאָג קעגן די ענגלישע מעטאָדן לגבי די מעפּי־לים פון „עקזאָדוס" איז דינסטיק, דעם 22סטן יולי, פאָרגעקומען אין פּלי־טים-לאַגער פּאַלעזע אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פון פיל פּליטים פון דעם לאַגער.

9 אַ זייגער פרי האָט זיך אויפן גרויסן פּלאַץ אין פּאַלעזע, דרום־איטאַליע, פאַרזאַמלט אַלע פּליטים פונעם לאַגער. די יוגנט אין אוניפאָרמען מיט פענער און אויך די עלטערע פּליטים מיט פענער און טראַנספּאַרענטן, האָבן דעמאָנסטרירט פאַר דעם לאַגער־קאָמענדאַנט, וועמען עס איז איבער־געגעבן געוואָרן די אָנגענומענע רעזאָלוציעס.

אַ דערשיטערנדיקן אײַנדרוק האָבן געמאַכט די ווערטער פון אַ 9־יאָריקן ייִנגל, וואָס האָט גערעדט אין ייִדיש און האָט אויסגערופן:

„צי האָט דאָס ייִדישע פאָלק זיך באַנוצט מיט באָמבעס און גאַזן קעגן קליינע שוצלאָזע ענגלישע קינדער? פאַר וואָס קומט אונדז נישט דאָס רעכט צו געניסן פון אמתער קינדער־פרייד?"

נאָכן אָפּזינגען די „התקווה" זענען אַלע פּליטים פון דעם לאַגער אָפּ־געפאָרן אויף אויטאָס קיין באַרי, דרום־איטאַליע.

אין באַרי האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די דעמאָנסטראַנטן די אײַנוווינער פון טראַנזיט־לאַגער און קלענערע קיבוצים. צוזאַמען האָבן די דעמאָנס־טראַנטן מאַרשירט דורך די גאַסן פון באַרי. צום ענגלישן קאָמענדאַנט האָבן די דעמאָנסטראַנטן זיך נישט געקענט דערנענטערן, ווײַל ער איז באַוואַכט געווען מיט אַ שטאַרקער פּאָליציי־וואַך.

פאַר דעם גרויסן איטאַליענישן המון האָט דאָס זעלבע ייִנגעלע גערעדט שוין אין איטאַליעניש און ער האָט אויסגעדריקט זײַן פאַרביטערט קינדע־ריש האַרץ אין נאָמען פון די אַלע אומגעקומענע קינדער, טאַטעס און מאַ־מעס און אויך פון די אין לאַגער פאַרשפּאַרטע יתומים.

איינער פון די פּליטים האָט דערקלערט פאַר די איטאַליענער דעם באַדײַט פון דעם פּראָטעסט־מיטינג.

פאָרשטייערס פון פּאַלעזער טראַנזיט־לאַגער און פון באַרי, האָבן איבערגעגעבן דעם ענגלישן קאָנסול אַ מעמאָראַנדום קעגן די אכזריותדיקע מעטאָדן לגבי די ייִדישע מעפּילים.

אויך אין דעם פּליטים־לאַגער קרעמאָנאַ, צפון־איטאַליע, איז פּאָרגע־קומען אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג קעגן דער ענגלישער מאַנדאַטאָרן־מאַכט, וועלכע האָט זיך דערלויבט צו שיסן אויף אומבאַוואָפנטע פרויען און קינ־דער אויף דער שיף „עקזאָדוס". די רעדנער אויף דער פּראָטעסט־פאַרזאַמ־לונג האָבן אויסגעדריקט זייער שאַרפן פּראָטעסט אין נאָמען פון אַלע פּלי־טים צו דער ענגלישער מאַכט, פאַר דער אַנטי־ייִדישער און אַנטי־מענטש־לעכער האַנדלונג לגבי די מעפּילים פון „עקזאָדוס", וועלכע זענען שווער געטראָפן געוואָרן פון דעם ענגלישן פייַער.

אַ פאָרשטייער פון דעם פּליטים־לאַגער האָט איבערגעלייענט פאַר דעם פאַרזאַמלטן עולם די טעלעגראַמעס, וואָס ווערן געשיקט אין נאָמען פון אַלע פּליטים פון לאַגער קרעמאָנאַ צום איטאַליענישן פּרעמיער־מיניסטער דע־גאַספּערי, פּרעזידענט טרומאַן, סטאַלין, צו דער ענגלישער רעגירונג, צו דער אונ"אָ־קאָמיסיע אין ארץ־ישׂראל און צו דער „איראָ".

די אימפּאָזאַנטע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג איז געשלאָסן געוואָרן מיט "התקווה" און האָט איבערגעלאָזן אַ שטאַרקן רושם אין לאַגער.

אין די ייִדישע פּליטים־לאַגערן בייַ טורין האָבן 9 טויזנט מאַן דער־קלערט אַ 24־שעהדיקן הונגער־שטרייַק אַלס פּראָטעסט קעגן ענגלישן איבערפאַל אויף דער שיף „עקזאָדוס - 1947".

אין רוים און אין מילאַנאָ זענען פאָרגעקומען זיצונגען פון די אָנפירנ־דיקע קערפּערשאַפטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון די פּלי־טים אין איטאַליע, וועגן אייַנאָרדענען גרויסע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס אין די דאָזיקע שטעט, ווי אויך איבער גאַנץ איטאַליע.

פון גאַנץ איטאַליע זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן גרויסע שטורמישע דעמאָנסטראַציעס און פּראָטעסט־מיטינגען פון די ייִדישע פּליטים קעגן די אומדערהערטע אָנגריפן פון בריטישן ים־פּלאָט קעגן דער מעפּילים־שיף „יציאת אירופּה 1947" („עקזאָדוס").

# קבלת־פנים
# פאַרן ישראל־קאָנסול אין רוים

אין צוזאַמענהאַנג מיטן עפענען אַ ישראל־קאָנסולאַט אין רוים, איז פאָרגעקומען אַ פייַערלעכער קבלת־פנים פאַר דעם ערשטן ישראל־קאָנסול פון דער ייִדישער מדינה אין איטאַליע ה׳ אריה שטערן.

די פייַערלעכקייט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ תפילה אין דער גרויסער שיינער שול אין רוים, אין וועלכער ס׳האָט זיך פאַרזאַמלט פיל ייִדן פון דער הויפּטשטאָט פון איטאַליע.

דער קאָנסול אריה שטערן איז אויפגערופן געוואָרן צו דער תורה און אין דעם מאָמענט האָט זיך דער גאַנצער עולם אויפגעשטעלט און נאָך די ברכות האָבן אַלע געזונגען „התקווה״.

זונטיק דעם 12טן יוני איז אין איינע פון די זאַלן פון שיינעם בראַנקאַטישיאַ־פּאַלאַץ אין רוים, פאָרגעקומען דער פייַערלעכער קבלת־פנים לכבוד דעם ערשטן קאָנסול פון ישראל אין איטאַליע, איינגעאָרדנט דורכן „מרכז אירגון הפליטים״, פאַרבאַנד פון די ייִדישע קהילות און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין איטאַליע.

ס׳האָבן זיך דאָן פאַרזאַמלט פאָרשטייער פון די ייִדישע פליטים, איטאַליענישע ייִדן און פיל איטאַליענישע און אויסלענדישע זשורנאַליסטן און פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער.

דער ערשטער וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ באַגריסונגס־רעדע לכבוד דעם ייִדישן קאָנסול איז געווען דער הויפּט־רב פון רוים הרב פּראַטאָ. זייַן רעדע האָט ער אָנגעהויבן אין עברית און האָט פאַרענדיקט אין איטאַליעניש. מיט רירנדע ווערטער האָט דער הויפּט־רב פון רוים געזאָגט דאָן די פאָלגנדע ווערטער:

„דער הייַנטיקער טאָג איז איינער פון די גליקלעכסטע פאַר אונדז — איטאַליענישע ייִדן. יאָרנלאַנג האָבן מיר געטרוימט וועגן

אים. מיר האָבן נישט געוואָלט גלויבן, אַז מיר וועלן דעם גרויסן טאָג דערלעבן. אונדזער דור, וועלכן ס'איז אויסגעקומען דורכצולעבן איינע פון די גרעסטע קאַטאַסטראָפעס אין אונדזער לאַנגער געשיכטע, איז אויסגעפאַלן דאָס גליק בייַצולעבן דעם גרויסן נס — דאָס אַנטשטיין פון דער ייִדישער מלוכה".

„מיר באַגריסן דעם ערשטן ישׂראל-קאָנסול אין רוים, אין דער שטאָט, וועלכע איז מיט טויזנטער פעדעם פאַרבונדן מיט דער גע-



געווי' הויפּט-רב פון איטאַליע, הרב דוד פּראַטאָ, באַגריסט בעת דער דערעפענונג פון ישראל-קאָנסולאַט אין רוים. לעבן אים, לינקס, דער ערשטער קאָנסול פון מדינת ישראל אין איטאַליע אריה אורון (1948)

שיכטע פון אונדזער פאָלק. ירושלים און רוים — ביידע אַלטערטימלעכע וועלט-צענטערס — שטעלן איין צווישן זיך אַ קאָנטאַקט. דאָס איז אַ גרויסער היסטאָרישער טאָג".

מיט אַ קורצער רעדע אין עברית איז אַרויסגעטראָטן אַ ישׂראל-שליח, וועלכער האָט אין נאָמען פון דער ארץ-ישׂראלדיקער משלחת באַגריסט דעם ערשטן דיפּלאָמאַטישן פאָרשטייער פון מדינת ישׂראל אין איטאַליע. צווישן אַנדערע האָט ער דערקלערט:

„אין די גרויסע טעג דאַרפן מיר געדענקען וועגן די הונדערטער טויזנטער ייִדן, וועלכע האָבן מיט זייער שווייס און בלוט אויף די

פעלדער פון אַרבעט און אין די שווערע קאַמפן, אויסגעקעמפט אונדזער מלוכה. די זון פון מדינת ישׂראל וועט שײַנען פאַר די ייִדן אין דער גאַנצער וועלט. די ייִדן אין איטאַליע האָבן אויפגענומען דעם רוף פון ארץ־ישׂראל. זיי האָבן מיטגעאַרבעט מיט אונדז אין אונדזער קאַמף — איצט פײַערן מיר אַלע צוזאַמען — די איטאַליענישע ייִדן, די ייִדן — פּליטים און די שליחים פון ארץ־ישׂראל־דיקן ישוב, דעם גרויסן טאָג, ווען אין דער שטאָט אין וועלכער עס שטייט דער טויער פון טיטוס, איז אויפגעהויבן געוואָרן די פאָן פון דער פרײַער אומאָפּהענגיקער מדינת ישׂראל״.

מיט אַ וואַרעמער באַגריסונגס־רעדע איז אויך אַרויסגעטראָטן דער דירעקטאָר פון „דזשאָינט״ אין איטאַליע האַראָוויץ. ער האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די ענגע צוזאַמענאַרבעט פון „דזשאָינט״ מיט ה׳ אריה שטערן, וואָס איז ביז דער אַנטשטייונג פון מדינת ישׂראל געווען דער פאַרשטייער פון דער ייִדישער אַגענץ אין איטאַליע. האַראָוויץ האָט פאַרזיכערט, אַז דער „דזשאָינט״ וועט שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פון ייִדישן פאָלק זײַנע אַלע רעסורסן, כּדי מיטהעלפן אין דער גרויסער און הייליקער אַרבעט.

מיט אַ באַגײַסטערטער רעדע איז אויך דאָן אַרויסגעטראָטן דער פאַרשטייער פון דער ייִדישער אַגענץ אין לאָנדאָן, פּראָפ׳ בראָדעצקי, וועלכער האָט זיך דאָן צופעליק געפונען אין רוים.

פּראָפ׳ בראָדעצקי האָט באַטאָנט, אַז נאָך מיט אַ קורצער צײַט צוריק האָבן די ענגלענדער דעצידירט ווער עס זאָל קענען אַרײַנקומען קיין ארץ־ישׂראל, איצט דעצידירן שוין די ייִדן אַליין, ווער פון די ענגלענדער קען אַרײַנקומען קיין ארץ־ישׂראל. ער האָט אויסגעדריקט זײַן ווונטש, אַז דער ייִדישער קאָנסול אין רוים זאָל שיקן וואָס מער ייִדן קיין ארץ־ישׂראל.

עס האָט אויך באַגריסט איינער פון די אָנפירער פון „דזשאָינט״ ה׳ פּאַסמאַן, וועלכער האָט אין וואַרעמע ווערטער באַגריסט דעם ערשטן ייִדישן קאָנסול פון מדינת ישׂראל אין רוים, און צווישן אַנדערע האָט ער געזאָגט, אַז איטאַליע און ארץ־ישׂראל פאַרבינדן געשיכטלעכע פעדעם. דורך איטאַליע איז אין די לעצטע יאָרן געגאַנגען דער וועג פון טויזנטער ייִדן קיין ארץ־ישׂראל. ביידע מלוכות ליגן אויף די ברעגן פון איינעם און דעם זעלבן מיטללענדישן ים און ביידע פעלקער האָבן נאָך צוזאַמען אַ סך אויפצוטאָן פאַרן וווּל פון דאָזיקן טייל וועלט.

צום שלוס פון דעם פײַערלעכן קבלת־פּנים האָט אין נאָמען פון אַלע ייִדישע פּליטים אין איטאַליע, באַגריסט דער פּאָרזיצער פון „מרכּז אירגון הפּליטים" אין איטאַליע ד"ר לעאָ בערנשטיין, וועלכער האָט אין האַרציקע ווערטער געזאָגט:

„איך רעד אויפן הײַנטיקן קבלת־פּנים אין ייִדיש, אין דער שפּראַך, אין וועלכער עס איז נישט ווייניק געטרוימט, גערעדט און געשריבן געוואָרן וועגן ארץ־ישׂראל. אין דער דאָזיקער שפּראַך האָבן גערעדט די חלוצים, ווען זיי האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען און זיך געלאָזט קיין ארץ־ישׂראל. וועגן די דאָזיקע חלוצים דאַרפן מיר גע־דענקען אויף יעדער אונדזער שׂמחה".

„אונדזערע שׂמחות אין די איצטיקע טעג פון אונדזער באַפרײַונג זענען גרויסע — זיי זענען, אָבער, געמישט מיט געפילן פון ווייטיק און צער, מיט טרויער נאָך אונדזערע 6 מיליאָן אומגעקומענע ברי־דער, וועלכע ס'איז נישט באַשערט געווען צו דערלעבן דעם גרויסן טאָג פון גאולה. וועגן זיי געדענקען מיר אויך אין די איצטיקע פריידיקע טעג פון אונדזער געשיכטע".

ד"ר בערנשטיין האָט אויך אונטערגעשטראָכן די ראָל פון איטאַליענישן ייִדנטום און זייער ציוניסטישן קאַמף אין די נאָך־מלחמה־יאָרן. דער קאָנסול ה' שטערן האָט געזאָגט, „ד"ר ל. בערנשטיין וועט נאָך פאָרזעצן די אַרבעט, וועלכע איז ביז איצט אָפּגעטאָן געוואָרן. די ייִדישע יוגנט האָט ביז דער אַנטשטייונג פון מדינת ישׂראל נישט געוואַרט אויף קיין קאָנסולן און וויזעס, כּדי צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל. די ייִדישע יוגנט האָט זיך געלאָזט מיט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע וועגן, כּדי צו אָנקומען קיין ארץ־ישׂראל און אַ דאַנק אָט דער דאָזיקער פּאַטריאָטישער ציוניסטישער יוגנט איז געבויט געוואָרן דער ישוב אין ארץ־ישׂראל, וואָס האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער אַנטשטייונג פון דער ייִדישער מדינה. די דאָזיקע העלדישע יוגנט וועט איר ווײַטער בויען און וועט איר אויך פאַרטיידיקן פון אַלע שׂונאים, וועלכע ווילן אומברענגען דער יונגער ייִדישער מדינה" — האָט פאַרענדיקט זײַן פּרעכטיקע רעדע ד"ר לעאָ בערנשטיין.

דער פײַערלעכער קבלת־פּנים פאַרן ערשטן ייִדישן קאָנסול פון מדינת ישׂראל אין רוים, האָט זיך דאַן פאַרוואַנדלט אין אַן אַלגעמיינעם ייִדישן יום־טוב פון די איטאַליענישע ייִדן און פון דער גרויסער פּליטים־מאַסע.

# מיר פֿאַרלאָזן איטאַליע

ווי נאָר איך האָב זיך פֿאַרבונדן מיט מײַן ברודער אביגדור אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, האָט ער מיר מודיע געווען, אַז ער האָט אָנגענומען אַלע מעגלעכע שריט און דערליידיקט אַלע פֿאָרמאַליטעטן אונדז אַריבער־נעמען קיין אַמעריקע. אויף אונדז, האָט ער געשריבן, וואַרט אַן אײַנגע־אָרדנטע היים אין זײַן אייגן הויז און ער מיט זײַן פֿרוי און די גאַנצע משפּחה וואַרטן שוין מיט אומגעדולד אויף אונדזער קומען.

איין מאָל האָט ער צו מיר געקלונגען פֿון אַמעריקע און ער האָט מיר אָנגעזאָגט די בשׂורה, אַז ער האָט שוין אַרויסגעשיקט די אײַנרײַזע־פּאַפּירן און אַז מיר זאָלן שוין מאַכן די געהעריקע צוגרייטונגען צו פֿאַרלאָזן איטאַליע.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָבן מיר שוין געהאַט דעם „אַפֿידייװיט". די שׂמחה איז בײַ אונדז געווען גרויס: ענדלעך וועט אונדזער קינד זיך דערציִען אין נאָרמאַלע באַדינגונגען אין אַן אייגענער היים...

ערשט ווען איך האָב זיך גענומען פּראַקטיש זיך גרייטן צו דער רײַזע, האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן אויף גרויסע שוועריקייטן. מיר האָבן דאָך גע־הערט צו דער פּוילישער קוואָטע, לויט וועלכער מ'האָט אַרויסגעגעבן אַ קליינע צאָל אַמעריקאַנישע אַרײַנפֿאָר־דאָקומענטן, אין איינקלאַנג מיט די שטרענגע אימיגראַציע־געזעצן.

אין יענער צײַט האָבן שוין די אַמעריקאַנער ייִדישע מנהיגים גע־קלאַפּט אין די טירן פֿון „ווײַסן הויז" און געפֿאָדערט, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג זאָל פֿאַרלײַכטערן די אימיגראַציע־געזעצן פֿאַר די מלחמה־פּלי־טים אין אייראָפּע. אין מײַן לאַגער „טשינעטשיטאַ", ווי בכלל אין אַלע פּליטים־לאַגערן אין איטאַליע, האָבן טויזנטער פֿון דער שארית־הפּליטה מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט צו פֿאַראייניקן זיך מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע. מיט גרויס אומגעדולד האָבן די ייִדישע פּלי־טים געוואַרט אויף דער דעציזיע פֿון אַמעריקאַנער קאָנגרעס וועגן אַרײַנ־

ברענגען פאַרלײַכטערונגען אין די אימיגראַציע־געזעצן. דער ענין האָט זיך געשלעפּט 3 יאָר צײַט.

ווען ס׳איז פּלוצלונג דערהאַלטן געוואָרן די ידיעה, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט באַשלאָסן צו דערלויבן 300,000 מלחמה־פּליטים אַרײַנפאָרן קיין אַמעריקע, איז די שׂמחה בײַ דער שארית־הפליטה געווען גענוג גרויס און מען איז געווען דאַנקבאַר אַמעריקע פאַר דעם פאַרשפּעטיקטן חסד.

די פאַרלײַכטערטע אימיגראַציע־מעגלעכקייטן קיין אַמעריקע זענען אויסגעפאַלן כּמעט אין איין צײַט, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסלײדיקן די קיבוצים און הכשרה־פּונקטן אין איטאַליע, נאָך דער עטאַבלירונג פון מדינת ישׂראל און דאָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרײַע עליה.

די פּראָצעדור פון אימיגראַציע־פאָרמאַליטעטן, לויטן ספּעציעלן „די־פּי״־געזעץ, איז געווען אין גאַנצן אַן אַנדערע, ווי לויט דער קוואָטע מיט וועלכער עס האָט געהאַט צו טאָן דער אַמעריקאַנער קאָנסולאַט. צוליב דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן אַ באַזונדערער אַפּאַראַט פון אימיגראַציע־אָפּטייל, וואָס האָט געאַרבעט אין די לאַגערן גופא און זיי האָבן דערלײדיקט אַלע נייטיקע פאָרמאַליטעטן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט די אימיגראַציע־ענינים.

צו ערשט האָט מען באַדאַרפט דורכגיין אַ ריי אויספאָרשונגען, וועלכע ס׳האָבן אַדורכגעפירט אַ ספּעציעלע אַמעריקאַנישע פּאָליטישע קאָמיסיע. נאַציס און קאָמוניסטן זענען געווען פאַרבאָטן אַרײַנצופאָרן אין אַמעריקע. (פון דעסטוועגן האָבן נישט קיין קליינע צאָל קאָמוניסטן און טויזנטער נאַצי־פאַרברעכער זיך אַרײַנבאַקומען קיין אַמעריקע, טראָץ די אַלע חקירות). אַז מ׳איז שוין אַדורך די פּאָליטישע קאָמיסיע, איז געקומען די ריי אויף דער מעדיצינישער אונטערזוכונג. מ׳האָט געדאַרפט פאָרן אין אַ לאַגער אין דרום־איטאַליע, באַרלעטאַ, דאָרט האָט מען געמוזט פאַרבלײַבן אין משך פון עטלעכע וואָכן, ביז וואַנען די אימיגראַנטן־קאַנדידאַטן זענען אַדורכגעגאַנגען די שטרענגע מעדיצינישע אונטערזוכונגען. ס׳האָבן נישט געפעלט, פאַרשטייט זיך, קיין פאַלן, ווען די דאָקטוירים האָבן געפסלט אייניקע משפחה־מיטגלידער און נישט דערלויבט זיי אַרײַנצופאָרן קיין אַמעריקע — דאָן האָט זיך געטאָן „חושך״.

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ קאָמישער אינצידענט מיט אַ ייִדן בײַ דעם אַמעריקאַנער קאָנסול, וועלכער איז געווען שוין די לעצטע אינסטאַנץ אויף באַשטעטיקן די וויזע קיין אַמעריקע, נאָכן דורכגיין אַלע נייטיקע אַנדערע פאָרמאַליטעטן. דער ייִד האָט געקענט בלויז רעדן ייִדיש. דער קאָנסול

האָט זיך אָפּגעזאָגט אים צו באַשטעטיקן. באַלד איז געקומען אַ „דזשאָינט"־פאָרשטייער מיט אַ סידור אין האַנט און דער ייִד האָט אָנגעהויבן גלײַך פון דעם „שמע ישׂראל"... דער קאָנסול האָט זיך באַלד פאַרשטאַנען אויף דעם ייִדנס „שמע ישׂראל" און שמייכלענדיק האָט ער אים באַשטעטיקט... אין קאָרידאָר, ווו ס'האָבן געוואַרט פיל ייִדן, האָבן זיי דורך דער טיר גע־הערט ווי דער ייִד לייענט מיט גרויס התמדה פון סידור און זײַן הויכן „שמע ישׂראל", וואָס האָט אויך אין דעם פאַל געהאָלפן אַ ייִדן פון אַ צרה...



ענדלעך איז געקומען אונדזער ריי צו גרייטן זיך אין וועג אַרײַן און פּאַקן די טשעמאָדאַנעס. דאָס איז געווען אַ חודש פאַר די ימים־נוראים פון 1949. מיר האָבן פאַרלאָזן דעם לאַגער „טשינעטשיטאַ" און זענען אָנגעקומען צוריק אין באַרלעטאַ, ווו מיר זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן צום טראַנס־פּאָרט פון קנאַפּע טויזנט נפשות, ייִדן און נישט־ייִדן. מען האָט אונדז גלײַך אַוועקגעפירט אין אַ געוועזענעם לאַגער פון אַמעריקאַנער סאָלדאַטן פון בלעכענע באַראַקן, וואָס האָט זיך געפונען אין דער סביבה פון דער שיינער מאָלערישער שטאָט סאַלערנאָ, נישט ווײַט פון סיציליע. דאָרט האָבן מיר זיך געפונען 3 חדשים. דער לאַגער האָט זיך געפונען בײַם ברעג פון ים, בײַ אַ שיינער, ריינער פּלאַזשע. די סביבה אַרום איז געווען אַ פּרעכטיקע, אַרומגערינגלט מיט סערפּענטינע־בערג, וועלכע זענען געווען באַדעקט מיט גרינס און פּרוכט־ביימער.

אין משך פון די 3 חדשים וואָס מיר האָבן געוואַרט אויף אונדזער אָפּפאָר, פלעגן מיר מאַכן אָפטע אויספלוגן אין די שיינע ערטער פון סיצי־ליע און אַנדערע היסטאָרישע ערטער אין איטאַליע. דער קאָפּ איז שוין געווען פרײַ פון דאגות און ס'האָט זיך געוואָלט וואָס מער געניסן פון דער פּרעכטיקער לאַנדשאַפט פון איטאַליע, איידער מיר פאָלן אַרײַן אין דעם אַמעריקאַנער „שמעלצטאָפּ".

סוף־כּל־סוף האָבן מיר זיך ענדלעך דערוואַרט אויף דער געגאַרטער בשׂורה, אַז מיר זאָלן זײַן גרייט צו אַרויפגיין אויף דער שיף. מיר זענען געווען זיכער, אַז נאָכן אַדורכגיין אַלע פאָרמאַליטעטן און אָפּגעבן די שבועה בײַם אַמעריקאַנער קאָנסול, זענען שוין אַלע פּראָצעדורן געענדיקט, אָבער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נאָך נישט גענוג. מיר האָבן נאָך געדאַרפט דורכגיין נאָך אַ פאַרהער בײַ אַ הויכן עמיגראַציע־באַאַמטן, איז

מען ווידער געגאַנגען מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אויף אַ פרישן „עקזאַמען". ברוך־השם, אויך די „צרה" איז מען ווי עס איז אַריבערגעקומען.

און אַט זענען מיר אין דער שטאָט נעאַפּאָל, אין דער שיינער פּאָרט־שטאָט, פון דעם נעאַפּאָלער פּאָרט וועלן מיר אָפּשווימען מיט דער גרויסער אַמעריקאַנער שיף „מאַרינאַ דזשאַמפּער" קיין ניו־יאָרק. דערווײַל, ביז וואָס ווען, האָבן מיר געכאַפּט אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט. פֿאַר אונדזערע אויגן האָבן זיך אַנטפּלעקט אַ פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע, אַ וווּנדערבאַר שיינע לאַנדשאַפט. אומעטום וווּ מיר זענען געגאַנגען אין נעאַפּאָל האָבן מיר געוואָלט „אַרײַנכאַפּן" און זען וואָס מער שיינע פּלעצער און מאָנומענטן. מיר האָבן באַזוכט דעם מוזיי, די קאַטעדראַלע, דעם אַלטן קעניגלעכן פּאַלאַץ, אָבער אומעטום האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אויך די אָרעמקייט פון די שטאָלצע איטאַליענער און דאָס שמוץ אין די גאַסן, וואָס האָט לגמרי נישט האַרמאָניזירט מיט דער שיינער פּאַנאָראַמע אַרום און מיט די שיינע הײַזער און גאַסן.

ס'איז געקומען די צײַט אַרויפצוגיין אויף דער שיף. די שארית־הפליטה פּאַסאַזשירן האָבן שוין געוואַרט מיט אומגעדולד, ווען די שיף וועט אָפּשווימען און וועט אונדז אַריבערפירן אויף יענער זײַט אַטלאַנטיק און — „זײַ געזונט" אייראָפּע!

די אַמעריקאַנער, אויף זייער שטייגער, האָבן טאַקע נישט געקאַרגט קיין מיטלען צו באַזאָרגן די צוקונפטיקע אַמעריקאַנער בירגער מיט אַלעם נייטיקן און מיט אַן אומזיסטער רײַזע אויף דער שיף. אָבער ווען מיר האָבן שוין פאַרנומען אונדזערע פּלעצער אין די קאַיוטעס און דער עולם האָט זיך צעלייגט אויף די בעטלעך אַ ביסל אָפּרוען, זענען מיר געוואָרן אַ „האָרעלע" אַנטוישט, ווען מען האָט אונדז געמאָלדן אַז מיר דאַרפן זיך גאָר אַליין באַדינען אין משך פון דער רײַזע אויף דער שיף... מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט, אַז מיר וועלן גאָר פאָרן ווי „פּריצים" און דאָ אַזאַ „אַנטוישונג"... מיר האָבן „געקרימט מיט דער נאָז" און זיך געוויצלט, אַז „פֿאַר דער רײַכער אַמעריקע פּאַסט עס נישט"...

נאָך 10 טעג שווימען איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן, איז אונדזער שיף אַרײַן אין ניו־יאָרקער האַפן דעם 21סטן נאָוועמבער 1949.

## ערשטע שריט אין נייעם לאַנד

און אָט האָבן מיר מיט מזל דערגרייכט דעם אַמעריקאַנער ברעג. דאָס איז געווען מײַן ערשטע לאַנג־דויערנדיקע רײַזע אויפֿן ים. מיר האָבן אָפּ־געכאַפּט דעם אָטעם און אַרײַנגעזאַפּט אין זיך אַ שפּאָר ביסל יבשה־לופֿט. מיר האָבן דערגרייכט דאָס געבענטשטע „גאָלדענע" לאַנד, וווּ איך וועל מיט האָפֿענונג קענען אײַנאָרדענען אונדזער ווײַטערדיקע עקסיסטענץ. די טויזנטער עלעקטרישע ליכט פֿון ניו־יאָרקער פּאָרט און שטאָט האָט צו אונדז געווונקען, געפֿינקלט מיט אַ פֿרײַנדלעכער שלום־עליכם־ברכה און אונדז דערמוטיקט, געוועקט אין אונדז זיסע דערוואַרטונגען אויף אַ בעסערן מאָרגן אינעם נײַעם לאַנד.

מײַנע געדאַנקען זענען איצט געווען פֿאַרנומען מיט דער באַלדיקער באַגעגעניש מיט מײַן ברודער אביגדור און זײַן משפּחה. מיר שטייען אויפֿן דעק פֿון שיף און זענען באַהערשט מיט געמישטע געפֿילן: פֿון איין זײַט זענען מיר צופֿרידן, וואָס עס איז שוין געקומען אַ סוף צו אונדזערע וואַנ־דערונגען אַלס פּליטים פֿון לאַנד צו לאַנד; מיר וועלן דאָ נישט זײַן אַזוי עלנט און מיט דער הילף פֿון מײַן ברודער אָנהייבן פֿון דאָס נײַ בויען אַ לעבן, פֿאַרזיכערן פֿאַר מײַן זון אַ זיכערע צוקונפֿט. פֿון דער צווייטער זײַט האָב איך זיך נישט געקענט באַפֿרײַען פֿון דעם בלוטיקן עבֿר, פֿון דער אַזוי טראַגיש אומגעקומענער משפּחה, וועמענס געביין מיר האָבן איבערגעלאָזן אין פּאָנאַר און אין אַנדערע מאַסן־קבֿרים ערגעץ ווו אין ליטע. אַזעלכע געפֿילן זענען אויך געווען בײַ רותן.

ס'האָט גענומען אַ שיינע פּאָר שעה, איידער מ'איז אַדורכגעגאַנגען אַלע קאָנטראָלן און דערליידיקט אַלע נייטיקע פֿאָרמאַליטעטן. בײַ די לאַנגע טישן זענען געזעסן הויכע באַאַמטע פֿון עמיגראַציע־דעפּאַרטאַמענט. מיר האָבן געהאַט מזל: אונדזערע ענינים האָבן דערליידיקט באַאַמטע, וועלכע האָבן גערעדט אַ פּליסיקן ייִדיש, אָבער מיט אַן אַמעריקאַנער אַקצענט.

מ'האָט די אַלע אָנגעקומענע גענומען אויף אַ פֿאַרהער. אויסגעפֿרעגט

איין מאָל און נאָך אַ מאָל פון וואַנען איך קום, ווו איך בין געבוירן און נאָך אַנדערע פראַגעס. און דאַן, נאָך אַלע שאלות ותשובות האָט מען אונדז פריי־געלאָזן און זיי — די באַאַמטע — האָבן זיך אַנטשולדיקט פאַר די אומ־



זון דודל אויף דער שיף, בעת דער רייזע קיין אַמעריקע (1949)

אָנגענעמלעכקייטן וואָס זיי האָבן אונדז פאַרשאַפט, די פּראָצעדור, האָבן זיי געטענהט, מוזן אַלע פּריש געקומענע אַדורכמאַכן ביים אָנקומען אין אַמעריקע.

פון דער גרויסער האַלע האָבן מיר געזען אויף יענער זייט פון באַריער פיל מענטשן, וועלכע האָבן מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט זייערע קרובים.

מיט נייגעריקע בליקן האָב איך צווישן דעם גרויסן עולם געזוכט מײַן ברודער אביגדור מיט אַנדערע קרובים פון רותס משפחה, וועלכע זענען געקומען אונדז מקבל פנים זײַן. אַרום אונדז האָבן זיך געדרייט פאַרשטייערס פון „דזשאָינט" און „האַיאַס", וועלכע האָבן זיך מטפל געווען מיט די אָנקומענדיקע פליטים.

ענדלעך זענען מיר שוין פרײַ. מיר שטייען לעבן מײַן ברודער, וועלכן איך האָב שוין נישט געזען מער ווי 13 יאָר. געריהרטע פון דער אַזוי גע־גאַרטער באַגעגעניש האָבן מיר בײדע נישט געקענט אַרויסרעדן קיין וואָרט. טרערן האָבן אונדז געשטיקט. צוויי גלידער זענען מיר פאַרבליבן פון אונ־דזער גרויסער משפחה. ס'זענען אויך געקומען אונדז מקבל פנים זײַן 2 שוועסטערקינדער, מיט וועלכע איך בין נאָך אין ווילנע געזעסן צוזאַמען אויף דער שולבאַנק אין דער רוסישער קאַזיאָנער פאַלקסשול. זיי זענען בײדע געקומען קיין אַמעריקע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

איין קוזין, שלום, האָט אונדז אַרײַנגעזעצט אין זײַן גרויסן אויטאָ־מאָביל און האָט אונדז געבראַכט אין זײַן רחבותדיקער ווילע, אין איינע פון די רײַכע פאַרשטעט פון ניו־יאָרק, לאָנג־אײַלאַנד. דאָרט האָט שוין אויף אונדז געוואַרט זײַן פרוי, זײַנע דרײַ טעכטער מיט זײַן זון.

דער ערשטער סורפּריז — זײַנע קינדער קענען נישט קיין ייִדיש וואָרט, כאָטש מײַן קוזין שלום (אין אַמעריקע האָט מען אים גערופן סעם) האָט גערעדט אַ גוטן ייִדיש, אַזוי אויך זײַן פרוי לינאַ. דער צווייטער קוזין יאַנקל (אין אַמעריקע האָט מען אים גערופן דזשעק) האָט אויך נישט פאַר־געסן זײַן מוטערשפּראַך. בײדע קוזינס זענען געווען אין מײַן עלטער און זיי זענען שוין בײדע שוכני עפר.

אונדזער שמועס האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אויף צומאָרגנס האָט אונדז סעם אָוועקגעפירט צו דער גרענד־צענטראַל־באַנ־סטאַנציע און פון דאָרט זענען מיר, צוזאַמען מיטן ברודער, אָפּגעפאָרן צו זײַן היים אין דער שטאָט בוירלינגטאָן, שטאַט ווערמאָנט.

מײַן אָנקומען קיין אַמעריקע איז גראָד אויסגעפאַלן אין די טעג פון גרויסן אַמעריקאַנער יום־טוב, וואָס הייסט אין ענגליש „טהענגסגיווינג", וואָס באַטײַט דער טאָג פון דאַנק צום בורא־עולם פאַר דעם זאַטן לעבן אויף דער וועלט.

מיר האָבן אין דעם ברודערס רחבותדיקער דירה געפונען צוגעגרייט פאַר אונדז אַ שיין מעבלירטן צימער און מיר האָבן באַלד דערפילט די וואַרעמקייט און איבערגעגעבנקייט פון די ביז גאָר פאַר אונדז נאָענטע

מענטשן. נאָך די אַלע פֿיַילעכע יאָרן אין דער חורבן־צײַט און שפּעטער דאָס וואַלגערן זיך אין די פּליטים־לאַגערן, האָבן מיר סוף־כּל־סוף געפֿונען אַ מקום־מנוחה.

מײַן ברודער איז געקומען פֿון קאָוונע, ליטע, אין 1936 קיין אַמעריקע, אַלס בחור. אין ניו־יאָרק האָט ער חתונה געהאַט מיט אונדזערס אַ קוזינע, דער מוטערס שוועסטערס אַ בת־יחידה. נאָך דער חתונה האָבן זיי געעפֿנט אַ געשעפֿט פֿון דאַמען־קליידער אין ניו־יאָרק, אָבער זיי האָבן נישט מצליח געווען אין דער רױשנדיקער שטאָט. זיי זענען אַריבערגעפֿאָרן אין דער נישט גרויסער שטאָט בוירלינגטאָן אין צפֿון פֿון לאַנד, געקויפֿט אַ הויז און ביידע זענען אַוועק אַרבעטן אַלס אָנגעשטעלטע אין רײַכע פֿירמעס און האָבן זיך גאַנץ גוט אײַנגעאָרדנט.

לכּבוד אונדזער קומען האָט זײַן שטוב באַקומען אַ יום־טובדיקן אויסזען — אין שטוב איז אַלץ געווען בשפֿע. די ערשטע צײַט האָבן זיך אונדזערע שמועסן געדרייט אַרום כּלערליי פֿאַמיליע־ענינים, וועגן אומקום פֿון די בני־משפּחה און וועגן אונדזערע איבערלעבענישן אין די חורבן־יאָרן. אונדזער שׂמחה פֿון דערלעבן זיך צו זען איז געווען אַדורכגעפֿלאָכטן מיט צער און ווייטיק ביים דערמאָנען די אַלע נאָענטע מענטשן, וועלכע זענען אַזוי טראַגיש פֿאַרשניטן געוואָרן.

די ערשטע טעג פֿלעג איך אַרומשפּאַצירן איבער די שטילע גרינע גאַסן פֿון דער רויִקער שטאָט ווי אַ פֿאַרחלומטער. אַלץ האָט בײַ מיר אויסגעזען דאָ אַנדערש ווי אין אייראָפּע, וועלכע איך האָב שוין באַוויזן צו דערקענען אין דער צײַט פֿון מײַנע וואַנדערונגען מיט דעם פּליטים־שטראָם. יעדע זאַך האָט דאָ בײַ מיר אַרויסגערופֿן התפּעלות, די לוקסוס־הײַזער מיט די שיינע וועראַנדעס און די גאַנצע שטאָט טונקט זיך אין גרינס.

גאָר איבערראַשט בין איך געווען פֿון דעם ייִדישן צענטער. אַ קהילה פֿון בלויז בײַ קרוב אַ טויזנט נפֿשות און פֿאַרמאָגט אַזאַ שיינעם בנין, ווו ס׳געפֿינט זיך דער בית־הכּנסת, אַ שולע פֿאַר די קינדער, ספּאָרטזאַלן מיט אַלע נייטיקע גימנאַסטישע אײַנריכטונגען און אַ גרויסער רחבותדיקער זאַל פֿאַר ייִדישע שׂמחות: חתונות, בר־מצוות, בריתן, באַנקעטן א״אַ פֿאַרווײַלונגען. די ייִדן לעבן זיך דאָ גאַנץ קולטורעל, אָן דאגות פֿון פּרנסה.

די ערשטע 2 וואָכן זענען אַדורך אין אָבסערווירן דעם היגן אַרט לעבן. נישט ווילנדיק האָב איך גלײַך געמאַכט אַ פֿאַרגלײַך מיט דעם לעבן פֿון די ייִדן אין אונדזערע שטעטלעך אין דער אַלטער היים.

אין מײַן ברודערס הויז האָט זיך נישט געפֿונען קיין ייִדישע צײַטונג,

קיין יִדישער זשורנאַל, קיין יִדיש בוך. איך האָב בלויז געפונען בײַ אים אַ סידור, אַ חומש און אַ מחזור. אַלע פּאָליצעס זענען געווען פאַרפולט מיט ענגלישע ביכער און זשורנאַלן. זײַן פרוי, וועלכע איז געקומען קיין אַמעריקע פון ווילנע אַלס 5-יאָריק קינד, איז אויסגעוואַקסן און איז דער־צויגן געוואָרן אין דער ענגלישער שפּראַך און ליטעראַטור. דאָס האָט זי



לעבן הויז פון מײַן ברודער אביגדור אין בוירלינגטאָן, ווערמאָנט
שטייען פון רעכטס צו לינקס-: די שוועגערין בלומע, ברודער אביגדור, לייזער ענגעלשערן און זון דודל

זיך שוין געזאָרגט, אַז אין שטוב זאָל זיך נישט געפינען קיין יִדישע צײַ־טונג און מען זאָל נישט רעדן אויף יִדיש, ער זאָל, הייסט עס, מײַן ברודער, ווערן „מיט לײַטן גלײַך". אָבער ווי באַלד מיר זענען שוין דאָ, האָט מען זיך צוריק גענומען צו דער יִדישער שפּראַך.

מײַן שוועגערין האָט מיך ביסלעכווײַז גענומען צוגרייטן, אַז איך מוז אָנהייבן לערנען ענגליש, ווײַל אָן דער שפּראַך וועל איך דאָ אין אַמעריקע

גאָרנישט דערגרייכן, און אַז איך וועל שוין קענען ענגליש, וועל איך זיך נישט נייטיקן אין אַ יידישער צייַטונג. אַפילו אין בית־הכּנסת, זאָגט זי, רעדט מען אויף ענגליש. דאָס האָב איך זיך טאַקע איבערצייַגט דעם ערשטן שבת, ווען איך בין געקומען אין שול מתפּלל זייַן. דאָרט האָט מיך דער יונגער ראַביי באַגריסט פון באַלעמער אין ענגליש; כאָטש איך האָב קוים פאַרשטאַנען אַ פּאָר ווערטער.

מייַן שוועגערין האָט אין מיר אַרייַנגעטענהט, אַז מ׳דאַרף זיך וואָס גיכער צופּאַסן צום אַמעריקאַנער שטייגער־לעבן און באַמיִען זיך פאַרגעסן וואָס עס איז געווען אין „יוראָפּ״. מ׳דאַרף זיך באַמיִען, זאָגט זי, צו באַ־פרייַען זיך פון די פריִערדיקע געוווינהייטן און פּירונגען, כּדי מיר זאָלן זיך נישט צו פיל וואַרפן אין די אויגן אַלס „גרינע״, און זיך ניט חידושן מיט יעדער קלייניקייט, „כאָטש אַלץ בייַ אייַך רופט אַרויס התפּעלות״.

עס איז אַריבער די ערשטע פּאָר וואָכן, רוף איך זיך אָפּ צו מייַן ברו־דער: — איידער איך הייב אָן זיך אייַנאָרדענען, וואָלט זיך מיר געוואָלט אָנקוקן ניו־יאָרק, ס׳איז דאָך דאָרטן פאַראַן קרובים, חברים, באַקאַנטע מיט וועלכע איך האָב זיך אַזוי פיל יאָרן נישט געזען.

— ביסט גערעכט — זאָגט מייַן ברודער — פאָר זיך טאַקע אַדורך קיין ניו־יאָרק, וועסטו זען, ווי אַזוי מ׳ווערט פאַרשוואַרצט אין דעם ניו־יאָרקער „גהינום״, דאַן וועסטו קענען זען דעם אונטערשייד צווישן ניו־יאָרק און בוירלינגטאָן.

# אין ייִדישן ניו־יאָרק

אויף צומאָרגנס בין איך שוין אָנגעקומען אין ניו־יאָרק. דאָ האָב איך באַלד דערפילט די אמתע אַמעריקע. ס׳האָט דאָ געזידט ווי אין אַ קעסל. ס׳איז נישט געווען יענע שטילקייט און פאַרשלאָפנקייט פון דער פּראָווינ־ציעלער בוירלינגטאָן.

די ייִדישע אַמעריקע האָט זיך דאָ געוואָרפן אין די אויגן בכל גודלה ותפארתה. אין דער געגנט ווו איך האָב מיך געפונען, האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ייִדיש לאַנד, עפּעס אין אַ ווינקל פון אַ מדינה, וואָס באַ־נוצט געזעצן און אָרגאַניזירט מלוכה־לעבן נאָר כּלפּי חוץ, אָבער אינעוויי־ניק האָבן די ייִדן געלעבט ווי זיי איז געווען ניחא. דער ברויזנדיקער אימ־פּעט פון ייִדישן פּרנסה־לעבן פאַרשלינגט דאָ אַלץ. פון דעם ערשטן טאָג אין ניו־יאָרק בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם טומל אויף די גאַסן, פון אָריגינעלן קאָך און רעש, עכט אייגנטימלעכן, היימיש־ייִדישלעכן אויף די ניו־יאָרקער גאַסן.

נישט קיין תּחית־המתים פון ווילנער פּישמאַרק האָב איך דאָ געפונען אינעם אויסטערלישן געזעמל־געדראַנג; נאָר אַ המשך פון יענער סביבה, צוגעפּאַסט צו דעם קוואַליענדיקן, שוימיקן ניו־יאָרק.

די באַרוישקייט מײַנע פון די ערשטע טעג אין דעם קאָכיקן קעסל, האָט שטופנווײַז אָפּגעלאָזט. איך האָב זיך אָבער גענומען פאַרטראַכטן צי וואָלט איך אפשר גאָר דאָ, טאַקע אין דעם רוישיקן ניו־יאָרק, געקענט זיך אײַנאָרדענען? איך בין פּשוט פאַרבלענדט געוואָרן פון אירע גרויסע מאַסן ייִדן און ייִדישע אינסטיטוציעס, מיט אירע טעגלעכע צײַטונגען און אַנדערע ייִדישע אויסגאַבעס, טעאַטערס. ניו־יאָרק האָט מיך באַלד געפּאַנגען און אַרײַנגענומען ווי אין קלאַמערן. איך האָב באַלד דאָ דערזען אַ מעגלעכקייט צו באַפרידיקן מײַן דראַנג צו אַרײַנפּאַסן זיך ווידער אין אַ ווירקזאַמען שעפערישן קולטור־לעבן, אָבער קעגן דעם אַלעם איז אויך געשטאַנען דער זייער וויכטיקער פאַקטאָר: עקזיסטענץ — און דאָס מיינט, קודם־כּל, אַרבעט.

צי וועל איך דאָ קענען אײַנאָרדענען זיך בײַ מײַן פאַך אַלס אַ זעצער אין אַ צײַטונג, אָדער אין אַ ייִדישן פאַרלאַג?

קודם־כּל בין איך באַלד אַוועקגעפאָרן צו איסט־בראָדוויי אָנקוקן די רעדאַקציעס פון די ייִדישע צײַטונגען. ווי נאָר איך האָב אויפגעעפנט די טיר פונעם „טאָג"־זעצערײַ, האָט מיך דערוואַרט אַן אַנגענעמער סורפּריז: כ׳האָב דאָ געטראָפן 2 ווילנער זעצער, איינער איז געווען אַ חבר פון מײַן ברודער משה. מיר האָבן זיך דערפרייט, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע פון פראַגן וועגן דעם אומקום פון די ווילנער ייִדן, וועגן חורבן, זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף קרובים, חברים, אפשר האָט זיך ווער געראַטעוועט?

דערהערט פון מיר, אַז איך וואָלט גרויס חשק געהאַט צו אײַנאָרדענען זיך אין ניו־יאָרק, האָבן זיי מיך באַלד דערמוטיקט, אַז זיי וועלן אַלץ טאָן, בכדי מיך אײַנאָרדענען בײַ מײַן פאַך. ס׳האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז ביידע זענען זיי לאַנגיאָריקע פאַרדינסטפולע טוער אין ייִדישן שריפטזעצער־יוניאָן.

אַ דערמוטיקטער בין איך אַרויף אין דער זעצערײַ פון „פאָרווערטס". אויך דאָרט האָב איך געפונען ווילנער זעצער. כ׳בין אַנטציקט געוואָרן פון דער מאָדערנער זעצערײַ מיט די אַלע מאָדערנסטע דרוק־אײַנריכטונגען. חברים זעצער פירן מיך אומעטום, ווײַזן די לינאָטיפּן און אַנדערע מאַשינען און דער עיקר: אין יעדן ווינקל רעדט מען ייִדיש.

אין משך פון דער וואָך וואָס איך האָב זיך געפונען אין ניו־יאָרק, איז שוין בײַ מיר קלאָר געוואָרן דער באַשלוס, אַז איך מוז דאָ אײַנאָרדענען מײַן לעבן. אין יענער צײַט איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער שטראָם פון דער שארית־הפליטה פון די פליטים־לאַגערן פון דײַטשלאַנד, עסטרײַך און איטאַליע. אין משך פון דער וואָך האָב איך באַוויזן זיך צו טרעפן מיט מײַנע געוועזענע חברים־פּאַרטיזאַנער פון בעלסקיס אָטריאַד און אויך מיט אַ היפּשע ביסל ווילנער לאַנדסלײַט.

אויפן וועג צוריק קיין בורלינגטאָן האָט מיך געמאַטערט די פראַגע: צי וועל איך האָבן גענוג מוט צו איבערגעבן מײַן ברודער וועגן מײַן באַשלוס צו אַריבערפאָרן אין ניו־יאָרק? איך האָב מיך פאָרגעשטעלט די רעאַקציע וואָס דאָס וועט בײַ אים אַרויסרופן: — קוים דערלעבט זיך צו זען, צוויי זענען מיר פאַרבליבן פון דער גאַנצער משפּחה און שוין זיך דערווײַטערן? גיין זוכן נײַע צרות... אָבער ס׳האָט מיך שוין געצויגן צום ייִדישן לעבן אין ניו־יאָרק, צו דער שטאַרק אַנטוויקלטער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, ייִדישער קולטור, הנאה האָבן פון דעם, וואָס דאָס לעבן

קען געבן, בפרט אַז אין ניו־יאָרק זענען דאָ גוטע אויסזיכטן צו איינאָר־דענען זיך ביי מיין פאַך. איך וועל פּרוּוון זיך איינגלידערן צוריק אין יידישן לעבן און ווו קען זיין אַ בעסערער פּלאַץ פאַר מיר ווי אין ניו־יאָרק?

אַ פּאָר טעג האָב איך נישט געוואָלט אָנזאָגן די „בשורה" מיין ברודער און שוועגערין וועגן מיין באַשלוס אַריבערצופאָרן קיין ניו־יאָרק. רותן האָב איך, פאַרשטייט זיך, דערציילט און געפּרוּווט איר איבערצייגן וועגן דער צוועקמעסיקייט צו איינאָרדענען אונדזער לעבן אין יידישן ניו־יאָרק. איך האָב עס מאָטיווירט, אַז קודם־כּל וועלן מיר קענען געבן אונדזער קינד אַ יידישע דערציִונג און חוץ דעם וועל איך קענען זיך איינאָרדענען ביי מיין פאַך אַלס זעצער אין איינע פון די יידישע טאָגציייטונגען ווו עס אַרבעטן מיינע געוועזענע חברים פון פאַך.

בשעת מעשׂה איז זי פון מיין באַשלוס שטאַרק נישט אַנטציקט גע־וואָרן. ס'האָט איר פון דעסטוועגן געשראָקן די גרויסע פרעמדע שטאָט, מיטן גרויסן הו־האַ, ווו איינער קען נישט דעם צווייטן. ס'האָט איר אויך געשראָקן מיין שנעלער באַשלוס פון נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון, אַז פון אַלע מיינע שיינע אילוזיעס קען זיך אויסלאָזן אַ בוידעם, אין דער צייט ווען מען קען דאָ אין דעם שטילן און רויִקן בוירלינגטאָן פאַרזיכערן אונדזער עקזיסטענץ ביי דער מיטהילף פון מיין ברודער, וועלכער האָט מיך שוין פאַרזאָרגט מיט אַרבעט און אַ דאַך איבערן קאָפּ. פון דער צוויי־טער זייט האָט זי, אָבער, נישט געוואָלט מיר שטערן צו פאַרווירקלעכן מיין באַשלוס, טאָמער וועט זיך אין בוירלינגטאָן נישט באַקומען אַזוי ווי מ'האָט זיך פאָרגעשטעלט. חוץ דעם האָט אויך רות געהאַט אין ניו־יאָרק אַ מומע און 2 פעטערס, אויף וועלכע זי האָט געהאָפט, אַז זיי וועלן אונדז העלפן די ערשטע צייט צו איינאָרדענען זיך אין ניו־יאָרק. איך האָב באַ־שיימפערלעך דערפילט, אַז קוים נעם איך אָן דעם פּאָסטן אין אַ פירמע, וואָס מיין ברודער האָט מיר פאַרזאָרגט — קען איך שוין פאַרגעסן פון ניו־יאָרק.

איין מאָל איז מיין ברודער געקומען אַהיים פון דער אַרבעט און האָט מיר אָנגעזאָגט די „גליקלעכע" בשורה, אַז איך קען שוין באַלד אָנהייבן אַרבעטן אין דער פירמע. ער האָט מיך געטרייסט, אַז שפּעטער, ווען איך וועל שוין מער ווייניקער באַהערשן די ענגלישע שפּראַך, וועט נישט זיין קיין שום מניעה צו פּראָגרעסירן אין מיין פּאָסטן און איך וועל זיין פאַר־זיכערט מיט אַ שטענדיקער אַרבעט, און דער עיקר, מיט זיין הילף וועל איך אויסמיידן צו זיין אַ „גרינער" אין דעם לאַנד — אַ פּראָצעס וואָס יעדער עמיגראַנט דאַרף דאָס אַדורכפאַקן.

בלית ברירה האָב איך געמוזט איבערצײַגן מײַן ברודער און שווּעגע־רין, אַז פֿאַר מיר איז זייער געוווּנטשן און צוועקמעסיק און אויך מער צום האַרצן, ווען איך וועל קענען בעסער אַרבעטן בײַ מײַן פֿאַך אין ניו־יאָרק, דאָרט, האָב איך אים געזאָגט, וועל איך קענען בעסער זיך אויסלעבן אין ייִדיש און פֿאַרזעצן מײַן קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט.

— צוליב דעם וואָס דו מיינסט, אַז דו וועסט דאָ, אין בוירלינגטאָן, נישט האָבן גענוג ייִדישקייט, גייסטו זוכן צרות אין דעם רוישנדיקן קעסל ניו־יאָרק — האָט מײַן שווּעגערין אַרײַנגעטענהט אין מיר מיט פֿאַרדרוס. דאָ, האָט זי געזאָגט, קען מען זיך אויסלעבן אין ייִדישקייט בעסער ווי אין ניו־יאָרק, און אויב אין ענגליש, איז וואָס ? — גאָט פֿאַרשטייט אַלע שפּראַכן !

סוף־כּל־סוף האָב איך זיי איבערצײַגט, אַז איך קען אַנדערש נישט האַנדלען און אַז איך בין גרייט צו שווימען קעגן שטראָם, און אויב טאַקע זיי ווילן, אַז איך זאָל זיך וואָס גיכער אַקלימאַטיזירן אין אַמעריקע, וויל איך אָנהייבן מײַן עמיגראַנטישן לעבן אין ניו־יאָרק, ווו איך וועל אויך קענען געבן אַ ייִדישע דערציִונג מײַן קינד. בלית ברירה האָבן זיי שלום געמאַכט מיט מײַן באַשלוס.

*

אַ נײַע עפּאָכע איז אַרײַנגעטראָטן אין מײַן אַרט לעבן. אַ צאָל נײַע פּליטים זענען דאָן מיט זייערע משפּחות אָנגעקומען קיין אַמעריקע און האָבן זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק. די אַלע אָנגעקומענע האָבן אַזוי ווי איך געזוכט געזעלשאַפֿטליכעס, אייגנאַרטיקס, וואָס זאָל פֿאַרבינדן אַלעמען.

מיר האָבן אין ניו־יאָרק געטראָפֿן אַ גרויסן ייִדישן קיבוץ, וואָס האָט געהאַט אַ פּאָרעם, אַן אויסגעקריסטאַליזירטע געשטאַלט פֿון אַ ספּעציפֿישן אַמעריקאַניזירטן לעבנס־שטייגער, וואָס האָט אויסגעאיבט זײַן ווירקונג און אײַנפֿלוס איבער די ווײַט פֿונאַנדערגעטיילטע עלעמענטן פֿון דעם גרויסן מיליאָניקן ייִדישן ישוב אין ניו־יאָרק.

די שווערסטע פּראָבלעם אין יענער צײַט איז געווען צו קריגן אַ דאַך איבערן קאָפּ אין ניו־יאָרק. אַפֿילו אַ מעבלירטן צימער איז געווען שווער צו קריגן, בפֿרט אַז מ׳האָט נאָך געהאַט אַ קליין קינד.

אין די מלחמה־יאָרן האָט מען נישט געבויט קיין נײַע הײַזער און די הונדערטער טויזנטער דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך צוריקגע־

קערט פון אייראָפּע, האָבן אויך געהאַט שווערע פּראָבלעמען צו קריגן אַ וווינונג.

ענדלעך, נאָך אומדערמידלעכע זוכענישן איז אונדז געלונגען דורך באַקאַנטע צו דינגען אַ קליינע דירהלע בײַ אַן עלטערער פּאָרפּאָלק אין בראַנזווילער געגנט פון ברוקלין. די באַלעבאַטים זענען געווען ווילע מענטשן און גלײַך פון דעם ערשטן טאָג האָט זיך צווישן אונדז אײַנגע־שטעלט זייער גוטע באַציִונגען און מיט דער צײַט האָבן מיר זיך שוין גע־פילט ווי איין משפחה.

באַלד אויפן צווייטן אָוונט בין איך מיט מײַן פרוי שוין געזעסן אויף דער שולבאַנק פון דער סקול און אָנגעהויבן לערנען ענגליש. איצט, נאָך מער ווי פריִער, האָב איך פאַרשטאַנען די ווערטער פון מײַן שוועגערין, אַז אָן ענגליש וועל איך דאָ אין אַמעריקע ווײַט נישט פאָרפאָרן. גוט וואָס מיר האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו איבערלאָזן אונדזער קינד בײַ די באַלעבאַטים אין די אָוונטן, ווען מיר האָבן זיך געלערנט ענגליש. צוויי מאָל אַ וואָך זענען מיר געזעסן ביז 10 אַ זייגער אין אָוונט אין סקול. דאָרט האָבן מיר אויך געטראָפן פיל געוועזענע פּליטים פון די די. פּי.־לאַגערן אין אייראָפּע און יעדער אויף זײַן אופן האָט זיך גענומען צופּאַסן צום נײַעם לעבן אין קאָלאָמבוסעס מדינה.

אַ דערוואַקסענעם מענטשן מיט באַשטימטע געוווינהייטן און באַגריפן קומט עס נישט אָן גרינג זיך צופּאַסן צו אַ נײַ לאַנד, בפרט נאָך, ווען ער באַטראַכט זיך נישט פאַר קיין טוריסט אין דעם לאַנד און ער ווייס, אַז דאָ וועט ער מוזן זיך צופּאַסן צום אָרט שטייגער לעבן פון די מענטשן פון דער סביבה, וווּ אים קומט אויס צו לעבן.

די בראַנזווילער געגנט פון ברוקלין איז צו יענער צײַט נאָך געווען כמעט אַ ייִדישע (הײַנט איז די דאָזיקע געגנט באַוווינט פון נעגערס). אין דער נאָענט פון דער ראַקאָוויי־סטריט, וווּ מיר האָבן געוווינט, האָט זיך געפונען אַ קליינער גאָרטן מיט אַ היפּשן שפּילפּלאַץ פאַר קינדער. אַהין, אין יענעם פּאַרק, האָבן מיר יעדן טאָג געפירט אונדזער קינד צו שפּילן זיך. די מאַמעס און באָבעס האָבן אַכטונג געגעבן אויף די קליינע קינדער־לעך און צווישן זיך האָבן זיי לעבהאַפטיק געפירט שמועסן אויף די בענק, טאַקע אין מאַמע־לשון. אונדזער דודל פלעגט יעדעס מאָל צולויפן צו אונדז מיט אַ פראַגע אויף ייִדיש, פאַרשטייט זיך, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס התפעלות בײַ די פרויען.

— אוי, אַ לעבן אויף אים, הערט נאָר ווי דאָס ייִנגעלע רעדט ייִדיש,

ס׳איז דאָך אַ מחיה צו הערן ווי אַ קליין קינד רעדט אַזאַ גוטן ייִדיש...

— וואָס איז דאָ דער ווונדער — רופט זיך אָן מײַן רות — ס׳איז דאָך אַ ייִדיש קינד!

— יאָ, רופן זיך אָפּ צוויי באַבעס. אָט די אַלע קינדערלעך, וואָס לויפן דאָ אַרום, מיינט איר, אַז זיי זענען נישט קיין ייִדישע? — נו, קענען זיי דען רעדן אַ ייִדיש וואָרט? זייערע מאַמעס קענען שוין אַפילו נישט קיין ייִדיש. דערבײַ האָבן זיי צוגעגעבן: איר זענט מסתּמא „גרינע", נײַ־געקומענע.

ס׳איז נישט אַריבער אַ פּאָר טעג ווי אונדזער קינד איז געקומען צו לויפן צו אונדז און מיט טרערן אין די אויגן האָט ער אַ זאָג געגעבן:

— איך וויל נישט רעדן מער קיין ייִדיש, אַלע קינדער רעדן דאָ ענגליש און איך וויל נישט זײַן קיין אויסנאַם.

דאָס איז געווען פאַר אונדז דער ערשטער רמז, אַז מיר דאַרפן זיך אָנהייבן צופּאַסן צו דערווירקלעכקייט און אָנהייבן זיך פירן ווי אַנדערע געוועזענע פּליטים, וועלכע האָבן זיך שוין גאָר גיך צוגעפּאַסט צום נײַעם שטייגער־לעבן. די געוועזענע נעכטיקע פּליטים האָבן זיך באַמיט ווי ווײַט מעגלעך צו „אויסגרינען" זיך און דאָס ערשטע פון וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן — איז נעמען רעדן מיט זייערע קינדער אַ „בראָנזווילער" ענגליש. — אַזוי האָבן זיי געעצהט זייערע קרובים אין אַמעריקע — אָט די קרובים זענען אין אַ גרויסער מאָס שולדיק, וואָס זיי האָבן אַרויסגעריסן דאָס ייִדישע לשון פון די קינדער פון די געוועזענע פּליטים. איך בין גליקלעך וואָס מײַן זון, וואָס איז שוין איצט פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק אין איינע פון די אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן, רעדט און לייענט ייִדיש און די דאָזיקע שפּראַך האָט אים גאָרנישט געשאַדט צו זײַן אַקאַדעמישער קאַריערע.

## „דזשאָינט"-הילף
## פאַר דער שארית־הפליטה

ס'איז ברייט באַקאַנט די גראַנדיעזע הילף פון דעם אַמעריקאַנער „דזשאָינט" פאַר דער שארית־הפליטה. ס'איז אויך באַוווּסט וועגן דער געבענטשטער אַרבעט פון דער דאָזיקער וווילטעטיקער אינסטיטוציע צווישן די נייַ־אָנגעקומענע אין אַמעריקע אין דער ערשטער צייַט פון זייער זייַן אין לאַנד.

די הילפס־אָרגאַניזאַציע פאַר די נייַ־אָנגעקומענע הייסט לויט די ראשי־תיבות „ניאַנאַ". אַזוי רופט זי זיך אויך הייַנט, און אַזוי ווי אין אונדזערע צייַטן, העלפט אויך איצט די „ניאַנאַ" די אימיגראַנטן פון ראַטן־פאַרבאַנד.

ס'איז געווען נישט קיין לייַכטער פּראָבלעם צו אַרייַננעמען מיך מיט מייַן פרוי און קינד אין די ראַמען פון דעם הילפס־פּראָגראַם פון דער „ניאַנאַ" צוליב דער סיבה, וואָס מיר זענען אַריבערגענומען געוואָרן בייַם אָנקומען אין אַמעריקע דורך מייַן ברודער און אין אונדזער עווידענץ־קאַרטל פון דעם „דזשאָינט" איז געווען פאַרשריבן, אַז מיר געפינען זיך אין בוירלינגטאָן, ווו ס'האָט זיך געפונען אַ כלומרשטער פאַרשטייער פון „דזשאָינט", וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר די נייַ־געקומענע פליטים.

אַ פאַקט איז, אַז מיר האָבן פון דעם דאָזיקן פאַרטרעטער פון „דזשאָינט" אין בוירלינגטאָן קיין הילף נישט באַקומען, נישט געוואָלט האָבן זייער הילף. דעריבער איז מיר אויסגעקומען די ערשטע צייַט אין ניו־יאָרק אויפצוקלערן די אָנפירנדיקע באַאַמטע פון „ניאַנאַ" די סיבה פאַר וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט בוירלינגטאָן און זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק. איך האָב מאָטיווירט מייַן באַשלוס צו באַזעצן זיך אין ניו־יאָרק, אַז איך בין פון פאַך אַ זעצער און אין בוירלינגטאָן האָב איך נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו אייַנאָרדענען זיך בייַ מייַן פאַך.

מייַנע אַרגומענטן האָבן איבערצייַגט און איך מיט מייַן פרוי און קינד זענען צוגעטיילט געוואָרן אין רשות פון אַ באַאַמטין, וואָס האָט זיך מיט אונדז מטפל געווען און געהאַט אויף אונדז איר אויפזיכט. ס'איז אפשר

נישט קיין צופאַל וואָס אונדזער סאָציאַלע באַאַמטין האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ זייער סימפּאַטישע פרוי און זי האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז לאַנג וועל איך נישט אַרומגיין אָן אַרבעט און אַז איך וועל זיך אָן שוועריקייטן אײַנאָרדענען בײַ מײַן פאַך און איך וועל אַרויסגיין פון איר אַפּוטרופּסות.

בכדי צו אָנהייבן אַרבעטן אַלס זעצער איז געווען נייטיק זיך איבער־קוואַליפיצירן פון דאָס נײַ אין דרוקער־פאַך. אין ווילנע האָט מען נאָך פאַר דער מלחמה געזעצט די ייִדישע צײַטונגען פון זאַץ־קאַסטן, די פּוילי־שע צײַטונגען אָבער האָבן שוין דאַן געהאַט לינאָטיפּן.

צום גליק האָב איך געהאַט גוטע אַלטע חברים זעצער, לאַנדסלייט פון ווילנע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער „טאָג"־זעצערײַ און אין „פאָר־ווערטס", זיי האָבן אַלץ געטאָן, כּדי איך זאָל זיך לערנען זעצן אויפן לינאָטיפּ. ביז הײַנט קען איך נישט פאַרגעסן די הילף פון מײַנע חברים־זעצער פון די ביידע צײַטונגען, וועלכע האָבן מיך געלערנט ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט דער קאָמפּליצירטער זאַץ־מאַשין.

ווען איך בין איין מאָל געקומען צו מײַן סאָציאַל־באַאַמטין פון „ניאַ־נאַ" און איר דערציילט, אַז איך קוואַליפיציר זיך איבער אין מײַן פאַך און עס איז נישט אויסגעשלאָסן אַז עס וועט אפשר דויערן אַ יאָר צײַט מײַן איבערקוואַליפיקאַציע, איז זי געווען זייער צופרידן און זי האָט מיר פאַר־זיכערט, אַז אַזוי לאַנג ווי עס וועט דויערן דער איבערקוואַליפיקאַציע־פּראָ־צעס וועלן מיר אויסגעהאַלטן ווערן אויפן חשבון פון „דזשאָינט".

יעדן חודש פלעגן מיר באַקומען 150 דאָלאַר און צײַטנווײַז אויך מער. חוץ דעם פלעגן מיר באַקומען געלט אויף קליידונג, מעדיצינישע הילף, רפואות; אין יענער צײַט איז דאָס געווען אַ גאָר גרויסע און ממשותדיקע הילף, וואָס האָט אונדז פאַרזיכערט אַ נאָרמאַלע עקזיסטענץ. מיר האָבן געהאַט אויף אַלע אונדזערע באַדערפענישן. אונדזער חודשלעכע שטיצע איז געווען אין דער הויך פון אַן אַרבעטער אין אַ נישט־יוניאָן־שאַפּ און דאָס האָט דער „דזשאָינט" געגעבן אַלע אָנגעקומענע 300,000 ייִדישע פּלי־טים קיין אַמעריקע. אַ דאַנק אָט דער גרויסער הילף פון דעם „דזשאָינט" האָבן אַלע נײַ־געקומענע פון די פּליטים־לאַגערן פון אייראָפּע, געהאַט די מעגלעכקייט גאַנץ גיך זיך אײַנגלידערן אינעם אַמעריקאַנער לעבן און פאַר־זאָרגן זייערע עקזיסטענץ־פּאָזיציעס.

אָנהויב 1950 בין איך איין טאָג אַרויף אין דעם ייִדישן טיפּאָגראַפיקל־יוניאָן און געבעטן בײַם סעקרעטאַר אויסצופילן אַן אַנקעטע, בכדי צו אָנגענומען ווערן אַלס מיטגליד פון דעם יוניאָן. זײַן ענטפער איז אָבער

געווען גאָרנישט קיין באַפרידיקנדיקער: 65 ביטעס פון נײַע אָנגעקומענע זעצער ליגן שוין אין שופלאָד. קיין אַרבעט פאַר זיי אין די יוניאָן־דרוקע־רײַען זעט זיך נישט אַזוי גיך. איז וואָס פאַר אַ ווערט, פרעגט דער סעקרע־טאַר, וועט האָבן נאָך אַן אויסגעפילטע אַנקעטע אין שופלאָד?

נישט קוקנדיק אויף דעם נעגאַטיוון ענטפער פונעם סעקרעטאַר, האָב איך פון דעסטוועגן יאָ אויסגעפילט דעם פראַגע־בויגן און אין אַ יאָר שפּע־טער בין איך אָנגענומען געוואָרן אַלס מיטגליד פון דעם דרוקער־יוניאָן, און בין גלײַכצײַטיק אײַנגעגלידערט געוואָרן אין דעם זעצער־פּערסאָנאַל פון דער טאָגצײַטונג „דער טאָג“.

מײַן סאָציאַל־באַאַמטין אין דער „ניאַנאַ“ האָט מיט צופרידנקייט אויפ־גענומען מײַן מעלדונג, אַז איך אַרבעט שוין בײַ מײַן פאַך אַלס זעצער און אַז איך נייטיק זיך שוין מער נישט אין קיין שטיצע. איך האָב אַלע באַאַמטע האַרציק באַדאַנקט פאַר זייער הילף און פאַר זייער מענטשלעכער באַציִונג צו מיר. איך בין אַרײַן אין אַ נײַער פאַזע פון מײַן באַנײַטן לעבן, ווערנדיק אַלס פולבאַרעכטיקטער מיטגליד אין דער יוניאָן און אויך אַ שטענדיקער מיטגליד אין דעם זעצער־סטעף פונעם „טאָג“.

מיט 10 יאָר צוריק איז דער ייִדישער אָפּטייל פון דער אינטערנאַציאָ־נאַלער טיפּאָגראַפיקל־יוניאָן אויפגעלייזט געוואָרן און אַלע אירע מיטגלי־דער האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן מיט דער ענגלישער ניו־יאָרקער אָפּטיילונג וואָס רופט זיך „ביג־סיקס“. די זעצער פון די ייִדישע צײַטונגען און אַנדערע ייִדישע דרוקערײַען געניסן איצט פון די זעלבע קאָנטראַקטן ווי אין די ענגלישע גרויסע און רײַכע צײַטונגען.

אין דער זעלבער צײַט איז אונדז געלונגען צו קריגן אַ שיינע וווינונג אין איינעם פון די שענסטע און העכסטע געגנטן פון ניו־יאָרק, בשכנות מיט דעם באַרימטן ישיבה־אוניווערסיטעט. אין יענער צײַט איז די דאָזיקע געגנט געווען באַוווינט אויסשליסלעך פון ייִדן. הײַנט איז די דאָזיקע געגנט באַוווינט פון נעגערס און פּאָרטאָריקאַנער און דער ישיבה־אוניווער־סיטעט זעט אויס ווי אַן אינדזל אין אַ פרעמדער סביבה.

אין משך פון אַ פאַרהעלטנישמעסיקער קורצער צײַט האָב איך זיך גאַנץ גוט אַקלימאַטיזירט אין אַמעריקע און מאַטעריעל זיך גוט אײַנגע־אָרדנט; אָבער מײַן פרוי רות האָט געהאַט אַ שלעכטן פאָרגעפיל. זי האָט שוין דאַן אָנגעהויבן פילן דעם וואָרעם, וואָס האָט איר אָנגעהויבן פרעסן.

ס'האָט זיך דערנענטערט די צײַט צו שיקן אונדזער קינד דודל אין שול אַרײַן. נישט ווײַט פון אונדזער דירה האָט זיך געפונען אַ גרויסע

עלעמענטאַרע שולע און נישט ווײַט אויך אין דער געגנט האָט זיך געפונען אַ ישיבה־קטנה. קיין שול מיט דער אונטעררי‏כט־שפּראַך אויף ייִדיש איז אין דער געגנט נישט געווען. אין ענגליש הייסט אַזאַ ישיבה־קטנה „פּאַראָ־קיעל־סקול". דאָרט לערנט מען אַ האַלבן טאָג ייִדישע לימודים און דעם צווייטן האַלבן טאָג לערנען זיך די ייִדישע קינדער די ענגלישע עלעמענ־טאַר־פּראָגראַם. איבעריק צוצוגעבן אַז אין אַ ישיבה־קטנה באַקומען די קינדער אַן עכטע ייִדישע דערציִונג, וואָס איז אַ גוטע באַריערע קעגן אַסי־מילאַציע. אין אָט דער ישיבה האָבן געלערנט אַ היפּשע צאָל קינדער, וועמענס עלטערן האָבן אַדורכגעמאַכט די היטלער־תּקופֿה. זיי האָבן פֿאַרשטאַנען אַזוי ווי איך די וויכטיקייט צו שיקן אַ קינד אין ישיבה, כּדי ער זאָל באַקומען אַן עכטע נאַציאָנאַלע דערציִונג און וויסן וועגן דעם קוואַל און געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק. דאָרט פֿאַרמירן אויס די קינדער זייער נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן און זיי זענען אַ גוטער רעזערוווּאַר פֿאַר דער עליה קיין ארץ־ישׂראל. ליידער האָבן פֿיל עלטערן פֿון די געוועזענע פּליטים נישט געגעבן זייערע קינדער אַן עכטע נאַציאָנאַלע דערציִונג און זיי האָבן שפּע־טער, מיט גרויס ווייטיק מודה געווען, אַז זיי האָבן געמאַכט דעם גרעסטן טעות אין זייער לעבן.

# די יידישע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע דערציונג אין אַמעריקע

שטענדיק איז ביי ייִדן געווען אַ טיפע זאָרג צו געבן זייערע קינדער אַ ייִדישע דערציִונג. ספּעציעל איז אָבער וויכטיק צו געבן אַ ייִדישע דערציִונג אַ קינד אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער, היות ווי אין דער נאָענטסטער צוקונפט קען די אַסימילאַציע צעפרעסן די בעסטע טיילן פון דער ייִדישער יוגנט און אין רעזולטאַט פון די פיל געמישטע הייראַטן איז דאָ אַ גרויסע סכּנה, אַז צענדליקער טויזנטער ייִדישע קינדער וועלן בכלל פאַרלוירן גיין פאַרן ייִדישן פאָלק.

אין די לעצטע צוויי־דריי צענדליק יאָרן האָט זיך געמערקט אַן אויפ־שטייג פון ייִדישקייט אין אַמעריקע. עס זענען אויפגעקומען אַ סך ישיבות און אויך די צאָל תּלמידים איז געשטיגן אין דער לעצטער צייט און האָט דערגרייכט די צאָל פון 90,000 תּלמידים אַ יאָר.

אין געוויסע ייִדישע געגנטן אין די גרויסע שטעט אין אַמעריקע מערקט זיך לעצטנס אַן אויפלעבונג פון ייִדישקייט אינעם עפנטלעכן לעבן. מען זעט אַ סך פרומע בחורים מיט יאַרמולקעס אין די אוניווערסיטעטן. עס איז שוין פאַראַן אַ גאַנץ גרויסע צאָל פרומע ייִדישע פּראָפעסיאָנאַלן און אינטעלעקטואַלן. אויך אין דעם ניו־יאָרקער פּאַבליק־סקול־סיסטעם זענען פאַראַן מער ווי 1000 פרומע לערער־שומרי־מצוות.

אָבער 90,000 תּלמידים אין די ייִדישע טאָגשולן איז דאָס אפשר נישט מער ווי צען פּראָצענט פון אַלע ייִדישע קינדער פון אַמעריקע אין דעם סקול־עלטער. פון דאַנען קען מען מאַכן דעם חשבון, אַז אַן ערך אַ מיליאָן ייִדישע קינדער אין אַמעריקע באַקומען נישט קיין ייִדישע בילדונג.

די ישיבה־באַוועגונג, וואָס ווערט היינט אויך אָנגערופן: די טאָגשול־באַוועגונג, האָט ביז דעם יאָר 1945 פאַרצייכנט אין אַמעריקע 69 ישיבות. אין יאָר 1972 — האָט געמעלדעט „תּורה ומסורה" — די געזעלשאַפט

וועלכע גיט זיך אָפּ מיט גרינדן ישיבות איבערן לאַנד, אַז עס זענען שוין פֿאַראַן אויפֿן צפון־אַמעריקאַנער קאָנטינענט 450 ישיבות (ישיבות קטנות).

עס איז קיין ספק נישט, אַז אין דעם ריזיקן וווּקס פֿון די ישיבות קטנות אין אַמעריקע אין די לעצטע 25־30 יאָר, האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אַ סך פֿאַקטאָרן: ערשטנס איז נאָך דעם גרויסן היטלער־חורבן אַנגעקומען קיין אַמעריקע אַ סך ייִדן פֿון דער שארית־הפּליטה, וואָס האָבן געוואָלט געבן זייערע קינדער אַ ישיבה־דערציִונג. צווייטנס איז מיט דעם שטראָם פֿון די פּליטים אָנגעקומען באַרימטע רבנים און ראשי־ישיבה פֿון ליטע, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דער ישיבה־באַוועגונג. אָבער אויך די פֿריִערדיקע אַלטע ישיבות און ספּעציעל די רבי יצחק אלחנן ישיבה־אוניווערסיטעט, וואָס אירע תּלמידים זענען שוין אויסגעשפּרייט איבער אַמעריקע, האָבן איבעראַל מיטגעהאָלפֿן אין דער שאַפֿונג פֿון די ישיבות קטנות. דער געדאַנק פֿון זײַן אַ „ישיבה בחור״ האָט שוין מער נישט געשראָקן דעם אַמעריקאַנער ייִד.

## דער ישיבה־אוניווערסיטעט

דער ישיבה־אוניווערסיטעט, וואָס הייסט פֿאַקטיש ישיבת רבנו יצחק אלחנן, איז געגרינדעט געוואָרן אין אַמעריקע אין יאָר 1886. אין די קרוב 90 יאָר פֿון איר עקזיסטענץ האָט די ישיבת רבנו יצחק אלחנן אוניווערסיטעט, דורך איר פֿילזײַטיקער דערציִערישער פּראָגראַם, באַרײַכערט און פֿאַרוואָרצלט אונדזער גײַסטיקער ירושה אויפֿן אַמעריקאַנער באָדן.

ווי דער רעזערוואַר פֿון ייִדישע מנהיגים איז דער ישיבה־אוניווערסיטעט באַזונדערס שטאָלץ מיט אירע 8000 געוועזענע תּלמידים, וועלכע פֿאַרנעמען זיך מיט פּעדאַגאָגישער טעטיקייט אין דער גאַנצער וועלט. 12 געוועזענע תּלמידים פֿון דער ישיבה־אוניווערסיטעט שטייען הײַנט אין דער שפּיץ פֿון נאַציאָנאַלע הויפּט־אָרגאַניזאַציעס פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָנפֿאַנגען דעם 90סטן יאָר פֿון איר עקזיסטענץ, האָט דער פּרעזידענט פֿון ישיבה־אוניווערסיטעט, הרב ד״ר שמואל בעלקין, דערקלערט:

„דער ציל פֿון הײַנט צעבליטן ישיבה־אוניווערסיטעט איז דער זעלבער וואָס אַמאָל, צו פֿאַרזיכערן אַ תּורה־צוקונפֿט און אַ תּורה־

לעבן און צו דער זעלבער צײַט אַרײַנדרינגען מיט ייִדישער קענט־שאַפט אין ייִדישן אידעאַליזם אין אַלע פאַזן פון אַמעריקאַנער לעבן. די קרוין און שטאָלץ פון ישיבה־אוניווערסיטעט איז דאָס, וואָס העכער 8 טויזנט ייִדישע יוגנטלעכע לערנען תורה און ייִדישן וויסן יעדן טאָג צווישן די ווענט פון דער ישיבה״.

אונטער דער אָנפירונג פון הרב ד״ר בעלקין איז די צאָל סטודענטן געשטיגן פון 850 צו 8000 און די צאָל פּראָפעסאָרן פון 94 צו 1500. דער בודזשעט איז פאַרגרעסערט געוואָרן פון 440 טויזנט דאָלאַר צו איבער 100 מיליאָן דאָלאַר. די ישיבה, וואָס האָט פריִער געהאַט איין גרויסן קאַמפּוס אין וואַשינגטאָן־האיטס אין מאַנהעטן, האָט איצט 4 קאַמפּוסן אין מאַנהעטן און אין די בראָנקס.

דער ישיבה־אוניווערסיטעט איז נישט די איינציקע ייִדישע אינסטי־טוציע פון העכערער בילדונג. עס איז פאַראַן אויך דער בראַנדעיס־אוני־ווערסיטעט, ווו עס איז פאַראַן אַ קאַטעדרע פאַר דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור, און פאַר ספּעציפישער ייִדישער בילדונג פון אַקאַדעמישן ניוואָ איז דער גרעץ־אוניווערסיטעט. דאָ איז אויך דער „ייִדישער טעאָלאָגישער סעמינאַר״ און דער „היברו יוניאָן קאָלעדזש״. ס׳זענען פאַראַן היברו קאָ־לעדזשעס אין באַלטימאָר, באָסטאָן און אין אַ צאָל אַנדערע שטעט.

אויך מיידלעך שטודירן אין ישיבה־אוניווערסיטעט. זיי קומען פון אַלע עקן פון אַמעריקע, ווענעצועלאַ, בראַזיל, קאָלאָמביאַ, ענגלאַנד, מערב־דײַטשלאַנד, בעלגיע און אַנדערע לענדער. צוליב דעם וואָס צוויי דריטל פון די סטודענטינס קומען מחוץ ניו־יאָרק, האָט דער ישיבה־אוניווערסיטעט געקויפט אַ גרויסן 20־שטאָקיקן האָטעל, ווו עס וווינען די סטודענטינס וועלכע קומען פון דרויסן.

אין דעם ישיבה־אוניווערסיטעט לערנט מען פאַרשיידענע לימודים, ווי: ביאָלאָגיע, כעמיע, בילדונג, מאַטעמאַטיק, פּסיכאָלאָגיע, ענגליש, פראַנצוי־זיש, געשיכטע און סאָציאָלאָגיע. אין משך פון 4 יאָר לערנען קאָן אַ מיידל באַקומען דעם אַקאַדעמישן טיטל „בי עי״, אָדער „בי עס״. יעדע סטודענטקע מוז אויך לערנען 6 ביז 8 שעה אַ וואָך העברעיִש און רעליגיע.

דער ישיבה־אוניווערסיטעט איז אָריענטירט אויף „תּורה ומדע״. ער פאַרמאָגט אַ גרויסע ביבליאָטעק, לאַבאָראַטאָריעס א״אַ.

דער ישיבה־אוניווערסיטעט איז בײַם הײַנטיקן טאָג די גרעסטע ייִדי־

שע לערן־אינסטיטוציע אין דער וועלט און איז אַ פעסטונג קעגן אַרײַנ־
דרינגונג פון פרעמדע גיפטיקע באַצילן, וואָס לויערן היינט אויף דער
ייִדישער יוגנט אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט.

*

אין משך פון דעם ערשטן יאָר וואָס איך האָב געוווינט אין ניו־יאָרק,
האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט די קולטור־אוצרות
און געקענט באַוווּנדערן די עשירות פון דער גרויסער וועלטשטאָט. כ׳האָב
געטראָפן אַזעלכע וואָס האָבן געוווינט אין ניו־יאָרק צענדליקער יאָרן און
האָבן איר כּמעט נישט געקענט. מיר דאַכט זיך, אַז אין קיין שום שטאָט
אין דער וועלט לעבן נישט אַזוי פיל נאַציאָנאַליטעטן אין באַזונדערע
געגנטן, ווי אין ניו־יאָרק, ווו זיי לעבן זיך אויס אויף זייער שטייגער־לעבן.
ביסלעכווייַז בין איך אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין ייִדישן קולטור־געזעל־
שאַפטלעכן לעבן. ס׳איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז איך זאָל שענקען אַ
באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט דעם ייִדישן לעבן אין ניו־יאָרק. מײַן סביבה
איז געווען די 5־שטאָקיקע געבײַדע, וואָס ס׳האָט געשענקט אַ רײַכער
קולטור־טוער, אַטראַן, און אַזוי רופט זי זיך טאָקע: „אַטראַן־הויז״. דאָרט
אין דעם בנין האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט־
לעכע טעטיקייט פון ניו־יאָרק. עס האָבן אין די זאַלן פון דעם בנין
זייערע היימען דער קולטור־קאָנגרעס; דער אַרבעטער־קאָמיטעט, דער
„בונד״, דער „ציקאָ״־פאַרלאַג און ביכער־פאַרקויף און די „צוקונפט״. אויף
דער נײַ געגרינדעטער אין 1953 ווילנער פאַרבאַנד „נוסח ווילנע״ האָט
דאָרט זײַן דירה ביזן הײַנטיקן טאָג. אין דעם ווילנער פאַרבאַנד האָב איך
זיך אָנגעשלאָסן בעת זײַן גרינדונג און אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין פאַר־
וואַלטונגען פונעם פאַרבאַנד אַ היפּשע ביסל יאָרן.

# ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט (ייִוואָ)

איך אין דעם וואַנדערבילד־פּאַלאַץ אויף דער אַריסטאָקראַטישער פֿינפֿטער עוועניו, ווו ס׳געפֿינט זיך דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינ־סטיטוט (ייִוואָ) בין איך געווען אַן אָפֿטער בן־בית. איך האָב קיין מאָל נישט דורכגעלאָזט די ייִוואָ־פֿאָרומס און די אָפֿטע אויסשטעלונגען אויף אַלערליי געביטן פֿון ייִדישן קולטור־היסטאָרישן ווערט. אין ייִוואָ האָבן מיטגעאַרבעט אייניקע ווילנער לאַנדסלייט אויף פֿאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס. איך בין שטענדיק געווען בײַ די טרעפֿונגען בײַם „רונדן טיש" פֿון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס און פֿון עלטסטן ייִדישן זשורנאַל „צוקונפֿט".

דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט איז געשאַפֿן געוואָרן אין ווילנע אין יאָר 1925 און האָט געפֿירט אַ ברייט־פֿאַרצווײַגטע וויסנשאַפֿט־לעכע אַרבעט ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. פֿון 1940 האָט זיך דער ייִוואָ אַריבערגעקליבן קיין ניו־יאָרק, ווו ער איז ממשיך זײַן געבענטשטע טעטיקייט ביזן הײַנטיקן טאָג. דער ייִוואָ איז געווען פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה דער צענטער פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום און איז גיך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינע פֿון די גרעסטע ייִדישע פֿאָרשונג־צענטערס פֿון דער וועלט. אין משך פֿון איבער 15 יאָר פֿון זײַן עקזיסטענץ (1925—1940) האָט ייִוואָ צונויפֿגעזאַמלט ריזיקע קולטור־אוצרות פֿון פֿאַר־שיידנאַרטיקע קולטור־היסטאָרישע ווערטן. דער גורל האָט געוואָלט, אַז אַ גרויסער טייל פֿון די דאָזיקע אוצרות איז ממש האַרט פֿאַרן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַריבערגעפֿירט געוואָרן קיין פּאַריז און פֿון דאָרט זענען זיי איבערגעפֿירט געוואָרן קיין ניו־יאָרק. אָבער נישט אַלע אוצרות זענען אַריבערגעפֿירט געוואָרן. אַ גרויסער טייל פֿון דער ייִוואָ־ביבליאָטעק און פֿון אַרכיוו האָבן די היטלעריסטן אַרויסגעפֿירט פֿון ווילנע קיין דײַטשלאַנד.

קיינער פֿון די גרינדער פֿון ייִוואָ לעבט נישט. אַ טייל איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, אַ טייל איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס

און דער שרײַבער זלמן רייזען איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער נ.ק.וו.ד. נאָך דעם, ווי די סאָוועטישע אַרמיי האָט פֿאַרנומען ווילנע.

די צוויי הויפּט־זײַלן פֿון ייִוואָ, ד״ר מאַקס ווײַנרײַך און דעם היסטאָ־ריקער אליהו טשעריקאָווער, איז געלונגען צו דערגרייכן אַמעריקע און האָבן דאָ פֿאָרגעזעצט זייער וויסנשאַפֿטלעכע טעטיקייט. בלויז איינער פֿון די פֿאַרמלחמהדיקע וויכטיקע היסטאָריקער, וואָס האָט באַרײַכערט דעם ייִוואָ מיט זײַנע היסטאָרישע אַרבעטן, איז פּראָפֿעסאָר רפאל מאַהלער, לעבט איצט אין מדינת ישׂראל און האָט נישט לאַנג געפּײַערט זײַן 75 יאָריקן יובילײ.

ייִוואָ האָט אויך אין אַמעריקע זיך דערוואָרבן זײַן פּלאַץ אַלס איינער פֿון די וויכטיקסטע פֿאָרשונגס־אינסטיטוטן. בײַם הײַנטיקן טאָג באַדינט ייִוואָ בײַ אַ 50 אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן, שיקט זיי מאַטעריאַלן, אָרדנט אײַן קורסן פֿאַר ייִדישער שפּראַך־פֿאָרשונג, קורסן פֿאַר שטודיום פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום, אַרײַנגערעכנט די חורבן־תּקופֿה און דעם נאָכמלחמה־דיקן פּעריאָד.

ייִוואָ פֿאַרנעמט זיך מיט פֿאָרשונגען אויף פֿאַרשיידענע געביטן. אין זײַנע אַרכיוון געפֿינען זיך ריזיקע ווערטפֿולע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן דער אַנטשטייונג פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אייראָפּע און אַמעריקע. באַזונדערע ווערטפֿולע מאַטעריאַלן געפֿינען זיך אין אַרכיוו פֿון ייִוואָ וועגן דער אַנטשטייונג פֿון די ייִדישע קהילות אין רוסלאַנד, פּוילן און אַנדערע לענדער.

ייִוואָ פֿאַרמאָגט אַ ריזיקע ביבליאָטעק פֿון הונדערטער טויזנטער ביכער, צײַטונגען, זשורנאַלן, זעלטענע אויסגאַבעס וועלכע זענען קאָנפֿיס־קירט געוואָרן דורך דער רוסישער און פּוילישער צענזור. ס׳איז דאָ אַ ריזיקע קאָלעקציע פֿון בילדער וועגן ייִדישן לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד און פֿון קעניגרײַך פּוילן און איבערהויפּט פֿון פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

ייִוואָ האָט פֿיל אָפּטיילונגען אין פֿאַרשיידענע לענדער, אויך אין ישׂראל איז דאָ אַן אָפּטיילונג פֿון „פֿרײַנד פֿון ייִוואָ״. די איבערגעגעבענע פֿרײַנד קלײַבן זאָרגפֿעליק זעלטענע מאַטעריאַלן און שיקן עס איבער אין רשות פֿון ייִוואָ.

די אַמעריקאַנער רעגירונג שאַצט הויך אָפּ און אַנערקענט דעם ייִוואָ אַלס וויכטיקע קולטור־אינסטיטוציע און שטיצט מאַטעריעל מיט גרויסע סומעס געלטער פֿאַר זײַנע באַדערפֿעניש.

ייִוואָ אָרדנט אײַן סימפּאָזיומס, רעפעראַטן און לעקציעס אויף פאַר־שיידענער טעמאַטיק. די רעפעראַטן און לעקציעס ווערן געלייענט דורך באַוווסטע געלערנטע, פּראָפעסאָרן, שפּראַכן־פאָרשער, ליטעראַטור־קענער און פאָלקלאָר־ספּעציאַליסטן.

פון גרויס חשיבות איז די צוזאַמענאַרבעט פון ייִוואָ מיטן יד־ושם. ביידע וויכטיקע פאָרשונגס־אינסטיטוטן אַרבעטן בײַ בשותּפותדיקע פּראָ־יעקטן וועגן דעם חורבן פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום, וועגן דעם אָנטייל פון די ייִדן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און זייער קאַמף מיטן נאַצישן שׂונא און אויך די פאָרשונג וועגן די חרובֿע געוואָרענע ייִדישע קהילות. די פּראָיעקטן זענען אויך פאַר אַ שטודיום וועגן די יודנראַטן און ייִדישער פּאָליציי אין די געטאָס, ווי אויך אַ וויכטיקע אויפגאַבע פון צוגרייטן אַ פּינקס פון אַלע חרובֿ געוואָרענע ייִדישע קהילות אין מזרח־אייראָפּע.

בײַם הײַנטיקן טאָג קאָנצענטרירט ייִוואָ אַרום זיך אַ גרויסע צאָל געלערנטע און באַשעפטיקט בײַם באַאַרבעטן פאַרשיידענע פּראָיעקטן די בעסטע וויסנשאַפטלעכע כּוחות, וואָס די ייִדישע וועלט פאַרמאָגט.

# יידישער קולטור־קאָנגרעס

דער יידישער קולטור־קאָנגרעס איז געגרינדעט געוואָרן מיטן צוועק צו פאַרשטאַרקן און צעמענטירן דעם קולטור־לעבן אויף דער יידישער שפּראַך, נאָך דעם גרויסן חורבן אין דער היטלער־תּקופה.

דער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס איז געגרינדעט גע־וואָרן אין יאָר 1948 און האָט זיך גלייַך געשטעלט פאַר זייַן אויפגאַבע צו ווערן די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון דער יידישער וועלטלעכער קולטור אויף דער יידישער שפּראַך נישט נאָר אין אַמעריקע, נייַערט אויך אין אַ גאַנצער ריי לענדער ווו ס'געפינען זיך יידישע ישובים.

די דערשיינונג פון קולטור־קאָנגרעס האָט סימבאָליזירט אַ נייַע תּקופה אין דעם יידישן לעבן, נאָך דעם ווי די בעסטע שאַפערישע כּוחות: שרייַ־בער, קינסטלער, קולטור־טוער, זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן אין מזרח־אייראָפּע.

דער יידישער קולטור־קאָנגרעס האָט צונויפגעזאַמלט אונטער איין דאַך דאָס בעסטע וואָס איז פאַרבליבן בייַם יידישן פאָלק און אין משך פון אַ קורצער צייַט האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ צענטראַלער אַקס אַרום וועלכער ס'האָבן זיך געדרייט די פריער צעזייטע און צעשפּרייטע יידישע אָרגאַניזאַציעס; ער איז געוואָרן דער צענטער פון יידישן שעפע־רישן וואָרט און איז געוואָרן דער אָפיציעלער אַדרעס פון דאָס אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו יידיש.

די הצלחה פון פאַראייניקן די צעשטויבטע קרעפטן האָט געקענט גע־קרוינט ווערן מיט דערפאָלג, נאָר דאַן, ווען ס'איז געלונגען צו שאַפן אַ זיווג פון צוויי הויפּט־כּוחות: די וויטאַלע באַוועגונג פון מזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום, וועלכע האָט געהאַט אַ לאַנגע טראַדיציע פון שעפערישקייט אויף יידיש און אויך די באַוועגונג פון די אין יידיש דערצויגענע אַמעריקאַנער יידן, איז עס געווען אַ נאַטירלעכער פּראָצעס, וואָס אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַרבאַנדן, וואָס זענען געווען נאָענט צום אַרבעטער־רינג, האָבן זיך פאַר־

אינטערעסירט מיט דער אידייע פון אָרגאַניזירן אַ צענטראַלע קערפּער־שאַפט. אויך דער שלום־עליכם פֿאָלקס־אינסטיטוט איז געווען פון די בראַ־שית־טוער אינעם קולטור־קאָנגרעס. אַזוי אַרום איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ נאָענטער קאָנטאַקט און מיטאַרבעט צווישן פאַרשיידענע אייַנפלוסרייַכע כוחות אין אַמעריקע.

צווישן די אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָרן פון יידישן קולטור־קאָנגרעס האָבן זיך געפונען זייער פראָמינענטע און ביז גאָר פּאָפּולערע שרייַבער, ווי ש. ניגער — איינער פון די בעסטע יידישע ליטעראַטור־קריטיקער אין דער יידישער וועלט צווישן ביידע וועלט־מלחמות. ער איז טאַקע אויס־געקליבן געוואָרן אַלס פּאַרזיצער פונעם וועלט־ראַט. דער זייער באַליבטער דיכטער ה. לייוויק איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּאַרזיצער פון דער עקזעקוטיווע. דער קולטור־טוער און געוועזענער אָנפירער פון די ציש"אָ־שולן אין פוילן — איינער פון די באַקאַנטע פירער פון „בונד", יעקב פּאַט, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּאַרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון ראַט. צווישן די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זענען אויך געווען נ. כאַנין — דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג און לואיס סעגאַל, גענעראַל־סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד. אין משך פון די ערשטע 4 יאָר פון דער עקזיס־טענץ פון יידישן קולטור־קאָנגרעס איז געווען דער עקזעקוטיווע־סעקרעטאַר דער באַקאַנטער שרייַבער און קולטור־טוער פּנחס שוואַרץ. נאָך זייַן פּטירה האָט זייַן פּלאַץ פאַרנומען מייַן בן־עיר חיים בעז, וועלכער איז ביז היינט צו טאָג דער עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון קולטור־קאָנגרעס.

שוין באַלד אין די ערשטע יאָרן פון זייַן עקזיסטענץ האָט דער יידי־שער קולטור־קאָנגרעס אַנטוויקלט אַ ברייט פאַרצווייַגטע טעטיקייט אויפן קולטור־געביט און דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַדורכפירן אַ ריי אָנ־געצייכנטע קולטור־אימפּרעזעס, וועלכע האָבן געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. צווישן די גאָר וויכטיקע קולטור־אַקציעס איז געווען דאָס פּראָ־קלאַמירונג פון דעם הונדערטסטן יובל זינט דעם געבורט פון יצחק לייבוש פּרץ. אין משך פון אַ גאַנצן יאָר זענען פאָרגעקומען פּרץ־אַקאַדעמיעס אין צענדליקער שטעט אין גאַנץ אַמעריקע, אַרגענטינע, קאַנאַדע, מעקסיקע, אויסטראַליע און אין פאַרשיידענע אַנדערע לענדער, וווּ ס'האָבן זיך גע־פונען גרויסע יידישע ישובים. ס'זענען אָרגאַניזירט געוואָרן ראַדיאָ־פּראָ־גראַמען, לעקציעס, פּרץ־אויסשטעלונגען, רעציטאַציע־אָוונטן פון פּרצעס ווערק. אין ניו־יאָרק האָט דער שטאָטראַט, לויט דער איניציאַטיוו פון יידישן קולטור־קאָנגרעס, אַ נאָמען געגעבן אַ טייל גאַס, אַ סקווער אויף

דער איסט־סאַיד אויף דעם נאָמען פון י. ל. פרץ. די קינדער פון די ייִדישע שולן האָבן זיך דאָן באַטייליקט אין דער אײַנדרוקספולער פײַערונג. דער פרץ־יאָר איז געווען איינער פון די גרעסטע און גוט אָרגאַניזירטע קולטור־אימפּרעזעס, וואָס האָט איבערגעלאָזן אַן אומפאַרגעסלעכן רושם אין דער ייִדישער קולטור־וועלט.

צום 40סטן יאָרצײַט פון דעם גרויסן באַליבטן שרײַבער שלום־עליכם איז אין אַמעריקע און אין אַ ריי אַנדערע לענדער אויך פאָרגעקומען גרויסע קולטור־אָוונטן; מ׳האָט געשטעלט די פּיעסן פון שלום־עליכם: „טביה דער מילכיקער״, „דאָס גרויסע געווינס״, „צעזייט און צעשפּרייט״ א״אַ. אין ניו־יאָרק זענען פאָרגעקומען קאָנצערטן און רעציטאַציע־אָוונטן, אויף וועל־כע מ׳האָט געלייענט אויסגעקליבענע ווערק פון שלום־עליכם.

דער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס האָט אויך געהאָלפן אָרגאַניזירן אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער יזכור־אָוונטן, געווידמעט דעם אָנדענק פון די 6 מיליאָן קדושים און דעם 19טן אַפּריל — דער טאָג פונעם אָנהויב פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד — איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס אָנ־דענק־טאָג פון ייִדישן חורבן און גבורה.

דער קולטור־קאָנגרעס האָט אין זײַן טעטיקייטס־פּלאַן אויך צוגעגרייט דאָס אַרויסגעבן, צוזאַמען מיט דעם קולטור־קאָנגרעס פון אַרגענטינע, אַ נײַע פולע צען בענד־אויסגאַבע פון דער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, אָנ־געשריבן פונעם גרויסן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו. דאָס איז געווען אַ גרויסער און ביז גאָר וויכטיקער קולטור־אויפטו אין דער ייִדישער שפּראַך, וואָס האָט געהאַט אַ ריזיקן דערפאָלג אין דער ייִדישער קולטור־וועלט.

די קולטור־אָפּטיילונג פונעם קאָנגרעס האָט אין ניו־יאָרק געשאַפן די לימ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק, אַ פאַרלאַג וואָס האָט אַרויסגעגעבן איינ־בענדיקע זאַמלונגען פון די ווערק פון ייִדישע שרײַבער. ס׳איז אויך פּראָ־קלאַמירט געוואָרן אַ צאָל פּרעמיעס פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור.

דער קולטור־קאָנגרעס האָט זיך געשטעלט פאַרן ציל אַרויסגעבן זאַמ־לונגען פון ווערק פון אומגעקומענע ייִדישע שרײַבער, קינסטלער, גע־לערנטע, וועלכע זאָלן זײַן אַ דענקמאָל פאַר די קדושים, פאַראייביקן און פּאָפּולאַריזירן די ייִדישע גבורה אין אירע פאַרשיידענע פאָרמען. צו דעם צוועק האָט דער קולטור־קאָנגרעס זיך געווענדעט צו דער ברייטער עפנט־לעכקייט צו קלײַבן מאַטעריאַלן, דאָקומענטן, גביית עדות און זיי פאַר־עפנטלעכן. דער קולטור־קאָנגרעס האָט אויך אײַנגעשלאָסן אין זײַן טעטי־קייטס־פּלאַן דאָס איבערדרוקן ווערק פון ייִדישע שרײַבער, וועלכע זענען

פאַרניכטעט געוואָרן דורך די נאַציס און זייערע מיטהעלפער אין דער צײַט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ביזן יאָר 1957 האָט דער קולטור־קאָנגרעס באַוויזן צו אַרויסגעבן 35 בענד פון יידישע שרײַבער און געלערנטע.

דער קולטור־קאָנגרעס האָט אויך איבערגענומען די רעדאַקציע פון איינעם פון די עלטסטע יידישע זשורנאַלן אין אַמעריקע, „די צוקונפט". בײַם קולטור־קאָנגרעס עקזיסטירט דער „ציקאָ"־פאַרלאַג — דער גרעס־טער ביכער־פאַרלאַג אויף יידיש אין אַמעריקע.

אין משך פון זײַן געבענטשטער טעטיקייט האָט דער קולטור־קאָנגרעס אײַנגעאָרדנט צענדליקער וועכנטלעכע צוזאַמענקונפטן, ווו יידישע שרײַבער און דיכטער האָבן געלייענט פון זייערע נײַעסטע שאַפונגען. אויף די אָוונטן האָבן אויך אַרטיסטן און מאָלער זיך געטיילט וועגן זייערע שאַפע־רישע אויפטועך.

די אַלע קולטור־פאַראַנטשטאַלטונגען פלעגן צוציִען אַ גרויסן עולם און האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס. דאָס איז געווען אַ געבענטשטע אַרבעט, וואָס האָט פיל מענטשן דערנענטערט צו דער יידישער קולטור און ליטעראַטור. פון אַ גאָר וויכטיקער באַדײַטונג איז די וועכנטלעכע ראַדיאָ־אוידיציִעס אין יידיש. די פּראָגראַמען אין יידיש זענען געווען אַדורכגעפלאָכטן פון איבערגעבן גרוסן פון דער יידישער וועלט, קאָנ־צערטן, יידישע מוזיק. יידישע זינגער און זינגערינס האָבן מהנה געווען מיט יידישע פאָלקס־לידער, אין די ראַדיאָ־פּראָגראַמען האָבן זיך אויך באַטייליקט די תּלמידים פון די יידישע שולן.

אין 1954 האָט דער יידישער קולטור־קאָנגרעס צוגעטראָטן צו אַ גרויסן פּראָיעקט צו שאַפן אַ נײַעם לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַ־טור. די ערשטע צוויי רעדאַקטאָרן פונעם גרויסן לעקסיקאָן זענען באַ־שטימט געוואָרן ש. ניגער און ד"ר יעקב שאַצקי — זיי ביידע האָבן אָבער קיין אריכות־ימים נישט געהאַט און זיי זענען פּריצײַטיק געשטאָרבן, אינעם סאַמען בלי פון זייער שאַפערישער אַרבעט. נאָך זייער טויט איז באַשטימט געוואָרן אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע פון פּראָמינענטע שרײַבער — אפרים אויערבאַך, ה. לייוויק, מלך ראַוויטש, יעקב פּאַט און ברוך שעפנער. משה שטאַרקמאַן איז באַשטימט געוואָרן אַלס רעדאַקטאָר־סעקרעטאַר פון יידישן לעקסיקאָן.

צווישן די וויכטיקע פּראָיעקטן וואָס דער קולטור־קאָנגרעס האָט אָנגע־הויבן איז געווען די פּובליקאַציע פון אַן ענציקלאָפּעדיע פון יידישער דער־ציִונג. אַזאַ ווערק איז אויף יידיש פריִער נישט געשאַפן געוואָרן. לויט דעם

אָנגעצייכנטן פּלאַן האָט מען גערדאַרפט צונויפזאַמלען אַלץ וואָס האָט גע־
האַט אַ שייכות מיט דער דערציִונג פון ייִדישן קינד אין אַלע לענדער, ווו
ס׳עקזיסטירן ייִדישע וועלטלעכע שולן. די פּובליקאַציע פון דער ענצי־
קלאָפּעדיע אין ייִדיש איז רעדאַגירט געוואָרן פון דעם קולטור־טוער חיים
בעז און דער ערשטער באַנד איז דערשינען אין יאָר 1957.

ס׳איז באַוווּסט אין דער ברייטער עפנטלעכקייט וועגן דעם גרויסן ביי־
שטייַער פון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס פאַר דעם אויפבוי פון לייוויק־הויז
אין תּל־אביב. די אָנפירונג פונעם קולטור־קאָנגרעס האָט זיך וואַרעם אָפּ־
גערופן אויף דער ווענדונג פון די אָנפירער פון ייִדישן שרייַבער־ און
זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישׂראל און האָבן אין דער ייִדישער פּרעסע
אָנגעהויבן אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַקציע, בכדי צו העלפן שאַפן די בויטיקע
מיטלען און העלפן אויסבויען אַן אייגענע היים פאַר די ייִדישע שרייַבער
און זשורנאַליסטן אין ישׂראל, וואָס איז איצט דער צענטער פון דער ייִדי־
שער קולטור אין דער גאָרער וועלט.

## דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל"
## און דער „פאָרווערטס"

איך האָב געאַרבעט אַלס זעצער אין דער גרויסער ייִדישער טאָגצײַטונג „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", וואָס איז נאָכן „פאָרווערטס" געווען די צווייטע גרעסטע ייִדישע צײַטונג אין אַמעריקע.

אין משך פון די 19 יאָר, וואָס איך האָב געאַרבעט אין דער צײַטונג, האָב איך זיך גוט אײַנגעגלידערט אינעם זעצער־קאָלעקטיוו. די „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" משפחה האָט געציילט מער ווי 100 פּערזאָן, פון זיי 40 רעדאַקציע־מיטגלידער, 39 זעצער און 22 אַדמיניסטראַציע־אָנגעשטעלטע.

אין דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" האָבן זיך קאָנצענטרירט די בעסטע שרײַבערישע און זשורנאַליסטישע כּוחות וואָס אַמעריקע האָט פאַרמאָגט, און צווישן זיי אַזעלכע שרײַבער און זשורנאַליסטן, ווי: בן־ציון גאָלדבערג, וואָלף יונין, בנימין רעסלער, ירמיהו העשעלעס, מ. ריבלין, אשר פּען, ניסן גאָרדאָן, אהרון צייטלין, יעקב גלאַטשטיין, ה. מאָרגנשטערן, ד"ר ח. שאָשקעס, ד"ר סווערדלין א"אַ.

יעדן יאָר האָט זיך דער פּערסאָנאַל פון דער צײַטונג פאַרקלענערט, הן צוליב דער שטערבלעכקייט פון די מיטאַרבעטער און הן צוליב דער פאַרקלענערונג פון די צאָל געדרוקטע זײַטן.

אין משך פון די 19 יאָר וואָס איך האָב געלעבט אין ניו־יאָרק, ביז מײַן עולה זײַן קיין ישׂראל, בין איך געווען מיט דעם „טאָג־מאָרגן זשור־נאַל" אָרגאַניש פאַרבונדן, און מיר האָבן זיך אַלע געפילט ווי איין גרויסע משפּחה. די אַרבעט אין דער צײַטונג האָט מיר געגעבן אַ צווייענדיקע באַ־פרידיקונג: אַ מאַטעריעלע און אַ גײַסטיקע. מײַן געהאַלט איז געווען אַ גאַנץ הויכער, וואָס האָט מיר געקלעקט אויף אַלע מײַנע באַדערפעניש. חוץ דעם האָב איך אין דער צײַטונג נישט נאָר געאַרבעט בײַם לינאָטיפּ, נאָר אויך אַליין געזעצט אויף דעם לינאָטיפּ מײַנע אייגענע אַרטיקלען, וואָס



דרוקער-פערסאָנאַל פון „טאָג-מאָרגן זשורנאַל" צום 55סטן יובל פון דער עקזיסטענץ פון דער צייטונג
לייזער ענגעלשטערן, 2טע שורה, 4טער לינקס (ניו-יאָרק 1961)

איך האָב זייער אָפּט געדרוקט אין דער צײַטונג, לויט דער בקשה פונעם רעדאַקטאָר.

די ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע, און איך האָב דאָ בכלל אין זינען דעם „פאָרווערטס״ און דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״, האָבן דורכגעמאַכט פאַרשיידענע עטאַפּן אין משך פון איר 100־יאָריקער עקזיסטענץ. קיין שום פּרעסע אין דער וועלט, האָט נישט דורכגעפירט אַזאַ פאָלקס־שליחות, ווי די ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע. אַפילו די ייִדישע פּרעסע אין פּוילן איז נישט געווען אַזאַ טיף אַרײַנגעוואַקסענע ווי אין אַמעריקע. דורך דער ייִדי־שער צײַטונג האָט זיך דער ייִדישער אימיגראַנט פאַרבונדן מיט זײַן היי־מישן שטעטל, מיט די ייִדן פון דער אַלטער היים, מיטן פיל אָנגעזאַמלטן אוצר פון דער ייִדישער פאָלקישקייט, וואָס האָט אים דערהויבן איבער די שווערע עינויים פון אימיגראַנטישן לעבן. די ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע האָט דערנענטערט אַמעריקע — אָט דאָס „גאָלדענע לאַנד״ — מיט די ייִדן פון די קליינע שטעט און שטעטלעך פון מזרח־אייראָפּע. אָט די שטעטלעך, וואָס זענען געווען דער אומאויסשעפּלעכער קוואַל, דער שטענדיקער רע־זערוואָר פון אימיגראַנטישן שטראָם קיין אַמעריקע.

די ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע איז אַ המשך פון דעם פילפאַרביקן ייִדישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע ביז דער חורבן־תּקופה. די צוויי צײַטונגען — „פאָרווערטס״ און „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״ — האָבן אויסגעפילט אַן אויפגאַבע פון ערשטראַנגיקער נאַציאָנאַלער וויכטיקייט; זיי האָבן אויסגע־פירט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות און גענומען אויף זיך אַ גרויסע פאָל־קישע אחריות. אין משך פון לאַנגע יאָרן האָבן די ביידע גרויסע טאָגצײַ־טונגען געפירט קאַמפּאַניעס פאַר ארץ־ישׂראל, פאַר ייִדן אין אייראָפּע, פאַר צדקה־אַנשטאַלטן אין אַמעריקע, פאַר דערציִונג א״אַ. דורך די צײַטונגען איז געפירט געוואָרן אַ שטאַרקע אויפקלערונגס־אַקציע קעגן דעם גאַלאָ־פּירנדיקן פּראָצעס פון אַסימילאַציע בײַ דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום.

דורך די פלערליי אַפּעלן צו די לייענער, האָבן די ביידע צײַטונגען געהאָלפן אויפשטעלן שפּיטאָלן, צענטערס פון וווילטעטיקע אינסטיטוציעס פון אַלע מינים. אָבער פון אַ נאָך גרעסערן באַטײַט איז די השפּעה פון דער ייִדישער פּרעסע אויף דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין אַמעריקע — אויף דער ייִדישער און אַפילו אויך אויף דער נישט־ייִדישער.

אַ דאַנק דער ייִדישער פּרעסע און איבערהויפּט אונטער דעם אײַנפלוס פונעם „פאָרווערטס״ און „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״, האָט זיך דאָס געזעל־שאַפטלעכע ייִדישע פּנים אין אַמעריקע אין גאַנצן געענדערט. וואָס האָסטי־

קער דאָס ייִדישע לעבן האָט דאָ פּולסירט, אַלץ אַ גרעסערע דעה האָבן געהאַט די פּשוטע, נישט פאַרמעגלעכע ייִדן, די פאָלקס־מענטשן, אין אויס־שמידן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג.

נאַציאָנאַל פּאָליטיש האָט די ייִדישע פּרעסע גאָר אַ סך געווירקט. זי האָט גענומען שטעלונג צו פאַרשיידענע נעגאַטיווע דערשײַנונגען, סײַ אין אַמעריקע גופא, און סײַ מחוץ די גרענעצן פון דעם לאַנד. שטענדיק זענען די צײַטונגען געשטאַנען אויף דער וואַך, קיינעם נישט געשאַנעוועט און האָבן אויפגעדעקט געזעלשאַפטלעכע עוולות.

דער „פאָרווערטס" און דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" זענען געווען די ליבלינגען פון דעם האָרעפּאַשניק, דעם אימיגראַנט, פון דעם קליינעם קרע־מער און פון דעם מיטלקלאַס. די שפּראַך פון די צײַטונגען איז געווען אַ לײַכטע, אַ צוטריטלעכע און צוגעפּאַסט פאַר אַ פאַרשיידנאַרטיקן עולם און די רעדאַקציעס האָבן זיך באַמיט נישט צו באַלעסטיקן די לייענער מיט מאמריסטיק און שווערע אָפּהאַנדלונגען וועגן טעאָרעטישע פּראָבלעמען און שטרײַטן.

די צײַטונגען האָבן אָנגעוויזן אויף די ענדערונגען וואָס קומען פאָר אין דער ייִדישער וועלט און נישט נאָר אין אַמעריקע.ביידע צײַטונגען האָבן זיך געשטעלט פאַר זייער ציל, אַז זיי דאַרפן דינען דעם ברייטן עולם לייענער מיט אַ פּילזײַטיקער אינפאָרמאַציע פון ייִדישן און אַלגעמיינעם כאַראַקטער, מיט געהעריקער באַלויכטונג און אַנאַליז פון פאַרפּלאָנטערטע פּאָליטישע סיטואַציעס, אויפקלערן און געבן דעם לייענער אַליין אַ מעגלעכקייט צו רעאַגירן אויף די שפּאַלטן פון די צײַטונגען.

אין דער צײַט פון דעם גרויסן אימיגראַנטישן שטראָם פון יענער זײַט אָקעאַן קיין אַמעריקע, און באַזונדערס פון מזרח־אייראָפּע, האָבן זיך גע־נייטיקט די אימיגראַנטן אין אַ ייִדישער צײַטונג, ווײַל קיין אַנדער שפּראַך האָבן זיי נישט געקענט. דער כּוח פון דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע איז געווען אַ ריזיקער. די פּיל לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע האָבן דורך די צײַטונגען געקענט פירן זייער אַקטיוויטעט. די ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע איז אויך אַ ווירקזאַמער כּוח בײַם פאַרבינדן די ייִדישע ישובים אין פאַרשיידענע לענדער מיט דעם אַמעריקאַנער גרויסן 6 מיליאָניקן ייִדישן ישוב.

אַ גרויסע ראָל האָבן די צײַטונגען געשפּילט פאַר דער פערטל־מיליאָ־ניקער שארית־הפּליטה, וואָס איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אַרײַנגע־קומען קיין אַמעריקע. דאָס איז אַן עלעמענט וואָס איז פריִער, פאַר דער

מלחמה, אויסגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אויף די בעסטע טראַדיציעס פון דער ייִדישער פרעסע אין מזרח־אייראָפּע, דעריבער איז מער ווי פאַר־שטענדלעך, אַז אין אַמעריקע האָבן זיי געזוכט דעם המשך פון אַ ייִדישער פרעסע, ייִדיש טעאַטער און ייִדישן לעבן און דאָס האָט זיי, אין אַ געוויסער מאָס, באַפרידיקט די ייִדישע פרעסע. נישט קיין קליינע צאָל געוועזענע פעיִקע צײַטונגס־מענטשן, זשורנאַליסטן, קאָרעספּאָנדענטן, האָבן באַרײַ־



לייזער ענגעלשטערןביים לינאָטיפּ אין דער דרוקעריי
פון „טאָג-מאָרגן זשורנאַל" (ניו-יאָרק 1968)

כערט די צײַטונגען, סײַ מיט אַ גרויסן לייענער־פּאָטענציאַל און אויך מיט אַן אינהאַלט. דאָס איז געווען אַ ספּעציעל טיפּיש ייִדיש־רעדנדיקער סעקטאָר צו וועלכן מ׳האָט געדאַרפט רעדן אין זײַן שפּראַך, ביז וואַנען ער האָט דער־לערנט די ענגלישע שפּראַך, דעריבער האָט די ייִדישע פרעסע געשפּילט אַ ריזיקע ראָל און מיטגעהאָלפן דער שארית־הפליטה דאָס אײַנגלידערן זיך אינעם אַמעריקאַנעם לעבן.

סוף 1971 האָט די ייִדישע וועלט אין אַמעריקע און ישראל און אַנדערע לענדער, מיט גרויס צער און ווייטיק אויפגענומען די ידיעה, אַז די צוויי־טע גרעסטע ייִדישע טאָגצײַטונג אין אַמעריקע, דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל"

האָט אויפגעהערט צו דערשײַנען. דער גרעסטער ייִדישער ישוב אין דער וועלט איז געבליבן מיט איין טאָגצײַטונג אין ייִדיש — דער „פאָרווערטס".

דאָס שליסן אַזאַ גרויסע טאָגצײַטונג האָט שווער געטראָפן דעם ייִדיש־רעדנדיקן און ייִדיש־שאַפערישן סעקטאָר אין אַמעריקע. דער אונטערגאַנג פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" איז אויך אַ געוויסער פאַרלוסט פאַר מדינת ישׂראל, היות ווי פון דער דאָזיקער צײַטונג האָבן די ספּעציעלע שליחים פון ישׂראל גערעדט צו דעם ייִדיש־רעדנדיקן סעקטאָר פון אַמעריקע מיט אַ שפּראַך, וואָס איז זיי אַמבעסטן נאָענט און פאַרשטענדלעך.

ס'זענען קוים אַריבער 3 חדשים זינט דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" האָט אויפגעהערט צו דערשײַנען אין ניו־יאָרק, און ס'איז שוין געקומען אַן אַלאַרמדיקער רוף פון דעם „פאָרווערטס", אַז אויך ער איז אין אַ שווערער לאַגע און איז אַרויס מיט אַ דערקלערונג, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דעם 31סטן מערץ 1972 :

„עס איז מעגלעך, אַז דער „פאָרווערטס" זאָל מאָרגן נישט קענען דערשײַנען און מיר ווילן אונדזערע לייענער זאָלן וויסן פאַר וואָס — אויב עס זאָל קומען דערצו.

ס'איז שוין עטלעכע יאָר ווי דער „פאָרווערטס" לײַדט פינאַנציעלע פאַרלוסטן. כּדי צו קענען ווײַטער אַרויסגעבן די צײַטונג, איז עס אומ־באַדינגט נויטיק, מיר זאָלן שנײַדן די אויסגאַבן. צוליב דעם, וואָס אונ־דזערע פריִערדיקע באַמיִונגען צו באַקומען פאַרלײַכטערונגען פון די יוניאָנס, וועמעס מיטגלידער אַרבעטן בײַם דרוקן די צײַטונג, האָבן זיך נישט אײַנגעגעבן, איז די פאַרוואַלטונג פון „פאָרווערטס" געווען געצוווּנגען צו אַראַנזשירן, אַז די צײַטונג זאָל געדרוקט ווערן אויף „פאָטאָ־אָפסעט" אין אַ דרויסנדיקער יוניאָן־דרוקערײַ.

„די נײַע סיסטעם פון דרוקן די צײַטונג האָט געדאַרפט אַרײַן אין קראַפט הײַנט, דעם 31סטן מערץ 1972.

„מיר האָבן באַצײַטנס געלאָזט וויסן וועגן דעם די פאַרשיידענע יוניאָנס, וואָס זענען פאַרמישט דערין. מיר האָבן אויך אַראַנזשירט צו באַצאָלן אַנטשעדיקונג צו יענע אַרבעטער, וועלכע וועלן צוליב דעם פאַרלירן זייערע דזשאָבס. מיר האָבן געמיינט, אַז אַלצדינג איז דער־ליידיקט.

„אין דעם לעצטן מאָמענט האָט מען אונדז אָבער געדראָט מיט אַ פּיקעט ־לאַין פון איינער פון די יוניאָנס. אַזוי ווי די מיטגלידער פון די

אַנדערע יוניאָנס וועלן נישט אַריבערגיין די פּיקעט־לאַין, וועלן מיר נישט קענען דרוקן דעם „פֿאָרווערטס" ביז דער גאַנצער ענין וועט אויסגעגלײַכט ווערן.

„מיר בעטן די לייענער צו האָבן אײַנזען מיט אונדז, ביז מיר וועלן ווײַטער קענען אַרויסגעבן די צײַטונג.

„דערווײַל האָבן מיר אַראַנזשירט מיט דער ראַדיאָ־סטאַנציע דאַבליו־אי־ווי־די צו בראָדקעסטן דורך דער צײַט וואָס דער „פֿאָרווערטס" קען נישט דערשײַנען, אַ גאַנצן טאָג נײַעס, קאָמענטאַרן און אַרטיקלען, וואָס ווערן געוויינלעך געדרוקט אין „פֿאָרווערטס" ".

דאָס איז געווען דער ערשטער „ס.אָ.ס."־רוף פון „פֿאָרווערטס".

דאָס שליסן דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" איז אויך געווען איינע פון די סיבות וואָס ווערן אויבן דערמאָנט. דער הויפּט־פאַרוואַלטער פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" אַרטור ל. דזשייקאָבס האָט געפאָדערט פון דער „יוניאָן" צו לאָזן דרוקן די צײַטונג אויף „אָפּסעט", וואָס וואָלט אין אַ היפשער מאָס רעדוצירט די הוצאות און וואָלט מעגלעך געמאַכט די צײַטונג ווײַטער צו עקזיסטירן, ליידער האָט זיך דאָס נישט אײַנגעגעבן.

צום גליק פון די „פֿאָרווערטס"־לייענער האָט זיך אײַנגעגעבן דעם קאָנפליקט צו ליקווידירן און דעם 1טן אַפּריל 1972 איז דער „פֿאָרווערטס" אַרויס מיט אַ פריידיקער דערקלערונג, אַז:

„מיר זענען גליקלעך צו אינפאָרמירן אונדזערע לייענער, אַז די עמוירדזשענסי, וועגן וועלכער מיר האָבן נעכטן געשריבן איז נישט צו שטאַנד געקומען. די יוניאָן, וועלכע האָט געוואָרנט, אַז זי וועט אַוועק־שטעלן אַ פּיקעט־לאַין, האָט דאָס נישט געטאָן און אַ דאַנק דעם קען דער „פֿאָרווערטס" דערשײַנען אָן איבעררײַס.

„מיר האָפן, אַז מיר וועלן ווײַטער קענען אַרויסגעבן דעם „פֿאָר־ווערטס" אָן אונטערברעכונגען מיט דער קאָאָפּעראַציע פון די יוניאָנס, צו וועמען מיר זענען דאַנקבאַר.

„טאָמער וועט זיך אָבער שאַפן אַ לאַגע, אַז דער „פֿאָרווערטס" זאָל נישט קענען דערשײַנען, וועלן די לייענער וויסן פאַר וואָס דאָס איז אַזוי. אויב דאָס זאָל געשען — און מיר האָפן, אַז עס וועט נישט קומען דערצו — בעטן מיר די לייענער צו האָבן אײַנזען מיט אונדז, ביז די צײַטונג וועט זיי ווידער דערגרייכן".

ווי עס איז צו זען פון די אויבן־ציטירטע דערקלערונגען פון „פאָר־ווערטס", איז די עקזיסטענץ פון דער ייִדישער פּרעסע אין ניו־יאָרק אָפּ־העגניק פון זייַטיקע גורמים און נישט, ווי די שונאים פון ייִדישן געדרוקטן וואָרט ווילן דאָס אויסטייַטשן... „צוליב מאַנגל פון לייענער"...

אין משך פון מייַנע 19 יאָר, וואָס איך האָב געאַרבעט אין דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן, ווי אַזוי ס'האָט געאַרבעט מייַן פאַרשטאָרבענער באַלעבאָס מאָריס ווייַנבערג, וועל־כער האָט דורכגעמאַכט מיט דער צייַטונג נישט איין קריזיס אין משך פון די קנאַפּע 60 יאָר עקזיסטענץ. נאָר אַ דאַנק זייַן ליבשאַפט צום ייִדישן געדרוקטן וואָרט און עקשנות, האָט ער גובר געווען אַלע שוועריקייטן און געזאָרגט, אַז זייַן צייַטונג זאָל דערשייַנען אָן איבעררייַס.

וואָלטן זייַנע יורשים — זייַן זון גודווין ווייַנבערג און זייַן איידעם אַרטור ל. דזשייקאָבס פאַרמאָגט אין זיך אַ ניצוץ ליבשאַפט פון זייער גרויסן פאָטער צו דער ייִדישער קולטור און פּרעסע, וואָלטן זיי נישט דערלאָזט דערצו, אַז די צייַטונג זאָל אויפהערן צו דערשייַנען.

מיטן דערלאָזן אונטערגיין דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" האָבן זייַנע יורשים פאַרשוועכט די צוואה פון דעם גרויסן אוהב פון ייִדישן וואָרט און האַרציקן פרייַנד פון מדינת ישׂראל.

ווי ווייַט באַליבט דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" איז געווען ביי זייַנע טויזנטער לייענער, קען מען זען פון דעם, וואָס דאָס וואָכנבלאַט, וואָס דערשייַנט איצט אין ניו־יאָרק אונטערן נאָמען „אַלגעמיינער זשורנאַל" איז אַ געטרייע קאָפּיע פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", סיי אין פאָרמאַט און סיי אין אינהאַלט. אַלע שרייַבער און זשורנאַליסטן, וועלכע זענען פאַרבליבן אין דרויסן, נאָכן שליסן דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", האָבן געקראָגן זייער אכסניה אין „אַלגעמיינעם זשורנאַל".

דער שוואַרצער טאָג פון פאַרמאַכן דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" וועט פאַרבלייַבן אַ שאַנדפלעק, נישט נאָר אויף די יורשים פון דעם גרינדער פון „טאָג". דער פלעק פאַלט אויך אויף די מנהיגים פון ייִדישן געזעלשאַפט־לעכן לעבן אין ניו־יאָרק, וועלכע האָבן געוווּסט פון די אַלע שוועריקייטן מיט וועלכע ס'האָט זיך געראַנגלט אין משך פון אַ לאַנגער צייַט דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל".

# אכזריותדיקייט פון גורל

נאָכן אָפּאַרבעטן אַ יאָר צײַט אין „טאָג", האָב איך באַקומען מײַן ערשטן באַצאָלטן אורלויב. דאָס איז געווען זומער 1951. ערשט דאַן האָב איך געקענט ווי געהעריק אָפּשאַצן די וויכטיקייט צו זײַן אַ גלײַכבארעכטיקטער מיטגליד אין דעם טיפּאָגראַפיקל־יוניאָן. זייער ווייניק יוניאָנס האָבן ביז דאַן געהאַט אויסגעקעמפט פאַר זייערע מיטגלידער אַ 4־וואָכיקן באַצאָלטן אורלויב.

היות ווי אין משך פון מײַן 4־יאָריקן זײַן אין איטאַליע, האָב איך פיל מאָל באַזוכט פאַרשיידענע שיינע געגנטן פון דעם לאַנד, האָב איך אויך איצט געוואָלט אויסנוצן מײַן אורלויב, צו באַקענען זיך מיט די רחבותדיקע שיינקייטן פון דער גרויסער און שיינער אַמעריקע.

מײַן פרוי רות האָט זיך אָנגעהויבן פילן נישט אַמבעסטן און איז נישט געווען אַנטציקט פון מײַן פאָרשלאָג צו מאַכן אַ לענגערן טורנעי איבער אַמעריקע. דעריבער האָט זי בעסער געוואָלט פאַרבלײַבן מיטן קינד דעם זומער אויף אָפּרו אין אַ פאַרם פון אונדזערן אַ גוטן פרײַנד פון ווילנע, מיט וועמען מיר האָבן צוזאַמען געוואַנדערט איבער גרענעצן און לענדער און זיך דערשלאָגן צו דער זוניקער איטאַליע.

אין אַמעריקע האָבן פיל פון דער שארית־הפליטה די ערשטע צײַט זיך גענומען צו פאַרמערײַ. די ייִדישע הויך־אַנטוויקלטע אַגריקולטור־געזעלשאַפט פלעגט דערמוטיקן פאַרמערײַ און פלעגט לײַען גרויסע סומעס געלט אָן פראָצענט. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אין ניו־דזשוירזי מיט דער צײַט געשאַפן אַ היפשע קאָלאָניע פון ווילנער, געוועזענע פּאַרטיזאַנער און געראַטעוועטע פון די נאַצי־לאַגערן. דאָרט האָט טאַקע אונדזער בן־עיר ראובן שנײַדער מיט זײַן פרוי נעמי אויפגענומען רותן מיטן קינד אויף אָפּרו אין זייער הויז אויף אַ לענגערער צײַט.

פון מײַן ערשטער רײַזע איבער אַמעריקע בין איך געווען העכסט צופרידן. קודם האָב איך דערזען פאַר זיך אַ גרויסע און שיינע וועלט און

באַוווּנדערט די שיינע לאַנדשאַפט און וווּנדערבאַרע פּלעצער פון קאָלאָמ־בוסעס מדינה.

אומעטום האָב איך באַגעגנט באַקאַנטע פון ווילנע און פון דער פּאַר־טיזאַנקע. איך האָב ממש געקליבן נחת פון די נסים־ייִדן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך פיין איינגעאָרדנט. איך האָב געטראָפן ניי־געבוירענע, שמייכלענדיקע און צופרידענע ייִדן. אַלע האָבן זיי מיר שיין מכניס־אורח געווען. אין די לאַנגע נעכט פלעגן מיר ביז אין די שפּעטע שעהן דערמאָנען די צייטן אין וואַלד, אין ביעלסקיס אָטריאַד, ווען אַ שטיקל טרוקן ברויט און אַ ציבעלע איז געווען דער טייערסטער מאכל.

דער לעצטער אָרט פון מיין ערשטער נסיעה איז געווען אין דעם דרומדיקן שטאַט קענטאָקי. אַהין איז מגולגל געוואָרן מיין בן־עיר מאיר עליזעראָוויטש מיט זיין פרוי רחל און קינד. מיט זיי האָבן מיר דאָס אַרויסגעוואַנדערט צוזאַמען פון ווילנע און זיך דערשלאָגן קיין איטאַליע, און אין רוים האָבן מיר, אַפילו, אין משך פון אַ האַלבן יאָר געלעבט צו־זאַמען אין איין דירה. ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס חזן אין אַ רייכן בית־הכנסת אין דער הויפּטשטאָט פון קענטאָקי, לואיוויל, ווו זיי האָבן שוין געהאַט אַן אייגן הויז.

ביז דאַן איז ביי אונדז אַלץ געגאַנגען כּשורה. מיר זענען געווען צופרידן, וואָס סוף־כּל־סוף האָבן מיר דערגרייכט צו אַ זיכערן ברעג און אונדזערע געדאַנקען און ציל איז געווען צו דערציִען אונדזער זון דודל.

אין 1953 זענען מיר צוזאַמען אַרויסגעפאָרן אויף אַפּרו אין די קעטס־קיל־בערג, וועלכע זענען געווען אַרומגערינגלט מיט אַ וווּנדערבאַרער שיי־נער לאַנדשאַפט. רות האָט זיך דאָרט געפילט זייער גוט, אָבער ס׳האָט איר די גאַנצע צייט נאָכגעפאָלגט אַ פּחד, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט מיט איר עפּעס געשען.

מיט אָפּגעפרישטע כּוחות האָבן מיר זיך שוין געקליבן צו פאָרן פון דעם פיינעם אָפּרו אַהיים, אָבער פּלוצלונג האָט רות באַקומען אַ שווערן אַטאַק און זי איז אַנידערגעפאַלן אין פאָטעל אָן באַוווּסטזיין. אַן אַרויסגע־רופענער דאָקטאָר האָט איר גיך געגעבן מעדיצינישע הילף און האָט איר געעצהט צו מאַכן אַ ריי אונטערזוכונגען ביי אַ ספּעציאַליסט.

קומענדיק אַהיים פון דעם אָפּרו און דורכמאַכנדיק אַ סעריע גרינט־לעכע אונטערזוכונגען האָט זי, לויט דער עצה פון אַ דאָקטאָר — אַ ספּע־ציאַליסט — אַדורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע. בּיסלעכווייז איז זי געקומען צו זיך, אָבער זי האָט זיך שוין געפונען אונטער דער שטענדיקער אויפזיכט

פון אונדזער הויז־דאָקטאָר. דאָס איז געווען ד״ר לעאָן מערקין — אַ ברו־דער פון דעם ווילנער לערער מאַקס עריק, וועלכן די נ.ק.וו.ד. האָט דער־מאָרדעט צוזאַמען מיט אַ פּאָר און צוואַנציק ייִדישע שרייַבער פון ראַטן־פאַרבאַנד.

ס׳איז אַריבער אַ קנאַפּער יאָר און פּלוצלונג האָט זיך רותס געזונט אָנגעהויבן שנעל צו פאַרערגערן. פּסח־צייַט 1955 איז זי ווידער געווען געצוווּנגען אַדורכמאַכן אַ שווערע אָפּעראַציע, אָבער ס׳איז שוין וואַרשייַנ־לעך געווען צו שפּעט.

נאָך אַ דרייַ חדשימדיקן ליגן אין שפּיטאָל, לייַדנדיק אומאויפהערלעכע ווייטיקן, האָט זי אין גרויסע יסורים אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם, אויפן שוועל פון איר 40סטן לעבנסיאָר.

אַזאַ איז געווען איר גורל: באַשערט געווען אַדורכלעבן די פייַנלעכע יאָרן אין ווילנער געטאָ, אַ יאָר צייַט זיך אויסבאַהאַלטן אין שוידערלעכע באַדינגונגען אין אַ באַהעלטעניש אין אַ שייַער און דערלעבט די באַפרייַונג. און דווקא דאַן, ווען ס׳האָט דאַכט זיך אויפגעשייַנט צוריק איר זון, איז זי פריצייַטיק אַוועק פון דער וועלט, איבערלאָזנדיק אַ פאַריתומדיקן קליינעם זונעלע.

איר טויט האָט מיר און מייַן קינד שווער געטראָפן. זי האָט אויסגע־הויכט איר נשמה אין דעם זעלבן חודש, ווען מיט 10 יאָר צוריק האָב איך זי אומדערוואַרטערהייט באַגעגנט אויף דער דייַטשער גאַס אין אונדזער חרובער ווילנע.

אין יענער צייַט האָבן זיך וועכנטלעך געדרוקט מייַנע זכרונות פון געטאָ און וואַלד אין דעם פּאָפּולערן זשורנאַל „אַמעריקאַנער״. די זכרונות האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס בייַ די לייענער, היות ווי וועגן דער חורבן־טעמאַטיק איז נאָך דאַן ווייניק געשריבן געוואָרן.

דער „אַמעריקאַנער״ איז געווען אַ ברייט־פאַרשפּרייטער גוט אילוס־טרירטער ערנסטער זשורנאַל, וואָס איז אַרויס אין זייער אַ גרויסן טיראַזש און איז צעשיקט געוואָרן אין פאַרשיידענע לענדער.

די לאַסט פון טראָגן דעם עול צו אַרבעטן און דערציִען מייַן קינד האָט שווער געדריקט אויף מייַן געמיט. איך בין פאַרן קינד געווען אַ פאָטער און אויך געדאַרפט פאַרבייַטן זייַן מוטער; אָבער איך האָב זיך געשטעלט פאַר מייַן ציל צו דערציִען מייַן זון אין די בעסטע ייִדישע ווילנער טראַדיציעס. ער איז דאַן אַלט געווען 9 יאָר און האָט שוין גוט אָפּגעפילט וואָס עס הייסט בלייַבן אָן אַ מוטער.

# נייע פּאַזע אין מיין באַנייטן לעבן

די צײַט איז שנעל געלאָפן און איך בין טאָג טעגלעך געווען פאַר־נומען מיט מײַנע דאגות. פון צײַט צו צײַט פלעג איך זיך טרעפן מיט באַקאַנטע חברים פון פּאַרטיזאַנקע, ווילנער לאַנדסלײַט און לאַנג שמועסן וועגן דעם נישט ווײַטן טרויעריקן עבר.

איין טאָג געפין איך אין פּאָסטקעסטל אַ בריוו פון ישׂראל. איבער־געלייענט די ערשטע שורות און באַלד שטויס איך זיך אָן, אַז דאָס שרײַבט חיים־פּסח אַלפּעראָוויטשעס טאָכטער פּעסיע, פון גרויס שניפּישאָק, אַ שכן פון אונדזער הויז. איר פאָטער איז לאַנגע יאָרן געווען דער בעל־ממונה איבער די רעליגיעזע אויסגאַבן פון דעם פאַרלאַג „האלמנה והאחים ראָם" אין ווילנע.

אין איר בריוו האָט פּעסיע (איצט פנינה) געשריבן, אַז זי האָט מיט גרויס אינטערעס געלייענט מײַנע זכרונות אין „אַמעריקאַנער", וואָס אירע אַ באַקאַנטע פלעגט איר צושיקן רעגולער פון ניו־יאָרק. גלײַכצײַטיק האָט זי צוגעגעבן, אַז איר מאַן רחמיאל בורשטיין, אויך אַ זעצער, מיט וועלכן איך האָב געאַרבעט אין קלעצקינס דרוקערײַ, איז פּריצײַטיק געשטאָרבן. פון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער קאָרעספּאָנדענץ.

אין אַ ווײַטערדיקן בריוו האָט זי מיר מיטגעטיילט, אַז זי האָט בדעה צו קומען אויף אַ באַזוך קיין אַמעריקע, ווו זי פאַרמאָגט צוויי פעטערס: דעם טאַטנס אַ ברודער און דער מאַמעס אַ ברודער. ביידע וווינען נישט ווײַט פון ניו־יאָרק.

ווען איך האָב איין מאָל באַזוכט אירס אַ פעטער, וואָס האָט געוווינט אין ניו־הייווען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אויך פון פאַך אַ זעצער, געאַרבעט אין ווילנע און אַז ער געדענקט נאָך פון דער היים מײַן גאַנצע משפּחה. ער האָט דרײַ זין פּראָפעסאָרן, וועלכע אַרבעטן אין דעם באַרימטן יעיל־אוניווערסיטעט.

איך האָב אָנגעהויבן אָפט צו באַזוכן איר פעטער און געוואָרן אַ בן־בית. ס׳איז אַריבער אַ יאָר און אין אַ זוניקן טאָג פון חודש מאַי 1956 בין איך מיט איר פעטער אשר אַלפּעראָוויטש (לעבט שוין נישט) און זײַן פרוי, געפאָרן מקבל פּנים זײַן זייער פּלימעניצע פנינה אַלפּעראָוויטש אין ניו־יאָרקער פּאָרט.

בעת איר זײַן אין אַמעריקע האָב איך זיך אָפט געפונען אין קרײַז פון אירע באַקאַנטע און משפּחה. מיר האָבן זיך נענטער דערקענט און

ביידע זענען מיר געקומען צו אַ באַשלוס, אַז מיר זאָלן ווערן מאַן און ווײַב. אין חודש יולי 1956 האָבן מיר געשטעלט אַ חופּה כּדת משה וישׂראל.

אין משך פון דעם יאָר וואָס דודל איז געווען אָן דער מוטער איז ער מער ערנסטער און רײַפער געוואָרן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז פון איצט וועט אויך פאַר אים לײַכטער ווערן דאָס לעבן. ער האָט זיך גיך צוגעוווינט צו זײַן נײַער מאַמען, וועלכע האָט אים געשאָנקען פיל צערטלעכקייט און וואַרעמקייט.

דודל האָט פאָרגעזעצט דאָס לערנען אין דער ישיבה־קטנה אין ניו־יאָרק. אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן גוט פאַר אונדז ביידן. דודל האָט אַרויס־



פון רעכטס צו לינקס: פרוי פנינה, זון דוד און לייזער ענגעלשטערן (ניו-יאָרק 1957)

געוויזן גוטע בקיאות אין זײַנע לימודים, ער איז שיין געוואַקסן, גוט אַנט־וויקלט, ער האָט זיך שטענדיק געפונען אין אַ קרײַז פון זײַנע חברים ישיבה־בחורים.

אין יענער צײַט האָט זיך אויך מײַנע וועכנטלעכע שׂכירות באַדײַטנדיק פאַרגרעסערט. ס'איז געווען אַ צײַט נאָך דעם, ווי דער „טאָג" האָט זיך פאַראייניקט מיטן „מאָרגן זשורנאַל" און די פאַראייניקטע צײַטונג איז אַרײַן אין אַ נײַע פאַזע פון אַ בלי־פעריאָד. דער אָנזען פון דער צײַטונג און איר פּאָפּולאַריטעט צווישן דעם יידיש־רעדנדיקן עלעמענט איז געווען גרויס און עס איז געווען אַ נויטווענדיקייט צו דרוקן די צײַטונג אין אַ פאַרגרעסערטער צאָל זײַטן מיט אַ שפע מודעות. דער טיראַזש האָט זיך

פאַרטאָפּלט און אַזוי אַרום האָבן די זעצער געהאַט פּיל מער אַרבעט ווי פריִער און מ׳האָט געדאַרפט אַרבעטן איבערשעהען. דאָס האָט פון איין זײַט באַגרענעצט מײַן פרײַע צײַט, אָבער מאַטעריעל בין איך געווען גוט פאַר־זאָרגט.

אין יענער צײַט האָב איך אַ סך געלערנט וועגן אַמעריקע. איך האָב זיך צוגעוווינט צו דער אַמעריקאַנער סביבה. אַ סך שטריכן פון אַמעריקאַ־נער לעבן זענען מיר געווען געפעלן. וועגן אַ סך אַמעריקאַנער דערגרייכונ־גען בין איך געווען באַגײַסטערט. איך האָב איצט געקאָנט שפּאַנען אויף דעם אַמעריקאַנעם באָדן מיט מער זיכערקייט און מיט גרעסערע האָפע־נונגען, ווי דאָס איז געווען די ערשטע צײַט פון מײַן קומען קיין אַמעריקע.

אין משך פון דער צײַט האָב איך זיך דערוואָרבן פיל פרײַנד, מײַן לעבן איז געווען פאַרזיכערט. איך האָב געקויפט פיל ביכער, געלייענט אַ סך און דאָס איז געווען מײַנע גרעסטע פאַרגעניגנס אין לעבן.

פאַר דער צײַט האָב איך אָפּגעפרישט מײַן דאָרשט נאָך ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט. איך האָב אָפטער באַזוכט דאָס אַטראַן־קולטור־הויז, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ היכל פון ייִדישער קולטור און וויסן. דאָ, אין דעם פּלאַץ פון די גרעסטע און וויכטיקסטע אינסטיטוציעס האָבן געאַרבעט די בעסטע און אינטעליגענטסטע ייִדישע מוחות. דאָ האָט מען געפאָרשט דעם ייִדישן עבר און אויך פּלאַנירט דעם המשך אויף דער צוקונפט.

# די שארית־הפליטה
# און די לאַנדסמאַנשאַפטן

ווי אַלע נײַ אָנגעקומענע עמיגראַנטן אין אַמעריקע, האָט אויך די שארית־הפליטה אַדורכגעמאַכט אין זייערע בראשית־יאָרן נישט ווייניק חבלי־לידה פון אַקלימאַטיזירן זיך אין אַ נײַ לאַנד. און טראָץ דעם וואָס אַמעריקע איז אַ לאַנד פון גרויסע מעגלעכקייטן, איז נישט לײַכט געווען צו שלאָגן וואָרצלען. ס'האָט געדויערט אַ היפּשע ביסל יאָרן ביז די נײַ אָנגעקומענע עמיגראַנטן, וואָס זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך אײַנגעגלידערט אינעם אַמעריקאַנער ישוב און געפונען אַן אחיזה אין דעם נײַעם לאַנד. דאָס איז געווען אַן עלעמענט וואָס האָט זיך אויף פאַרשיידענע וועגן געראַטעוועט פון טויט, ווער אין וואַלד, ווער אין אַ באַהעלטעניש אויף דער אַרישער זײַט, ווער פון די טויטלאַגערן, פאַרשיקונגס־לאַגערן פון סאָוועט־רוסלאַנד.

מיט דער צײַט האָט אין אַמעריקע די שארית־הפליטה אויפגעבויט פון דאָס נײַ זייער היים, זיך אינטעגרירט אין דער אַמעריקאַנער עקאָנאָמיק און זיך באַוויזן אַפילו נישט שלעכט צו אײַנאָרדענען.

דאָס איז געווען אַ ייִדיש־רעדנדיקער סעקטאָר, וואָס האָט געשטרעבט צו געבן זייערע קינדער אַ ייִדיש־וועלטלעכע דערציִונג און זיי אַליין זענען געוואָרן אַ וויכטיקער צושטײַער צום אַמעריקאַנער ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן קולטור־לעבן.

די מערסטע פון דער שארית־הפליטה האָבן זיך אַקטיוויזירט אין ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן און זיי האָבן אין אַ געוויסער מאָס אויפגעלעבט די פיל ייִדישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געליטן אויף אַ מאַנגל אין אָנפירנדיקע טוער. צווישן די נײַ אָנגעקומענע זענען נישט ווייניק פאַראַן שרײַבער, זשורנאַליסטן, אַרטיסטן, לערער, דרוקער־אַרבעטער, זיי זענען אויך געווען די בעסטע באַזוכער פון די פאָרשטעלונגען אויף ייִדיש אין טעאַ־

טער. זיי זענען אויך געווען אַ גרויסער אָפּנעמער פון דעם ייִדישן געדרוקטן וואָרט אין אַמעריקע. זיי האָבן ממש אויפגעלעבט דאָס ייִדישע פֿאָלקס־לעבן.

אין אַמעריקע האָט די שארית־הפּליטה געטראָפן אָרגאַניזירטע לאַנדס־מאַנשאַפטן, וועלכע זענען געגרינדעט געוואָרן אויף דער באַזע פון אָפּשטאַ־מיקע פון שטעט און שטעטלעך פון מזרח־אייראָפּע אין די יאָרן ווען עס האָט געשטראָמט אַ גרויסע עמיגראַציע־כוואַליע.

די לאַנדסמאַנשאַפטן און די פֿאָלקס־אָרגאַניזאַציעס האָבן אין משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט געשפּילט אַ זייער אַנגעזעענע ראָל אין ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע. אויך הײַנט איז נאָך זייער ראָל קענטיק, אָבער מיט דער צײַט פאַרלאָזן זיי די געזעלשאַפטלעכע אַרענע. דער דור פון די עמיגראַנטן, וואָס האָבן געגרינדעט די לאַנדסמאַנשאַפטן האָט זיך אַמעריקאַניזירט און אײַנגעבירגערט אין לאַנד. עס האָט זיך גע־שאַפן אַ לאַגע, אַז אַ לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט פריִער גע־האָט הונדערטער מיטגלידער איז געבליבן בײַ אַ פּאָר מנינים און אַ מאָל אויך ווינציקער. דער עלטערער דור גייט אַוועק, קיין יונגע קומען נישט צו, איז במילא געשאַפן געוואָרן אַזאַ לאַגע, אַז פיל לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן זיך פאַראייניקט לויט דער נאָענטקייט פון זייער סביבה פון דער אַמאָלי־קער היים און דערמיט פאַרלענגערט זייער לעבנס־פונקציאָנירונג אויף אַ געוויסער צײַט.

דער ייִנגערער דור עסקנים האָט איבערגענומען בירושה גרויסע געלט־פאָנדן, בתי־כּנסת, בתי־קברות, לײַ־קאַסעס, ווו ס׳האָבן זיך קאָנצענטרירט ריזיקע סומעס און נישט שטענדיק ווערן די געלטער אויסגענוצט אויף קאָנסטרוקטיווע צוועקן. אין דער ייִדישער פּרעסע לייענט מען גאַנץ אָפּט וועגן דער לאַגע פון די „אויסגעשפּילטע לאַנדסמאַנשאַפטן", וועלכע געפינען זיך אין אַ סטאַדיע פון ליקווידאַציע.

דאָס ייִדישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אַמעריקע איז געוואָרן איבער־אָרגאַניזירט. עס לײַדן די לאַנדסמאַנשאַפטן פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָנ־טראָל און נישט זעלטן טרעפט, אַז געלט־רעזערוון פאַלן אַרײַן אין פּריוואַטע הענט און זיי ווערן פאַרטאַכלעוועט לויט זייער אייגענעם אײַנזען.

אין גרעסטן טייל זענען דאָס עסקנים, איינצלנע פירער פון קליינע לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלכע ווײַזן שוין נישט אַרויס קיין שום סימנים פון אַ געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

מיטן אָנקומען פון דער שארית־הפּליטה קיין אַמעריקע נאָך דער צווייִ־דער וועלט־מלחמה, איז צוגעקומען אַ גרויסער צופלוס אין די לאַנדסמאַנ־

שאַפּטן. נישט זעלטן האָבן די ניי־געקומענע איבערגענומען די פירונג פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אין זייערע הענט און אויך אַריינגעבראַכט אָרדענונג. זיי האָבן טאַקע אין אַ געוויסער מאָס אויך פאַרפולט די שולן, איבערגענומען די פירונג פון די פריַערדיקע ליי־קאַסעס און האָבן אַרויסגעגעבן הלוואות די נייטבאַדערפטיקע עמיגראַנטן.

די פאַרשיידענע אַנגעווייטיקטע פּראָבלעמען און אָפט מאָל אויך קריטיק ווערן באַהאַנדלט אָפן אין דער יידישער פּרעסע און נישט זעלטן האָט מען געקענט לייענען וועגן סקאַנדאַליעזע אַקטן פון אַן אַנטימאָראַלישן כאַראַקטער. ס'ווערן אויפגעדעקט נישט ווייניק שאַטנדיקע זייטן אויף פאַרשיידענע געביטן פון פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

פאַר מיין צייט וואָס איך בין געווען אין אַמעריקע, זענען פיל עמיגראַנטן געוואָרן די ראשי־המדברים פון די לאַנדסמאַנשאַפטן און האָבן באַנייט זייער טעטיקייט אין די פריַערדיקע בעסטע טראַדיציעס פון קליינעם שטעטלדיקן לעבן אין דער אַלטער היים.

אין די נאָכמלחמה־יאָרן האָט די שארית־הפליטה געזאָרגט, אַז עס זאָל ווי געהעריק אָפּגעמערקט ווערן דער אָנדענק פון די אומגעקומענע קדושים אין דער חורבן־צייט. די יערלעכע אזכרות נאָך די אומגעקומענע ברידער און שוועסטער פון די חרובע קהילות פלעגן צוציִען פיל מענטשן, און די אַמעריקאַנער יידן־„ותיקים" האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו אויסהערן פון די ניצול געוואָרענע יידן, אמתדיקע דערציילונגען וועגן אומקום פון די יידן אין דער אָדער אַנדער שטעטל און שטאָט. די שארית־הפליטה איז אויך געווען דער וויטאַלער עלעמענט, וועלכער האָט אינספּירירט צו אַרויסגעבן יזכור־ביכער פון די פאַרשניטענע קהילות, סיי אין אַמעריקע און סיי אין ישׂראל.

די מאַסן־איינוואַנדערונג פון דער שארית־הפליטה אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז געוואָרן אַ דאָמינירנדיקער כּוח אין אַמעריקאַנער יידישן ישוב. זיי האָבן געגעבן דעם כאַראַקטער פון די לאַנדסמאַנשאַפטן און זיי האָבן דערפירט צו אַ בעסערער אָרדענונג אין די קהלשע אינסטיטוציעס. זיי האָבן געלייגט דעם שטעמפּל אויף דער פאַרמירונג פון דעם גאַנצן פּרצוף פון דער יידישער אַמעריקע. זיי האָבן באַוויזן אין אַ גרויסער מאָס צו איבערפלאַנצן אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן די יידיש־רעליגיעזע און די יידישוועלטלעכע קולטור־התגלותן, לויטן נוסח פון מזרח־אייראָפּע און די לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן מיט דער צייט באַקומען זייער פריַערדיקן אינהאַלט און גייסט.

# די פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע

עס זענען אַדורכגעלאָפן מער ווי אַ פּאָר צענדליק יאָר, ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען קיין אַמעריקע די ערשטע אַנטרונענע פון מוראדיקן חורבן פון ייִדישן פאָלק אין אייראָפּע און וואָס פאַר אַ טיפע ענדערונגען זיי האָבן אַרײַנגעבראַכט אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן.

די שארית־הפליטה האָבן אויפגעבויט אַ ייִדיש לעבן אין אַמעריקע מער, ווי וואָסער ס׳איז אַנדערע ייִדישע אימיגראַציע אין וואָסער ס׳איז אַנדער תקופה, צי דאָס איז געווען סוף פון 19טן יאָרהונדערט, צי נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אין 1905, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז דעם קוואָטאַ־סיסטעם אין די צוואַנציקער יאָרן.

דווקא דער שארית־הפליטה־שטראָם האָט אויפגעבויט אַ ייִדיש לעבן אין אַמעריקע רײַך אין יהדות־אוצרות, שפּרודלענדיק מיט שעפערישע גײַסטיקע כּוחות, מיט שטאָלצער ייִדישקייט, מיט כּלל־ישׂראל־באַוווסטזײַן, מיט סאָלידאַרישקייט מיט פאַרשיידענע ייִדישע ישובים אין דער וועלט און באַזונדערס מיט ארץ־ישׂראל.

דער סאַמע וויטאַלסטער און מער פּאָזיטיווער עלעמענט צווישן דער שארית־הפליטה אין אַמעריקע זענען די געוועזענע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געהאַט אַ גוטע טראַדיציע פון אונטערערדישער אַרבעט אין די געטאָס און שפּעטער אַלס קעמפער אין פאַרשיידענע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן אין נאַליבאָקער, רודניצקער פּושטשע, אין די ווײַסרוסישע, אוקראַיִנישע און פּוילישע וועלדער.

די געוועזענע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך צעשפּרייט אין אַמעריקע אין פּיל שטעט און קלענערע שטעטלעך, אָבער דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק.

די צײַט איז רײַף געוואָרן און ס׳האָט זיך געפאָדערט צו שאַפן אַן אייגענעם פּאַרטיזאַנער־פאַרבאַנד, וואָס זאָל אַרײַננעמען אונטער איין דאַך פאַרשיידענע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרעם.

אָנהייב דעצעמבער 1966 איז אַ דאַנק אַן איניציאַטיוו־גרופּע, צונויפגערופן געוואָרן אין גרעיט נאָרטהערן האָטעל (לעבן קאַרנעגי־האָל) די ערשטע קאָנפערענץ פון דעם נײַ־געגרינדעטן פאַרבאַנד פון די געוועזענע פּאַרטיזאַנער, אונטערגרונט־קעמפער, אין אָנבליק פון דער פון דאָס נײַ וואַקסנדיקער נאַצי־געפאַר אין דײַטשלאַנד און אַמעריקע.

אַריבער 300 פון די נײַ־געקומענע פון ניו־יאָרק און פון ניו־דזשוירזי זענען געקומען צו דער קאָנפערענץ. צענדליקער רעדנער, סײַ פון די אָנ־פירנדיקע חברים און סײַ פון דעם פאַרזאַמלטן עולם, האָבן מיט גרויס ווייטיק און זאָרג אַרויסגעבראַכט אין זייערע רעדעס די אַלץ מער וואַקסנ־דיקע נאַצי־סכּנה און גערופן פון דער טריבונע, אַז די ייִדישע עפנטלעכ־קייט זאָל אַלאַרמירט ווערן און ווי געהעריק רעאַגירן און נישט וואַרטן ביז עס זאָל חלילה ווערן צו שפּעט.

— „מיר טאָרן נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, ווען די נאַצי־שלאַנג הייבט ווידער אויף דעם קאָפּ אין דײַטשלאַנד און אין פאַרשיידענע אַנדערע לענדער. — מיר טאָרן נישט דערלאָזן, אַז דאָ, לעבן אונדז, זאָלן אַרומגיין טויזנטער מערדער פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, און זאָלן געניסן פון דער אַמעריקאַנער פרײַהייט. די האַנט פון גערעכטיקייט דאַרף זיי גרייכן אויך אין אַמעריקע פאַר זייערע נעכטיקע פאַרברעכנס. מיר קאָנען זיך נישט צוקוקן מער צו די חוזק־משפּטים אין דײַטשלאַנד און עסטרײַך איבער די מערדער פון 6 מיליאָן ייִדן, וועלכע באַקומען לײַכטע שטראָפן און מערסטנס באַפרײַונגס־אורטיילן". דאָס איז דער תּמצית פון די אַרויסטרעטונגען אויף דער ערשטער פּאַרטיזאַנער־קאָנפערענץ.

זייער וואַרעם איז אויפגענומען געוואָרן דורך די פאַרזאַמלטע דער קאָ־מאַנדיר פון דעם גרעסטן ייִדישן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד, וואָס האָט גע־ציילט איבער 1200 ייִדן אין דער נאַליבאָקער פּושטשע — דער טײַערער פאָלקס־ייִד טוביה ביעלסקי, ווען ער איז אַרויף אויף דער טריבונע צו נע־מען אַ וואָרט. אָט דער העלדישער קאָמאַנדיר מיט זײַן ספּעציפיש־ייִדישער פּאַרטיזאַנער־מחנה, האָט אַרײַנגעשריבן אַ הערלעכן קאַפּיטל אין דער גע־שיכטע פון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין דער נאַצי־תּקופה. צווישן די 1200 פּאַרטיזאַנער, וועלכע ער האָט אַרויסגעפירט פון דער נאַלי־באָקער פּושטשע, נאָך דער באַפרײַונג, האָבן זיך געפונען 400 פרויען און 110 קינדער.

טוביה ביעלסקי האָט גערעדט מיט אַ געבראָכענער שטים. אַלע האָבן אים פאַרשטאַנען. 22 יאָר נאָכן באַזיגן היטלער־דײַטשלאַנד דאַרף מען ווידער רעדן וועגן דער נאַצי־סכּנה און קלאַפּן טרעוואָגע און וואָרענען דאָס אויס־געפּרוווטע ייִדישע פאָלק, אַז אַ צווייטער בלוטיקער קאַפּיטל זאָל זיך חלילה נישט איבערחזרן.

טוביה ביעלסקי, אַלס איינער פון די רעפּרעזענטאַטיווע פאָרשטייער פון דער גרויסער פּאַרטיזאַנער־מחנה, האָט זיך דאַן געשטעלט בראש פון

אַ גרופּע געוועזענע פּאַרטיזאַנער און ווידערשטאַנד־קעמפּער פון די פּויליִ־שע, ווײַסרוסישע און אוקראַיִנישע וועלדער און האָבן געגרינדעט דעם פאַרבאַנד.

אויף דער קאָנפערענץ איז פאָרגעלייענט געוואָרן דער פּראָיעקט פון דער גרינדונגס־פּלאַטפאָרם פון פאַרבאַנד פון געוועזענע פּאַרטיזאַנער און אונטערגרונד־קעמפער, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק דורך די פאַרזאַמלטע דעלעגאַטן.

איך בין געווען איינער פון דער אַקטיווער גרופּע, וואָס האָבן פאַר־לייגט די יסודות פון דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, אָנ־הויבנדיק פון איר סאַמע גרינדונג אויף דער ערשטער קאָנפערענץ און אַלס צײַטונגס־מענטש און מיטאַרבעטער פונעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל”, איז מיר אָנפאַרטרויט געוואָרן די אויפגאַבע צו פירן די אויפקלערונגס־אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע.

איך האָב שטענדיק אויף די שפּאַלטן פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל” גע־שריבן באַריכטן וועגן פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, וואָס זענען פּלאַנירט און אַדורכגעפירט געוואָרן און אַ דאַנק דעם, איז די ברייטע עפנטלעכקייט געווען אינפאָרמירט וועגן דער טעטיקייט פון דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַני־זאַציע אין אַמעריקע.

## „נוסח ווילנע"

שוין באַלד פון מײַנע ערשטע טעג אין ניו־יאָרק, האָב איך געזוכט אַ געלעגנהייט צו פֿאַרבינדן זיך מיט מײַנע ווילנער לאַנדסלײַט, וועלכע זענען געווען אָרגאַניזירט אין אַרבעטער־רינג־ברענטש 367. מײַנע ווילנער בני־עיר האָבן מיך גאַנץ וואַרעם אויפגענומען. די אָנפירער פון דער ברענטש, בראש פון וועלכער ס'איז דאַן געשטאַנען יעפים ישורין, דער באַקאַנטער און זייער פּאָפּולערער ביבליאָגראַף — געווען אַ טײַערער און האַרציקער ווילנער קולטור־טוער, וואָס איז דאַן אויך געווען דער קאַסירער פון „פֿאָרווערטס", האָבן מיר באַלד פֿאַרגעלייגט מיטצואַרבעטן מיטן ווילנער קאָמיטעט. אין יענער צײַט האָבן זיי פיל אויפגעטאָן אויפן געביט פון סאָציאַלער הילף, וואָס האָט זיך באַזונדערס אויסגעדריקט צו ברענגען הילף זייערע ברידער און שוועסטער אין ווילנע פאַר דעם בלוטיקן מבול און אין אַ גרויסער מאָס נאָך דער מלחמה פאַר די ווילנער שארית־הפליטה ווו נאָר זיי האָבן זיך געפונען.

מײַן גאַנץ לעבן בין איך געווען טיף אײַנגעוועבט און אײַנגעפלאָכטן אין פֿאַרשיידענע קולטור־אינסטיטוציעס אין ווילנע פאַר דער מלחמה. אין מיר האָט געפלאַסן אַ באַזונדער הייסער שטראָם, וואָס האָט געמישט ווילנע מיט מײַן „איך". ווילנע האָט נישט געקענט אַרויספאַלן פון דעם גאַנצן לעבנסגאַנג מײַנעם. אין מיר האָט געוואַרעמט ברויזנדע געפילן פון דער אַבסאָלוטער וויכטיקער און נויטווענדיקער באַדערפעניש פון דער עקסיסטענץ פון אַ ווילנע־צענטער. דאָס האָב איך געפּרוווט טאָן אין משך פון מײַן זײַן אין איטאַליע, איך האָב אַלץ געטאָן, כּדי צו צעמענטירן די פֿאַרבליבענע רעשטלעך פון ווילנע אונטער אַ דאַך — אַ פֿאַרבאַנד, וואָס זאָל שפּיגלען דעם ווײַטערדיקן פּאָדעם פון אונדזער אַלטער קהילה. אָבער נאָך דעם חורבן איז מײַן הויפּט־דאגה ווי אַזוי צו אָפּהיטן דעם הייליקן אָנדענק פון די אַזוי טראַגיש אומגעקומענע פּאָנאַר־ייִדן. ס'איז אויך געווען אַ נאַטירלעכע באַדערפעניש ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, צו פֿאָרזעצן אָפּצוהיטן דעם יאָרצײַט פון די פֿאַרשניטענע ווילנער קדושים.

אָבער ווי אַנטוישט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דווקא אין ניו־יאָרק, ווו ס׳געפינט זיך אַ גאַנץ גרויסע צאָל ווילנער, איז דאָס אָפּריכטן אַן עפנטלעכן יזכּור־אָוונט גאָרנישט געווען פון די הויפּט־דאגהס פון די ווילנער פאַרבאַנדן. אין איטאַליע האָבן מיר דאָך די ווילנער שארית־הפליטה אָפּגעהיט דעם יאָרצײַט ווי אַן אויג אין קאָפּ, און פּונקט אין ניו־יאָרק, ווו ס׳איז דאָ אַלע מעגלעכקייטן אַדורכצופירן אַן עפנטלעכע יזכּור־אַקאַדעמיע, האָט געפעלט די איניציאַטיוו.

עס האָט זיך געשאַפן אַן איניציאַטיוו־גרופּע פון די ווילנער, וועלכע האָבן אַדורכגעמאַכט די חורבן־תּקופה און באַלד האָבן מיר באַשלאָסן צו שאַפן אַ נײַעם ווילנער פאַרבאַנד, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען אויסשליסלעך מיט קולטור־אַרבעט אין נוסח ווילנע און אַזוי אַרום האָבן מיר טאַקע באַלד אַדאָפּטירט דעם נאָמען פון דעם נײַעם פאַרבאַנד: „ווילנער פאַרבאַנד — נוסח ווילנע״.

ס׳דערמאָנט זיך מיר די ערשטע עפנטלעכע גרויסע ווילנער יזכּור־אַקאַדעמיע אין ניו־יאָרק, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם גרויסן זאַל פון „ניו־סקול״ אויף בראָדוויי, וואָס עס האָט אָרגאַניזירט די איניציאַטיוו־גרופּע „נוסח ווילנע״.

דער יזכּור־אָוונט האָט דאָן איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם בײַ די ווילנער לאַנדסלײַט אין ניו־יאָרק און ספּעציעל בײַ דער שארית־הפליטה. הונדערטער ווילנער זענען פאַרבליבן אין דרויסן צוליבן פעלן פון פּלעצער. דער גרויסער זאַל האָט „בלויז״ געקענט אַרײַננעמען אַרום טויזנט מענטשן.

באַלד נאָך דער געלונגענער יזכּור־אַקאַדעמיע איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ ברייטער אַקטיוו און איך בין צוגעצויגן געוואָרן אין דער פאַרוואַל־טונג פון נײַעם פאַרבאַנד „נוסח ווילנע״.

בײַ יעדן איינציקן פון אונדז — פון די אַקטיווע טוער — איז געווען די אַמביציע צו פאַרזעצן און אָפּהיטן די פאַרעם, וואָס האָט אונדז אַזוי פאַרבונדן אין דעם נישט ווײַטן עבר און מיר האָבן געוואָלט אַריבערפלאַנצן אין דער נײַער וועלט. אין דער נײַער צײַט אַ זכר פון אַלטן היימישן לעבנס־נוסח, — פאַרזעצן אונדזער טעטיקייט אין די בעסטע ווילנער טראַ־דיציעס. מיר האָבן געוואָלט אָנהאַלטן דעם עכאָ פון יענער צײַט, וואָס לעבט נאָך ביז הײַנט בײַ יעדן ווילנער; אַ דורות־קלאַנג וואָס וועט אפשר מיט זײַן זשום באַלעבן די וועלקנדיקע צעלן פון די גליווערדיקע הערצער און די כּמעט אויסלעשנדיקע נשמות, בעיקר פון די רעשטלעך פון דער חורבן־תּקופה.

די צילן און פּראָגראַם פון פאַרבאַנד „נוסח ווילנע״ איז קורץ און דײַט־לעך אויסגעדריקט געוואָרן אויף דער מיטגלידס־קאַרטע: אָנדענק, פאַר־בינדונג און המשך — „נוסח ווילנע״. דער אַלגעמיינער ווונטש, סײַ פון אַלט־געזעסענע ניו־יאָרקער און סײַ פון די נײַ־געקומענע, איז ווײַטער לעבן און שאַפן בנוסח ווילנע. און דאָס פאַרפליכטעט אַ סך און דאָס איז אויך אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אָפּצוהיטן אַזאַ טײַערן נוסח, ווי דאָס איז נוסח ווילנע.

טראָץ די פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן, וועלכע זענען נישט געווען קיין גרויסע, האָט מען זיך באַמיט אַדורכצופירן גרעסערע עפנטלעכע אונטער־נעמונגען, וועלכע האָבן שטענדיק באַזוכט אַ 300—400 פּערזאָן און זענען שטענדיק אַדורך מיט אַ גרויסן דערפאָלג. מיר האָבן זיך אויך געשטעלט פאַר אַ ציל אַרויסגעבן אַ יובל־זאַמלבוך „25 יאָר יונג־ווילנע״; און איינע פון די הויפּט־פּלענער פון פאַרבאַנד איז געווען אַרויסצוגעבן דעם אָנדענק־אַלבאָם „ירושלים דליטא אין בילד״, וואָס דאַרף דינען ווי אַן אייגנאַרטיקער האַנטבוך — אַ וועגווײַזער פון איינע פון די גרעסטע און ייִדישסטע שטעט אויף דער וועלט, אַן אַלבאָם, וווּ עס וועלן צונויפגעזאַמלט ווערן בילדער און דאָקומענטן פון כּלערליי אינסטיטוציעס, חברות, אָרגאַניזאַציעס, פאַר־איינען, בתי־מדרשים, ספּאָרט־קלובן, ביבליאָטעקן, דרוקערײַען אאַז״וו.

צווישן די גאָר גרויסע און וויכטיקע פּראָיעקטן איז געווען אַ פּרווו צו שאַפן אַ „ווילנער אַדרעס״ אין ניו־יאָרק — אַ מין מיניאַטור־ווילנע. דער פּלאַן האָט פאָרויסגעזען קאָנצענטרירן אַ 100 ייִדישע יונגע משפּחות מיט ייִדיש־רעדנדיקע קינדער אין איין וווינגעגנט, אָדער אין עטלעכע גרויסע קאָאָפּעראַטיווע הײַזער, וווּ מ׳וועט קענען לײַכטער געבן אַ ייִדישע דערציִונג די קינדער, אויסלעבן זיך אין דער ייִדישער שפּראַך.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָפּצייכענען די דאַטע פון 15 יאָר, זינט דעם אַרויסגאַנג פון די ווילנער ווידערשטאַנד־קעמפער אין געטאָ און אין דער פּאַרטיזאַנקע האָט „נוסח ווילנע״ אײַנגעאָרדנט אַ פּאַרטיזאַנער־צוזאַמענפלי, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 2טן יאַנואַר 1960 אין פּיקאַדילי־האָטעל. צו דעם צוזאַמענפלי זענען זיך צונויפגעקומען פיל געוועזענע פּאַרטיזאַנער און געטאָ־קעמפער פון אַמעריקע, קאַנאַדע און אַפילו פון מעקסיקע. אויף דעם צוזאַמענפלי, וואָס איז אַדורך זייער אימפּאָזאַנט, זענען אַרויסגעטראָטן מיט זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט שמעון פּאַלעווסקי, דוד אייגנפעלד פון קאַנאַדע, אויך דער געוועזענער קאָמאַנדיר פון אַ ייִדישן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד שאַברינסקי־רעסעל, וועלכער האָט זיך געטיילט מיט דעם פאַר־

זאַמלטן עולם מיט זייַנע זכרונות וועגן פאַרשיידענע דיווערסיע־אָפּעראַציעס, וואָס די ייִדישע פּאַרטיזאַנער פון זייַן אָטריאַד האָבן אַדורכגעפירט.

אויך דער קינסטלערישער טייל איז געווען זייער אימפּאָזאַנט. חנהלע טאַרלע — אַ געוועזענע געטאָ־קעמפערין אין ווילנע — האָט געלייענט די ערשטע אויפרופן פון דער פ.פ.א. צו די געטאָ־ייִדן. זשעניע מאַלעצקי — אויך אַ געטאָ־קעמפערין פון פ.פ.א. — האָט איבערגעלייענט אַ צאָל באַגריי־סונגען און טעלעגראַמעס, וואָס זענען אָנגעקומען פון ישׂראל און פון פאַר־שיידענע אַנדערע לענדער.

צום שלוס פון דעם צוזאַמענפאַל איז פאָרגעקומען זייער אַן אינטערע־סאַנטע חברים־מסיבה אין אַטראַן־קולטור־הויז.

„נוסח ווילנע" האָט שטענדיק געהאַט אַ גרויסע פאַרטרעטערשאַפט אין די יערלעכע ייִוואָ־קאָנפערענצן.

אין משך פון דער צייַט וואָס איך האָב זיך געפונען אין אַמעריקע, האָט מען סיסטעמאַטיש אייַנגעאָרדנט פּורים־אָוונטן, חנוכּה־אָוונטן, שבו־עות־אָוונטן. די אַלע אָוונטן פלעגן אַדורכגיין זייער אינטערעסאַנט. ווילנער לאַנדסלייַט פלעגן זיך טרעפן בייַ געדעקטע טישן און די אָוונטן פלעגן באַ־גלייט ווערן מיט גוט צוגעגרייטע קאָנצערטן.

דעם 28סטן פעברואַר 1960 האָט דער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס גע־ווידמעט זייַן וועכנטלעכע פּראָגראַם אויף דער ראַדיאָ דער טעמע „נוסח ווילנע", וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון חיים פּופּקאָ.

„נוסח ווילנע" האָט אויך אייַנגעאָרדנט אַ קאָלעקטיוון באַזוך אויף דער ווילנער ייִוואָ־אויסשטעלונג, וווּ עס איז געוויזן געוואָרן דאָקומענטן, חפצים, בילדער וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום ווילנער ייִדנטום במשך פון 400 יאָר עקסיסטענץ פון דער אַלטער ווילנער קהילה. די אויסשטעלונג האָט טאַקע געהייסן: „ווילנע ירושלים דליטא אין צייַט פון גלאַנץ און אומקום". פאַר די ווילנער, וועלכע האָבן מיטגענומען זייערע קינדער איז עס נישט געווען סתּם אַן אויסשטעלונג, נאָר אויך אַ גרויסע איבערלעבונג, אָנגע־פּילט מיט פייַנלעכע זכרונות פון דער חורב געוואָרענער היים.

„נוסח ווילנע" האָט אויך אָרגאַניזירט קאָלעקטיווע באַזוכן אין „פאָלקס־בינע"־טעאַטער, וואָס עס האָט זיך שוין, ממש, אייַנגעשטעלט אַ טראַדיציע.

צו די אַקטיוויטעטן פון „נוסח ווילנע" געהערט אויך דאָס אָרגאַניזירן גרעסערע פאַרטרעטערשאַפטן צו די יערלעכע קאָנפערענצן און סימפּאָזיומס פון ייִוואָ, „צוקונפט", ליטעראַרישע אָוונטן פון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס.

אין מאַי 1962 האָט „נוסח ווילנע" אָרגאַניזירט אַ חודש־טור קיין

ישׂראל פאַר מיטגלידער, זייערע משפחות און פרײַנד. אין ישׂראל האָבן די ווילנער פון אַמעריקע געהאַט אינטערעסאַנטע צוזאַמענטרעפן מיט געוועזע־נע לערערס, תּלמידים פון די ווילנער שולן, מיט פּאַרטיזאַנער, און אויך צוזאַמענטרעפן מיט די עסקנים פון „איגוד יוצאי ווילנה בישׂראל". אַ דאַנק דעם באַזוך איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אַ בעסערער קאָנטאַקט צווישן „נוסח ווילנע" און דעם „איגוד יוצאי וילנה" אין ישׂראל.

„נוסח ווילנע" האָט אויך פאַרגעזעצט די הילפס־אַרבעט לטובת די נײַע ווילנער עולים, וואָס זענען געקומען קיין ישׂראל, צוזאַמען מיט דעם ישׂראלדיקן ווילנער פאַרבאַנד.

דעם 14טן דעצעמבער 1963 האָט „נוסח ווילנע" אָפּגעמערקט דעם 10־יאָריקן יובל פון זײַן עקסיסטענץ. דער אָוונט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער חברישער מסיבה בײַ געדעקטע טישן, אין אַטראַן־קולטור־הויז. דער פּאָרזיצער לאַזאַר עפּשטיין און סעקרעטאַר פון „נוסח ווילנע" בתיה פּופּקאָ, האָבן גערעדט וועגן דער טעטיקייט פון „נוסח ווילנע" אין משך פון זײַן 10־יאָריקער עקסיסטענץ. דער אינטערעסאַנטער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ קינסטלערישער פּראָגראַם.

„נוסח ווילנע" האָט געשטרעבט די גאַנצע צײַט צו פאַראייביקן אויף אַ ווירדיקן אופן די שטאָט ווילנע, איר פּרעכטיקן עבר מיט אַלץ וואָס עס איז געווען אין ירושלים־דליטא. דער פּראָיעקט האָט פאַרויסגעזען צו צונויפזאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן וועגן ווילנע אין משך פון איר 400־יאָריקער געשיכטע אין אַ שטענדיקער אויסשטעלונג אין איינעם פון די זאַלן פון קיבוץ „בית לוחמי הגיטאות", וואָס איינער פון זיי וועט טראָגן דעם נאָמען „אולם ווילנה".

צו דעם צוועק איז געקומען קיין אַמעריקע דער ווילנער בן־עיר אַנאַליק, וואָס איז אַ חבר פון קיבוץ „בית לוחמי הגיטאות" און מיט זײַן הילף איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ געלט־אַקציע צווישן די ווילנער אין אַמעריקע. „נוסח ווילנע" האָט געשאַפן אַ ספּעציעלן פאָנד פאַר דעם פּראָיעקט און דאָס געלט איז איבערגעשיקט געוואָרן דער לייטונג פון „בית לוחמי הגיטאות"־מוזעאום, וועלכער איז ענערגיש צוגעטראָטן צוצוגרייטן דעם „אולם ווילנה". צו דער דערעפענונג פון דעם „אולם ווילנה", וואָס איז פאָרגעקומען אין סעפּטעמבער 1972, איז אַראָפּגעקומען אַ דעלעגאַציע פון „נוסח ווילנע" פון ניו־יאָרק, אין דער שפּיץ פון דער סעקרעטאַרין בתיה פּופּקאָ, וועלכע עס איז צוגעטיילט געוואָרן דער כּבוד איבערצושנײַדן דעם באַנד.

אין אַמעריקע עקסיסטירן אויך אַנדערע ווילנער פֿאַרבאַנדן, ווי דער „יוניַיטעד ווילנע״־פֿאַרבאַנד אין ניו־יאָרק, וועלכער עקסיסטירט אויף דער באַזע פֿון זייערע פּאָרגייערס, די אַ״ג „פֿרענדס אָוו ווילנע״. דער פֿאַרבאַנד פֿאַרנעמט זיך הויפּטזעכלעך מיט הילפֿס־אַרבעט. זיי אונטערשטיצן די אומ־פֿאַרמעגלעכע ווילנער יחידים אין אַמעריקע און די נייַע ווילנער עולים אין ישׂראל.

ווילנער פֿאַרבאַנדן עקסיסטירן אויך אין די גרעסערע שטעט אין אַמע־ריקע, ווו ס׳איז דאָ אַ גרעסערע צאָל ווילנער, ווי אין לאָס אַנדזשעלעס, ניו־דזשוירזי, אין מאָנטרעאָל (קאַנאַדע), אויסטראַליע און אַנדערע לענדער. די אַלע ווילנער פֿאַרבאַנדן זענען אַקטיוו פֿאַרטראָטן אין פֿאַרשיידענע יִדישע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס. זיי פֿירן אַדורך יאָר־יערלעך יזכּור־אַקאַדעמיעס, חברישע מסיבות, קאָלעקטיווע באַזוכן אויף אויסשטע־לונגען, וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט ווילנער טעמאַטיק; זיי העלפֿן אויך פֿאַר־שפּרייטן ביכער פֿון ווילנער מחברים און דעם „נוסח ווילנע״־בולעטין.

צווישן די ערשטע פּראָיעקטן צו פֿאַראייביקן ווילנע, איז אָנגענומען געוואָרן לייזער ראַנס פּראָיעקט פֿון אַרויסגעבן אַן אַלבאָם „ווילנע ירושלים דליטא״ אילוסטרירט און דאָקומענטירט.

אין משך פֿון 5 יאָר איז דער פּראָיעקט פֿון דעם בילדער־אַלבאָם ווילנע נישט אַראָפּ פֿון סדר־היום פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון „נוסח ווילנע״־פֿאַר־באַנד און לייזער ראַן, דאַן אַלס ערשטער סעקרעטאַר פֿון פֿאַרבאַנד, האָט זיך מערסטנס מטפּל געווען מיט אַלע טעכנישע פֿראַגן, וואָס זענען געווען פֿאַרבונדן מיטן צונויפֿקלײַבן דעם געהעריקן מאַטעריאַל פֿאַרן בילדער־אַלבאָם. ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פּראָבע־העפֿט מיט אַ היפּשע צאָל זייער וויכטיקע פֿון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט בילדער און דאָס העפֿט איז צעשיקט געוואָרן איבער דער וועלט צו אַלע ווילנער פֿאַרבאַנדן און אויך יחידים, אָבער צוליבן מאַנגל אין געהעריקע פֿאַנדן און אויך די נישט שטאַרקע פֿאַראינטערעסירונג פֿאַרן פּראָיעקט, איז „נוסח ווילנע״ געווען גע־צוווּנגען אַראָפּנעמען פֿון סדר־היום די פֿראַגע פֿון רעאַליזירן דעם פּראָ־יעקט פֿון בילדער־אַלבאָם.

איך, פּערזענלעך, בין פֿון סאַמע אָנהייב אַנטציקט געוואָרן פֿון לייזער ראַנס אידייע אַרויסצוגעבן דעם בילדער־אַלבאָם „ווילנע״ און אויך טראָץ מייַן אינטערעס, האָט דאָס פֿאַרווירקלעכן דעם פּראָיעקט צו קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן נישט געבראַכט. אָבער לייזער ראַן האָט נישט אויפֿגעגעבן זייַן חלום וועגן אַלבאָם און מיט גרויס פֿאַרעקשנטקייט האָט ער די גאַנצע צייַט

געזוכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט און געזוכט אַלץ נײַע פאַרבינדונגען מיט ווילנער, פון וועלכע ער האָט דערוואַרט הילף פאַר זײַן פּראָיעקט.

זומער 1964 איז אין ניו־דזשוירזי, לעבן ניו־יאָרק, געגרינדעט געוואָרן אַ ווילנער פאַרבאַנד, וואָס האָט רעפּרעזענטירט די ווילנער ייִדן פון דער געגנט פון אַטלאַנטיק סיטי, אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דעם איבערגעבעבענעם ווילנער עסקן יאַנקל טראָצקי — אַליין אַ גראַטעוועטער פונעם חורבן. ער האָט צעמענטירט אַרום זיך אַ קרײַז איבערגעגעבענע ווילנער בני עיר און צו אים, צו יאַנקל טראָצקי, האָט לייזער ראַן געבראַכט דעם פּראָיעקט פון אַרויסגעבן דעם ווילנער בילדער־אַלבאָם. יאַנקל טראָצקי איז שטאַרק באַגײַסטערט געוואָרן פון לייזער ראַנס פּראָיעקט און האָט אים באַלד צוגעזאָגט הילף.

ס׳האָט געדויערט פון דעסטוועגן עטלעכע יאָר און שטענדיק פּלעגן אויף די באַראַטונגען באַהאַנדלט ווערן דעטאַל דער אופן פון רעאַליזירן לייזער ראַנס פּראָיעקט. ענדלעך איז אין פרילינג 1968 געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון 5 פּערזאָן, אַלע פון דער שארית־הפליטה, און זיי האָבן גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו שאַפן קודם־כל צווישן זיך אַ גרעסערע סומע געלט אויף דעם צוועק און מ׳איז גלײַך פּראַקטיש צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

ווען ס׳איז גערופן געוואָרן די ערשטע אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן דער פּראָיעקט פון בילדער־אַלבאָם „ווילנע — ירושלים דליטא" און מ׳האָט באַטראַכט די מעגלעכקייט צו שאַפן די נויטיקע סומע געלט, בין איך אויך אײַנגעלאַדן געוואָרן צו דער פאַרזאַמלונג. איך בין שוין דאַן, וואָס אַן אמת, געשטאַנען ממש אויפן שוועל פון מײַן עליה קיין ישׂראל.

7 יאָר האָט געדויערט דאָס צוגרייטן צום דרוק דעם מאָנומענטאַלן ווילנער בילדער־אַלבאָם, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט געוואָרן פון דעם אומדערמידלעכן „עקשן" לייזער ראַן. דער אַלבאָם איז אַרויס אין 3 בענדער גרויסן פאָרמאַט, וואָס פאַרשײַנט איצט די ביבליאָטעקן פון פאַרשיידענע קולטור־אינסטיטוציעס אין דער גאָרער וועלט און באַזונדערס די היימען פון די בני־ווילנע, ווו זיי געפינען זיך נאָר, וואָס פאַרבײַט אַ פאַמיליע־אַלבאָם.

אין מײַנע פילפאַכיקע און ברייט פאַרצווײַגטע פאַרבינדונגען מיט פאַרשיידענע קולטור־אינסטיטוציעס אין ניו־יאָרק, האָב איך שטענדיק געפונען צײַט פאַר דער טעטיקייט פון „נוסח ווילנע". איך האָב אויף מײַן

אופן מיטגעהאָלפן און מיטגעאַרבעט לויט מײַנע מעגלעכקייטן און איבער־צײַגונגען, לויט מײַן מאָס וויסן און פאַרשטיין דעם תּמצית פון געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט. איך האָב זיך שטענדיק באַמיט נישט צו פאַר־נאַכלעסיקן, ווי נאָר דאָס איז מעגלעך געווען, געוויסע פליכטן וואָס דער „נוסח ווילנע"־קאָמיטעט האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט. איך האָב אין דעם געפונען אַ תּיקון און געהאַט די פולע סאַטיספאַקציע, ווען מײַן הילף האָט אין אַ געוויסער מאָס געבראַכט פּרוכט.

איך האָב אין דעם „נוסח ווילנע" געזען אַ גוטן המשך פון דעם פּול־בלוטיקן און זאַפטיקן לעבן פון דער אַמאָליקער ווילנע, צוגעפּאַסט פאַר די אַמעריקאַנער באַדינגונגען.

„נוסח ווילנע" לעבט אין דער שארית־הפּליטה אין אַמעריקע און היט אָפּ די גרויסע ירושה פון די פריִערדיקע דורות. ווילנע אָטעמט ווײַטער אין דעם „נוסח ווילנע".

## פון חלום צו וואָר

צום יאָרטאָג נאָך אונדזער חתונה איז פנינה געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישׂראל, זיך זען מיט אירע קינדער. דער זון משה איז נאָך דאַן געווען אין מיליטער־דינסט. אייניקע חדשים האָט זי פאַרבראַכט אין לאַנד און ווען זי איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָב איך איר פאָרגעלייגט אַראָפּצו־ברענגען משהן צו אונדז, כּדי איך זאָל אים פאַרבײַטן אַ פאָטער און מײַן זון דוד זאָל האָבן אַ ברודער. אין גיכן איז משה געקומען צו אונדז קיין אַמעריקע און אונדזער משפחה האָט זיך פאַרגרעסערט. נאָך אַזוי פיל טראַ־גישע איבערלעבונגען האָב איך ווידער אויפגעבויט אַ וואַרעמע היים.

פנינה פלעגט יעדע 2 יאָר פאָרן קיין ישׂראל זען די קינדער און אירע אייניקלעך. דער פּלאַן עולה צו זײַן קיין ישׂראל איז בײַ אונדז געווען גאַנץ אַקטועל. די גאַנצע צײַט פון מײַן זײַן אין אַמעריקע האָב איך נישט גע־האַט דאָס געפיל, אַז דאָס איז שוין מײַן לעצטע סטאַנציע אויף מײַן לעבנס־וועג. שמועסנדיק מיט באַקאַנטע האָב איך שטענדיק באַטאָנט, אַז אויב איך האָב שוין יאָ געהאַט דעם זכות צו ראַטעווען זיך פון אומקום, איז מײַן חוב לגבי זיך און לגבי מײַן קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן נאָכן חורבן, פריִער אָדער שפּעטער צו עולה זײַן קיין ישׂראל.

אָנהויב זעכציקער יאָרן איז דער ענין פון דער עליה קיין ישׂראל גע־וואָרן אַקטועל. מיר האָבן באַשלאָסן אַז קודם־כּל דאַרף איך מאַכן אַ באַזוך אין ישׂראל און זען מיט מײַנע אייגענע אויגן די ייִדישע מדינה און באַ־טראַכטן די מעגלעכקייטן צו אײַנאָרדענען זיך אין לאַנד.

דער באַזוך אין ישׂראל האָט איבערגעלאָזט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם. דאָס לאַנד איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן. איך האָב דאָ געפונען פנינהס ברייט פאַרצווײַגטע משפּחה, וועלכע האָט מיר אַרויסגעוויזן פיל האַרצי־קייט און איבערגעגעבנקייט. חוץ דעם האָב איך אין ישׂראל געפונען זייער פיל באַקאַנטע ווילנער און געוועזענע פאַרטיזאַנער פון ביעלסקיס אָטריאַד.

קומענדיק צוריק קיין אַמעריקע נאָך אַ 5 וואָכנדיקן באַזוך אין ישׂראל, האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט צו ישׂראל און איך האָב זיך

ערנסט פאַרטראַכט, אַז מען דאַרף אָנהייבן פּראַקטיש צו רעאַליזירן דעם באַשלוס פון עולה זיין קיין ישׂראל. איצט איז עס געווען בלויז אַ פּראַגע פון צייט.

*

ס'זענען אַדורכגעלאָפן 3 יאָר פון אונדזער צוזאַמענלעבן. מיין זון דודל איז שוין געווען אַ תּלמיד אין 8טן קלאַס אין דער ישיבה. ער האָט זיך גוט געלערנט און האָט איינגעזאַפּט אין זיך תּורה און וועלטלעכן וויסן.

אין דער זעלבער צייט האָט אים אַ רב אין דער ישיבה צוגעגרייט צו זיין בר־מצווה, וואָס מיר האָבן פייערלעך געפּראַוועט אין דעם בית־הכּנסת ביי דער ישיבה. אין יענעם שבת, ווען מ'האָט אים אויפגערופן צו עליית התּורה, האָב איך געשעפּט פון אים גרויס נחת. דאָס איז געווען מיין סאַטיס־פאַקציע צו געבן אים אַ נאַציאָנאַלע דערציִונג. מיט גרויס מייסטערשאַפט האָט ער אין אַ פליסיקן עברית, געהאַלטן זיין דרשה פאַרן גרויסן פאַר־זאַמלטן עולם אין שול. דערנאָך האָט ער די זעלבע דרשה געהאַלטן אין ענגליש. אין צוויי חדשים אַרום האָט ער גראַדויִרט פון דער ישיבה.

פאַר מיר איז נישט געווען קיין שום ספק, אַז דודל מוז ווייטער פאַר־זעצן זיין לערנען אין דער גימנאַזיע פון דער ישיבה־אוניווערסיטעט.

אין יענער צייט האָב איך שוין געזען ווי די אַסימילאַציע צעפרעסט די בעסטע טיילן פון דער ייִדישער יוגנט אין אַמעריקע און אין רעזולטאַט פון דעם זענען די פיל געמישטע הייראַטן. די איינציקע באַריערע קעגן אַסי־מילאַציע האָב איך פאַרשטאַנען, איז בלויז דאָס פאַרזעצן זיין וועג, וועלכן איך האָב אים אָנגעצייכנט.

אין יענער צייט האָט זיך דער ישיבה־אוניווערסיטעט ברייט אַנט־וויקלט און האָט זיך צעוואַקסן מיט יעדן יאָר. דער ישיבה־אוניווערסיטעט האָט שוין דאַן געהאַט פאַרשיידענע פאַקולטעטן פון פאַרשיידענע אָפּצווייַ־גונגען פון דער וויסנשאַפט און צווישן זיי אויך דער מעדיצין־פאַקולטעט. גראָד אין דעם זעלבן יאָר, וואָס דוד האָט באַדאַרפט אָנהייבן לערנען אין דער גימנאַזיע פון ישיבה־אוניווערסיטעט, איז אויסגעענדיקט געוואָרן דער נייער 5־שטאָקיקער בנין, וואָס איז געווען אויסגעשטאַט מיט די נייעסטע און מאָדערנסטע איינריכטונגען. אָבער ווי שווער געטראָפן בין איך געוואָרן, אַז אין דעם מאָמענט ווען איך האָב מיין זון געגעבן אונטערשרייבן די נוי־טיקע פאָרמולאַרן צו אַריינטרעטן אַלס תּלמיד אין דער גימנאַזיע פון דער

ישיבה, האָט ער מיר צוּוויסן געגעבן, אַז ער מיט זײַנע חברים פון זײַן קלאַס האָבן באַשלאָסן פּרובירן זייער מזל אַרײַנצוטרעטן אין דער „בראָנקס סײַענס האַיסקול״ (וויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע).

די „בראָנקס סײַענס האַיסקול״ האָט זיך גערעכנט פאַר איינע פון די בעסטע גימנאַזיעס אין ניו־יאָרק און בכדי צו אָנקומען אַהין האָט מען געדאַרפט אויספילן אַ פראַגע־בויגן אויף וועלכן מ׳האָט געדאַרפט ענטפערן אויף 150 פראַגן. אַלע זײַנע חברים מיט אים צוזאַמען האָבן מיט גרויס הצלחה אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען און זיי זענען אָנגענומען געוואָרן אַלס שילער אין דער „בראָנקס סײַענס האַיסקול״.

אין דער גימנאַזיע, אַזוי ווי אין אַלע שטאָטישע לערנאַנשטאַלטן, האָט מען באַקומען פאַרשיידענע פּריווילעגיעס און חוץ דעם האָט מען באַקומען אומזיסט אַלע לערנביכער און מ׳איז געווען באַפרײַט פון שׂכר־לימוד. נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע האָט מען געהאַט דאָס רעכט אָנצוקומען שטודירן אין יעדן ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט, נישט בײַלייגנדיק קיין שום עקזאַמען.

דוד האָט געבעטן מײַן הסכּמה, אַז איך זאָל אים דערלויבן צו לערנען אין דער גימנאַזיע צוזאַמען מיט זײַנע חברים, וועמענס עלטערן האָבן מסכּים געווען שוין פריִער ווי איך.

ער האָט מיר אַוועקגעשטעלט פאַר אַ שווערער דילעמע. און ווען איך האָב מיט פּנינהן גוט אַנאַליזירט די סיטואַציע, זענען מיר געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז ס׳האָט נישט קיין זין צו צווינגען אַ קינד צו לערנען אין אַ פּלאַץ קעגן זײַן ווילן. זײַן באַליבטער לימוד איז געווען מאַטעמאַטיק און אין משך פון די 8 יאָר, וואָס ער האָט זיך געלערנט, איז ער געווען דער בעסטער תּלמיד אין דער ישיבה, אין דעם ענגלישן לערן־פּראָגראַם.

איך האָב געגעבן מײַן הסכּמה מיטן תּנאַי, אַז ער זאָל פאָרזעצן לערנען נאָך מיטאָג די יידישע לימודים אויף די ספּעציעלע קורסן און אויך לערנען עבֿרית אַלס איינע פון די 3 פרעמדשפּראַכן צו פראַנצויזיש און שפּאַניש.

ער האָט מיט גרויס הצלחה פאַרענדיקט די גימנאַזיע און ווי עס איז געווען פאָרויסגעזען, איז ער אָן קיין שום עקזאַמען אָנגענומען געוואָרן אַלס סטודענט אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט.

נאָך אַ 4־יאָריקן שטודיום האָט ער פאַרענדיקט דעם לימוד און ער האָט באַקומען דעם ערשטן אַקאַדעמישן טיטל. ער האָט באַלד באַשלאָסן אַז ער וועט שטודירן ווײַטער, בכדי צו באַקומען דעם מאַסטער־טיטל.

נאָכן באַקומען דעם ערשטן אַקאַדעמישן טיטל האָבן מיר אים פאָרגעלייגט ער זאָל פאָרן אויף אַ באַזוך אין ישׂראל, זיך באַקענען מיטן לאַנד

און אויך זיך פֿאַראינטערעסירן וועגן די מעגלעכקייטן צו פֿאָרזעצן דאָס שטודיום פֿאַרן מאַסטער־טיטל אין ירושלימער אוניווערסיטעט.

דוד האָט זיך זייער דערפֿרייט פֿון אונדזער פּראָפּאָזיציע. ער האָט גע־האַט אַ מעגלעכקייט, אין די ראַמען פֿון דער הסתּדרות, וועלכע האָט אָרגאַ־



זון דוד בעתן באַקומען דעם אַקאַדעמישן טיטל אין אוניווערסיטעט
אין ניו-יאָרק (1967)

ניזירט סטודענטן־נסיעות, באַזוכן דאָס לאַנד, וועגן וועלכן ער האָט אַזוי פֿיל געהערט און געלייענט. אין דער צײַט פֿון די צוגרייטונגען צו דער רײַזע איז אויסגעבראָכן די 6־טאָגיקע מלחמה און פֿון דעם גאַנצן פּלאַן איז גאָר־נישט אַרויסגעקומען.



איין טאָג רופט זיך אָפּ דוד צו מיר און זאָגט, אַז ער האָט באַשלאָסן צו שטודירן פאַר זײַן מאַסטער־טיטל אין איינע פון די אוניווערסיטעטן פון שטאַט אינדיאַנאַ, אין דעם דרומדיקן טייל פון לאַנד. דאָס איז אַ גרויסער און וועלט־באַרימטער אוניווערסיטעט, וווּ ס'שטודירן 35.000 סטודענטן און דאָרט געפינען זיך פּראָפעסאָרן מיט אַ וועלט־נאָמען. דאָס איז אַ כּבוד פאַר אַ ייִדישן סטודענט צו שטודירן אין אַזאַ אוניווערסיטעט. חוץ דעם רעכנט מען זיך זייער אין דער אַקאַדעמישער וועלט מיט אַ דיפּלאָם, וואָס איז אַרויסגעגעבן פון אַזאַ אוניווערסיטעט. צו דעם קען ער דאָרט האָבן אַזעלכע גוטע באַדינגונגען צו לערנען, וואָס אין קיין אַנדער אוניווערסיטעט וועט ער דאָס נישט האָבן, און געוויס נישט אין אַ ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט.

מ'האָט אים פאַרגעלייגט אויסצוצאָלן 3.000 דאָלאַר פאַר אַ לערניאָר און צו דעם איז ער באַפרײַט פון שׂכר־לימוד. פאַר די שׂכירות וואָס ער וועט באַקומען פונעם אוניווערסיטעט, וועט ער דאַרפן געבן בלויז 5 לעקציעס אַ וואָך פאַר ייִנגערע סטודענטן, וועלכע לערנען אויף דעם מאַטעמאַטישן פאַקולטעט.

פון דער דאָזיקער בשׂורה בין איך לגמרי נישט געווען באַגײַסטערט. איך האָב פאַרויסגעזען וואָס עס הייסט פאַר אַ יונגן בחור זײַן אָפּגעריסן ווײַט פון אַ היים, אָן קיין שום אויפזיכט פון עלטערן. איך האָב געטענהט, אַז פון אַלע שטאַנדפּונקטן איז פאַר אים בעסער, אַז ער זאָל זיך געפינען אין ניו־יאָרק. איך האָב פּשוט מורא געהאַט, אַז געפינענדיק זיך ווײַט פון שטוב, קען ער באַאײַנפלוסט ווערן פון פאַרשיידענע באַוועגונגען, וואָס האָבן נישט געפעלט אין אַמעריקע, אָבער איין הויפּט־דאגה איז געווען, אַז ער זאָל פּשוט, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, נישט אַראָפּקומען מיט אַ קריסטלעכער פרוי.

איך האָב שוין דאָן געהערט פון פיל ייִדישע עלטערן וועגן פאַלן ווען זייערע קינדער האָבן שטודירט אין אוניווערסיטעטן ווײַט פון דער היים, האָבן חתונה געהאַט מיט קריסטלעכע פרויען. דאָן איז געקומען צו גרויסע טראַגעדיעס. אַזעלכע צרות האָבן אויך געהאַט מײַנע באַקאַנטע, מיט וועלכע איך האָב זיך געפונען אין די געטאָס און אין וואַלד. ווען איך האָב בלויז אַ טראַכט געטאָן וועגן אַזאַ וואַרשײַנלעכקייט, האָט מיך אַרומגענומען אַן אומרו. איך האָב וואָס אַן אמת פאַרויסגעזען, אַז נישט שטענדיק

קען אַ פֿאָטער האָבן אַ השפּעה אויף אַ קינד, ווען ער וואַקסט אונטער און גייט אַרויס פֿון דער השפּעה פֿון די עלטערן, ווערט זעלבסטשטענדיק אין דענקען און אויך אין אָננעמען באַשלוסן, וואָס קענען האָבן אַ דעצידירנ־דיקע השפּעה אין דעם צוקונפֿטיקן לעבן.

אַרויסגייענדיק פֿון דעם שטאַנדפּונקט האָב איך זיך באַמיט אײַנצו־פֿלאַנצן אין אים נאָך פֿון די קינדער־יאָרן, אַ ליבע צום ייִדישן פֿאָלק, געבן אים אַ ברייטע נאַציאָנאַלע דערציִונג, און ער זאָל זיך באַקענען מיט די מקורות און די גרויסע אוצרות פֿון ייִדישן פֿאָלק. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז אויך געווען דער חלום פֿון זײַן מוטער רות, וועלכע האָט געוואָלט זען איר זון אַ הויך־געבילדעטן און באַהאַוונטן אין די ייִדישע קולטור־ווערטן. איך האָב אויך געהאָפֿט, אַז אויב מײַן קינד וועט באַקומען אַ טיפֿע נאַציאָנאַלע דערציִונג, וועט דאָס אים לגמרי נישט שטערן צו פֿאַרפֿולקאָ־מען זיך אויך אין וועלטלעכער בילדונג. יעדנפֿאַלס האָב איך אַלץ, דאַכט מיר, געטאָן, כּדי צו אָפּווענדן אים פֿון די שלעכטע השפּעות, מיט וועלכע ס׳איז באַווירקט געוואָרן דער יונגער דור אין אַמעריקע. און כאָטש ער האָט באַקומען אַ שורש־ייִדישע און נאַציאָנאַל־ייִדישע דערציִונג, האָט מיר פֿון דעסטוועגן געערגערט און פֿאַרשאַפֿט ווייטיק, געשאַפֿן אײַטערדיקע ווונדן טיף־טיף אין מײַן אינערלעכן באַוווּסטזײַן און ס׳האָט מיר געעקבערט דער חשד: טאָמער פֿאַרט וועט דאָס אַלץ נישט זײַן גענוג... ס׳איז מיר אָבער בלויז פֿאַרבליבן צו באַדויערן און ס׳איז מיר פֿאַרבליבן צו ווינטשן אים הצלחה אין זײַן נײַער פֿאַזע פֿון לעבן.

*

דודס אָװעקפֿאָרן פֿון דער היים האָט גורם געווען אַ ספּאָנטאַנע איבער־קערעניש אין מײַן געדאַנקענגאַנג. מיט אַ חודש שפּעטער איז אויך דער צווייטער זון, משה, אַוועקגעפֿאָרן צוריק קיין ישׂראל, נאָך 6 יאָר וווינען צוזאַמען מיט אונדז אין ניו־יאָרק. צוריקקומענדיק קיין ישׂראל האָט ער אין אַ קורצער צײַט שפּעטער חתונה געהאַט.

נאָך די קינדערס אַוועקפֿאָרן האָב איך מיט פּנינהן דערפֿילט אַ ליידי־קייט. מיר זענען שוין געווען צוגעוווינט צו דעם אָפֿטן „יריד" אין שטוב פֿון דודס און משהס חברים און חברטעס.

אין אונדזער ענגן פֿאַמיליען־ווינקל, האָט אַ נאָגנדיקע בענקשאַפֿט זיך אַרײַנגעריסן: צו ארץ־ישׂראל, צו אונדזערע אייגענע, באַקאַנטע און חברים.

פנינהס משפחה איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אינעם ארץ־ישׂראלדיקן באָדן. איך האָב אָנגעהויבן צו לײַדן פון אַ מוראדיקער ציִונג אַהין; צוריק צום שורש, ווו אַ ייִדיש־נאַציאָנאַלער לעבן האָלט אין איין אויפגיין אויף בײַע, געזונטע יסודות.

דאָס איז געווען סוף 1967. איך האָב דערפילט, אַז עס איז איצט רײף געוואָרן דער געדאַנק צו באַזעצן זיך אויף שטענדיק אין ישׂראל, מיט וועלכן איך האָב זיך אַרומגעטראָגן די אַלע 5 יאָר נאָך מײַן ערשטן באַזוך אין מדינת ישׂראל אין 1962.

איך האָב מיט פנינהן זיך גענומען פונאַנדערקלײַבן אין די אַלע פּראָ־בלעמען, פּראָגן און איינצלהייטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן דורכפירן אונדזער פּלאַן. דאָס ערשטע און דאָס פײַנלעכסטע איז געווען פאַר אונדז, וואָס מיר האָבן געוווּסט, אַז דוד וועט נישט וועלן מיטפאָרן מיט אונדז. אַלע איבעריקע פראַגן זענען בײַ אונדז געוואָרן צווייטראַנגיק.

דאַן, אין יענער צײַט, האָב איך נאָך געהאַט פולע 5 יאָר ביז איך וועל האָבן דאָס רעכט צו באַקומען מײַן פענסיע פון סאָשל־סעקיוריטי. איצט האָב איך שוין געקענט זיך צוריקציִען פון מײַן אַרבעט און אַריבערגיין אויף פענסיע. איין האַרבע פּראָבלעם האָב איך געדאַרפט לייזן: דאָס איז געווען וועגן מײַן יוניאָן־פענסיע, וואָס האָט געזאָלט באַטרעפן נישט קיין סך ווייניקער ווי מײַן פענסיע פון סאָשל־סעקיוריטי. די בײדע פענסיעס, וועלכע איך וואָלט באַקומען, וואָלט געווען גענוג צו אויסלעבן זיך בכּבֿודיק אויף די עלטערע יאָרן. די מניעה איז אָבער געווען, אַז בכדי צו באַקומען די יוניאָן־פענסיע, האָב איך געמוזט, לויטן געזעץ, אָפּאַרבעטן נאָך 7 יאָר, כּדי צו האָבן פולע 25 יאָר מיטגלידערשאַפט אין דעם דרוקער־יוניאָן. אין משך פון די 18 יאָר, וואָס איך האָב געאַרבעט אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", האָב איך רעגולער אײַנגעצאָלט יאָר־יערלעך מיטגלידס־אָפּצאָל אויפן חשבון פון דער פענסיע און פאַר די 18 יאָר האָט זיך שוין אָנגע־קליבן אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע סומע.

אין דעם פאַל האָב איך ריזיקירט צו פאַרלירן נישט נאָר די אײַנגע־צאָלטע סומע, נאָר בכלל פאַרלירן דאָס רעכט צו באַקומען ווען עס איז די חודשלעכע פענסיע, אין פאַל אויב איך וועל זיך צוריקציִען פון דער אַר־בעט פאַר דער געזעצלעכער צײַט.

ווען איך האָב איין מאָל דערציילט מײַנעם אַ חבר פון דער דרוקערײַ וועגן מײַן פּלאַן פון צוריקציִען זיך פון דער אַרבעט און עולה זײַן קיין ישׂראל, האָט ער מיט גרויס פאַרוווּנדערונג זיך אָפּגערופן:

— ענגעלשטערן — ווי אַזוי קענט איר גאָר צולאָזן דעם געדאַנק פון אויפגעבן די יוניאָן־פּענסיע, פאַר וועלכער איר האָט שוין אײַנגעצאָלט אַ גרויסע סומע געלט? — ער האָט מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל זיך גוט באַרעכענען, איידער איך גיי אָננעמען אַזאַ וויכטיקן באַשלוס און נישט מאַכן קיין אײַליקן שריט.

די דאָזיקע האַרבע פראַגע האָט בײַ מיר נישט איין מאָל צוגערויבט דעם שלאָף. איך האָב, אָבער, אויך נישט געקענט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז איך וועל נאָך דאַרפן וואַרטן 7 יאָר אויף דער פּענסיע. איך האָב פּשוט נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן אַזאַ לאַנגע צײַט, און ווער ווייס, וואָס קען פּאַסירן אין משך פון די 7 יאָר?

איך האָב די זאַך באַטראַכט פון אַלע אַספּעקטן. עס האָט געברויזט און געשטורעמט אין מיר. יעדער פאַרגאַנגענער טאָג האָט מיך דערנענטערט צום געבענקטן לאַנד ישׂראל, וווּ איך האָב געהאָפט צו אײַנגלידערן זיך אין יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

✶

אין מײַן פּריצײַטיקן צוריקציִען זיך פון דער אַרבעט האָט אויך אין אַ געוויסער מאָס משפּיע געווען מײַן שטאַרקער ווילן צו ברענגען אין אָרדענונג מײַנע פילע פאַרצייכענונגען, וואָס האָבן זיך מיט דער צײַט אָנגעקליבן און געוואַרט אויף אַ תּיקון.

אַ תּיקון האָט אויך געמאָנט דאָס פאַרגעלבטע העפט, — דער טאָגבוך פון מײַן פאַרשטאָרבענער פרוי רות. ווען איך האָב איין מאָל געוויזן דעם טאָגבוך דעם פאַרשטאָרבענעם וויסנשאַפטלעכן דירעקטאָר פון ייִוואָ, פּראָפ׳ מאַקס ווײַנרײַך, האָט ער הויך אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון דעם טאָגבוך און ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז אַזאַ וויכטיקער דאָקומענט פון דער חורבן־תּקופה דאַרף זיך געפינען אין אַרכיוו פון ייִוואָ. אויך די ווילנער ביבליאָטעקאַרין פון ייִוואָ, דינה אַבראַמאָוויטש, האָט אויסגעדריקט איר מיינונג, אַז רותס טאָגבוך דאַרף זיך געפינען אין ייִוואָ. היות ווי איך האָב דעם אָריגינאַל נישט געקענט אָפּגעבן, האָט דער ייִוואָ געמאַכט אַ מיקראָ־פילם פון דעם טאָגבוך.

ס׳איז נאַטירלעך, אַז איך האָב מיט אָט דעם טײַערן און ביז גאָר וויכטיקן דאָקומענט זיך נישט געקענט שיידן. איך האָב אין משך פון אַ לאַנגער צײַט אײַנגעפירט אַ מנהג בײַ מיר אין שטוב, אַז אין דעם טאָג פון דעם יאָרצײַט פון אומקום פון די ייִדן אין ווילנער געטאָ, פלעג איך פאָרלייענען

פאַר דער גאַנצער משפחה איינציקע קאַפּיטלעך פון רותס טאָגבוך און פון מײַנע פאַרצייכענונגען פון די געטאָס אין פּאַרטיזאַנקע. איך בין מיט דעם אויסן געווען צו פאַראינטערעסירן מײַן זון דוד, ער זאָל וויסן וואָס זײַנע עלטערן האָבן אַדורכגעמאַכט אין דער שוידערלעכער נאַצי־תּקופה.

די גאַנצע צײַט האָב איך געוואַרט אויף דער צײַט ווען איך וועל האָבן אַ מעגלעכקייט אַרויסברענגען פאַר דער עפנטלעכקייט אין אַ בוכ־פאָרעם רותס טאָגבוך און מײַנע זכרונות, היות, ווי אין אַמעריקע איז עס מיר נישט געלונגען, האָב איך געהאָפט אַז דאָס וועט מעגלעך זײַן, ווען איך וועל זײַן אַ תּושב אין ישׂראל.

*

אַ קורצע צײַט פאַר מײַן עולה זײַן קיין ישׂראל בין איך אײַנגעלאַדן געוואָרן אַלס גאַסט־רעדנער צו דער 25סטער יאָרצײַט פון אומקום פון די קדושים פון לידער געטאָ, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 21סטן מאַי 1967 אין וודסטאָק־האָטעל.

אויף דעם דאָזיקן יזכּור־אָוונט פון די לידער קדושים האָב איך זיך געטיילט מיט מײַנע זכרונות וועגן מײַנע איבערלעבונגען אין לידער געטאָ, אָנהייבנדיק פון דעם טאָג ווען איך בין, צוזאַמען מיט אַ פּאָר הונדערט ווילנער פּליטים, אָנגעקומען אין לידע, ביז מײַן אַנטלויפן פון דעם מאָרד־פּלאַץ אין וואַלד צו טוביה ביעלסקיס פּאַרטיזאַנער־מחנה.

אויף מײַן גורל איז אויסגעפאַלן צו שטיין צוזאַמען מיט די איבער 7.000 לידער קדושים אויף דעם הריגה־פּלאַץ און זײַן צוזאַמען מיט זיי אין די לעצטע שעהן פון זייער לעבן. ביז הײַנט קען איך נישט פאַרשטיין, צוליב וועלכן זכות מיר איז באַשערט געווען ניצול צו ווערן פון יענער גרויזאַמער שחיטה, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 8טן מאַי 1942.

איך האָב דאָן דערציילט די פאַרזאַמלטע לידער ייִדן אויף דעם יזכּור־אָוונט, אַז בעת דער סעלעקציע — מי לחיים ומי למוות, — האָב איך זיך דווקא געפונען צווישן די, וועלכע זענען באַשטימט געווען צום טויט. ביז הײַנט קלינגען נאָך בײַ מיר אין די אויערן די ווערטער פון דעם געוועזע־נעם דירעקטאָר פון ווילנער פאָלקסבאַנק אויף פּאָהולאַנקע, זאַקהיים, וואָס האָט דאָן מאָרשירט לעבן מיר אין איין שורה צום הריגה־פּלאַץ:

„ענגעלשטערן, איר טאָרט זיך נישט לאָזן פירן ווי אַ בהמה צו דער שחיטה, איך בין שוין נישט יונג און האָב נישט קיין כּוח צו

אַנטלויפן, אָבער איר אַנטלויפט בײַ דער ערשטער געלעגנהייט און שטאַרבט כאַטש מיט אַ בכבודיקן טויט"...

אָבער מער איבערצײַגנדיק האָבן אויף מיר געווירקט די ווערטער פון לידער ייִד, אַ בעקער, וואָס האָט אין די לעצטע מינוטן פון זײַן לעבן, מאַרשירנדיק צוזאַמען מיט אונדז צום טויט, גערופן די עדה ייִדן צו ווידער־שטאַנד:

„ייִדן, איר זעט דאָך שוין ווי מיר האַלטן אין דער וועלט און וואָס די דײַטשן וועלן באַלד פון אונדז מאַכן... מיר האָבן איין אויס־וועג: לאָמיר נעמען פון דאַנען שטיינער און וואַרפן אין די מערדערס און זיך צעלויפן אין אַלע זײַטן איבער די פעלדער. זיי וועלן שיסן אין אונדז, נו, איז וואָס, זאָלן זיי שיסן, לאָמיר כאָטש שטאַרבן מיט כבוד און נישט ווי בהמות, און אפשר וועט זיך עמעצער ראַטעווען?"

דאָס זענען געווען לאָגישע און איבערצײַגנדיקע ווערטער פון צוויי ייִדן: אַ ייִד — אַן אינטעליגענט און אַ פשוטן, אָפּגעשטאַנענעם מענטש, וועלכע האָבן אין אָנבליק פון טויט, גערופן צו אַנטלויפן און זיך ראַטע־ווען. און הלוואי וואָלטן אויך אַנדערע ייִדן ווי איך נאָכגעפאָלגט זייער עצה, אפשר וואָלטן זיי געבליבן לעבן?

מײַנע ווערטער דאָ אויף דעם יזכור־אָוונט פון די לידער קדושים זע־נען געווען ווערטער פון אַן עד־ראיה, אַ מענטש, וועלכער האָט זיך גע־פונען צוזאַמען מיט זייערע ברידער און שוועסטער אין זייערע לעצטע מינוטן פון זייער לעבן, איידער זיי זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם.

איז עס אפשר אויך דער זכות פון די לידער קדושים, וואָס איך, דער עדות פון זייער אומקום, אַ ווילנער ייִד, זאָל דערציילן דער לידער שארית־הפליטה וועגן דעם לעצטן וועג פון זייערע אויסגעשניטענע משפחות.

✶

אונדזער באַשלוס צו פאַרלאָזן אַמעריקע האָט שוין אָנגענומען אַ רעאַלע פאָרעם און מיט אַלע אונדזערע האַרץ־פיבערן האָבן מיר געוואַרט אויף דעם טאָג, ווען מיר וועלן זיך אָנהייבן געזעגענען מיט די קרובים, פרײַנד און חברים.

ווען עס האָט זיך דערנענטערט די צײַט פון אונדזער אָפּפאָר און אַז וועגן אונדזער רײַזע־פּלאַן איז באַוווּסט געוואָרן ברבים, האָבן גוטע פרײַנד און חברים אַפילו מיט זאָרג באַדויערט אונדזער שריט: „וואָס, אין אַזאַ עלטער ווילט איר אָנהייבן אַ נײַעם לעבן אין ישׂראל?" זיי האָבן מיך פשוט באַקלאָגט, אַז איך לאָז זיך מיטרײַסן פון סענטימענטן און עמאָציעס...

דעם 30סטן אַפּריל 1968 האָט די „טאָג־מאָרגן זשורנאַל"־משפחה אָר־גאַניזירט פאַר מיר און פנינהן אַ געזעגענונגס־אָוונט בײַ געדעקטע טישן. חברים זעצער, רעדאַקציע־מיטגלידער און אַדמיניסטראַציע־באַאַמטע האָבן אין זייערע געזעגענונגס־ווערטער ווי עס פירט זיך, געלויבט און ווי געהעריק אָפּגעשאַצט מײַן גוטע אַרבעט אין דער צײַטונג אַלס זעצער און אַלס שריפט־שטעלער. זיי האָבן אונטערגעשטראָכן מײַן געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אַלס איינער פון די אַקטיווע און אָנגעזעענע מיטגלידער פון דעם קאָלעק־טיוו און געווונטשן אַ „צאתך לשלום" אין דער ייִדישער מדינה. אייניקע חברים האָבן אונטערגעשטראָכן מײַן בײַטראָג פאַר דעם זשורנאַל „דער אַמעריקאַנער", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", ווו עס האָבן זיך סיסטעמאַטיש געדרוקט אַ לענגערע צײַט מײַנע זכרונות וועגן מײַנע איבערלעבונגען אין די געטאָס און וועלדער, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג צווישן די פּילצאָליקע לייע־נער אין אַמעריקע און אין דער וועלט.

דאָס זענען געווען רירנדיקע ווערטער פון חברים מיט וועלכע איך האָב אין משך פון 19 יאָר געאַרבעט צוזאַמען, געפונען זיך אונטער איין דאַך, דורכגעמאַכט צוזאַמען אומפאַרגעסלעכע יובילײ־פּײַערונגען פון דער צײַטונג און פילע ימים־טובים.

בעת דער האַרציקער געזעגענונג האָבן די חברים־זעצער צוגעטראָגן מיר אַ שיינע מתנה — אַ סערטיפיקאַט פון קרן־קימת לישראל אויף 45 ביימער, געפלאַנצט אויף מײַן נאָמען און אויפן נאָמען פון מײַן פרוי פנינה אין קרן־קימת־וואַלד אין מדינת ישׂראל.

אין מײַן זכרון זענען פאַרבליבן אײַנגעקריצט אַ שלל מיט עפּיזאָדן בעת מײַן אַרבעט אַלס זעצער און אַלס שריפטשטעלער אין דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל".

אַרבעטנדיק בײַם לינאָטיפּ האָב איך מיט גרויס התמדה געזעצט די אַרטיקלען פון די באַליבטע שרײַבער, מײַנע ווילנער לאַנדסלײַט חיים גראַדע, אברהם גאָלאָמב און די פּאָפּולערע שרײַבער יעקב גלאַטשטיין, אהרן צייטלין, בן־ציון גאָלדבערג — אַלע דרײַ שוין שוכני עפר.

ס׳איז אויך געווען זייער אָנגענעם צו באַגעגענען זיך מיט פֿריַינד און באַקאַנטע, וועלכע פֿלעגן קומען קיין אַמעריקע אויף אַ באַזוך און באַזוכן די רעדאַקציע פֿון דער צײַטונג. איינע אַזאַ באַגעגעניש איז פֿאָרגעקומען מיט שמערקע קאַטשערגינסקי, קורץ פֿאַר זיין טראַגישן טויט.

ס׳דערמאָנט זיך מיר, אַז אַ פּאָר טעג פֿאַר מײַן אַוועקפֿאָרן פֿון דער חרובער ווילנע אין 1945, האָב איך פּלוצלונג באַגעגנט שמערקען אויף זאַוואַלנע־גאַס, ווען איך האָב אים געגעבן מײַן האַנט און געזאָגט צו אים אַ „זײַ געזונט״, האָט ער זיך מיט אַ באַוווּנדערונג אָפּגערופֿן: „וואָס, לייזער, דו פֿאָרסט אויך אַוועק פֿון ווילנע?״ איך האָב אים דאַן געענטפֿערט: „שמערקע, דו וועסט אויך פֿאָרן און לאָמיר זיך ווידער ערגעץ באַגעגע־נען״... מײַנע ווערטער זענען מקוים געוואָרן, אָבער לײדער איז דאָס גע־ווען מײַן לעצטע באַגעגעניש מיט שמערקען אין דער רעדאַקציע פֿון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״.

אַן ענלעכע באַגעגעניש האָב איך געהאַט מיט אברהם סוצקעווער, בעת זײַן ערשטן באַזוך אין רעדאַקציע פֿון דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״. און אַז עס טרעפֿן זיך ווילנער אין דער גרויסער וועלט איז די איינציקע טעמע: ווילנע, וואָס איז געווען און איז שוין מער נישטאָ.

*

דעם 24סטן מאַי 1968 איז געווען אַן אומפֿאַרגעסלעכער טאָג אין מײַן לעבן. אין דעם טאָג בין איך אַרויפֿגעטראָטן אַלס אַ נײַער עולה אויף דער ערד פֿון מדינת ישׂראל. אַ תּפֿילה האָט זיך שטילערהייט אַרויסגעריסן פֿון מײַן ברוסט: אַ שטילע פּיוטימדיקע און תּחנונימדיקע תּפֿילה: זאָל דאָס לאַנד ישׂראל זײַן מײַן לעצטע וואַנדערנדיקע סטאַנציע, צו וועלכער איך האָב זיך געריסן אַרויספֿאָרנדיק פֿון ווילנע מיטן אַלגעמיינעם שטראָם פֿון דער שארית־הפּליטה אין 1945 און בין ערשט אָנגעקומען אַהער מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג פֿון 19 יאָר.

# ערשטע טריט אין לאַנד

ס׳איז געקומען די שעה, ווען אונדזער שיף האָט זיך אַריַינגעשניטן אין די ים־כוואַליעס פון חיפה׳ער פּאָרט. ס׳האָט אין מיר געיובלט אַ לעבנס־פרייד, וואָס אָט־אָט און מיַינע פיס וועלן אַרויפטרעטן צום צווייטן מאָל אויף דעם הייליקן באָדן פון אונדזערע אָבות. דאָס מאָל, אָבער, שוין נישט אַלס טוריסט, נאָר אַלס נייַער עולה.

די וואָס קומען אָן קיין ישׂראל מיט אַ שיף און נישט מיט קיין עראָ־פּלאַן, קענען אָבסערווירן די לעבהאַפטע באַוועגונג אין חיפה׳ער פּאָרט. מ׳טרעפט דאָ הויכע לאַסט־וועגענער מיט געפּעק, מיט פאַרשיידענע משׂאות. מ׳טרעפט דאָ גרויסע פּאַסאַזשיר־אויטאָבוסן, וואָס וואַרטן שוין אויף די פּריש־אָנגעקומענע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען נאָר וואָס אָפּגעשטיגן פון די שיפן. זיי קומען אַהער פון פאַרשיידענע לענדער, ריידן אויף פאַרשיידענע לשונות; דאָ, אין ישׂראל, וועט זיין זייער ערשטע אַכסניה. באַלאָדענע מיט כלערליי פּעקלעך און וואַליזעס אין באַגלייטונג פון אַ קינדערישן געפּיל־דער, צעטומלטע און מידע, מאַכן זיי דעם איַינדרוק פון עפּעס אַ מאַסע פּליטים, אַזוי ענלעכע צו די יענע פּליטים, וואָס איך האָב באַגעגנט אויף די וועגן פון דער שארית־הפליטה אין אייראָפּע. דאָס איז געווען איינער פון די פראַגמענטן פון דער גראַנדיעזער יִידישער אויסטערלישער מאַסן־באַוועגונג, וואָס רופט זיך אויפן העברעיִשן לשון: עליה.

נישט ווייניק פון די וואָס שטייַגן אויס פון די שיפן און עראָפּלאַנען און קומען אָן אין לאַנד, זענען געווען פריִער געחתמעט צום טויט: ...מי באש ומי במים... ווער ס׳האָט זיך געראַטעוועט פון סעלעקציעס, מאַסן־קברים און גאַז־קאַמערן. נישט איינער פון אָט די אָקערשט אָנגעקומענע פון דער שארית־הפליטה אין לאַנד, איז אַנטרונען פון אונטערן תּלינס האַק.

ס׳איז באַשערט געווען, אַז אונדזער פרייד זאָל זיַין אויסגעמישט מיט

צער. דעם זעלבן טאָג האָט דער ראַדיאָ מיטגעטיילט און די צײַטונגען האָבן איבערגעגעבן די טרויעריקע ידיעה, אַז אויף די גולן־בערג, האַרט בײַ דער סירישער גרענעץ, איז בעת אַ צוזאַמענשטויס געפאַלן עטלעכע ישׂראל־זעלנער. דאָס האָט אויף אונדז, נײַ געקומענע, געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן אײַנדרוק. און ווען מיר זענען אין דעם זעלבן אָוונט געגאַנגען אין דער



לייזער ענגעלשטערן און דער קוזין אהרון אהרוני
ביים אַריינגאַנג פון די „בניני האומה" אין ירושלים
(1968)

באַגלייטונג פון פרײַנד איבער די גאַסן פון רמת־גן און געזען די לעבהאַפטע באַוועגונג, און די לאַנגע רייען בײַ די בילעטן־פענצטערלעך פון די קינאָס, מיט די פיל־באַזעצטע טישלעך אין די קאַפע־הײַזער אויף די גאַסן, האָב איך מײַן שטוינונג נישט געקענט פאַרבאַהאַלטן פאַר מײַנע באַגלייטער. סטײַטש, האָב איך געטענהט, אָקערשט זענען געפאַלן יונגע קינדער און דאָ ?...

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע לאַנד וועט זיך געפינען אין אַ טיפן טרויער אין אַנבליק פון די פריש־געפאַלענע קרבנות. און דאָ, קיין שום סימן, ווי גאָרנישט האָט פּאַסירט. מײַנע פרײַנד האָבן זיך באַמיט מיר געבן צו פאַרשטיין, אַז „אַזאַ איז דאָ די ווירקלעכקייט, אַזוי לעבט דאָס לאַנד אין משך פון יאָרן; ס׳פאַלן קינדער, דער ווייטיק איז גרויס פאַר יעדן איינעם, אָבער דאָס איז דאָך טאַקע די כּוונה פון אונדזערע אַראַבישע שׂונאים, אַז מיר זאָלן זיך געפינען אין אַ שטענדיקן טרויער און אַרויס־רופן בײַ אונדז צעטרייסלונג... דאָס וועט זיך זיי נישט אײַנגעבן. דער ישוב קעמפט און בויט זיך און אַ דאַנק אונדזערע שטאַרקע נערוון, האָבן מיר אויסגעבויט דאָס וואָס דו זעסט איצט... „דאָס לעבן גייט ווײַטער"...

אַ גרויס ספק צי אין יענעם מאָמענט בין איך געווען מסוגל צו פילן און פאַרשטיין אַזוי ווי מײַנע פרײַנד די ותיקים. מיר האָט אָבער דער קאָנטראַסט געשטאָכן די אויגן...

איך בין אָנגעקומען אין לאַנד אַ יאָר נאָך דער 6־טאָגיקער מלחמה. דאָס לאַנד איז נאָך אַלץ געווען פאַרשיכּורט פון דעם גרויסן נצחון איבער די אַראַבישע אַרמייען. די מצרישע אַרמיי צעשמעטערט, די ירדן־אַרמיי צעבראָכן און די ריזיקע פעסטונגען פון די סיריער אויף די גולן־בערג — אין יידישע הענט. ס׳זענען צוגעקומען ריזיקע שטחים מיט פיל שטעט און דערפער און מיט זיי אַ גרויסע אַראַבישע באַפעלקערונג. די גרענעצן פון דער מדינה זענען ווײַט אָפּגערוקט געוואָרן אויף צפון, דרום און מזרח און מיט זיי איז אויך פאַרשוווּנדן די סכּנה...

די 6־טאָגיקע מלחמה האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן ענטוזיאַזם בײַ די יידן אין לאַנד און אין דער גרויסער וועלט. דער ענטוזיאַזם איז טאַקע געווען גרויס, אָבער די אילוזיעס נאָך גרעסער... אין לאַנד איז אָנגעגאַנ־גען אַ פיבערהאַפטע באַוועגונג אין 2 ריכטונגען: די ישׂראלים האָבן אין די מאַסן געשטראָמט באַזוכן די „שטחים" און די אַראַבער פון יענער זײַט פון דער „גרינער גרענעץ", זענען געקומען „אַנטדעקן" מדינת ישׂראל.

אין לאַנד האָט געבליט די פּראָספּעריטי, די געשעפטן פול מיט סחו־רות און כּל־טוב. אַ שפע פון שפּײַז־אַרטיקלען, פרוכטן און גרינס.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ ריי פון האַרציקע באַגעגענישן, אויפנאַמעס, ס׳זענען אונדז געקומען אײַנלאַדן צו זיך פיל באַקאַנטע, חברים און פרײַנד. די ערשטע פאָר וואָכן האָבן מיר פאַרבראַכט אין אַ פרײַנדלעכן טומל און גערויש פון דעם „אָנגעלויף" פון די געוועזענע פאַרטיזאַנער, מיט וועלכע איך האָב אַדורכגעמאַכט דעם מלחמה־וועג אין טוביה ביעלסקיס פאַרטיזאַ־

נער־מחנה אין די נאַליבאָקער וועלדער. האַרציקע באַגעגענישן וועלכע האָבן אַרויסגערופן זכרונות פון וואַלד, דערבײַ זיך דערמאָנט פאַרשיידענע קוריאָזן.

נאָך די אַלע באַגעגענישן, האָב איך אָנגעהויבן זיך צוקוקן מיט ניכ־טערע אויגן פון אַ נײַעם עולה צו דער אַרומיקערווירקלעכקייט... איך האָב געפונען אַ יונג, דינאַמיש לאַנד, וואָס אַנטוויקלט זיך שנעל און ראַשיק, אַ לאַנד וואָס שלאָגט טיפע וואָרצלען אויף אַלע געביטן. אַ לאַנד מיט פאַ־בריקן און פאַרזייטע פעלדער, וועלכע ווערן באַאַרבעט דורך ייִדישע הענט. אַ לאַנד פון קיבוצים און מושבים, וועלכע זענען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. איך האָב געפונען אַ פאַרטיק אויסגעבויט לאַנד מיט אַ גרויסער נעץ פון קולטור־אינסטיטוציעס, ביבליאָטעקן העברעיִשע און ייִדישע, וואָס קענען באַפרידיקן יעדן קולטורעלן מענטש.

איך האָב זיך געפונען אין דער גליקלעכער לאַגע, וואָס איך בין נישט געווען אָפּהענגיק פון דער סוכנות, אָדער פון וועלכן עס איז אַנדערן מלוכה־פאַקטאָר, איך האָב זיך נישט גענייטיקט אין מאַטעריעלער הילף צו אײַנ־אָרדענען מײַן לעבן אין ישׂראל. איך האָב פאַרזיכערט אויף דער עלטער אַ בכּבודיקע עקזיסטענץ און געווען באַפרײַט פון די זאָרגן וועגן מאָרגנדיקן טאָג, דעריבער האָב איך מײַן צײַט און מײַנע אָפּשפּאָרונגען געוואָלט אויס־ניצן מאַקסימאַל, וואָס זאָל ברענגען אי אַ נוצן אי אַ באַפרידיקונג.

# בית ווילנע און „ווילנער פנקס"

מיַין קומען אין לאַנד איז פּונקט אויסגעפֿאַלן אין דעם זעלבן זומער 1968, ווען עס איז פֿאָרגעקומען דער אַלוועלטלעכער ווילנער צוזאַמענפֿאָר, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן און צוגעגרייט געוואָרן דורך דעם אַל־וועלטלעכן ווילנער פֿאַרבאַנד אין ישׂראל, אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פֿון דעם פֿאָרזיצער פֿון פֿאַרבאַנד ד"ר דוואָרזשעצקי, ז"ל.

דער דאָזיקער היסטאָרישער צוזאַמענפֿאָר איז פֿאָרגעקומען אין צוזאַמענהאַנג מיטן 25סטן יאָרטאָג נאָך דער ליקווידאַציע פֿון ווילנער געטאָ. אין דעם צוזאַמענפֿאָר האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַציעס פֿון די ווילנער פֿאַרבאַנדן פֿון אַמעריקע, קאַנאַדע, מעקסיקע און אַ ריי אייראָפּעיִשע לענדער.

צווישן פֿאַרשיידענע אַנדערע באַשלוסן, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפֿאָר, איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו אויסבויען אַ „בית ווילנע" אין תּל־אביב, וואָס זאָל זיַין אַ קולטור־היים און אַן אַכסניה פֿאַר אַלע ווילנער און פֿון די ייִדן פֿון די שטעטלעך פֿון דער ווילנער אומגעגנט. די פֿאַרזאַמלטע דעלעגאַטן האָבן געענדי אָפּגעשאַצט די גרויסע נויטווענדיקייט פֿון אַן אייגענער היים, אַ „בית ווילנע" און דאָס וויכטיקסטע, אַז דער „בית ווילנע" מוז אויסגעבויט ווערן וואָס פֿריִער, אָן יעדער אָפּלייג.

כּדי פּראַקטיש דורכצופֿירן אין לעבן דעם באַשלוס וועגן אַ „בית ווילנע" איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיטעט פֿון 9 חברים, אויף וועלכע ס'איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן די סאַמע וויכטיקסטע אויפֿגאַבע פֿון צונויפֿזאַמלען די געהעריקע פֿינאַנסיעלע מיטלען פֿאַר אויפֿשטעלן אין מדינת ישׂראל אַ ווילנער קולטור־היים, וואָס זאָל מיט זיך פֿאָרשטעלן אַ לעבעדיקן מאָנומענט נאָך דער פֿאַרטיליקטער ירושלים דליטא. אויף מיַין זכות איז אויסגעפֿאַלן צו זיַין איינער פֿון די 9 חברים פֿון דעם קאָמיטעט. אויף מיר איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן די אויפֿגאַבע צו פֿירן די פּובליקאַציע־קאַמפּאַניע, סיַי אין לאַנד און סיַי אין אויסלאַנד.

אַ דאַנק מייַן פריִערדיקער פּאַרמלחמהדיקער באַקאַנטשאַפט מיט ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי — פּאַרזיצער פון וועלט־פאַרבאַנד פון די ווילנער, און ד״ר אַלעקסאַנדער ליבאַ, — געוועזענער פּאַרזיצער פון ווילנער פאַרבאַנד אין ישׂראל, בין איך אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין אַקטיווער טעטיקייט פון ווילנער פאַרבאַנד אין תּל־אביב און שפּעטער אויף דער יערלעכער באַריכט־פאַרזאַמלונג פון דעם „איגוד יוצאי וילנה והסביבה״, בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג.

איך האָב די אייַנלאַדונג מיטצואַרבעטן אין דעם „בית ווילנע״־קאָמי־טעט אָנגענומען מיט אַ געפיל פון באַפרידיקונג און אחריות, וואָס מיר, אַ נייַעם עולה, איז צוגעטיילט געוואָרן דער כּבוד און געגעבן אַ געלעגנהייט צולייגן אַ האַנט בייַם אויפשטעלן אַ לעבעדיקן מאָנומענט נאָך אונדזער חרובער היימשטאָט ווילנע.

לכּבוד דער דערעפענונג פון דעם צוזאַמענפאַר איז דערשינען דער ערשטער נומער פון דעם „ווילנער פּנקס״, וואָס זייַן איניציאַטאָר און רע־דאַקטאָר איז געווען אונדזער ווילנער בן־עיר מלך קאַרפּינאָוויטש. דער „פּנקס״ איז געווען שיין און עסטעטיש אַרויסגעגעבן, רייַך אין אינהאַלט און מיט אַ גוט צוגעפּאַסטן און גוט רעדאַקטירטן מאַטעריאַל.

דער „ווילנער פּנקס״ האָט בייַ אַלעמען אַרויסגערופן גרויס התפּעלות און מ׳האָט געמיינט אַז אָט, סוף־סוף, איז געשאַפן געוואָרן אַ שטענדיקע טריבונע פאַר די ווילנער אין ישׂראל און אין דער גאַרער וועלט. אויך אויף מיר האָט דער „ווילנער פּנקס״ געמאַכט אַ גוטן אייַנדרוק און נאָכן איבער־לייענען אים האָב איך זיך פאַרטראַכט, אַז אייגנטלעך, וואָלט איך געקענט ברענגען אַ גרויסן נוצן בייַם אַרויסגעבן דעם „פּנקס״.

איך האָב געוואָלט מייַן צושטייַער פאַר דעם „פּנקס״ ברענגען אין דער פולסטער מאָס. איך האָב באַטראַכט און אַנאַליזירט אַלע פאַזן פון דער וויכטיקייט פון אַזאַ זשורנאַל פאַר די ווילנער, וואָס זענען צעזייט און צע־שפּרייט אין דער וועלט.

אין משך פון מייַן פיליאָריקער אַרבעט אין דרוקווען און אויך מייַן גרויסע דערפאַרונג אַלס צייַטונג־מענטש, האָב איך, פאַרשטייט זיך, געקענט ברענגען אַ גרויסן נוצן פאַר דעם „פּנקס״. חוץ דעם האָב איך דיספּאָנירט מיט פיל פרייַע צייַט.

אין אַ שמועס מיטן רעדאַקטאָר פון „ווילנער פּנקס״ מלך קאַרפּינאָ־וו׳יטש, האָט ער מיר פאָרגעלייגט מיטצואַרבעטן מיט אים אין העלפן אַרויס־געבן דעם זשורנאַל. ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן איבערנעמען די אָנפירונג



**ראַט און פאַרוואַלטונג פון ווילנער פאַרבאַנד און אומגעגנט אין תל-אביב (1973)**

עס זיצן פון לינקס צו רעכטס: א. סווירסקי, ז״ל, ד״ר מ. פייגענבערג, א. אורבאַך, נ. באַזיליאַן, ד״ר מ. דוואָרזשעצקי, ז״ל, ד. יוטאַן, ג. גאַרדאַנאַוויטש, צ. ווילדשטיין, ז. קולביס. ס׳שטייען פון לינקס צו רעכטס: א. סאַפּיר, ז״ל, ל. קאַריסקי, ז. ניסאַנילעוויטש-טרעגער, ל. ענגעלשטערן, מ. גורין, י. ראַדזועלי, י. שאַק, ז״ל, ח. שאַליט, פ. שאַמבעדאַל, ס. רינדזונסקי.

פון דער אַדמיניסטראַטיווער זײַט פון דעם „פּנקס". איך האָב זײַן פּראָפּאָ־זיציע גערן אָנגענומען.

איך האָב פאַרשטאַנען און געפילט, אַז דער „ווילנער פּנקס" איז ראוי צו זײַן אַ טריבונע פאַר אַלע אָפּטיילונגען פון ווילנער פאַרבאַנד אין ישׂראל און אין חוץ־לארץ. גלײַכצײַטיק האָב איך אויך געזען אַ גוטע געלעגנהייט פאַר מיר צו דרוקן זיך אויף די שפּאַלטן פון אַ זשורנאַל, וואָס איז מיר ליב און טײַער.

איך האָב זיך מיט גרויס אימפּעט גענומען צו דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט. אָבער כּדי דער „פּנקס" זאָל רעגולער דערשײַנען 4 מאָל אַ יאָר, האָט מען קודם־כּל געדאַרפט פאַרזיכערן די פינאַנסיעלע באַזע. לכן, האָב איך באַלד אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט די ווילנער לאַנדסלײַט אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, מעקסיקע און אין משך פון געציילטע וואָכן, ממש, האָב איך באַקומען פיל בריוו מיט וואַרעמע אָפּרופן און אויפן חשבון פון „ווילנער פּנקס", איז אַרײַנגעפלאָסן אַ באַדײַטנדע סומע געלט אין פאָרעם פון באַשטײַערונגען און פאָרויס־באַצאָלטע אַבאָנענטן פאַר אַ גאַנצן יאָר. אַזוי אַרום, האָט זיך געשאַפן אַ גוטער פינאַנסיעלער יסוד און ס'האָבן זיך געשאַפן גוטע אויסזיכטן, אַז דער „ווילנער פּנקס" זאָל רעגולער דער־שײַנען, אַזוי ווי מיר האָבן עס פּלאַנירט און געוואָלט.

דאָס דערשײַנען פון דעם „ווילנער פּנקס" האָט אַרויסגערופן וואַרעמע אָפּרופן פון די ווילנער אין ישׂראל און אין דער וועלט און דאָס האָט מיר באַפליגלט מיט מער חשק צו אָפּגעבן מײַן פרײַע צײַט פאַר דער הצלחה פון דעם „פּנקס". איך האָב אויך נישט געקאַרגט מײַנע אייגענע אָפּשפּאָ־רונגען, בכדי פינאַנסיעל צו שטיצן דאָס אַרויסגעבן דעם פּרעכטיקן זשור־נאַל, וואָס איז בלי ספק געוואָרן אַ נכס פאַר יעדן ווילנער. דאָס עצם דער־שײַנען פון אַ גוטער זאַמלשריפט פאַר די ווילנער אין ווילנער גײַסט, האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך נחת־רוח.

לײַדער, נאָך 6 פּרעכטיק אַרויסגעגעבענע נומערן, האָט דער „ווילנער פּנקס", צוליב אַ ריי סיבות, אויפגעהערט צו דערשײַנען.

עס זענען אַדורך מער ווי 6 יאָר נאָך דעם אַלוועלטלעכן ווילנער צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דאָס אויפשטעלן אַ „בית ווילנע" און ענדלעך איז געלונגען דער הייפּעלע ענטוזיאַסטן, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך דעם שווערן עול, צו שאַפן די נויטיקע פאָנדן און האָבן מצליח געווען סוף נאָוועמבער 1974 צו פאַרענדיקן די הייליקע

מלאָכה און אויפגעשטעלט אַן אייגענעם ווילנער קולטור־צענטער אין האַרץ פון תּל־אביב.

האַרט פאַר דער פייַערלעכער דערעפענונג פון „בית ווילנע״ איז אַרויס פון דרוק דער ערשטער זשורנאַל פון „ווילנער זאַמלבוך״, וואָס איז אַ ירושה פון אַמאָליקן ווילנער זאַמלבוך, וועמענס רעדאַקטאָר איז אויך געווען ד״ר צמח שאַבאַד. דער באַשלוס פון אַרויסגעבן דעם „ווילנער זאַמלבוך״, איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, לויט מייַן פאָרשלאָג און מיר האָבן געהאָפט, אַז די צייַטשריפט וועט פאַראייניקן אַלע ווילנער אָפּטיילונגען אין לאַנד און וועט אויך זייַן דער צענטראַלער אָרגאַן פון אַלע ווילנער פאַרבאַנדן אין דער גאָרער וועלט.

✶

אַן אייגענע קולטור־היים פאַר ירושלים דליטא אין ישׂראל איז שוין פון אַ לאַנגער צייַט געווען אַ נויטווענדיקייט פאַר די קולטור־אינסטיטוציעס פון „איגוד יוצאי ווילנה״. דאָס פעלן פון אייגענע פיר ווענט האָט אין אַ גאָר גרויסער מאָס געשטערט די רעגולערע קולטור־טעטיקייט.

דער אָנגעוווּיטיקטער ענין פון אַ „בית ווילנע״ איז אַזוי אַרום אין משך פון אַלע יאָרן געווען די הויפּט־דאגה ביי די ווילנער געזעלשאַפטלעכע טוער און איז קיין מאָל נישט אַראָפּ פון סדר־היום בעת די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג. וואָס מען האָט נאָר נישט פּלאַנירט, איז מען לייַדער געבליבן ביי די פּלענער...

איז נישט קיין וווּנדער, ווען ס׳האָבן זיך צעפּראַלט די טירן פון דעם אָקערשט פאַרענדיקטן „בית ווילנע״ און הונדערטער ווילנער בני־עיר און איינגעלאַדענע געסט האָבן פאַרפולט די זאַלן, האָט מען נישט געקענט צוימען די גערירטקייט, וואָס ענדלעך געפינט מען זיך אין אַן אייגענער היים.

אָבער די צום מערסטן צופרידענע און גליקלעכע זענען, בלי ספק, געווען די אַקטיווע טוער פון ווילנער פאָלקס־כאָר און ווילנער קולטור־קלוב. זיי זענען געווען די אַמערסטן געליטענע פון פעלן פון אייגענע פיר ווענט.

דער ווילנער פאָלקס־כאָר, וואָס ציט ווייַטער די גאָלדענע קייט פון די פריִער זייער פּאָפּולערע ווילנער כאָרן „ווילביג״, וועמענס דיריגענט איז געווען אברהם סלעפּ און דער כאָר ביי דער ווילנער רעאַל־גימנאַזיע, וועמענס דיריגענט איז געווען יעקב גערשטיין. און כּדי צו פאַראייביקן די

הייליקע נעמען פון די באַליבטע אומגעקומענע דיריגענטן איז דער ווילנער פאָלקס־כאָר אָנגערופן געוואָרן אויף זייערע נעמען.

דער כאָר האָט זייער שטאַרק געליטן צוליבן פעלן פון אַן אייגענעם לאָקאַל פאַר זײַנע וועכנטלעכע פּראָבן און ער האָט אָפט געמוזט בײַטן




**מצבה פון די ווילנער קדושים אין פּאָנאַר**
אברהם פוקסמאַן פון ניו־יאָרק זאָגט קדיש (1975)

די לאָקאַלן, וואָס נישט שטענדיק זענען זיי געווען פּאַסיק פאַר פּראָבן פון קרוב 60 זינגער.

אַזוי איז אויך געווען מיטן ווילנער קולטור־קלוב, וואָס האָט נישט געהאַט זײַן אייגענע אכסניה און אין משך פון זײַן קולטור־טעטיקייט האָט ער, אַזוי ווי דער ווילנער כאָר, געוואַנדערט פון איין לאָקאַל צום צווייטן.




**מצבה פון די ווילנער קדושים פון פאָנאַר אויפן בית-הקברות אין קרית-שאול**

דער ווילנער קולטור־קלוב האָט זיך דערוואָרבן אַ גוטן נאָמען מיט זײַנע דערפאָלגרײַכע אַדורכגעפירטע קולטור־אָוונטן, וואָס זענען שטענדיק אַדורך זייער אינטערעסאַנט, אויף אַ הויכן ניוואָ און דעריבער זענען די קולטור־אָוונטן שטענדיק געווען גוט באַזוכט. די לייטונג פון קולטור־קלוב האָט שטענדיק צוגעגרייט שיינע אָוונטן מיט אַ רײַכן פּראָגראַם, ווו ס׳האָבן זיך אַדורכגעפלאָכטן ייִדיש וואָרט מיט ייִדיש געזאַנג און מוזיק.

דאָס אָפּטע בײַטעניש פון די לאָקאַלן האָט אַרײַנגעבראַכט אַ צעטומ־לעניש בײַם עולם, וואָס האָט נישט שטענדיק געוווּסט דעם ריכטיקן אַדרעס ווו עס קומט פאָר אַן אָוונט און דאָס האָט נישט ווייניק פאַרביטערונג געבראַכט די איבערגעגעבענע טוער פון דעם קולטור־קלוב.

איצט האָט ווילנע אַן אייגענע קולטור־היים.

די שטילע און פאַרשלאָפענע שכונת מונטיפיורי, אַנטקעגן דער קריה אין תּל־אביב, ווערט ממש אויפגעלעבט אין די אָוונטן, ווען עס קומען פאָר אין „בית ווילנע" די קולטור־אָוונטן.

דער „בית ווילנע" פאַרמאָגט אַ זאַל פאַר קרוב 300 זיצפּלעצער מיט 4 געראַמיקע צימערן. דער גרעסטער צימער איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר דעם „אוהל יזכור". אויף דעם נר תּמיד ווערן געהייליקט די אומגעבראַכטע קדושים פון ווילנע און אומגעגנט.

ס׳איז פּלאַנירט צונויפצוזאַמלען אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן וועגן ירושלים דליטא אין אַלע שפּראַכן און די אַלע אַרכיוו־אוצרות וועלן זיך געפינען אין אַ באַזונדערן צימער.

די ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם פאָרזיצער פון „איגוד יוצאי ווילנה" ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי, איז לעצטנס באַרײַכערט געוואָרן און קאָמפּלעטירט געוואָרן מיט פיל ביכער, וואָס ווערן קאַטאַלאָגירט און ווערן געלייענט פון פיל לייענער.

ס׳איז אויך טעטיק די גמילות־חסדים־קאַסע א״נ פון פאַרשטאָרבענעם ד״ר ליבאַ, וועלכע גיט אַרויס קורץ־טערמיניקע און לאַנג־טערמיניקע הלוואות.

אין פּראָיעקט איז צו אָרגאַניזירן אַ מאַנדאָלינען־אָרקעסטער, וועלכער האָט שוין אַ גרופּע מוזיקאַנטן און פירן דורך פּראָבן פון צײַט צו צײַט.

אין „בית ווילנע" קומען נישט נאָר ווילנער וואָס לעבן אין תּל־אביב און אין דער סביבה, נייערט אויך פון ווײַטערע שטעט און שטעטלעך.

דער „בית ווילנע" איז איצט דער איינציקער טרעפפונקט פון דער גאַנצער ווילנער שארית־הפליטה פון ישׂראל און פון חוץ־לארץ.

כּדאי צו אונטערשטרייַכן, אַז די אייניקע קולטור־אָוונטן ווערן צוגעגרייט און אַדורכגעפירט מיט אייגענע כּוחות און זיי גייען אַדורך מיט גרויס דערפאָלג.

אין מהות פון מייַנע באַגריפן און שטרעבונגען איז אַרייַנגעטראָטן אַ נייַער קאַפּיטל אין מייַן לעבן. מייַנע פאַרגאַנגענע יאָרן זענען געווען ווי דורכגעפלאָכטן און דורכגעקנאָטן מיט עמאָציאָנעלע געוועבן פון ייִדי־שער קולטור־טעטיקייט און דאָ אין ישׂראל, האָב איך געוואָלט זען דעם המשך, אָבער נישט ווי אַ זייַטיקער באַאָבאַכטער, נאָר ווי אַן אַקטיווער טוער.

ווען איך בין צום ערשטן מאָל געקומען אויף אַ באַזוך קיין ישׂראל, האָב איך שוין דאַן געוווּסט, אַז דאָ וועט זייַן מייַן שטענדיקע היים. איך מוז מודה זייַן, אַז אין משך פון די 19 יאָר, וואָס איך האָב זיך געפונען אין אַמעריקע האָב איך סיי געזעלשאַפטלעך און סיי ביי מייַן אַרבעט אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" זיך גוט אויסגעלעבט אין די זעלבע קרייַזן ווי אין דער אַמאָליקער היימשטאָט ווילנע, מיט ייִדיש קודש אַלס מייַן שפּראַך. אָבער ווי קומט עס צו ישׂראל? פאַר דער צייַט וואָס איך געפין זיך אין ישׂראל פיל איך איצט, וואָס עס באַטייַט ייִדיש לעבן אין אַן אייגענעם לאַנד.

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם שבועות, ווען איך בין גע־שטאַנען בייַם כּותל־המערבי בייַם דאַוונען און בעת־מעשׂה געטראַכט פון מייַן עלטער־זיידן, וועמענס קבר אויפן הר־הזיתים איז דורך די אַראַבישע וואַנדאַלן צעשטערט געוואָרן, צוזאַמען מיט אַנדערע טויזנטער מצבות. בעת מעשׂה איז ביי מיר אַדורך אַ מחשבה, אַז אפשר גאָר אין זכות פון מייַן זיידן בין איך ניצול געוואָרן פון אומקום...

# מיטאַרבעטער אין דער „יידישער צייטונג"

איך האָב זיך אַליין נישט געקענט זען אינטעגרירט אין ייִדיש־געזעל־שאַפטלעכן לעבן אין לאַנד, כּל־זמן איך וועל נישט האָבן אַ שטענדיקע טרי־בונע, ווו איך וועל קענען סיסטעמאַטיש באַלויכטן געשעענישן פון געזעל־שאַפטלעך־קולטורעלן כאַראַקטער. אַזאַ צײַטונג האָב איך געזען פּאַסיק פֿאַר מיר די „יידישע צײַטונג", וואָס איר ערשטער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער איז געווען דער פֿאַרשטאָרבענער ישׂראל חדש.

ווען איך האָב איין מאָל באַזוכט די רעדאַקציע פון דער „ייִדישער צײַטונג" אויף אַלענבי 85, האָב איך דעם רעדאַקטאָר חדש דערציילט וועגן מײַן זשורנאַליסטישער מיטאַרבעט אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל". חוץ דעם האָב איך אים געגעבן צו וויסן, אַז איך בין פון פאַך אַ זעצער און אַז אין משך פון די 19 יאָר, וואָס איך האָב זיך געפונען אין אַמעריקע, האָב איך אָן אויפהער געאַרבעט אַלס לינאָטיפּיסט אין דער דאָזיקער צײַטונג.

דערהערט אַז איך בין אַ לינאָטיפּיסט־זעצער, האָט זיך חדש שטאַרק דערפרייט. ער האָט זיך שטאַרק געגויטיקט אין אַ לינאָטיפּיסט־זעצער. ער האָט מיר גלײַך פאָרגעלייגט אַרבעטן, אָבער ווי שטאַרק אַנטוישט איז ער געוואָרן, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך נויטיק זיך נישט אין אַרבעט און אַז אייגנטלעך בין איך געקומען מיט אים זיך אַדורכשמועסן וועגן מײַן מיטאַרבעט אין זײַן צײַטונג.

שמועסנדיק מיט אים האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אָפט געזען מײַן נאָמען אויף די שפּאַלטן פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", ער האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז אין דער צײַטשריפט „דער אַמעריקאַנער" האָט זיך סיסטע־מאַטיש געדרוקט וועכנטלעך קאַפּיטלעך זכרונות וועגן מײַנע איבערלעבונ־גען אין דער חורבן־תּקופה.

מיט אייניקע טעג שפּעטער, האָט ה' חדש אָפּגעדרוקט מײַן ערשטן אַרטיקל אין זײַן „יידישע צײַטונג" און ער האָט מיר באַלד פאָרגעלייגט אויף להבא ווערן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער צײַטונג.

איך האָב אין ישׂראל חדשן געפונען אַ מענטש, בײַ וועמען ייִדישע קולטור און ליטעראַטור, ייִדישע שפּראַך און איר המשך, איז בײַ אים גע־ווען הייליק. ער איז געווען אַן אומדערמידלעכער מאָנער און קעמפער פאַר גלײַכע רעכט פאַר ייִדיש אין ישׂראל.

אין מאָל אין אַ שמועס וועגן פאַרשיידענע אַקטועלע פראַגן, האָב איך אים דערציילט, אַז צוליב פאַרשיידענע סיבות בין איך געווען געצוווּנגען איבערצורײַסן דרוקן מײַנע זכרונות אין דעם זשורנאַל „אַמעריקאַנער" און אַז איך וואָלט עס איצט גערן געוואָלט באַנײַען אויף די שפּאַלטן פון דער „ייִדישער צײַטונג".

ישׂראל חדש האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם און ער האָט מיר געבעטן איך זאָל ברענגען אין רעדאַקציע דעם גאַנצן מאַטעריאַל. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און ער האָט נאָכן באַקענען זיך מיטן כתב־יד, באַלד געגעבן זײַן הסכּמה צו דרוקן וועכנטלעך אין המשכים דעם גאַנצן מאַטעריאַל. איך האָב דאַן חדשן געשטעלט דעם איינציקן באַדינג און, נעמלעך: אַז איך וועל אַליין צוגרייטן די וועכנטלעכע קאַפּיטלעך צום דרוק, אויף וואָס חדש האָט אַן באַוואָרענישן אײַנגעשטימט.

דאָס איז פאַר מיר געווען, בלי ספק, אַ גרויסע סאַטיספאַקציע. איצט האָבן די לייענער פון דער „ייִדישער צײַטונג" אין לאַנד און אין אויסלאַנד געהאַט די מעגלעכקייט צו לייענען יעדע וואָך אַ קאַפּיטל פון מײַנע זכרונות וועגן מײַנע איבערלעבונגען אין דער חורבן־צײַט. זײַן רעדאַקטאָרישער חוש האָט אים נישט פאַרפירט; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַן אינטערעסאַנ־טער מאַטעריאַל וועגן דער חורבן־תּקופה וועט צוציִען צו דער צײַטונג נײַע הונדערטער לייענער אין לאַנד און אין אויסלאַנד. די דאָזיקע סעריע קאַ־פּיטלעך האָט זיך געדרוקט אין דער צײַטונג 52 וואָכן, אָנהייבנדיק פון יאָר 1970 אונטערן קעפּל „פון געטאָ און וואַלד".

דאָס באַנײַען פון דרוקן מײַנע זכרונות, האָט מיר צוגעגעבן אינספּי־ראַציע צו ברענגען אין אָרדענונג מײַנע נאָטיצן וועגן מײַן לעבן אין דער חרובער היימשטאָט ווילנע, נאָך דער באַפרײַונג אין משך פון 9 חדשים, מײַן אַוועקלאָזן זיך מיטן פּליטים־שטראָם איבער פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, עסטרײַך צו דער זוניקער איטאַליע און פון דאָרט קיין אַמעריקע. איך האָב צוגעגרייט אַ פרישע סעריע, וועלכע איז געווען אַ המשך פון דער פריִער־דיקער סעריע קאַפּיטלעך „פון געטאָ און וואַלד".

פּאַראַלעל מיטן דרוקן זיך פון מײַנע זכרונות אין דער „ייִדישער צײַ־טונג", האָב איך אויך געשריבן קריטישע אָפּהאַנדלונגען איבער פאַרשיידענע

אַקטועלע קולטור־פּראָבלעמען. איך האָב אויך סיסטעמאַטיש באַהאַנדלט אויף די שפּאַלטן פון דער צײַטונג פאַרשיידענע דערשײַנונגען, סײַ פּאָזי־טיווע סײַ נעגאַטיווע, וואָס האָבן געהאַט אַן אָרט אין אונדזער לעבן אין לאַנד. איך האָב קיין זאַך נישט אויסגעמיטן, איך האָב באַטראַכט פאַר מײַן געזעלשאַפטלעכן חוב צו באַלײַכטן און פאַרצייכענען אַלץ וואָס האָט, לויט מײַן מיינונג, געהאַט אַ ווערט צו אַרויסברענגען אין אַ בולטער פאָרעם אויף די שפּאַלטן פון דער צײַטונג, געזען מיט די אויגן פון אַ נײַעם עולה, כּדי די לייענער פון דער צײַטונג אין לאַנד און אויסלאַנד זאָלן באַקומען אַ מער קלאָרן און אָביעקטיוון בילד וועגן פאַרשיידענע אַקטועלע פּראָבלעמען אין ישׂראל.

זײַענדיק אַ מיטאַרבעטער פון דער „ייִדישער צײַטונג", האָב איך אויך געהאַט די בעסטע געלעגנהייט צו פירן אַ סיסטעמאַטישע אויפקלערונג מיט דער הילף פון דער צײַטונג, לטובת דעם אויפבוי־פאָנד פאַרן „בית ווילנע", ווייסנדיק, אַז די פאָרעם פון פּובליקאַציע דורך אַ צײַטונג וועט ברענגען די געוווּנטשענע רעזולטאַטן.

חוץ דעם האָב איך מיטגעהאָלפן די חברים פון אויפבוי־קאָמיטעט אויך אין אַן אַנדער פאָרעם: אַרויסגעבן פאַרשיידענע דרוק־מאַטעריאַלן און באַ־זונדערע פּובליקאַציעס, וואָס האָבן בײַגעשטײַערט דעם דערפאָלג פון דער געלט־אַקציע, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן לטובת „בית ווילנע". אויך אין דעם איז גוט צוניץ געקומען מײַן פאַכקענטעניש אין דרוק־וועזן און אויך מײַן פּובליציסטישע דערפאַרונג. אַ ביז גאָר זייער וויכטיקער בײַטראָג צו דער אויפקלערונגס־קאַמפּאַניע פאַר דעם „בית ווילנע" זענען געווען מײַנע פיל הונדערטער בריוו, וואָס איך האָב סיסטעמאַטיש געשיקט צו מײַנע צאָלרײַכע פרײַנד און באַקאַנטע אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע.

# „בית שלום עליכם" און „בית לייוויק"

אין מײַן געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער טעטיקייט האָב איך תּמיד גע־פונען די וועגן צו ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס. אַזוי איז עס געווען אין ווילנע צווישן ביידע וועלט־מלחמות, אַזוי איז עס געווען אין איטאַליע אַלס פּליט אין די פּליטים־לאַגערן און אַזוי איז עס אויך געווען אין משך פון מײַנע 19 יאָר זײַן אין אַמעריקע.

איז עס אויך נאַטירלעך, אַז אויך אין ישׂראל זאָל איך געפינען דעם וועג צו די פּרעכטיקע קולטור־אינסטיטוציעס, ווי דאָס איז דער „בית שלום עליכם" און דער „לייוויק־הויז".

פון דעם ערשטן טאָג פון מײַן קומען אין לאַנד, איז דאָס „שלום־עליכם־הויז" געוואָרן פאַר מיר אַ הייליק אָרט, ווו אַלץ אין דעם פּרעכטיקן קולטור־פּאַלאַץ אָטעמט מיט אונדזער גרויסן אומשטערבלעכן קלאַסיקער שלום עליכם. איז דאָך שלום עליכם געווען בײַ מיר דער ערשטער ייִדישער שרײַבער, וועמענס ווערק איך האָב אָנגעהויבן לייענען אין ייִדיש, ווען איך האָב אין מײַנע יוגנט־יאָרן איבערגעגאַנגען פון דער רוסישער ליטעראַטור צו דער ייִדישער.

דאָס האָט דער ייִדיש־העברעיִשער שרײַבער י. ד. בערקאָוויטש — שלום עליכמס איידעם און זײַן געטרײַער איבערזעצער אויף העברעיִש — פאַרגעלייגט דעם פּלאַן צו אויפבויען אין צענטער פון תּל־אביב אַ שלום־עליכם־הויז, ווו עס זאָל זיך געפינען דער גאַנצער אַרכיוו פון שלום עליכם, זײַן גײַסטיקע ירושה — זײַנע פּילצאָליקע ביכער, אַ ביבליאָטעק, אַ זאַל פאַר אַ קונסט־גאַלעריע, אויך אַ גרויסע אוידיטאָריום, ווו עס זאָלן פאָר־קומען פאַרשיידענע קולטור־אונטערנעמונגען; סימפּאָזיומס, קאָנצערטן.

אַ גרופּע נכבדים פון ישׂראל און אויסלאַנד האָבן זיך זייער וואַרעם און ענטוזיאַסטיש אָפּגערופן אויף י. ד. בערקאָוויטשעס פּלאַן און אין משך פון אַ נישט לאַנגער צײַט זענען געשאַפן געוואָרן די נויטיקע פאָנדן. ס'איז אויסגעבויט געוואָרן דער שלום־עליכם־היכל און בײַם הײַנטיקן טאָג גע־

פינט זיך אין דעם הויז אַליץ, וואָס האָט אַ דירעקטן שייכות צו שלום עליכם, אַרייַנגערעכנט די פּערזענלעכע חפצים פון גרויסן הומאָריסט, ווי זייַנע ברילן, תּפילין, אַ קליין תּנ״כל, אַ סידורל, אַ שער, שרייַב־פּעדער א״אַ.

אין משך פון מייַנע פּילצאָליקע באַזוכן אין „בית שלום עליכם", האָב איך זיך נעענטער באַפרייַנדעט מיטן פאַרוואַלטער פון דעם הויז, מיטן באַקאַנטן יידישן שרייַבער און ליטעראַטור־קריטיקער אברהם ליס. אין איינע פון מייַנע געשפּרעכן מיט אים, האָב איך אויסגעדריקט מייַן ווונטש, אַז פאַר מיר וואָלט געווען אַ גרויסער כבוד, אַז מייַן נאָמען זאָל זיך געפינען אויף דער וואַנט צווישן די בויער פון „בית שלום עליכם". אברהם ליס, זעענדיק אין מייַן פּערזאָן אַן אמתן פרייַנד פון „בית שלום עליכם", האָט אַקצעפּטירט מייַן פאָרשלאַג. איך האָב אַ חלק פון מייַנע אָפּשפּאָרונגען געשפּענדעט פאַרן „בית שלום עליכם" און ס'איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד צו געהערן אויך צו דעם ראַט פון דעם הויז און זייַן איינער פון זייַנע מנדבים.

אויף מייַן גורל איז אויך אויסגעפאַלן צו קומען אין לאַנד אין דער צייַט, ווען ס'איז פאַרענדיקט געוואָרן דאָס בויען פון דעם „לייוויק־הויז" און איך האָב געהאַט דעם זכות און כבוד אָנטיילנעמען אין דער פייַערלעכער דערעפענונג פון דער אכסניה פון די יידישע שרייַבער און זשורנאַליסטן אין ישׂראל, וואָס איז איצט דער צענטראַלער אָרט אין לאַנד, ווו דאָס יידישע וואָרט און ליד ווערן געהערט אַ קייַלעכדיקע יאָר.

דאָס „לייוויק־הויז", ווי איינער פון די וויכטיקסטע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, איז מיר נאָענט און טייַער און נאָך מער איז דאָס הויז געוואָרן בייַ מיר נאָענט און באַליבט, ווען איך בין אָנגענומען געוואָרן אַלס מיטגליד פון שרייַבער און זשורנאַליסטן־פאַרבאַנד. חוץ דעם בין איך צוגעצויגן געוואָרן צו דעם קרייַז פון די אַקטיווע טוער, וואָס האָט זיך לעצטנס געשאַפן און רופט זיך „פרייַנד פון בית־לייוויק". דער קרייַז באַשטייט פון אַ גרופּע איבערגעגעבענע קולטור־טוער, וועמען עס איז טייַער די יידישע קולטור און וועלכע זענען גרייט צו טראָגן די לאַסט, העלפן מאַטעריעל און זאָרגן, אַז דער „לייוויק־הויז" זאָל קענען פירן זייַן נאָרמאַלע טעטיקייט.

די סיסטעמאַטישע ליטעראַרישע אָוונטן און קאָנצערטן אין „בית לייוויק" ברענגען אַרייַן אַ נחת־רוח די פּילצאָליקע ליבהאָבער פון יידישן וואָרט, פון דער יידישער ליטעראַטור און מוזיק. דאָס איז אַ יידישע קולטור־הויז וואָס קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ גרויסע צאָל שרייַבער, זשורנאַליסטן, קינסטלער, וועלכע האָבן אַן אייגענע היים, אויסגעשטאַט מיט די

מאָדערנסטע איַינריכטונגען. די וויכטיקייט פון דעם ייִדישן היכל אין צענ־טער פון תּל־אביב, קענען בלויז אָפּשאַצן די, וועלכע באַזוכן סיסטעמאַטיש אָט דעם וויכטיקן קולטור־צענטער.

איין מאָל, גאַנץ צופעליק, האָב איך פון אַ נאָטיץ אין דער „ייִדישער צײַטונג" זיך דערוווּסט, אַז אין דער העברעיִשער גימנאַזיע אין קרית חיים, לעבן חיפה, לערנען די שילער אין די העכערע קלאַסן די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור. איך האָב ממש מײַנע אויגן נישט געגלויבט, וואָס איך האָב איבערגעלייענט: ענדלעך, איז אין ישׂראל אָפּיציעל אײַנגעשלאָסן געוואָרן ייִדיש אַלס די צווייטע שפּראַך אין אַ העברעיִשער גימנאַזיע.

באַפליגלט פון אַזאַ געשעעניש, איז מיר באַלד איַינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז אין אַזאַ מיטלשול איז דער פּאַסיקסטער פּלאַץ צו פאַראייביקן דעם אָנ־דענק פון מײַן שוואָגער שלמה באַסטאָמסקי און זײַן פרוי מלכּה חיימסאָן — ביידע באַוווּסטע פּעדאַגאָגן און מחברים פון לערנביכער, וועלכע האָבן געלעבט און געשאַפן אין ווילנע צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

איך האָב אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיטן דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע אין קרית חיים ד"ר אליעזר כּגן און אים פאָרגעלייגט צו עטאַבלירן אַ יערלעכע פּרעמיע א"נ פון שלמה באַסטאָמסקי און מלכּה חיימסאָן, וואָס זאָל אויסגעטיילט ווערן פאַר די שילער, וועלכע וועלן זיך אויסצייכענען אין אַן אָנגעשריבענער אַרבעט אויף דער טעמאַטיק פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

דער דירעקטאָר ד"ר כּגן האָט מיט צופרידנהייט אָנגענומען מײַן פאָרשלאָג און האָט אויף אַ פײַערלעכן אופן פּראָקלאַמירט דאָס פאַרטיילן די פּרעמיע צווישן דרײַ בעסטע שילער; דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס און צופרידנהייט ביַי די שילער און יעדער פון זיי באַמיט זיך וואָס בעסער צו באַהערשן די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור, כּדי אָנצו־שרײַבן אַ גוטע אַרבעט און צו זוכה זײַן אַ פּרעמיע.

אָנהויבנדיק פון לערניאָר 72־1971 ווערט די פּרעמיע אויסגעטיילט רעגולער צום סוף פון יעדן לערניאָר. אין יענעם יאָר 1971, האָבן געלערנט אין דער העברעיִשער גימנאַזיע אין קרית חיים בלויז אַ 20־15 שילער די ייִדישע שפּראַך. מיט יעדן יאָר איז די צאָל שילער, וועלכע האָבן געלערנט ייִדיש געוואַקסן און בײַם היַינטיקן טאָג לערנען שוין ייִדיש אין 3 קלאַסן אַרום 70 שילער. אין מײַן באַגריסונג צו די שילער האָב איך אונטערגעשטראָכן, אַז ייִדיש איז די איינציקע שפּראַך וואָס פאַרבינדט די ייִדישע קינדער אין לאַנד און אין דער גאָרער וועלט.

מען דאַרף האָפֿן, אַז אַ צווייטע גימנאַזיע וועט איַינפירן קלאַסן, ווו מ׳וועט לערנען די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור. דאָס איז דער בית־ספר התיכון העירוני ה׳ אין חיפה, אויפן הר־הכּרמל.

איז עס אַ זייער פרייענדיקע דערשיַינונג, וואָס די ייִדישע שפּראַך וועט אָפיציעל איַינגעשלאָסן ווערן אין דעם לערן־פּראָגראַם פון די 2 העברעיִשע גימנאַזיעס און אַז אין דער „תעודת בגרות״ (מאַטורע־ציַיגעניש), וועט דער ייִדיש־לימוד פיגורירן צוגליַיך מיט אַלע אַנדערע לימודים.

אַ גרויסן נחת־רוח האָבן מיר, די אַקטיווע ייִדישע קולטור־טוער אין ישׂראל געהאַט, ווען עס איז פאָרגעקומען די פיַיערלעכע דערעפענונג פון דער ערשטער ייִדישער ביבליאָטעק אין אַ ישׂראלדיקער שולע — אין דער העברעיִשער גימנאַזיע אין קרית חיים.

די דערעפענונג פון דער ביבליאָטעק איז פאָרגעקומען סוף אָקטאָבער 1971, אין אַ געהויבענער שטימונג. ס׳האָבן זיך באַטייליקט דער לערער־פּערסאָנאַל פון דער גימנאַזיע, 45 שילער וואָס לערנען די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור, און אויך איַינגעלאַדענע געסט.

# „אין געטאָס און וועלדער"

אין משך פון דער צײַט, וואָס עס האָבן זיך געדרוקט מײַנע זכרונות אין דער „ייִדישע צײַטונג" „פון געטאָ און וואַלד", האָב איך אָנגעהויבן צוגרייטן קאַפּיטלען צום דרוק פאַר דער גרויסער צווייטער סעריע, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין דער זעלבער צײַטונג אין משך פון יאָר 1971.

אַ תּיקון האָבן אויך געמאָנט די פאַרגעלטע פאַרשריבענע בלעטלעך פון העפט אין פאָרעם פון אַ טאָגבוך, וואָס מײַן פאַרשטאָרבענע פרוי רות האָט פאַרשריבן אין איר באַהעלטעניש אין אַ שײַער.

דער רעדאַקטאָר פון דער „ייִדישער צײַטונג" ישׂראל חדש, האָט מיר שטאַרק צוגערעדט, אַז מײַנע זכרונות פון געטאָ און וואַלד זאָלן אַרויסגעגעבן ווערן אין בוך־פאָרעם און אַז ער איז גרייט געווען עס אַרויסצוגעבן אין זײַן פאַרלאַג „ביי לעבן".

דעם אמת געזאָגט האָב איך געצווייפלט אין דער מעגלעכקייט צו אָפּ־דרוקן מײַנע זכרונות אין אַ בוך־פאָרעם, היות ווי איך האָב זיי אַליין ווי געהעריק נישט אָפּגעשאַצט און איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז אַזאַ בוך וועט נישט אַרויסרופן אַ געהעריקן אינטערעס ביים לייענער. נאָך דער חורבן־תּקופה זענען שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן אַזוי פיל ביכער אויף דער חורבן־טעמאַטיק, איז וואָס, האָב איך געטראַכט, וועל איך אַרויסגעבן נאָך אַ בוך? ווער וואַרט אויף אים? אָבער ישׂראל חדש האָט נישט אויפגעהערט מיך צו איבערצײַגן אין דער וויכטיקייט פון אַזאַ בוך, וואָס וועט זײַן, למעשׂה, אַ בוך וועגן דער געשיכטע פון טוביה ביעלסקיס פּאַרטיזאַנער־מחנה, וועגן וועלכער די וועלט ווייס נאָך נישט גענוג און ער האָט אויס־געדריקט זײַן מיינונג, אַז אַזאַ בוך קען האָבן אַ גרויסן דערפאָלג.

נאָך דעם ווי מײַן בן־עיר ישׂראל רודניצקי — אַ מומחה אויפן געביט פון דער חורבן־ליטעראַטור, האָט זיך באַקאַנט מיט מײַנע זכרונות, האָט ער מיך איבערצײַגט, אַז זיי זענען דרוקפעיִק און אַז קיינער האָט נישט אַזוי ברייט און אויספירלעך ווי איך באַשריבן דעם לעבן און קאַמף פון ביעלסקיס פּאַרטיזאַנער־מחנה.

דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט דעם טאָגבוך פון מײַן פאַרשטאָר־בענער פרוי רות. איך האָב איר טאָגבוך אָפּגעגעבן דעם אַרכיוו פון „קיבוץ לוחמי הגיטאות", האָפנדיק, אַז די אָנפירונג פון דעם מוזיי וועט דעם אייג־ציקן היסטאָרישן דאָקומענט, געשריבן פון אַ פרוי אין ווילנער געטאָ, אַרויסגעבן אין בוך־פאָרעם. אָבער די אָנפירער פון דעם מוזיי האָבן זיך נישט געאײַלט דאָס צו טאָן צוליב בלויז זיי פאַרשטענדלעכע סיבות. זיי האָבן דאָס אָפּשלעפּן מאָטיווירט מיט דעם, וואָס דער כּתב־יד פון טאָגבוך איז זייער שווער צו לייענען צוליב דער געדיכטקייט פון די אותיות. ווען איך האָב דעם כּתב־יד איבערגעשריבן אויף אַ שרײַב־מאַשין, האָבן זיי עס איבערגעזעצט אין עברית און אים צוגעגרייט צום דרוק.

אַזוי ווי איך האָב זיך שוין דאַן געהאַט פאַרשטענדיקט מיט ישׂראל רודניצקי, ער זאָל רעדאַגירן מײַן כּתב־יד און צוגרייטן צום דרוק, האָב איך באַשלאָסן צו אויסנוצן די געלעגנהייט און אויך אָפּדרוקן רותס טאָגבוך אין יידיש. יצחק צוקערמאַן (אַנטעק) האָט אַקצעפּטירט מײַן פאָרשלאַג.

אין גאַנג פון צוגרייטן ביידע כּתב־ידן צום דרוק, האָט זיך יצחק צוקערמאַן באַקאַנט מיטן אינהאַלט פון מײַנע פאַרצייכענונגען און ער האָט מיר פאָרגעלייגט אַרויסגעבן ביידע ביכער אין זייער פאַרלאַג „בית לוחמי הגיטאות — הקיבוץ המאוחד". איך האָב זייער גערן אָנגענומען זײַן פאָרשלאַג און איך האָב מסכּים געווען צו דעקן אַלע נויטיקע הוצאות, וואָס זענען פאַרבונדן בײַם אַרויסגעבן ביידע ביכער. דערבײַ האָב איך אויך מסכּים געווען, אַז די גאַנצע הכנסה פון ביידע ביכער וועל איך שפּענדן אַלס בײַשטײַערונג צו אויפשטעלן אַ ווילנע־זאַל אין מוזיי פון די געטאָ־קעמפער „בית לוחמי הגיטאות", ווו ס'וועט זײַן אַ שטענדיקע אויסשטעלונג וואָס וועט אָפּשפּיגלען די רומפולע געשיכטע פון דער ייִדישער ווילנע במשך פון איר 400־יאָריקער עקזיסטענץ, אָנהויבנדיק פון 16טן יאָרהונ־דערט ביז דעם חורבן פון ירושלים דליטא. דער ווילנער צימער (אולם וילנה) שטעלט מיט זיך פאָר די ייִדישע ווילנע אין מיניאַטור.

מײַנע זכרונות, וואָס זענען דערשינען אין אַ בוכפאָרעם און דער טאָגבוך פון מײַן פריצײַטיק פאַרשטאָרבענער פרוי רות, באַטראַכט איך פאַר מײַן בעסטע סאַטיספאַקציע, וואָס ענדלעך איז פאַרווירקלעכט געוואָרן מײַן טרוים און זיי האָבן דערלעבט זען די ליכטיקע שײַן און אַזוי אַרום האָט מיין זון גע־האַט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט די לײַדן און פּײַן פון זײַנע עלטערן אין דער פינצטערער צײַט פון דער נאַצי־תּקופה.

מײַן בוך „אין געטאָס און וועלדער" האָט אַרויסגערופן אַ וואַרעמע

קריטיק אין דער פּרעסע, הן אין ישׂראל גופא און הן אין אויסלאַנד. די פּילצאָליקע באַגײַסטערטע רעצענזיעס אין ייִדישע און העברעיִשע צײַט־שריפטן, און אויך צענדליקער בריוו־אָפּשאַצונגען וועגן דעם בוך, האָבן אַרויסגעפירט טוביה ביעלסקיס אָטריאַד פון דער אַנאָנימקייט און אַלע האָבן אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון אַזאַ בוך.

געוויס האָב איך זיך נישט געריכט, אַז מײַן בוך זאָל רעצענזירט ווערן דורך דעם ליטעראַטור־קריטיקער אברהם ליס, בעת זײַן פּראָגראַם אין ראַדיאָ „שרײַבער און ווערק" און איך אַליין האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו רעדן פאַר די ראַדיאָ־צוהערער וועגן מײַן אַרבעט איבערן בוך.

דער ווילנער פאַרבאַנד אין ישׂראל האָט אויך לכּבוד דאָס דערשײַנען פון מײַן בוך, אײַנגעאָרדנט אַ שיינעם אינהאַלטרײַכן אָוונט אין דעם ווילנער קולטור־קלוב, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין „בית המלין" אין תּל־אביב, בײַ דער אָנוועזנהייט פון פיל געסט, חברים, משפּחה־מיטגלידער און גע־וועזענע פּאַרטיזאַנער.

דעם אָוונט האָט מיט גרויס טאַלאַנט געפירט מײַן חבר און בן־עיר, דאַן פאָרזיצער פון ווילנער קלוב, לייבל קאָריסקי. מיט אָפּשאַצונגען וועגן דעם בוך זענען אַרויסגעטראָטן אין נאָמען פון קיבוץ פון די געטאָ־קעמפער — דער פאַרטרעטער פון קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), אין נאָמען פון ווילנער וועלט־פאַרבאַנד, ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי, אין נאָמען פון פּאַרטיזאַנער־פאַרבאַנד — דער שרײַ־בער פּאַרטיזאַן־היסטאָריקער משה קאַגאַנאָוויטש און אין נאָמען פון יד־ושם יצחק אַלפּעראָוויטש.

דער אָוונט איז אַדורך מיט גרויס דערפאָלג און די פּרעסע האָט באַ־ריכטעט אויספירלעך וועגן דעם געלונגענעם אָוונט.

אַ גרויסע סאַטיספאַקציע האָב איך אויך געהאַט, וואָס ביידע ביכער, מײַן בוך „אין געטאָס און וועלדער" און דאָס טאָגבוך פון מײַן פאַרשטאָרבע־נער פרוי רות „פאַרשריבן אין אַ שײַער" (2200 קאָפּיעס) זענען זייער שנעל אויספאַרקויפט געוואָרן און, דער עיקר, אַז זיי געפינען זיך אין רשות פון פיל ביבליאָטעקן אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

# אונטער ישׂראלדיקן הימל

אין משך פון מײַן 8־יאָריקן זײַן אַ תּושב אין לאַנד, האָב איך געמאַכט אָפטע נסיעות איבערן לאַנד, באַזוכט פיל היסטאָרישע פלעצער. טרעטן מיר דאָך דאָ אויף יעדן שריט און טריט אויף ייִדישער געשיכטע; באַזוכט קיבוצים און מושבים, און זיך געקוויקט מיט דעם וווּנדערבלי פון לאַנד און זײַן שיינקייט.

איז עס נאַטירלעך, וואָס מ׳וויל אַלץ מער זען און וואָס מער „אַרײַנכאַפּן״, בפרט אַז מען קען זיך דאָס דערלויבן, ס׳פעלט נישט קיין פרײַצײַט און פאַר אַן אַמעריקאַנער פענסיאָנער איז עס אַלץ צוטריטלעך.

אַמבעסטן איז צו פאָרן אָרגאַניזירט מיט אַ גרופּע טוריסטן, פאָרט מען זיך באַקוועם אין אַ לוקסוס־אויטאָ מיט קילונג און אַ מדריך באַגלייט אײַך אויפן גאַנצן וועג און גיט לעקציעס פון געשיכטע וועגן די היסטאָרישע ערטער וועלכע מ׳באַזוכט. זיי, די מדריכים, קענען שוין יעדעס ווינקעלע פון לאַנד.

ווען מען פאָרט איבער די טאָלן און בערג פון גליל, שטעלט מען זיך דער עיקר אָפּ אַנטקעגן דעם באַרג תּבור, אָדער דעם באַרג גלבוע, און באַלד גיט דער מדריך אַ לעקציע וועגן תּנ״ך און פלעכט אַרײַן אין זײַן לעקציע פּרקים פון סטראַטעגיע.

אָט דאָרט — ווײַזט ער אָן מיט דער האַנט — איז געשטאַנען די אַרמיי פון סיסרא און דאָרטן, אַנטקעגנאיבער זענען געווען די פּאָזיציעס פון די בני ישׂראל, און ווער עס האָט אַ מאָל געלערנט תּנ״ך ווייס, אַז דאָרטן האָבן זיך אָפּגעשפּילט שווערע שלאַכטן פון יהושע בן נון און פון דבורה הנביאה. און פון פּרעהיסטאָריע גייט אַריבער דער מדריך צו די גריכישע און רוימישע אינוואַזיעס, ביז ער דערפירט אײַך צו די צײַטן פון דער באַפרײַונג־מלחמה אין די יאָרן 1947־1948.

מען פאָרט פאַרבײַ קיבוצים, מושבים, גרינע פעלדער, און ווען די ייִדישע ישובים ווערן שיטערער, טרעפט מען זיך אָן אויף וויסטע פעלדער,

וועלכע זענען נישט אָנגערירט געוואָרן פון אַן אָקראַיִיזן אין משך פון יאָרהונדערטער — דאָס איז אַראַבישע ערד, אויף וועלכע עס קײַקלען זיך שטיינער נאָך פון די אוראַלטע צײַטן. פון ביידע זײַטן שאָסיי זעט מען ווי אײַנגעוואָקסן אין די בערג אַראַבישע דערפער, שטיינערנע הײַזער און ווען מען קומט אָן אין אַ ייִדישן ישוב — איז פּונקט ווי מ׳פאַלט אַרײַן פון אַ מדבר אין אַן אָאַזיס.



און נאָך אַ לאַנגן, מאַטערנדיקן וועג, אַז מ׳קומט אָן אין דער אַראַבישער נצרת, דאַכט זיך אַז דו געפינסט זיך אין יפו, לעבן דעם שוק הפשפשים, דער זעלבער טומל, די זעלבע אַראַבישע פּנימער אין זייער טראַדיציאָנעלן הילך, און... דער זעלבער שמוץ — דאָס רופט אַרויס בײַ די טוריסטן אינטערעס — דאָס איז עקזאָטיק...

אין דער אַראַבישער נצרת זענען דאָ אָבער שיינע קלויסטערס און מאָנאַסטירן, וועלכע שטעקן אויך גאַנץ טיף אין דער געשיכטע, אָבער דאָס איז „זייער" געשיכטע — די געשיכטע פון קריסטנטום.

די פירנדע ראָל וואָס ארץ־ישׂראל האָט געשפּילט אין דער וועלט־געשיכטע און די גרויסע ירושה, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט איבערגעלאָזן פאַר דער מענטשהייט פון די צײַטן פון זײַן נאַציאָנאַלער זעלבשטענדי־קייט, האָט אַרײַנגעפלאָכטן די זכרונות פון לאַנד און פון אירע איינצלנע ערטער אין דעם אַלמענטשלעכן באַוווסטזײַן און האָבן פיל שטעט צוגע־געבן אַן אַלוועלטלעכע באַרימטקייט. צו די דאָזיקע שטעט געהערט נצרת. וואָס מעקאַ איז פאַרן איסלאַם — איז נצרת פאַר דער קריסטלעכער וועלט — דאָס איז די שטאָט וווּ ישו הנוצרי האָט פאַרבראַכט זײַן יוגנט און וווּ ער האָט געפּרעדיקט זײַן תּורה.

די שטאָט ליגט אויף דער מערבדיקער זײַט פון אַ לאַנגן און שמאָלן באַסיינאַרטיקן טאָל, וואָס איז באַהאַלטן צווישן די בערג־רייען פון אונ־טערשטן גליל. בײַ דער צפונדיקער זײַט פון עמק־יזרעאל, פון דער שטאָט גופא איז דער טאָל אומזעבאַר, אָבער ווען מען קריכט אַרויף אויף די שפּיצן פון די בערג, אַנטפּלעקט זיך אַ הערלעכע פּאַנאָראַמע — דער היס־טאָרישער שלאַכטפעלד פון פעלקער — דער עמק־יזרעאל, אײַנגערינגלט אין די בערג פון כּרמל, שומרון, גלבוע און דער איינזאַמער תּבור. קיין איין געגנט אין ישׂראל איז ניט אַזוי רײַך מיט אַלוועלטלעך־היסטאָרישע און

באַזונדערס ייִדיש־נאַציאָנאַלע זכרונות, ווי דער גליל־התחתון און דער עמק אין דער נאָענטקייט פון נצרת.

פון דער קריסטלעכער נצרת פאָרט מען אַרײַן אין דער ייִדישער נצרת־עלית, וואָס רופט נישט אַרויס בײַ די טוריסטן קיין שום אינטערעס — דאָס איז איינע פון די אַנטוויקלונגס־שטעט, וואָס האָט נישט קיין „געשיכטע" און אין דעם געבוי און אַרכיטעקטור איז נצרת־עלית ענלעך צו אַלע אַנדערע אַנטוויקלונגס־שטעטלעך אין לאַנד.

*

פון נצרת פאָרט מען אין צפת — די שטאָט פון די מקובלים, אַ מיסטיש־הייליקע שטאָט, וואָס איז אײַנגעוועבט אין לעגענדעס. צפת — די אַלטשטאָט — איז אַ שטאָט פון געשלענגלטע געסלעך מיט אַלטע בתי־מדרשים, וועמענס ווענט זענען אַדורכגעזאַפּט מיט שטיקער פּרקים פון קבלה. אין דער אַלטשטאָט זענען פאַרבליבן רעשטן פון דער קרייצריטער־פעסטונג, פאַראַן דאָ אַלטע שולן און אויך אַראַבישע מעטשעטן. פאַר די פיל באַזוכער אין צפת ציט־צו דער מאַלער־קוואַרטאַל „קרית הציירים" — ווּ עס אַרבעטן די קינסטלערס־צייכענערס, בײַ וועלכע די אַרומיקע צפתער לאַנדשאַפט רופט אַרויס „השראה" צו שאַפן.

אויפן פּאָן פון דער פאַרצײַטיקער אַרכיטעקטור דרייען זיך דאָ אַרום פאַרשיידענע טיפּן מענטשן, ענלעכע צו די ייִדן פון מאה־שערים אין ירושלים.

אויפן אַלטן צפתער בית־הקברות געפינען זיך די קברים פון גרויסע למדנים, מקובלים און מחברים פון תלמודישע ווערק.

אין צפת האָט געלעבט און געשאַפן דער קאָדיפיקאַטאָר פון ייִדישע דינים און מינהגים יוסף קאַראָ, דער מחבר פון „שולחן ערוך". דאָ האָט אויך געשריבן זײַן פּרעכטיקע שירה דער וווּנדערבאַרער משורר, דער פאַרפאַסער פון „לכה דודי לקראת כלה" — שלמה אַלקאַבעץ. אין צפת האָט געלעבט דער אר"י (אדוננו רבי יצחק לוריא) וועגן וועלכן די צפתער געבוירענע ייִדן דערציילן ניסים ונפלאות.

אַ צווייטע אַלטע שטאָט בײַם כּנרת איז טבריה און, פּונקט ווי צפת, שטייט די שטאָט ווײַט פון ייִדישן געטומל. די ביידע אַלטע שטעט, וואָס איינע, צפת, געפינט זיך עטלעכע הונדערט מעטער איבערן ים־פלאַך און טבריה פאַרקערט, אַ פּאָר הונדערט מעטער אונטערן ים־פלאַך, זענען די

ביידע שטעט פאַרשיידן מיט זייער קלימאַט, מיט זייער אַרומיקייט, מיט זייערע באַשעפטיקונגען. ביי ביידע שטעט איז אויפגעהיט דאָס אַלטערטימ־לעכע און דער האַטעל־כאַראַקטער. מען פאָרט זיך אָפּרוען זומערצייט קיין צפת און ווינטער קיין טבריה און אין ישׂראל וויצלט מען זיך טאַקע: זומער פאָרט טבריה קיין צפת און ווינטער פאָרט צפת קיין טבריה.

אַרום די ביידע שטעט, ווען מען פאָרט אַרום און אַרום איבער די געפלאָסטערטע וועגן, זעט מען פון די פענצטער פון דעם אויטאָבוס פּרעכ־טיקע נאַטור־בילדער, לאַנדשאַפטן, בערג און טאָלן, וואָס פאַרכאַפּן דאָס אויג, פאַרגאַפן און איבעררעאַשן. צווישן די פעלזיקע בערג טרעפט מען גרינע פאַסן — שטיקער ערד, אויף וועלכע עס ליגט די ברכה פון מענטש־לעכע הענט — פעלז און שטיין, אַלט און אוראַלט — און דערביי פרוכט־באַרער באָדן, וואָס ענדערט דאָ די מעשׂי־בראשית, וואָס פירט דאָ אָן, אויפן אַלטן פעלזיקן באָדן, אַ נייע מאָדערנע ווירטשאַפטלעכע אַרבעט, אַ באָדן, אויף וועלכן עס רודערן טראַקטאָרן און קאָמביינען. דאָ פילט זיך און זעט זיך אָן די פּראַצע פון פאַרשיידענע קיבוצים און מושבים, וואָס זענען צע־וואָרפן איבערן גאַנצן שטח אין און אַרום דעם גליל.



פאָרנדיק צוריק פון גליל קיין חיפה באַזוכט מען, נאַטירלעך, די אַלטע שטאָט עכּו — איינע פון די עלטסטע שטעט אין מיטעלן־מזרח.

עכּו האָט אַלע מאָל געהאַט אַ גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג און האָט זיך גערעכנט פאַרן שליסל פון גאַנץ ארץ־ישׂראל און עבר־הירדן. עכּו גע־פינט זיך אין דעם צפונדיקן ווינקל פון דער בוכטע, וואָס שניידט זיך אַריין ווי אַ האַלבער קרייז אין די גלילער ברעגעס פון מיטללענדישן ים. אין אַלטערטום איז עכּו געווען די איינציקע באַפעסטיקטע האַפנשטאָט אין ארץ־ישׂראל. אַלס דער נאָענטסטער פאָרט אין דער קרובהשאַפט פון עמק־יזרעאל — האָט עכּו אַלע מאָל געהאַט אַ גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג. דורך דעם פאָרט פון עכּו זענען אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער אַדורך פאַרשיידענע אַרמייען, פּילגרימען און סוחרים, און אַ דאַנק די טיפע וואַסערן האָבן אין דעם פאָרט געאַנקערט פיל שיפן פון פאַרשיידענע לענדער.

אין מערץ 1799 האָט נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע דאָ באַלאַגערט די שטאָט מיט אַ גרויסער אַרמיי און אין משך פון 60 טעג שטורעמען די פעסטונג און באַלאַגערונג האָט נאַפּאָלעאָן נישט מצליח געווען דעראָבערן די שטאָט

און איז צוריקגעשטויסן געוואָרן, פאַרלירנדיק די היסטאָרישע שלאַכט קעגן דער אַרמיי פון מוסולמענישן אחמד ג׳זאר פּאַשאַ פון עכּו.

פון די פיל מלחמות און צעשטערונגען איז נאַטירלעך, וואָס אין דער אַלטער היסטאָרישער שטאָט איז נישט פאַרבליבן כמעט קיין שפּורן פון אירע אַלטערטימער פון פאַרשיידענע עפּאָכעס.

באַקענענדיק זיך אַ ביסל מיטן צפון פון לאַנד מוז מען אָנקוקן דעם דרומדיקן טייל. און דער ייִדישער נייגער ציט, פאַרשטייט זיך, צום ים־המלח, צו סדום און וויטער צו באר־שבע.

סדום! וועלכער ייִנגל האָט עס נישט געלערנט אין חומש וועגן אָט דער זינדיקער שטאָט, וועגן לוטס ווײַב, וואָס פון איר איז געבליבן אַ שטיק זאַלץ.

מען פאָרט אַהין מיטן נײַעם שאָסיי כורנוב־סדום, וואָס שלענגלט זיך צווישן טאָלן און בערג, אַרײַנרײַסנדיק זיך מיט געוואַלד אין דער וויסטע־ניש, דורכרײַסנדיק זיך דורך פעלזיקע בערג. דער נײַער וועג האָט דער־מעגלעכט די עקספּלאָאַטאַציע פון די כעמישע אוצרות פון ים־המלח. דאָ האָט זיך אַנטוויקלט אַ מאָדערן־אײַנגעריכטעטע ווירטשאַפט פון פּאָטאַש, וואָס איז אַ זייער וויכטיקער פאַקטאָר פון דער ישׂראלדיקער ווירטשאַפט, וואָס באַרײַכערט דעם ישׂראלדיקן האַנדל מיט אויסלאַנד.

אויפן ברעג פון ים־המלח זענען אויסגעוואַקסן ערשטקלאַסיקע האָטעלן און היילערטער, ווו מענטשן, וואָס לײַדן פון רעוומאַטיזם, באַקומען דאָ אַ קײַלעכדיקן יאָר נאַטירלעכע הייסע בלאָטע־וואַנעס. דאָ איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע באַד־אַנשטאַלט מיט מאָדערנע מעדיצינישע אײַנריכטונגען. דאָ ניצט מען אויס דעם ים־וואַסער וואָס אַנטהאַלט אַ חוץ פּאָטאַש אויך אַ סך בראָם, יאָד און אַנדערע מינעראַל־זאַלצן, וועלכע היילן רעוומאַטיש לײַדנ־דיקע מענטשן.

מען פאָרט לענגאויס דעם ברעג פון ים־המלח, פון אָט דעם „טויטן ים", וואָס איז אַליין אַ געאָגראַפישער ווונדער פון נאַטור, דער סאַמער נידעריק־סטער פּונקט אויפן גאַנצן ערדפּלאַך.

דער „טויטער ים" איז ברייט סך־הכל נאָר עטלעכע קילאָמעטער און מיטן אויג זעט מען אַנטקעגן דעם צווייטן זײַט ברעג, וואָס געהערט שוין צו דער ירדנישער מלוכה.

*

פאָרנדיק ווײַטער צום סאַמע האַרץ פון נגב, זעט מען באַארבעטע פלאַנטאַציעס, קינסטלעכע באַוואַסערונג, בליִענדיקע ישובים פון די קיבוצים „נגבה", „יד־מרדכי", „רביבים", „ניצנים", „גת".

די געשיכטע פון יעדן קיבוץ איז פאַרבונדן מיט די קאַמפן אין דער צײַט פון דער באַפרײַונגס־מלחמה. מען טרעפט דאָ שפורן פון די אַטאַקעס פון דער אָנגרײַפערישער עגיפּטישער אַרמיי. דאָ, אין דער געגנט פון לכיש, געפינט זיך דער היסטאָרישער „כיס פאַלודזשאַ", ווו די יונגע ישׂראל־אַרמיי האָט אַרומגערינגלט און באַלאַגערט אַ גרויסן עגיפּטישן גאַרניזאָן, אַ ריזיקן כּוח פון מצרישן מיליטער, וועלכער איז געווען געצוווּנגען זיך אונטערגעבן און צווישן די מצרים האָט זיך דאַן געפונען דער יונגער אָפיציר און שפּעטערדיקער פּרעזידענט פון מצרים אַבדול נאַסער.

מען זעט דאָ די סימנים פון די קוילן־לעכער אין די ווענט פון דער אַראַבישער שטאַרקער פעסטונג עיראַק סואידאַן. פון ווײַטן, בשכנות פון דער פעסטונג, זעט מען די חורבות פון דעם אַלטן קיבוץ „נגבה" און די נײַע ווײַסע הײַזער פון דעם אָפּגעבויטן קיבוץ, וואָס האָט אַזוי העלדיש אָפּגעשלאָגן און אויסגעהאַלטן די פילצאָליקע אַטאַקעס פון עגיפּטישן מיליטער.

מען פאָרט אַרײַן אין קיבוץ „יד־מרדכי", דער קיבוץ וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דעם קאָמאַנדיר פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד מרדכי אַנילעוויטש, זעט מען אין צענטער פון קיבוץ די לעכער פון דעם וואַסערטורעם, וואָס די עגיפּטער האָבן אָן אויפהער באַשאָסן. אין דעם קיבוץ, וואָס האָט אַזוי שווער געליטן אין דער צײַט פון דער באַפרײַונגס־מלחמה, געפינט זיך איצט איינע פון די בעסטע און שענסטע מוזייען פון לאַנד, ווו עס איז קאָנצענטרירט אַ ריזיקער אַרכיוו פון דאָקומענטן און מאַטעריאַלן, בילדער וועגן די קאַמפן אין דער באַפרײַונגס־מלחמה פון דעם קיבוץ אין דעם דרומדיקן טייל פון לאַנד.

נאָך עטלעכע שעה פאָרן פון קיבוץ „יד־מרדכי" קומט מען אָן אין דער הויפּטשטאָט פון נגב — באר־שבע. דער נאָמען פון דער שטאָט איז פאַרבונדן מיט אוראַלטע האַלב־לעגענדאַרע זכרונות פון די אָבות אברהם יצחק און יעקב.

די פיר טויזנט יאָר, וואָס זענען דורכגעלאָפן זינט באר־שבע איז צום

ערשטן מאָל דערמאָנט געוואָרן אין דעם פרידנס־בונד צווישן אברהם אָבינו און אבימלך, האָבן נישט אומגעביטן דעם נאָמען פון דעם אָרט (די אַראַבער רופן דעם אָרט „ביר סבע" — דער ברונעם פון זיבן). די שטאָט האָט פיל יאָרהונדערטער נישט עקזיסטירט און דער אייציקער סימן וואָס איז פאַר־בליבן פון דער אַלטער באר־שבע זענען די ברונעמס, פון וועלכע די בעדו־אינער שעפּן וואַסער פאַר זייערע שאָף און קעמלען.

די נײַע שטאָט באר־שבע האָט זיך ברייט צעוואַקסן, אַרויסרײַסנדיק בײַ דעם מדבר שטיקער ערד. היינט איז אין דער הויפּטשטאָט פון נגב פיל פאַבריקן, קולטור־אינסטיטוציעס, לערן־אַנשטאַלטן מיט אַ יונגן אוני־ווערסיטעט. לעצטנס איז באר־שבע באַרײַכערט געוואָרן מיט פיל טויזנ־טער נײַע עולים, באַזונדערס פון רוסלאַנד.

נאָך באר־שבע ציט זיך אויף לאַנגע קילאָמעטערס די „ערבה" — די ישׂראלדיקע „סטעפּ". נישט ווײַט געפינט זיך די יונגע שטאָט ערד (אַראַד), וואָס האָט נאָך נישט איר אייגענע געשיכטע.

✶

דאָס ייִדישע לעבן אין ישׂראל באַקומט אַלץ וואָס ווײַטער אַן אַנדער פּנים — אַ ייִדישן פּנים — און דאָס פאַרשאַפט פרייד, דערהויבונג און דערמונטערונג.

אין די שטעט חולון, בת־ים, נתניה, פּתח־תּקוה און אין אַנדערע שטעט עקסיסטירן ייִדישע קולטור־קלובן, וועלכע פירן אַ געבענטשטע קולטור־טעטיקייט אין ייִדיש, באַזונדערס געניסן פון דער טעטיקייט די עולים פון ראַטנפאַרבאַנד. אין משך פון צענדליקער יאָרן זענען זיי געווען אָפּגע־ריסן פון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור און זענען אויסגעהונגערט נאָך אַ ייִדישן וואָרט און ליד.

✶

אין משך פון לאַנגע יאָרן איז אויף דער טעריטאָריע פון רמת־גן און גבעתיים, ווו איך וווין, און ווו עס לעבט אַ באַפעלקערונג פון 200,000 אײַנוווינער, איז נישט געווען קיין ייִדישער קולטור־קלוב, וואָס זאָל פירן זײַן טעטיקייט אין ייִדיש.

איך האָב די גאַנצע צײַט געוואַרט אויף אַ גינסטיקער געלעגנהייט

צו גרינדן אַ ייִדישן קולטור־קלוב, וואָס וועט פירן זייַן טעטיקייט על טהרת היידיש.

עס האָט זיך לעצטנס געשאַפן אַ קליינע איניציאַטיוו־גרופּע פון ייִדישע קולטור־טוער, צווישן וועלכע אויך איך האָב זיך געפונען און אונדז איז געלונגען מיט דער הילף פון דער הסתדרות־הפועלים אין רמת־גן־גבעתיים גרינדן אַ ייִדישן קולטור־קלוב. דער סעקרעטעריאַט פון דער הסתדרות האָט אונדז איבערגעגעבן צו אונדזער דיספּאָזיציע אַ פּאַסנדן לאָקאַל, ווו מיר האָבן אָנגעהויבן שוין צו פירן אונדזער טעטיקייט.

איצט ווערן געמאַכט אינטענסיווע באַמיִונגען אין דער ריכטונג צו עפענען אין דעם ייִדישן קולטור־קלוב אין גבעתיים אַ קורס צו דערלערנען די ייִדישע שפּראַך פאַר דערוואַקסענע. דאָס וועט זייַן אַ סטאַבילער קורס ווו מ׳וועט לערנען די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור. מיט דעם קורס וועלן אָנפירן געניטע קוואַליפיצירטע פּעדאַגאָגן, וועלכע וועלן אויסאַרבעטן אַ ספּעציעלן לערן־פּראָגראַם צוגעפּאַסט פאַר די קענטענישן פון די תל־מידים.

לעצטנס האָבן אויסגעדריקט זייער פאַרלאַנג צו לערנען ייִדיש אַ גרופּע יונגע עולים פון ראַטן־פאַרבאַנד. אויפן סדר־היום פון די קולטור־טוער פון דעם ייִדישן קלוב אין רמת־גן־גבעתיים שטייט די פראַגע צו אייַנפירן אין אייניקע שולן אין גבעתיים און רמת־גן דעם ייִדישן לימוד, אַזוי ווי דאָס איז אין דער מיטלשול אין קרית חיים, ווו ס׳לערנען די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור בייַ 70 תלמידים אין אייניקע קלאַסן.

מ׳דאַרף נישט זייַן נאַיִוו צו דענקען, אַז די פאַרבעסערטע מערכה פון ייִדיש איז געקומען פון זיך אַליין. דאָס איז אַ לאַנגער פאַרעקשנטער קאַמף וועלכן ס׳פירן סיסטעמאַטיש די היגע קולטור־טוער, וועלכע האָבן אין משך פון לאַנגע יאָרן נישט אויפגעגעבן זייער ווילן צו דערגרייכן ממשותדיקע רעזולטאַטן אויפן געביט פון פלעגן די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור.



יעדער געראַטעוועטער פון דער שארית־הפליטה איז נישט בלויז אַ נס, נאָר אויך אַ שטיק געשיכטע מיט אומגליקן און גרויזאַמקייטן, מיט כּלערליי אויסטערלישע איבערלעבונגען, וואָס האָבן זיך אייַנגעקריצט און אַרייַנגעשניטן אין זייַן נשמה און עס וועט שוין נישט אָפּגעמעקט ווערן ביזן סוף פון זייַן לעבן.

נישט ווייניק פון דער שארית־הפליטה טראָגן ציפערן, וואָס די נאַציס האָבן אויסגעברענט אויף זייערע אָרעמס, אָבער אויסער אָט די סימנים אויף די הענט, זענען אויך פאַרגיפטעט געוואָרן זייערע הערצער און געמיטער פון די איבערגעבליבענע פון דעם חורבן. און כאָטש אויסערלעך זענען זיי שוין ווי אַריין אין דעם נאָרמאַלן לעבן, אַרבעטן און האָבן אויפגעבויט נייַע משפחות מיט היימען און באַטייליקן זיך אין קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער ווען מען קלייַבט זיך צונויף פּנים אל פּנים און מען דערמאָנט ווידער דאָס איבערגעלעבטע, טרעט גלייַך אַרויס דאָס אויסטערלישע און מערק־ווירדיקע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַלע פון דער שארית־הפליטה, וואָס זענען אַדורך די שבעה מדורי־גיהנום. יעדער איינער פון זיי איז אַ וועלט פאַר זיך, יעדער איינער מיט זייַן אייגענער מאַרטיראָלאָגיע, אָבער ביי יעדן איינעם פון דער שארית־הפליטה איז דאָ דער ווילן, דער דראַנג, די עקשנות ווייַטער צו לעבן, דער דראַנג פון פאַרזעצן פון דאָס ניי אַ ווייַטערדיקן שיין און געזונט לעבן.

אויף מייַן גורל איז אויסגעפאַלן דורכצולעבן די חורבן־תקופה. פיל פון די, מיט וועלכע איך האָב אַדורכגעמאַכט דעם סכּנותפולן וועג אין דער צייַט פון דער מלחמה און נאָך דער באַפרייַונג, זענען שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. צווישן זיי נאָענטע חברים. זיי, אָט די שפּליטערס פון חורבן, האָבן זייערע זכרונות פון זייער לעבן מיטגענומען מיט זיך אין קבר. איך האָב געפילט מייַן חוב צו פאַרנאָטירן אַלץ וואָס איך האָב געדענקט, בכדי צו אַרויסברענגען עס פאַר דער עפנטלעכקייט, און אין רעזולטאַט פון דעם איז געבוירן געוואָרן מייַן בוך „אין געטאָס און וועלדער״ און דאָס איצטיקע בוך.

בייַם שרייַבן די שורות האָבן ווידעראויפגעלעבט אין מייַן זכּרון מענטשן, סצענעס, עפּיזאָדן, וואָס זענען אַזוי געווען כאַראַקטעריסטיש אויף די וועגן פון דער שארית־הפליטה נאָכן חורבן. די אַלע פּאַסירונגען און צייַט־אָפּשניטן זענען געבליבן פריש אין מייַן זכרון און זיי טראָגן נאָך אַלץ דעם חותם פון דער פאַרגאַנגענער צייַט.

יעדער איינער פון דער שארית־הפליטה איז נאָך דער באַפרייַונג גע־גאַנגען זייַן באַזונדערן וועג. איצט לעבן זיי אַ נאָרמאַל לעבן. זיי שאַפן און זענען אַקטיוו אין פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן אין די לענדער ווו זיי געפינען זיך איצט. זיי זענען נאָכן חורבן ווידער אַרויף אויפן גרויסן לעבנס־שליאַך, כּדי צו זייַן נוצלעך דעם ייִדישן פאָלק און מדינת ישׂראל.



פון דער גאַנצער וועלט ציִען זיי זיך אַהער — די שארית־הפליטה קיין מדינת ישראל. זיי קומען אַהער פון לענדער, וווהין דער פּליטים־שטראָם האָט זיי פאַרוואָרפן אין די יאָרן פון „יציאת־אייראָפּע", נאָך דעם, ווי זיי האָבן געלאָזן הינטער זיך אַ צעטראָטן ייִדיש לעבן מיט אַזוי פיל בערג מיט אַש און חורבות.

זיי קומען אַהער נאָך פיל יאָרן פון לענדער, ווו זיי האָבן צײַטווײַליק אויפגעשטעלט זייערע נעסטן, אָבער האָבן קיין טיפע וואָרצלען דאָרט נישט געשלאָגן. זיי קומען אַהער מיט דעם טיפן חרטה־געפיל, וואָס זיי האָבן נאָך דער באַפרײַונג פאַרטאַכלעוועט זייער ענערגיע און די בעסטע צייט אין פרעמדע לענדער און נישט געקומען אַהער אין דער צייט, ווען דאָס לאַנד האָט זיך גענייטיקט אין זיי און נישט צוגעלייגט אַן אַקסל אינעם אויפבוי פון לאַנד.

איצט קומען זיי אַהער, די שארית־הפליטה, מידע און פאַרעלטערטע און ווילן דאָ געפינען אַ מקום־מנוחה און טרייסטן זיך אפשר מיט דעם פאַקט, וואָס זיי האָבן אַ פאַרזיכערטע צוקונפט און פאַלן נישט צו לאַסט דער מדינה. איך בין איינער פון זיי, וואָס איז געקומען אויף אַלעם פאַרטיקן און פאַרגין זיך דעם נחת־רוח מיט וועלכן עס פילט אַן יעדער אויפטו, יעדע דערגריי־כונג פון לאַנד, בין צופרידן מיט דער דינאַמישער אַנטוויקלונג אויף אַלע געביטן פונעם לעבן און דער עיקר פון דעם פאַקט וואָס איך בין דאָ.

מיר — די שארית־הפליטה — זענען געווען די לעבעדיקע עדות ווי אַזוי, אין משך פון עטלעכע יאָרן, אין דער צײַט פון דער חורבן־תּקופה זענען צעטרייסלט געוואָרן די יסודות פון דעם גרעסטן טייל פון ייִדישן פאָלק אין אייראָפּע; דעריבער איז דאָ דער ווילן, דער דראַנג און אויך די עקשנות ווײַטער צו לעבן און זיך פאַרמעסטן אויף אַ פולבלוטיק ייִדיש לעבן.

איז עס דער חוב פון דער שארית־הפליטה צו דערציילן און איבער־געבן פאַר די צוקונפטיקע דורות די שוואַרצע מגילה פון חורבן און אומ־קום, ווער אין וואָרט און ווער אין שריפט, און אויב אויך מײַנע באַשיידענע זכרונות וועלן אין אַ געוויסער מאָס בײַשטײַערן די וואָרענונג פון דעם „זכור אשר עשׂה לך היטלער" — וועל איך האַלטן מיין חוב פאַר דערפילט.

# אינהאַלט



## ווילנע נאָך דער באַפרייונג

## אויף דער פּוילישער ערד



## איטאַליע

## אַמעריקע



## אין לאַנד ישׂראל